ברוך מילער

# צוליב שכנים




ניו־יאָרק 1967

BARUCH MILLER

# AMONG NEIGHBORS

*STORIES*



צייכענונגען פון שרה ליבע מילער

ICUF 1967

איקוף פאַרלאַג

*Printed in the U.S.A.*


253

# צום לייענער

„צוליב שכנים״ איז אַ זאַמלונג דערציילונגען און אַ גרעסערע נאָוועלע. זיי שפּיגלען אָפּ מער פון פיר־צענדליק יאָר וויכטיקע געשעענישן אין פאַרשיידענע ווינקלען און ציטן.

די עפּאָכע איז צווישן אָנהויב און סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה — מען האָט געהאָפט אַז עס איז שוין די לעצטע — עס האָט דאַן געהערשט אַ מאַנגל אין וואוינונגען. הייזער־בויער אין יענער צייט זיינען געווען פאַרשיידן, צווישן זיי אַפילו געוועזענע הויזן־פאַבריקאַנטן. מ׳האָט זיך געיאָגט צו בויען נייע געגנטן, נייע קוואַרטאַלן מיטן ציל רייך צו ווערן איבער נאַכט און אָפּט אויפן חשבון פון די אַרבעטער און שכנים.

עס זיינען פאָרגעקומען קאָנפליקטן צווישן אָרים און רייך, וואָס האָבן זיך באַטראַכט פאַר יחסנים און זיי איז ניט אָנגעשטאַנען זיך משדך צו זיין מיט די באַלעמעלאָכעס, ווי אַמאָל אין דער אַלטער היים . . .

דער מאָטיוו ווערט אַרויסגעבראַכט אין דער נאָוועלע „די צוויי משפחות״. די אַנדערע זיינען פון אַלגעמיינעם אַמעריקאַנער און יידישן לעבן.

אויב די דערציילונגען, אין וועלכע דער מחבר האָט געוואָלט געבן קינסטלערישן תיקון די פאַרשיידענע אַמעריקאַנער און יידישע טיפּן, עמך פון „שער און אייזן״, סאָלדאַטן אויפן שלאַכט־פעלד און סתם גוטע שכנים, וועט געפעלן דעם לייענער, וועט דאָס זיין מיין לוין.

אַ יישר־כוח די טייערע פריינט, פאָלקס־מענטשן, לייענער, וואָס האָבן זיך האַרציק אָפּגערופן צו העלפן דערמעגלעכן דאָס בוך זאָל דערשיינען.

**ב. מ.**

ניו־יאָרק, יוני, 1967

# אינהאַלט

# צוליב שכנים

אויף דער עוועניו פון שטעטל דעלמאַר,ביים ים, האָבן זיך די צוויי מענטשן אָנגעטראָפן.ביידע זיינען זיך אַקעגן געקומען מיט אַ "ירגזון" — נאָז־צו־נאָז. ביידע זיינען געגאַנגען פאַרטראַכטע, פאַרקלערטע: אַן אַלטיטש־קער און אַ יונגערמאַן. דער יונגערמאַן, נאַרמאַן מאַגנעס, אין די צוואַנציקער אַ הויכער מיט ווייכע, ברוינע אויגן, האָט געטראַכט וועגן זיין ווערלן זיך צו־פּאַסן צו זיינע שכנים, ווי זיין טאַטע האָט עס געטאָן, אָבער ער האָט אַ־בערגע־כאַפּט די מאָס — פאַרפאָרן צו ווייט...

ס'איז אים נאָכגעלאָפן דאָס קול פון זיין ווייבל:

„נאַרמאַן, דיין טעכטערל ברעקלט זיך שוין ווידער. זי וויל ניט עסן, זי וויל ניט טרינקען. די קינדער אויף דער גאַס האָבן איר שוין ווידער עפּעס געזאָגט, וואָס איר איז ניט געפעלן. זי איז געראָטן אין דיר..."

נאַרמאַן האָט אַ דריי געטאָן מיט'ן קאָפּ, געקאָרטשעט מיט דער נאָז, ניט גערן געוועזן צו הערן דאָס קול, וואָס איז פאַרבליבן הענגען אין זיינע אויערן. ער וויל זיך מיט איר ניט אויס'טענה'ן איצט, אפילו אין געדאַנק, ווער ס'איז שולדיק, וואָס מ'האָט געהאַלטן אַ סוד פאַר לאַראַ'ן וועגן איר אָפּשטאַם. דערפאַר איז זי צעטומלט און ווייסט ניט וואָס אָפּצוענטפערן די קינדער אין גאַס. ער וויל זיך איצט ניט אַריינלאָזן אין אַ קריגערישער שטימונג ער וויל קודם האָבן מיט זיך אַ חשבון... — ס'האָט אים לייד געטאָן וואָס צוליב דעם האָט ער זיך צוזאַמענגעשטויסן מיט'ן פרעמדן אַלטיטשקן. ער האָט געדאַרפט יענעם אַרומגעמען, אים בעטן ניט צו טראָגן אויף אים אַ בייז האַרץ. ס'איז געוועזן אומגערן, און ניט צוליב נחת...

ווען דער מענטש ווייסט די אורזאַך, וואָלט ער אַוודאי צוגעגעבן, אָבער גיי דערצייל פאַר אַ פרעמדן, אַז ער איז אַוועק פון שטוב, ווייל ער האָט ניט געוואוסט גלייך אויפן אָרט, ווי צו ענטפערן זיין פינף־יאָריקן מיידעלע, פאַרוואָס די קינדער אויף דער גאַס פאַרפאָלגן זי; פאַרוואָס זי איז די איינציקע, וועמענס טאַטע־מאַמע גייען ניט אין קירך? זי געדענקט ניט, וואָס נאָך זיי האָבן געזאָגט...

ער האָט זי אַרומגענומען, איר אַ קוש געטאָן און געבעטן, זי זאָל וואַרטן אויף שפּעטער וועט ער מיט איר כאַפּן אַ שמועס. ער איילט זיך איצט. אַלץ וועט זיין גוט און וואויל, האָט ער זי געטרייסט. ער האָט דערפילט, אַז ער

רעדט נאַרישע רייד, דערפֿאַר האָט ער זיך אָפּגעטראָגן, דערפֿאַר איז ער געלאָפֿן און האָט זיך אָנגעשטויסן אין דעם אַלטיטשקן...

דער שפּאַציר מיט די אומרואיקע מחשבות אין קאָפּ האָט אים ניט גע־געבן קיין געלעגנהייט צו קומען צו אַ באַשלוס, וואָס ער הויבט־אָן צו טאָן, וואָס וועט ער זיין קינד זאָגן שפּעטער? ער האָט זיך, ווי אַ גנב, אַריינגעדרייט אין אַ שענקל, באַשטעלט אַ גלאָז ביר געוואָלט אויף אַ ווייל איינגאַנצן אויפ־הערן טראַכטן וועגן זיין היים, וועגן זיין מיידעלע, וואָס וואַרט אויף איר טאַטנס חכמה... אפשר וועלן דערנאָך אַריינפֿליסן אין זיין מוח קלוגע געדאַנקען.

דאָס שענקל איז געווען אָנגעפֿילט מיט רויך און מיט אַ זויערער לופֿט. די באַלויכטונג — קוים־קוים. די מענטשן האָבן אים אויסגעזען, ווי שאָטנס. ביי די מערסטע פֿון זיי זיינען די קעפּ שוין געהאָנגען אַרונטער. די רייד זייערע, ווי פֿון שלאָף אַרויס. די ניגונים פֿון דאָ־און־דאָרט האָבן נאַרמאַנ׳ען געגרילצט אין די אויערן. העט אויבן־אָן האָט אַראָפּגעהאָנגען אַ גרויסע טעלעוויזיע. ס׳האָט זיך געוויזן אַ פֿערד־פֿאַרמעסט, באַגלייט מיט געשרייען. די שיכורים האָבן דערביי צוגעפֿליעסקעט, ווי קליינע קינדער, וועלכע האָבן נאָך ניט גענוג קראַפֿט אין זייערע הענטלעך צו פּאַטשן...

נאַרמאַן האָט אויף שׂכל אויסגעטרונקען זיין גלאָז ביר. געטראַכט אַ ווייל און באַלד געהייסן זיך אָנגיסן אַ צווייט גלאָז. איצט האָט ער שוין גע־טרונקען געלאַסענער. דער מוח האָט ביי אים אָנגעהויבן ווערן טעמפּ; דער קאָפּ שווער אויף די אַקסלען, ווי ער וואָלט אַהין אַריינגעגאָסן צעלאָזן בליי. ער האָט זיך קוים אויפגעהויבן פֿונעם בענקל; אויפגעשטעלט זיך, באַצאָלט און אַרויס אויף דער פֿרישער לופֿט. אַ ווינטל האָט גענומען גלעטן זיינע פֿאַרפּלאָמטע באַקן. זיינע פֿיס האָבן ביי אים אַביסל געציטערט. ער האָט באַשלאָסן גיין אַוועקזעצן זיך ביים ים אָפּקילן זיך, און אויך פּטור ווערן פֿונעם זשום אין זיינע אויערן.

ער האָט זיך מיט׳ן וועג פֿאַרענטפֿערט, וואָס פּלוצים איז ער אַריין אין דעם סאַלון; ער וויל האָבן אַ רואיקע שעה ניט צו טראַכטן וועגן זיין רומל אינדערהיים, און וואָס ער שטייט זיך אויס אין אָפּיס ביי דער אַרבעט. ווער שמועסט איצט, ווען ער האָט זיך אָפּגעזאָגט אונטערצושרייבן אַ פּעטיציע, אַז די סקול זאָל בשום אופן ניט אָנשטעלן אַ נעגער־לערער. מעטיוס, דער שכן זיינער, וועמען ער האָט רעקאָמענדירט צו דער פֿירמע אַלס אַ גוטן

אינזשיניער, האָט זיך צעלאַזט אויף זיין שטענדיק הייזעריקן קול אַז ער, נאָרמאַן מאַגנעס אַליין, איז אויך ניט קיין אַנגעלייגטער דאָ אין שטעטל. ער איז אַוועק; זיך דערשראָקן פאַר די אומרואיקע בליקן; ער האָט עס אָנגעאַרבעט, וואָס די קינדער מאַטערן לאַראַ׳ן... ער פלעגט זיך פריער אויך וואָרפן, וואָס זיין טעכטערל לוסי ליגט איבער ביי נאָרמאַנ׳ען אין שטוב, אָבער זיין פרוי מוירטל האָט אים געגעבן אַ גאַב.

נאָרמאַן דערמאָנט זיך אירע רייד דעמאָלט צו מעטיוסן:

„די קינדער האָבן זיך ליב, לאָז זיי צורו! ברענג ניט אַריין דיין דערציאונג. איך לעב נאָך, און איך בין די מאַמע... געדענקסט, וואָס דו האָסט מיר אַליין דערציילט, ווען דו ביסט געווען אין לוסיס יאָרן? געקומען אַ יידישער פעדלער אין אייער שטעטל, פאַרבייגעגאַנגען דיין שטוב, האָסטו אויף אים געוואָרפן שטיינדלעך, אָנגערייצט אייער הונט אויף אים, און דיין טאַטע איז געשטאַנען און געלאַכט. געדענקסט? ווילסטו, אַז לוסי זאָל אויך אַזוי טאָן? ביי מ י י נ ע עלטערן האָט מען מיך אַנדערש געלערנט"...

דער גרויסער מעטיוס האָט געקריצט מיט די ציין:

„מוירטל, דו מעגסט זיך שעמען".

ער האָט אַ פּראַל געטאָן מיט דער טיר און איז אַרויס אינמיטן געשפרעך.

ווי קומט עס, וואָס מוירטל מישט זיך איצט ניט אַריין? — האָט נאָרמאַן געטראַכט. ער האָט איר אַוודאי דערציילט וועגן דעם נעגער־לערער, וואָס די סקול שטעלט־אָן, און ווי ער האָט געסטראַשעט אין אָפּיס, אַז אויב דאָס פּאַסירט, וועלן זיך אַהער אַריינציען גאַנצע משפחות נעגערס, און ז י י וועלן דאַרפן פאַרקויפן זייערע שטיבלעך פאַר האַלב געלט... ווייזט אויס, זי גלויבט אים...

דערנאָך איז נאָרמאַנ׳ען געקומען אויפן געדאַנק זיין פרוי, ווי זי וויל אַלעמאָל פאַרגלעטן, וואָס עס קומט פאַר אַ גאַנץ יאָר. זי האָט באַשטעלט אַ גרויסן קריסטמעס־בוים, איינגעלאַדן די שכנים, און אַ פאַרפאַליעטע געטראָגן מאכלים צו יעדן באַזונדער. האָט זיך מעטיוס גוט אָנגעטרונקען און געגוואַלדעוועט אים גלייך אין פּנים אַריין:

„נאָרמאַן, וואָס ביסטו?"

„אַ מ ע נ ט ש".

מעטיוס האָט געדרייט מיט׳ן קאָפּ און זיך פאַרסלונעט:

„דו ביסט ניט אַהין, ניט אַהער"...

אַלע האָבן זיך צעלאַכט...

מוירטל האָט מעטיוסן געשלעפּט אַהיים.

נאָך דער „פּאַרטי" האָט זיך נאָרמאַן דורכגעשמועסט מיט דער פרוי.

„נו, קלעיר, וואָס זאָגסטו איצט?"

זי האָט געצויגן מיט די אַקסלען. ער האָט איר דערציילט, וואָס זיין זיידע פלעגט זאָגן: „מ'דאַרף לעבן גוט מיט ניט יידישע שכנים, אָבער מ'דאַרף ניט פּראַוועון זייערע יום־טובים, פּונקט ווי זיי פּראַוועון ניט אונדזערע".

קלעיר איז אַוועק אין קיך אַריין, צעהוליעט זיך מיט'ן געשיר, גע־שליידערט מיט די טעלערס. זי האָט ניט געוואָלט הערן, וואָס נאָך זיין זיידע האָט געזאָגט, אַז מ'האָט מער דרך־ארץ, ווען מען טראָגט אייגענע מלבושים... קלעיר האָט ליב זיך צוצופּאַסן, אַז מען דערקענט זי קוים. זי באַרימט זיך מיט איר טאַטן, אַז ער האָט אָפּגעדינט עטלעכע יאָר אין דער אַרמיי, און קיינער האָט ניט געוואוסט, וואָס ער איז, צו וואָס פאַר אַ גלויבן מ'זאָל אים צורעכענען. האָט ער געהערט ניט קיין שיינע באַמערקונגען וועגן יידן, האָט עס אים אוודאי וויי געטאָן, אָבער געמאַכט זיך, אַז ער האָט ניט געהערט: האָט ער דען געקאָנט בעסער מאַכן? — האָט זי געפּרעגט ביי אים.

באַלד פאַרענטפערט נאָרמאַן קלעירן: זי איז ניט אַלעמאָל אַזוי געווען. זי האָט מיידלוויז געהאַט טענות צו אירע עלטערן באַגלייך מיט אים, אַז מ'דאַרף ניט נאָכטאַנצן יענע מיט זייערע אָפּטע „פּאַרטיס". דער טאַטע ווערט קראַנק און ווילד, ווען ער טרינקט זיך אָן. די מאַמע אירע איז אפשר דערפאַר אַוועק פון אים. זי שעמט זיך מיט שיכורים. איר טאַטע וויל ניט זיין היינטערשטעליק. מ'נעמט זיך נאָכטאָן דעם אויפגערעגטן שכן ווינסטאָן, וואָס שלאָגט זיינע קינדער אָן רחמנות.

אָט דער שטריך קלעיר'ס האָט אים און זי צוזאַמענגעפירט. ער האָט איר דערציילט, ווי איינמאָל האָט אים זיין זיידע אַרויסגעריסן פון זיין טאַטנ'ס הענט, ווען ער האָט אים געזאָגט, אַז ווען מען טרינקט זיך אָן, זעט מען אויס קאַמיש.

„מיין זון, ווי קומט צו דיר אַזאַ רציחה?" — האָט ער געזאָגט צו מיין טאַטן יענע נאַכט האָט ער זיך אויסגעטעהערט, ווי זיין טאַטע האָט זיך באַ־קלאָגט פאַר דער מאַמען:

„מאַרטאַ, וואָס פאַר אַ לעבן פירן מיר דאָ? געגאַנגען מלחמה־האַלטן, קוים אַרויס מיטן לעבן, געקומען אַהער אין פאַרוואָרפענעם ווינקל צוליב אַרבעט, וואָס איז גאָרניט צום צום האַרצן, ווידער צוגרייטן מלחמה־מכשירים.

## ברוך מילער

איבערגעלאָזט יוגנט־פריינט, מיט וועלכע מ׳האָט זיך איינפאַרשטאַנען; ליב געהאַט זיך. איבערגעלאָזט משפחה, און דאָ זיינען מיר אָנגעוואָרפענע. אפשר ניט? וואָס האָב איך געזאָלט ענטפערן מיין טאַטן, ווען ער פרעגט מיך, ווי ס׳קומט צו מיר אַזאַ רציחה? זאָגן אים, אַז מיך האָב איך אויך פיינט? זאָל נעמען אַ סוף צו די „פאַרטיס"! איך וויל ניט, אַז נאָרמאַן זאָל פאַר מיר פאַרלירן דעם דרך־אֶרץ...

די מאַמע זיינע האָט דערנאָך געהאַלטן אין איין טענה׳ן וועגן אומקערן זיך צוריק אַהיים, זי בענקט אויך נאָך יענע מענטשן...

דעמאָלט איז נאָרמאַנ׳ען געקומען אַ געדאַנק אין קאָפּ, אַז ווען ער וועט אויסוואקסן, וועט ער ענדערן דעם מארשרוט... זיין היים איז דאָ. ער וועט נאָכאַמאָל און ווידעראַמאָל איבערגיין די רייד פון זיין זיידן, וואָס איז אַלעמאָל געווען נעענטער, דערווייל איצט ווייסט ער ניט וואָס פריער צו טאָן.

ביים ברעג ים האָט נאָרמאַן ווי אַוועקגעוואָרפן זיין גוף אויף אַ באַנק, באַטראַכט די באָרוועסע קינדער אין וואַסער, די שטילע כוואַליעס, וועלכע קומען צום ברעג און קערן זיך אום צוריק; די זון, וואָס שפיגלט זיך אָפּ אין מיטן ים; אַ צעשפליטערטן באַרג, וואָס האָט אפשר טויזנט סודות אין זיינע געדערים...

מיטאַמאָל האָט נאָרמאַן דערהערט פון הינטער זיינע פלייצעס אַ געשפּרעך צווישן אַן אַלט פּאָר־פאָלק. ער האָט זיך גענומען צאַפּלען: דאָס לשון זייערס דערמאָנט אים אין שפּאַצירן מיט זיין זיידן. דער זיידע האָט אים צוגעזאָגט אויסצולערנען ריידן די יידישע שפּראַך: „שוין אַרום טויזנט יאָר, אַז יידן איבער דער גאָרער וועלט באַנוצן זיך מיט איר, און אין וועלכן לאַנד זיי קומען, זיינע זיי צוליב דער שפּראַך ניט פרעמד. איך וועל דיר דערציילן מעשה׳לעך, אַז דו וועסט אָנקוועלן. איך וועל דיר לערנען שרייבן".

דער זיידע האָט געהאַלטן וואָרט, און ער האָט ליב באַקומען זיינע ווערט־לעך. ער פלעגט אַלס קליין ייִנגל קאָנען נאָכדערציילן זיי. אַריבער דעם זיידנס וויזיט, האָט ער שטאַרק געבענקט נאָך אים. פאַרוואָס וואוינט ער אַזוי ווייט פון דאַנען? און פאַרוואָס נעמט אים מיט דער באָבען אַזוי לאַנג צו קומען נאָכאַמאָל אַהער? פאַרוואָס וואוינען זיי אויך ניט דאָ? — האָט ער דעמאָלט זיך געהאַלטן אין איין נאָכפרעגן. דער טאַטע האָט אים צוגעזאָגט, אַז זיי וועלן זיך אַרויסציען אַהער. דערווייל איז ער אָפּגעפרעמט געוואָרן.

די קלאַנגען פון דעם יידישן געשפּרעך פונעם אַלטן פאַרפאָלק זיינען אים מיטאַמאָל געוואָרן אַזוי נאָענט. ער האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צו

## צוליב שכנים

די מענטשן, מיט וועלכע ער האָט דערפילט אַ גרויסע שייכות. ער האָט געגומען נישטערן אין מוח אַ פּאָר יידישע ווערטער צו באַקענען זיך מיט זיי, און אויף אַזאַ אופן זיי איבערראַשן.

די פרוי האָט אים די ערשטע דערזען און געזאָגט צום מאַן, ער זאָל ריידן אַביסל שטילער:

„דאָ קוקט אַריבער אַ בחור, אַוודאי איינער פון דער ׳וואוילער חברה׳ וועמען אונדזער לשון געפעלט ניט...

דער מאַן האָט זיך געקעמט די גרויע האָר פון קאָפּ און פאַראיבל געהאַט אויף דער פרוי, וואָס לאָזט אים זיך ניט אויסריידן פאַר איר זיין האַרץ קעגן דער טאָכטער, וואָס גיט־אָן תירוצים, אַז ס׳איז דאָ נישטאָ קיין צייט פשוט צו שיקן אַ קינד לערנען. דער טעמפּל איז אַזוי וויט... מענדי האָט אַזוי אויך געגנוג אַרבעט, ער ווייסט, אַז ער איז אַ יידיש קינד, די חברים לאָזן אים שוין וויסן...

די פרוי האָט אים ווידער איבערגעשלאָגן; דיריגירט מיט די פינגער צו נעמען מיט אַ טאָן נידעריקער. דער מאַן, האָט זיך גראַד צעלאָזט אויפן קול, אַז ער שרעקט זיך ניט אָפּ פאַר קיינעם. ער שעמט זיך ניט מיט זיין שפּראַך, און ער קאָן נאָך ביי די יאָרן אפילו דערלאַנגען אַן אַנטיסעמיט אַ פּאַרפּאָר, אַז דער רוח זאָל אים נעמען. הינטערוויילעכס אויסגעדרייט ס׳פּנים זיינס, ווי אָפּצומעסטן דעם שונא...

נאָרמאַן האָט אויפגעציטערט; דאָס איז דאָך דער מאַן, מיט וועלכן ער האָט געהאַט אַ צוזאַמענשטויס! אַזאַ געלעגנהייט צו אַנטשולדיקן זיך! ער האָט אויסגעשטרעקט אַ האַנט. זיין פּנים צעשמייכלט:

„איר דערקענט מיך? מיר האָבן זיך שיר ניט צעבלוטיקט די נעזער. רעדט, רעדט, לאָם איך אייך ניט שטערן. שוין לאַנג ניט געהערט מיין זיידנס לשון. ווען ער איז געקומען צו גאַסט, פלעגט ער זיין מיין לערער. ס׳בענקט זיך נאָך אים וואָס ער האָט מיר געזאָגט האָט געהאַט אַ זינען. ערשט איצט זע איך אַרויס. ער קומט אָבער אַזוי זעלטן. ער האָט ניט פון וואַנען צו מאַכן אַזאַ לאַנגע רייזע...

די אַלטיטשקע האָט אים איינגלעאַדן אַוועקצוזעצן זיך לעבן זיי דאָ. זי איז פאַרלאָפן דעם מאַן אירן דעם וועג גוט צו מאַכן, וואָס זי האָט גאָר דעם יונגנמאַן חושד געווען, אַז ער איז זייער שונא...

דער אַלטער האָט זיך גאָר דערפרייט מיט אים. ער דאַרף זיך אויך אַנטשולדיקן; ער האָט אים פאַררעכנט צווישן די שיכורים, וועלכע

זעען ניט וואוהין זיי גייען. נאָך אַלעמען איז ער דאָך אויך שולדיק...

אַוועקגעזעצט זיך לעבן זיי, האָט דער אַלטער נאָרמאַנ׳ען געגלעט איבער דער פּלייצע: צום ערשטן מאָל באַגעגנט ער דאָ אַ יונגנמאַן, וואָס האָט אָפּשיי פאַר אַ זיידן. די מערסטע דענקען, אַז אַלטע לייט פאַרשטייען שוין גאָרניט...

„האָט איר שוין ניט קיין פאַראיבל אויף מיר?

׳ווער האָט עס פאַראיבל? אפילו פאַר די צעבראָכענע יידישע ווערטער.

„מעג איך אייך רופן זיידע? עס האָט זיך מיר אַזוי פאַרבענקט נאָך דעם נאָמען.

ביים אַלטן האָבן אַרויסגעגלאַנצט טרערן. ער האָט געגומען שטאַמלען.

„פאַרוואָס ניט? פאַרוואָס ניט? מיר זיינען דאָך אַלע פון איין משפחה אומעטום, אויף דער גאָרער וועלט. דאָס יידישקייט איז דאָ אַ היבש ביסל צעקנייטשט געוואָרן, אָבער מיט דער צייט וועט מען זיך אַרומזען, אַז ס׳איז ניט שיין פאַר זיך אַליין ווען מ׳האָט ניט קיין אייגן פּנים. אין דער אַלטער היים, ווען אַ ייד האָט געוואוינט אין אַ דאָרף, איז אים אויך ניט געווען צו־גוט, אָבער ער האָט זיך געטוליעט צו זיין יידישקייט... מ׳האָט פון אונדז וואָס אָפּצולערנען זיך. מיר האָבן ליב שלום מיטן גאַנצן האַרצן, מיט דער נשמה, דורך די תפילות, און ווען מיר זיינען מחדש די לבנה, מיר גיבן אַ נאָמען די קינדער שלום.

דער אַלטער האָט דערגאָך אַ שווערן זיפץ געטאָן און פאַרענדיקט:

„נו, קומט צוגיין אַ דור און פאַרשוואַרצט אונדז דאָס פּנים; לויפט נאָך פרעמדע; מיר ווילן זיין ווי איר... מיר ווילן גיין אין אייערע וועגן״...

די פרוי האָט זיך איצט אַריינגעמישט: דער יונגערמאַן דאַרף פאַרגעבן דעם זיידן, וואָס ער רעדט אַזויפיל. עס איז ביי אים ניט פאַר תענוג. אַלע אונדזערע קרובים האָבן די גזלנים, די נאַציס, אומגעבראַכט. לייגט מען גרויס געוויכט אויף די אייגענע דאָ. צו היילן די וואונדן. אַנטלויפן זיי גאָר פון אונדז... דער אײדעם ווערט ברוגז, ווען מ׳דערמאָנט דעם אומגליק.

נאָרמאַן האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. ער האָט געהאַט געכאָוועט אַ מחשבה צו האַלטן זיך אַן עצה מיטן אַלטן וועגן זיין אייגענער פּראָבלעם, ווי אַזוי צו געבן זיין מיידעלע צו פאַרשטיין וועגן ייד און ניט־ייד, ווי אַזוי צו ספּראַווען זיך מיט די קינדער אין גאַס, אַז מ׳האָט נאָך לאָראַ׳ן ניט אויסגע־זאָגט מיטן פולן מויל, ווער זי איז, ווייל די מאַמע האָט גע׳טענה׳ט, אַז זי וועט שוין אַליין דערוויסן זיך, ווען זי וועט נאָר אָנהויבן צו גיין אין סקול.

## צוליב שכנים

ער וועט זיך פאַר די מענטשן ניט באַקלאָגן. ער וועט ביי זיי אויסזען ווי אַ גרויסער נאַר. דאָס ביסל ווערט זיינס ביי זיי וועט צעשאָטן ווערן... אָט הערט ער דעם אַלטן פרעגן:

„וואו ביסטו געווען צו זאָגן אַנדערש? ביסט דאָך אַ טאַטע. וואָס פאַר אַ חכמה איז דאָס אַרויפצוואַרפן די שולד אויף דער פרוי?" ער האָט זיך דערמאָנט די מינוט, ווען זיין זיידע האָט געהאַט איינמאָל געזאָגט צו זיין טאַטע־מאַמע: „איך זאָג ניט, אַז דער היינטיקער דור האָט קיין שכל ניט, נאָר וואָס־זשע דען? אָט אַזוי זיך האָבן שכל, צי בילדונג, האָט ניט קיין זינען. מ'דאַרף האָבן שכל ווי אַנצוגיין מיטן שכל"..

נאָרמאַן האָט דערפילט אַ בייסעניש איבערן גאַנצן לייב. ער האָט לפנים ווען געכאַפּט אַ קוק אויף זיין האַנט־זייגערל און מיט אימפּעט זיך אויפגעשטעלט: ער מוז שוין גיין אַהיים.

דער אַלטער האָט אים וואַרעם געדריקט די האַנט און סודות'דיק געזאָגט אים, אַז ער מיט זיין פרוי קומען פון ווייט־ווייט, ניט אַזוי גרינג אַזאַ שטרעקע פאַר אַלטע לייט, און זיי פאָרן אַהיים — אויך גאָרניט קיין לייכטע פּאַסאַזשירן. די הערצער זיינען שווערע, גאָר ווינציק נחת געהאַט דאָ... אפשר וועט אַזאַ יונגערמאַן, ווי ער, זיין דער ערשטער, ניט צו דערלאָזן, אַז זיין דור זאָל אויך בלאָנדזשען. ער פאַרשטייט אַן ענין. אַז מ'דאַרף האָבן אַן אייגן פּנים, ווי ער האָט אים פריער געזאָגט...

נאָרמאַן האָט ווידעראַמאָל צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, אָפּגעזעגנט זיך מיטביידע און אַוועקגעלאָזט זיך מיט שנעלע טריט, ווי מורא געהאַט, אַז דער אַלטער וועט אים נאָכאַמאָל ווען געבן אַ „קניפּ" אין בעקל, וואָס ער האָט זיך ניט פאַרדינט...

דערנאָך איז נאָרמאַן געוואָרן צופרידן מיט זיך, וואָס ער האָט גובר געווען זיין חשק ניט צו האַלטן זיך אַן עצה מיטן אַלטן. ער האָט איצט מער קלאָרקייט, מער קוראַזש, ווי צו באַגעגענען זיך מיט זיין פרוי און קינד. ער וויל ניט זיין איינער פון אַ פאַרבלאָנדזשעטן דור... ער וועט זיך אַוועקלאָזן צווישן די צווייטע און צעשפרייטע יידישע פאַמיליעס און זיי וואָרענען ווי ס'האַלט. זאָל מען זיך האַלטן צוזאַמען, באַקענען די קינדער. ער וועט נאָך היינט אויפדערנאַכט כאַפּן אַ שמועס מיט דער וואוילער פרוי מוירטל פאַר־וואָס דערלאָזט זי איר לוסין צו גיין אין טאַנס וועגן? ער ווייסט באַשטימט אַז איר טעכטערל איז די אָנפירערין...

לאָראַ האָט אים דערזען דורכן פענצטער אָנקומען. זי איז אים אַקעגן

געלאָפּן; אַוועקגעדרייט זיך פון די קינדער, וואָס האָבן אָפּגעשטעלט זייער שפּילן זיך.

נאָרמאַנ׳ען האָט אַ בליץ געטאָן אַ געדאַנק, אַז די קינדער צאַפּלען זיך צו האָבן לאָראַן צווישן זיך: איידער ער גייט כאַפּן אַ שמועס מיט די דערוואַקסענע, אפילו מיטן פאַרשווין מעטיוס, זאָגן אים, אַז ער מאַכט אַ תל פון אַן איידל קינד, וועט ניט אויסמאַכן, אַז ער זאָל איצט די קינדער אַהער רופן.

די מערסטע קינדער האָבן אויפגעלעבט, ווען זיי האָבן דערהערט נאָר־מאַנ׳ס קול, אַז זיי קאָנען אַהער קומען. לוסי איז געבליבן הינטערשטעליק. אירע בעקלעך צעפלאַמט. זי איז געגאַנגען פּאַמעלעך. לאָראַ האָט זיך די גאַנצע צייט געטוליעט צום פאָטער. ווען אַלע זיינען געשטאַנען אויסגע־שטעלט, ווי קליינע סאָלדאַטן, האָט נאָרמאַן צו זיי אַלע געשמייכלט, אויפגע־הויבן זיינע צייג־פינגער: אָט זיינען זיי פינף מיידלעך, און זייערע עלטערן גייען אַלע אין איין קירך, און ער מיט לאַראַס מאַמע גייען אין טעמפּל, און ווען זי וועט גרעסער ווערן, וועלן זיי זי אויך מיטנעמען. דערווייל וועט זי אַהין גיין לערנען...

„פאַרשטאַנען?" די קינדער האָבן צוגעשאָקלט מיט די קעפּלעך. די איינציקע, וואָס איז קוים איינגעשטאַנען, איז געווען לוסי. זי האָט זיך די גאַנצע צייט געשראָקן, אַז ער וועט עפּעס זאָגן וועגן איר טאַטן צי אפשר וועט דער טאַטע גאָר אָנקומען און וועט זי שלאָגן דערפאַר, וואָס זי איז צו־געגאַנגען אַהער... דער טאַטע קריגט זיך מיט דער מאַמען צוליב איר... נאָרמאַן ווייסט גאָרניט, ווי שלעכט איר איז. קיינער, קיינער ווייסט ניט... זי האָט זיך מחיה געווען, ווען איר הונט האָט זיך באַוויזן, צוגעלאָפן צו איר און זי האָט אים געגלעט. ניט באַדאַרפט מער באַגעגענען זיך מיט די קינדערס בליקן. זי האָט זיך פאַר זיי אויך געשראָקן, טאָמער וואַרפן זיי אַרויף די שולד אויף איר. זי פילט גאָר ווי צו וויינען...

לאָראַ האָט זיך געפילט צעטומלט פון איר טאַטנס רייד. ס׳ערשטע מאָל אַז זי הערט אים אַזוי ריידן. זי האָט געפילט ווי אַריינלויפן אין שטוב, אַוועק־לייגן זיך אויף איר בעטל, און טראַכטן און טראַכטן... וואָס צו פרעגן, ווייסט זי ניט. זי האָט אָבער נאָך געוואָלט הערן, וואָס איר טאַטע האָט צו זאָגן. זי האָט אים אַזוי שטאַרק ליב.

נאָרמאַן האָט זיך גענומען כלומרשט וויצלען: אָט זיינען זיי פינף מייד־לעך מיט פאַרשיידענע בעזלעך. אויף די קעפּלעך שוואַרצע און בלאָנדע האָר.

## ברוך מילער

אָט האָט קיידי אַ לאַנג פּנים און לוסי גאָר אַ קיילעכדיקס. שוואַרצע אויגן, בלויע אויגן, נו, וואָס מאַכט דאָס אויס?

מיטאַמאָל — קולות מ׳האָט די קינדער גערופן עסן און זיי האָבן זיך געלאָזט אַוועקגיין. נאָרמאַן האָט זיי געהייסן טראַכטן וועגן דעם, וואָס ער האָט זיי געזאָגט. זיי האָבן צוגעשאָקלט מיט די קעפּלעך און שוין געלאָפן.

נאָרמאַן און לאַראַ האָבן זיך אויך געלאָזט גיין אין שטוב אַריין. דאָס מיידעלע איז געגאַנגען שטאַרק פאַרטראַכט. ער האָט איר געזאָגט, אַז איצט וועלן די קינדער בעטן זי צו שפּילן זיך מיט איר, און זיי וועלן מער ניט פּלאַפּלען כאַרישע רייד.

לאַראַ האָט זיך מיט קיין וואָרט ניט אָפּגערופן. נאָרמאַן האָט זי גענומען אויף די הענט און ביי איר געפּרעגט:

„האָסט מיך ליב?״

לאַראַ האָט צוגעשאָקלט מיט איר קעפּל:

„וואָס־זשע ווינסטו?

„איך ווייס ניט״....

„קיינער וועט ביי דיר מער ניט פרעגן, פאַרוואָס דיין טאַטע־מאַמע גייט ניט אין קירכע.״

נאָרמאַן האָט זי אַראָפּגעשטעלט אויפן דיל, אַ קוש געטאָן, און איר געזאָגט, אַז זי איז זייער אַ שיינע. זאָל זי זיך גיין אַרומוואַשן. באַלד וועט די מאַמע קומען, וועט מען אויך גיין עסן.

לאַראַ איז באַלד אַוועק. זי האָט זייער געוואָלט איצט זיין מיט זיך אַליין אַביסל...

קלעיר איז אָנגעקומען מיט אַ פּאַק שפּייז אויף די הענט. נאָרמאַן האָט זי גלייך באַפרייט און געהאַט טענות צו איר, פאַרוואָס זי האָט אים ניט גערופן איר העלפן. איידער זי האָט עפּעס־וואָס געזאָגט, האָט ער פאַר איר אַלץ דערציילט וועגן די קינדער און וועגן זיינע נייע פּלענער, און פאַרענדיקט, אַז פון היינט־אָן, וועלן זיי מוזן מאַכן ענדערונגען אין זייער לעבן אויפ־הערן נאָכטאָן עמיצן, וועט מען פאַר זיי האָבן מער רעספּעקט; מ׳וועט זיי בעסער פאַרשטיין....

ווען קלעיר האָט אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם, האָט זי זיך מיט אים ווי געדונגען: — נאָך אַלעמען, זיינען דאָך דאָ ניט אַלע ווי מעטיוס און זיין שוואָגער פּיט.

נאָרמאַן האָט איר ווייטער ניט געלאָזט אַ וואָרט זאָגן: זאָל זי וויסן

## צוליב שכנים

אַז פאַר די בעסטע שכנים דאַרף מען ערשט וויזן אַן אייגן פּנים...

„געדענקסט קלעיר, ווי מעטיוס האָט זיך אָנגעטרונקען ביי אונדז אין שטוב און פלוצים מיך אַ פרעג געטאָן, ווער איך בין, וואָס איך בין? און אַז איך האָב אים געענטפערט: „אַ מענטש", האָט ער מיט שפּאָט אין זיין טאָן אַ זיגרייכער אויסגערופן: „דו ביזט ניט אַהין, ניט אַהער", און אַלע האָבן געלאַכט. דו פאַרשטייסט מיך? פראַווען זיי אונדזערע יום־טובים? וואָס פאַר אַ וועזן דאַרפן מיר זיך מאַכן פון זייערע?

נאָרמאַן האָט זיך אָנגעטראָפן מיט אירע ברוגז־געוואָרנע אויגן און גלייך געביטן זיין טאָן: ער ווייסט אַז זי טוט אים ניט אויף צו להכעיס. זי איז אויסן בלויז צו לעבן זיך גוט מיט די שכנים, אָבער מ'דאַרף זיך ניט אויסטאָן פון אַלץ... די שכנים מעגן זיך פון זיי אויך עפּעס אָפּלערנען.

ער האָט געהאַט אויפן צונג צו דערציילן איר וועגן דעם פּאָר־פאָלק ביים ים און וואָס דער אַלטער האָט אים געזאָגט. אָבער קלעיר האָט אים גלייך איבער־געשלאָגן; דערמאָנט אים, אַז זיינע עלטערן האָבן זיך אויך פאַרנומען מיט טאָן תשובה, און צום סוף האָבן זיי זיך אַרויסגעצויגן אין דער גרויסער שטאָט.

„אמת?

„געוויס, אָבער דאָס איז שוין געווען צוליב מיין שוועסטער. מעגלעך, אַז ווען לאָראַ וועט ווערן אַ גרויסע, וועלן מיר אויך דאָס דאַרפן טאָן. ווי דענקסטו?"

קלעיר האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, נאָרמאַן האָט זי אַרומגענומען און געשטאָמלט, אַז זי האָט מער חן אין זיינע אויגן, ווען זי איז ניט בייז אויף אים. צו איר פּנים פּאַסט זיך ניט צו ווערן אין כעס. קלעיר האָט זיך צעלאַכט.

לאָראַ איז מיט אימפּעט אַריין, זיי באַטראַכט, און גלייך האָט זי פאַר־געסן, וואָס זי האָט אינזינען געהאַט צו פרעגן ביים פאָטער. די ווערטער זיינען באַלד אַוועקגעפלויגן. זי האָט זיך אויך געטוליעט צו זיי...

נאָרמאַן איז געוואָרן גוט געשטימט; קלעיר וועט אים ניט שטיין אין וועג. גלייך נאָכן עסן לאָזט ער זיך אַרויס מיט אַלע זיינע פּלענער צו די עטלעכע צעזייטע יידישע פאַמיליעס: ווי אַזוי וועלן זיי אים אויפנעמען? וואָס וועט ער זיי זאָגן? ער וועט זיי דערציילן, אַז פון קינדווייז־אָן נאָך, ווען ער האָט צוגעזען ווי זיינע טאַטע־מאַמע האָבן זיך פאַרפלאָנטערט מיט זייערע ניט־יידישע שכנים — „דאָס אייגענע פּנים באַהאַלטן", האָט דעמאָלט זיין זיידע געזאָגט — און מ'האָט געליטן אין דער שטיל, האָט ער זיך נאָך

דאַן געגעבן ס׳וואָרט, אַז ווען ער וועט אויסוואַקסן אַ גרויסער, וועט ער ניט דערלאָזן, אַז ס׳זאָל קומען הערצו...

דערנאָך האָט נאָרמאַן געטראַכט וועגן אַ פרעג טאָן ביי דער שכנה מוירטל לוסיס מאַמע; פאַרוואָס זי איז מיטאַמאָל אַנטשוויגן געוואָרן? פאַרוואָס האָט זי דערלאָזט, אַז איר קינד זאָל אַזוי ווייי טאָן לאָראַן, איר בעסטער חברטע. האָט זי זיך אויך דערשראָקן, ווי איר מאַן, וואָס די סקול שטעלט־אָן אַ נעגער־לערער?

דערנאָך איז נאָרמאַן שוין קוים איינגעזעסן ביים טיש. ער האָט גע־געסן די מאכלים ניט לויט אַ סדר, ווי אַלעמאָל. ער האָט אפילו ניט באַמערקט ווי די פרוי מיט זיין מיידעלע מאַכן זיך איבער אים לוסטיק. זיינע מחשבות האָבן ווייט־ווייט אָנגעשפּאַרט...



# אין אַ רעגנדיקן טאָג

אין שטילן געסל אַרום ווערמאָנט עוועניו איז שוין אַ צייט געהאָנגען אַ שילדל אויף אַ ראָזעווען הויז: „אַ קליינע דירה צו פאַרדינגען״. מענטשן זיינען געגאַנגען אַריין און אַרויס, און דאָס שילדל האָט זיך פון אָרט ניט גערירט.

דאָס הויז איז אינעווייניק געווען אָפּגעלאָזט; דאָס מעבל — אָפּגעריבן; אויפן דיל — אַ געלעכערטער אָפּגעבליאַקעוועטער טעפּיך. די קיך, ווי אויף חוזק, קוים זיך אויסצודרייען. דאָס אייוועלע פּאַרזשאַווערט; און דאָס בעט אין דער וואַנט איז געווען שווער אַרונטערצונעמען.

די אויפזעערין אַדעלאַ, אַן אויסגעבלייכטע מיטליאָריקע פרוי. איר קאָפּ — כמעט אינגאַנצן גרוי, האָט זיך קוים געפּלאָנטערט אויף אירע פיס פון אַזויפיל מאָל קלעטערן די שטיגן און ווייזן די דירה. זי האָט ניט געקענט צוזען, ווי נעזער האָבן זיך געקרימט, ווען מ׳האָט נאָר אַ קוק געטאָן אויף דער אויסשטאַטונג. אַזוי איז געווען אַלעמאָל, ווען אַ דירה האָט זיך אָפּגעליידיקט. אַדעלאַ האָט זיך שוין עטלעכע מאָל באַקלאָגט פאַר דעם לענדלאָרד, מר. סלאַווינס, אַז זי האָט ניט ס׳האַרץ צו נאַרן מענטשן. זי וועט גיכער אַוועקגייז פון דאַנען. האָט מר. סלאַווינס געזאָגט, אַז ער קלייבט זיך גאָר אינגיכן צו רעמאָנטירן אַלץ, און ער וועט צוקויפן פרישע מעבל: זאָל זי נאָר האָבן אַביסל געדולד.

אָבער דאָס מאָל האָט אַדעלאַ באַשלאָסן, מער ניט צוהערן זיך צו מר. סלאַווינס רייד: זאָל ער נאָר קומען נאָכן דירה־געלט, וועט זי אים דערלאַנגען דאָס בינטל שליסלען און אים זאָגן, אַז זי האָט שוין מער ניט קיין ברעקל געדולד צו זיין דאָ אָנגעשטעלט. אָט־דאָס שילדל פאַרן הויז מאַכט זי קראַנק. ס׳וועט שוין אַזוי הענגען און הענגען...

אינדרויסן האָט זיך געזיפּט אַ רעגן, וואָס קאָן דאָ אָנהאַלטן טעג נאָכאַנאַנד. די הויכע פאַלמען־ביימער האָבן צעפּאַטלט זייערע גרויסע טשופּ־רינעס איינצוזאַפּן וואָס מער טראָפּנס רעגן. ערגעץ האָט אַ פויגל ניט אויפ־געהערט צו קלאָגן, אַז זיין נעסט איז אין געפאַר. זיין קול אַזוי ענלעך צום היימישן האָן, וועלכער צעקרייעט זיך אָפט אין אַזאַ שלעפּערדיקן טאָג. די בערג וואָס קוקן אַריבער פון דער האָליוואוד־געגנט, זיינען געווען פאַרנעפּלט.

אויפן משופּע׳דיקן טראָטואַר האָט זיך באַוויזן אַ פרוי אין די צוואַנ־

# אין אַ רעגנדיקן טאָג

ציקער, מיט אַ קליין יינגעלע אויף אירע הענט. דערזעען דאָס שילדל, האָבן אירע גרויסע טונקעלע אויגן אויפגעבליצט: זי האָט געהערט זאָגן, אַז דאָ, אין אָט־דעם געסל איז דאָס דירה־געלט ניט הויך. פונקט גוט פאַר איר! זי האָט זיך צוגעבויגן צום קינד און אים אַ קוש געטאָן. געגרעדט צום יינגעלע ווי צו אַ דערוואַקסענעם, אַז באַלד וועלן זיי אויפגעריכט, און ער וועט זיך קאָנען צולייגן שלאָפן.

דאָס יינגעלע האָט איר אַריינגעשמייכלט אין פּנים. איר קוש האָט אים צעוואַכט. ער האָט מיט זיינע דינע הענטלעך אַרומגענומען איר הויכן האַלדז און זי צוריקגעקושט.

די פרוי האָט זיך אַריינגעאיילט אין דעם עטוואָס־באַלויכטענעם קאָרידאָר. דערזעען אַ טיר מיט אַן אויפשריפט, האָט זי לייכט אָנגעקלאַפּט. אין עטלעכע סעקונדן אַרום האָט זיך אַדעלאַ באַוויזן אין טיר, און זיך אַ טרייסל געטאָן; ווי קאָן זי איר אַריינעמען אין דעם הויז? זי וועט איר גלייך זאָגן, אַז די דירה איז שוין פאַרדונגען. זי וועט איר זאָגן, אַז זי האָט פאַרגעסן אַריינצו־נעמען דאָס שילדל. זי וועט נעמען פון איר דעם נאַסן שירעם, אַוועקשטעלן אים אין וואַנע, און זאָל זי זיך אַביסל אָפּרוען. . .

ווען אַדעלאַ האָט זיך אומגעקערט צוריק און דערזען, ווי דאָס יינגעלע הערט ניט אויף צו גענעצן, איז זי שטאַרק גערירט געוואָרן. זי האָט נאָכאַמאָל באַטראַכט די יונגע פרוי און געטומען איינ׳טענה׳ען מיט זיך, אַז יענע איז געוויס אַ „שפּאַנישע". אָ, אירע האָר — אַזוי גלייך; איר לענגלעך פּנים — אַזוי געטאָקט. האָט אפילו חן־גריבלעך אין אירע באַקן. צי איז זי מחויב צו פרעגן פון וואָס פאַר אַ ראַסע אַ מענטש איז? זי האָט מיט מר. סלאַווינס׳ן אַזאַ קאָנטראַקט ניט געמאַכט. . . און דאָס, וואָס ער וויל ניט קיין קינדער — וועט ער בעסער ווערן. ווי לאַנג וועט די שילד אַזוי הענגען, און מ׳וועט איר פאַרדרייען דעם קאָפּ?

די יונגע פרוי, וואָס איז געזעסן קעגנאיבער, האָט זיך אַביסל אָראָפּ־געגרעדט פון האַרצן: געקומען אַהער ווען די מלחמה האָט געפלאַקערט; געוואָלט זיין לעבן איר יונגענמאַן עדי, ביז מ׳וועט אים אַוועקשיקן צום פראָנט. זי האָט גענומען ווישן אירע אויגן — עדי איז מער ניט צוריקגעקומען.

אַדעלאַ האָט מיטאַמאָל פאַרגעסן וועגן איר אחריות צום הויז. . . זי האָט געטרייסט די פרוי, אַז זי איז דאָך ניט די איינציקע אלמנה. . . זי איז אַ יונגע פרוי און קאָן נאָך האָבן אַן אַנדער מאַן. . . און ווען אַדעלא האָט דערזען,

אַז אירע רייד האָבן ניט געמאַכט קיין גוטן איינדרוק, האָט זי געגלעט דאָס ייִנגעלע: אַז ווען ער וועט אויסוואַקסן, וועט מען שוין אפשר ניט וויסן פון קיין מלחמות. זי האָט אים גלייך געגעבן אין הענטל אַ צוקערקע, און מיט געמאַכטן קוראַזש אַ טרייסל געטאָן מיט אַ בינטל שליסלען, גערופן די יונגע פרוי צו ווייזן איר דירה. זי האָט אין איין וועג געוואָלט וויסן איר נאָמען.

— רוט — האָט די יונגע מוטער אויסגערופן מיט צופרידנקייט.

אַדעלאַ האָט גיך אויפגעשלאָסן די טיר; דער מאַמען מיטן קינד גע־לאָזט גיין פריער, גע׳עצה׳ט רוט׳ן אַוועקצוזעצן דאָס ייִנגעלע אויפן דיוואַן און זיך גוט אַרומקוקן. די לייַלעכער וועט זי אַליין דאַרפן וואַשן און פאַר גאַז און עלעקטריק אויך אַליין באַצאָלן.

דאָס ייִנגעלע האָט זיך דערווייל געמאַכט היימיש, אויסגעשטרעקט די פיסלעך און באַלד איינגעשלאָפן. ביידע פרויען האָבן דאָס באַמערקט און זיך צעשמייכלט. רוט האָט אַדעלאַן געזאָגט אין דער שטיל, אַז זי נעמט די דירה: ניטאָ קיין געדולד צו גיין זוכן בעסערע גליקן. צעעפנט איר ברוינעם טייסטער און באַצאָלט דאָס דירה־געלט.

אַביסל שפּעטער האָט אַדעלא טעלעפאָנירט צום לענדלאָרד, אַז ענדלעך האָט זי שוין פאַרדונגען די דירה: זי וויל זיין דערלויבעניש צו קויפן אַביסל געשיר פאַר דער יונגער פרוי — זי האָט אַ פּיצל קינד.

דער לענדלאָרד האָט גענומען אַזוי אַריינשרייען אין טעלעפאָן־טרובקע, אַז אַדעלאַן האָט גענומען גרילצן אין די אויערן, פאַרוואָס האָט זי געוואַגט טאָן אַזאַ זאַך. ער וויל ניט האָבן קיין קינדער. ס׳טויג ניט! זאָל זי „חרטה האָבן".

אַדעלאַ האָט אים שטרענג אָפּגעענטפערט, אַז פאַרדונגען איז פאַרדונגען. און ער זאָל אויפהערן צו ליאַרעמען: מ ע ן מ ע ג אַמאָל מאַכן אַן אויסנאָם... און זאָל מר. סלאַווינס זי אויך אויסרעכענען, ניט בלויז זיך: ניטאָ קיין כוח צו לויפן ווייזן „אַזאַ דירה", אַזויפיל מענטשן יעדן טאָג!

מר. סלאַווינס האָט שוין גערעדט אַביסל שטילער. ער האָט כלומר׳שט אַפּעלירט צו איר, אַז אין זיין הויז וואוינען מענטשן, וואָס גייען אַרבעטן, און זיי מוזן האָבן רו ביינאַכט: אים אַליין וואָלט עס אפשר ניט געאַרט. און אַז איר שטייט ניט אָן „חרטה צו האָבן", וועט ער זיך באַלד אַריבערכאַפּן...

אַדעלאַ האָט נאָך אַ ווײַלע געהאַלטן דאָס טעלעפאָן־טרובקעלע, געטראַכט וועגן די לעצטע ווערטער פון דעם לענדלאָרד, אַז ער וועט באַלד קומען

## אין אַ רעגנדיקן טאָג

צונישט מאַכן איר וואָרט, איר אונטערשריפט; זי וועט אים צום ערשטן אָקעגנטראָגן די שליסלען. מער וויל זי פאַר אים ניט אַרבעטן. שוין גענוג!

אינדרויסן האָט זיך נאָך אַלץ געזיפּט אַ רעגן. רות איז געזעסן אויפן דיוואַן לעבן איר יינגעלע, וואָס איז געשמאַק געשלאָפן. זי האָט באַטראַכט זיינע שוואַרצע לאָקן, צוגעדעקט זיינע אָפּגעדעקטע פיסלעך, און ניט געוואוסט צו וואָס זי זאָל זיך פריער נעמען; זי וועט שוין וואַרטן ביז ער וועט זיך אויפ־כאַפּן. איז איר אויך באַפאַלן אַ שלאָף; האָט זי זיך צוגעשפּאַרט. באַלד באַווייזט זיך עדי אין אַ סאָלדאַטסקער אוניפאָרם מיט פיל בליאַסקענדיקע זאַכן אויף זיין ברוסט. ער נעמט זי אַרום און אָטעמט אַזוי שווער. זי שרייט אויס: „ליבער מיינער, דערצייל מיר עפּעס!" עדי שוויגט. זי טרייסלט אים: „דו קאָנסט ניט ריידן?" עדי צעלאַכט זיך אויפן קול. זי לויפט אַוועק פון אים, אָבער ער שטייט גלייך לעבן איר אין די אויגן. ער בויגט זיך צו איר צו און זאָגט איר עפּעס אינדערשטיל...

מיטאַמאָל קלאַפּט מען אין טיר. רות שפּרינגט־אויף מיט אַ שרעק אין האַרץ. זי פרעגט:

— עדי?

— ניט עדי, נאָר דער לענדלאָרד.

— וואָס ווילט איר? איך האָב שוין באַצאָלט מיין דירה געלט.

— איך מוז מיט אייך ריידן!

— שפּעטער, ניט איצט. מיין קינד שלאָפט.

— בעסער עפנט מיט גוטן, איידער איך ווער בייז...

רות האָט שוין מער ניט געענטפערט. מר. סלאָווינס האָט נאָך שטאַרקער געקלאַפּט. אַדעלאַ איז אַרונטערגעקומען און זיך גענומען בעטן ביי אים: „זאָל זיין אַן אַנדערש מאָל". מר. סלאָווינס האָט צו איר אויסגעלאָזט זיין כעס: זי האָט פאַרקאָכט אַ קאַשע און רעדט זיך אַזוי גלייכגילטיק. פאַרוואָס האָט זי אים ניט דערציילט דעם אמת, אַז זי האָט פאַרדונגען די דירה צו אַ נעגערטע? ער האָט זיך אָנגעטראָפן מיטן ריעל עסטעיט אַגענט, און יענער האָט גאַנצע טענות צו אים. ער האָט געזען אַהער אַריינגיין אַ נעגער־פרוי מיט אַ קינד אויף די הענט, און ער האָט געוואַרט און געוואַרט, אַז זי זאָל אַרויסקומען, אָבער — אַ נעכטיקער טאָג! פאַרוואָס האָט זי אים דאָס ניט געזאָגט? זיינע שונאים האָבן געוויס אונטערגעשיקט די נעגער־פרוי. זי האָט דערפאַר באַקומען גוט באַצאָלט. זי מוז פליען פון דאַנען...

אַדעלאַ האָט זיך געלאָזט אַוועקגיין; זי האָט אַ סך אַרבעט. סלאָווינס איז איר נאָכגעגאַנגען מיט גאַנצע טענות, אַז זיין הויז גייט צו גרונט און איר אַרט עס ניט... וואו איז דאָס געהערט געוואָרן, אַז אַן אויפזעערין זאָל אַלץ שטעלן אויף זיך? איר געפעלט ניט די שטעלע — איז ניט. זאָל זי גוטמאַכן איר פעלער. ער וועט דער נעגער־פרוי געבן צושטייער פאַר אַן אַנדער דירה, אַבי זי זאָל זיך באַלד פאַרנעמען פונדאַנען, איידער אַלע שכנים דערוויסן זיך..

אַדעלאַ האָט זיך גענומען בעטן ביי מר. סלאָווינס׳ן, אַז ער זאָל לאָזן די מאַמע מיטן קינד אָפּוואַרטן דעם חודש; נאָכאַלעמען איז איר מאַן געפאַלן אין שלאַכט ניט פאַר זיינע פּראָפיטן... מ׳דאַרף אַמאָל האָבן איינזעעניש...

מר. סלאָווינס האָט זיך איר נאָכגעקרימט: „זאָל די מאַמע מיטן קינד אָפּוואַרטן דעם חודש!״ צי ווייסט זי, וואָס זי רעדט? ער וועט זיין הויז פּשוט דאַרפן איבערלאָזן...

— זאָל שוין זיין געננוג! — האָט זיך אַדעלאַ גענומען בייזערן. — לויט איר פאַרשטאַנד וועט קיינעם קיין רעה ניט אַרויסקומען. די פרוי איז אַזאַ פיינע, אַזאַ לייטישע.

— פונוואַנען ווייסט איר? — האָט סלאָווינס זי גענומען אויפן פאַרהער.

— וואָס הייסט פון וואַנען?

— אָט זעט איר שוין, אַז איר האָט ניט וואָס צו ענטפערן? פאַרוואָס האָט זי געפרעגט, צי איז דאָס עדי, ווען איך האָב ביי איר אָנגעקלאַפּט אין דער טיר? איך וועל זיך שוין אַליין ספּראַווען מיט דער אונטערגעשיקטער נעגער־פרוי. טאַקע גוט וואָס איך האָב זיך דערמאָנט! און איר, אַדעלאַ, קענט אייך זוכן עפּעס בעסערס... — ער האָט דערביי אָנגעטאָן זיין קאַפּעליוש און איז אַוועק.

אויף מאָרגן איז רוט אַרונטערגעקומען אַן אויסגעבלייכטע. זי האָט אָנגעקלאַפּט ביי אַדעלאַ׳ן אין טיר. דערנאָך, ווען אַדעלאַ האָט זי אַריינגערופן, איז זי געבליבן שטיין אויף דער שוועל. געדעדט קוים. עס האָט איר געשטיקט אין האַלדז.

— וואָס איז דאָ פאַר אַ הויז? שוין צום צווייטן מאָל, אַז אַ מאַן קלאַפּט אין טיר מיטן אויסרייד, אַז אַן אַנדער מאַן האָט אים רעקאָמענדירט. מיט אַזעלכע רייד... זי האָט זיך אָנגעכאַפּט ביים קאָפּ. זי האָט איינעם שיר ניט אַריינגעלאָזט, ווען ער האָט דערמאָנט איר מאַנ׳ס נאָמען; אָבער ווען זי האָט אַביסל געעפנט די טיר, און יענער האָט זיך געוואָלט אַריינרייסן און איר געזאָגט, זי זאָל זיך ניט מאַכן טאַמעוואַטע, „אַלע ווייסן ווער זי איז״, האָט זי גלייך פאַרהאַקט די טיר.

## אין אַ רעגנדיקן טאָג

אַדעלאַ האָט אַזש אויפגעשווידערט. זי האָט געבליקט צום טעלעפאָן. אָט נעמט זי דאָס טרייבל אין די הענט און קלינגט אָן צו מר. סלאַווינס׳ן. זי וועט אים גוט אָנזידלען און אים לאָזן וויסן, אַז אַרויסברייינגען אַזאַ שם אויף אַ פרוי קאָן אים רואינירן. זי וועט לאָזן וויסן זיין פרוי וועגן אַזעלכע שטיק.. נאָר ווען זי האָט דערזען ווי רוט שטייט אַזאַ צעשראָקענע אויף דער שוועל איר פנים אויסגעצויגן און פאַרבלייכט, איז זי צוגעקומען נאָענט צו איר. זי האָט באַקומען רחמנות, ווי זי וואָלט געווען רוט׳ס מאַמע. געטראַכט אַוויל און דערנאָך קוים אַרויסגערעדט: זאָל רוט גיין אַכטונג געבן אויפן קינד, און זי וועט נאָך היינט פאַר איר אָפזוכן אַ דירה, דערנאָך וועט מען זיך אָפרעכענען מיטן לענדלאָרד... וואָס איז איר מיינונג?

רוט האָט די גאַנצע צייט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, און דערנאָך אַרויס־געכליפּעט, אַז זי וויל דאָ אפילו איין טאָג מער ניט וואוינען...

און ווידער האָט זיך באַוויזן דאָס שילדל אויפן ראָזעווען הויז אין שטילן געסל. מר. סלאַווינס איז געזעסן אָן אומגעדולדיקער, געוואַרט, אַז עמיצער זאָל קומען אָנקוקן. געקרימט זיך יעדעס מאָל, ווען אַ פאַרבייגייער מיט אַ שירעם איבער זיך האָט זיך אָפּגעשטעלט, איבערגעליינט דאָס שילדל און ווייטער געגאַנגען זיין וועג. מר. סלאַווינס האָט זיך גע׳כעס׳ט אויף אַדעלאַ׳ן, וואָס האָט אים פאַרלאָזט. ער האָט בשום אופן ניט געקענט פאַרליידן דאָס קלאָגן פונעם פויגל ערגעץ אויף אַ בוים. דער זיג איבער דער נעגער־פרוי מיטן קינד איז אים ניט באַקומען...

# א חזן אין שאפ

כמעט אַלע געסט פונעם קליינעם האָטעל אין די בערג, זיינען שוין דעם צווייטן טאָג געזעסן אויף דער ברייטער און לאַנגער וועראַנדע. אַלע ווי איינער ברוגז אויפן הימל און אויף דעם באַלעבאָס, וואָס האַלט אין איין צוזאָגן אַ שיינעם וועטער און דאָס איז שוין דער דריטער טאָג און ס'הערט ניט אויף צו רעגענען...

איינער אַ בלאַסער איז געזעסן אָפּגעזונדערט און ניט אַראָפּגענומען די אויגן פון די שווערע טראָפּנס רעגן, וואָס זיינען געפאַלן אויף דער ערד און געמאַכט גריבלעך. זיינע ליפּן האָבן זיך באַוועגט ווי ער וואָלט תפילה געטאָן, אַז עס זאָל שוין נעמען אַ סוף צום שלעכטן וועטער.

אַ צווייטער הינטער זיינע פּלייצעס האָט געצויגן מיט די אַקסלען און זיך באַקלאָגט אויף אַ קול:

— געהערט אַזוינס! פּונקט ווען מ'נעמט אַ שטיקל וואַקאַציע דאַרף ליאָפּען אַ רעגן, עפּעס נאָר ווי אויף צו־להכעיס דעם אָרעמאַן. אָט וועט איר זען ווען מ'וועט קומען צוריק אין שאַפּ, צו דער אַרבעט, וועט די זון שיינען, זיך רייצן מיט אונדז דורך די פענצטער...

דער באַלעבאָס האָט דורכגעשוועבט אין אַ ווייסן רעקל, ווי אַ דאָקטאָר צווישן זיינע חולאים, און געטרייסט אַלע אויף איין מאָל: ער האָט נאָרוואָס אָפּגערופן די וועטער־ביוראָ און מ'האָט אים צוגעזאָגט, אַז מאָרגן וועט זיין אַ שיינער וועטער...

בייזע בליקן זיינען אויף אים געפאַלן פון אַלע זייטן. יאָושדיקע הענט האָבן אים ווי אָפּגעשטופּט: זאָל ער גיין און אויפהערן פּלאַפּלען. ער האָט דאָך נעכטן און אייער־נעכטן אויך אַזוי גערעדט. זאָל ער צורולאָזן. זיי איז שוין אַלצאיינס, מ'קאָן שוין דאָ ניט דערוואַרטן קיין גליקן...

אַביסל שפּעטער האָט מען זיך רוגזה'דיק אַ נעם געטאָן צו פאַרטרייבן די צייט מיט שפּילן אין קאָרטן, אין שאַך; סאַמע אויבנאָן, אַרום אַ קיילעכדיקן טיש האָט מען זיך פאַרנומען מיט פּאָליטיק. באַלד האָט זיך דערהערט אַ קול, וואָס האָט זיך געטראָגן איבער דער גאַנצער וועראַנדע:

— צוליב וואָס דאַרף מען דאָס פליען צו דער לבנה? איר זענט אַ

# אַ חזן אין שאַפּ

מבין וואָס דאָס קאָסט אַפּ? שוין ניטאָ קיין בילכערע זאַכן?

פון ערגעץ האָט זיך געהערט אַ בייז קול:

— מיסטער, איר זענט אַן אומוויסנדער מענטש! ציט די נאָדל און שווייגט בעסער שטיל! מישט זיך ניט וואו מען באַדאַרף ניט...

— זאָל מען בעסער אויפהערן סטראַשען מיטן ביקסל... — האָט עמיצער אַ קרעכץ געטאָן.

— אָט האָסטו דיר! מיר ווילן דען עמיצן טאָן שלעכטס?, אָבער דאָרטן,

— האָט דער בייזער מאַן אויסגעצויגן אַ פינגער, און אַלע האָבן אים נאָכגעקוקט, געוואָלט פרעגן וואוהין ער צילט. נאָר די קאָרטן־שפּילער האָבן זיך אָנגעהויבן בונטעווען: זאָל מען שוין אויפהערן האַקן אין קאָפּ מיט הויך־פּאָליטיק. דאָ שפּילט מען פאַר מזומן...

— אויב אַזוי, — האָט עמיצער געַ׳עצה׳ט: שוין בעסער כאַפּן אַ שמועס וועגן שאַפּ־ענינים וועט מען זיך אויפהערן אַזוי קאָכן...

— דער ייד איז גערעכט! — האָט זיך אַן אַנדערער אָפּגערופן. ער איז נאָרוואָס צוגעקומען צום טיש.

— וואָס איז דאָ צו רעדן וועגן שאַפּ? — האָט דער בייזער געצויגן מיט די אַקסלען.

— אָט האָסטו דיר זעליג דעם שטאַטסמאַן, מיר אַלע דאָ שטייען אים ניט אָן. ווייסט איר כאָטש אַז היינטיקע צייטן האָבן מיר אין די שעפּער גענוג געלערנטע מענטשן, אפילו מאַלער און שרייבער?

ביי די רייד האָט זיך אויפגעהויבן פון בענקל אַ הויכער, מיטליאָריקער מאַן מיט אַ פּריש־שפּראָצנדיק בערדל און אַ ווייסער יאַרמעלקע אויפן קאָפּ אויף שריט.און טריט האָט ער זיך געגאָרגלט. זיינע טונקל־ברוינע אויגן האָבן זיך צעגלאַנצט: אויס צושויער! — האָט ער געטראַכט. איצט האָט מען זיך גענומען צום ענין וואָס ליגט אים גוט אין די ביינער... ער האָט זיך צעלאָזן אויף זיין חזנישן לירישן קול:

— הערט מיך אויס! ווי איר קוקט מיך אָן בין איך איינער פון דער קינסטלער־משפחה. ביי אונדז אין שאַפּ אַרבעט אַ פּאָעט, יאָסעלע. אַז ער גיט זיך אַ הויב פון דער מאַשין און פאַרשווינדט אויף אַ גאַנצער שעה, ווייס איך אַז יאָסלען איז די מוזע געקומען צו גאַסט, און אַז איך זע אים קומען צוריק מיט אַ שמייכל אויף זיין לאַנגן פּנים פאַרשטיי איך, אַז די געבורט־ווייען זיינען ביי אים פאַראיבער. ער האָט מיט מזל געבוירן אַ ליד...

דער מאַן מיטן בערדל האָט זיך אָפּגעשטעלט, זיך אָנגעגאָסן אַ גלאָז וואַסער פונעם גלעזערנעם קריגל אויפן טיש, פאַרטיק געוואָרן, אַ וויש געטאָן זיין הויכן שטערן און ווייטער דערציילט פונעם שאַפּ:

קעגן דעם וואָס דער ייד האָט פריער געזאָגט: וואָס איז דאָ צו דערציילן פון שאַפּ". הערט און איר וועט שטוינען! מיינט ניט אַז איך קאָן נאָר די וואָס שרייבן לידער, איך קען מענטשן וואָס שרייבן גאַנצע ראָמאַנען אין די שעפּער.ווי פריילעך זיי ווערן ווען די עלעקטרי ווערט קאַליע און מען קאָן שוין שרייבן, גלייך ווי אַ מאַשין שטעלט זיך אָפּ כאַפּן זיי זיך צו דער פען. די וואָס שרייבן קורצע מעשהלעך לעבן גאָר אויף...

וואָס צו באַשרייבן פעלט ניט. מען זעט אַ שטייגער ווי דער באַלעבאָס ציטערט, ווען די בוכהאַלטערין הייבט אָן טיילן די וועכענטלעכע שכירות, די „פעי״; ווי ער ציטערט אויף ביי יעדן קאָנוווערטל. אָדער אַ שטייגער ווען דער פאָרמאַן שטעלט זיך אַוועק הינטער די פלייצעס און חכמה׳ט זיך:

— בערעלע, האָסט שוין גרויע הערעלעך אויף דיין קעפעלע...

הכלל, ס׳פעלט ניט וועגן וואָס צו שרייבן. דער חיסרון איז נאָר וואָס קיין פרנסה האָבן זיי דערפון ניט. נאָר צוריק געשמועסט, איז מיר ערגער פאַר זיי. איר פאַרשטייט? זיי, די שרייבער, קריגן כאָטש אַביסל כבוד, מיר טוט מען נאָר אָן צרות, מיך איז מען מבייש... אָט הערט. דאָ ניט לאַנג צוריק האָט מען זיך פלוצים גענומען צו מיר: — מיר ווילן זען צי דו טראָגסט אַן אַרבע־כנפות? — רעד איך אַרויס אַ וואָרט צו אַ מיידל ווערט גלייך אַ געפילדער, אַ גוואַלד: העי, חזן, היט דיין רעפּוטאַציע! חודש אלול דערגייט מען מיר גאָר די יאָרן. מען פרעגט, צי איך באַרייס ניט קיין ברודער, ווען איך מאַך אים אַ מלא אויפן בית עולם... איינמאָל האָב איך צונויפגערופן אַלע אַרבעטער פון שאַפּ און זיי געזאָגט, אַז געלט איז ביי מיר ניט דער עיקר. אַלץ וואָס איך וויל איז זיין באַהילפיק מיט וואָס איך קען נאָר, פאַרלייכטערן דעם מענטשנס געמיט. איך וואָלט אפילו געדאַוונט אין די הייליקע טעג פאַרן עמוד אומזיסט, אַבי העלפן די יידן זיך אַראָפּרעדן פון די שווערע הערצער, זיי מחיה זיין מיט מיינע ניגונים...

דערהערט אַזעלכע רייד האָט זיך צו מיר צוגעשאַרט אַ געוועזענער באַלעבעסל, וואָס פלעגט זיך ווייצלען אויף מיין חשבון, מיר דערלאַנגט די האַנט און מיר געווינטשן אריכת־ימים; מ׳דאַרף האָבן אַזעלכע חזנים ווי איר, האָט ער געזאָגט, גיי ווייס אַז מיר פאַרמאָגן אַזאַ אוצר אין שאַפּ. ער

# אַ חזן אין שאַפּ

האָט גערעדט נאָך אַזעלכע זיסע רייד און מיך אַוועקגערופן אין אַ זייט און מיר איינגערוימט אַ סוד. ער האָט אַ קוזינע, זי איז אַ קיילעכדיקע יתומה. זי גרייט זיך חתונה האָבן. וועל איך זיך מטריח זיין און איר געבן חופּה וקדושין? דערביי האָט ער מיר אָנגעזאָגט, איך זאָל זיך ניט ריכטן אַז מען וועט מיר משלם זיין; אַלע קרובים זיינען קבצנים, ער אַריינגערעכנט..

— געוויס וועל איך קומען! האָב איך באַלד געענטפערט, עפּעס אַ קלייניקייט! העלפן אַ יידישע טאָכטער אין אַזאַ לאַגע. איך האָב געהאַלטן וואָרט, זיך אפילו ניט גערעכנט, וואָס, מעשה שטן, דווקא יענעם אויפדער־נאַכט האָב איך געהאַט אַביסל פיבער און מיין פרוי האָט זיך ביי מיר געבעטן איך זאָל ניט אַרויסגיין פון שטוב. זי האָט מיך אַרויסבאַגלייט פון הויז מיט טרערן אין די אויגן. בקיצור, איך בין געווען אויף דער חתונה און אַלץ געטאָן בשלימות, געזונגען פאַר און נאָך דער חופּה.

ווען איך האָב זיך דערמאָנט, אַז די כלה איז נעבעך אַ יתומה, האָב איך אַ זיפץ געטאָן. דאָ האָט מיך עמיצער באַטראַכט פון קאָפּ ביז די פיס און מיך געפרעגט, צי איך זיפץ ביי אַלע חתונות. איך האָב אים געענטפערט, אַז ניין, ניט ביי אַלע.. איך האָב אים געפרעגט אין דער שטיל צי קלעמט אים גאָרניט ביים האַרץ, וואָס די כלה איז אַ יתומה, האָט פרעמדע אונטערפירער...

און דער מאַן האָט זיך צעלאָזט אויף אַ הויך קול:

— וואָס יתומה, ווער יתומה? קומט אַרויס מיט לשון!

באַלד האָט זיך אַ פרוי צעקלאָגט:

— נאָר אַ שונא קאָן אַזעלכעס אויסטראַכטן אויף מיין פלימעניצע...

— חזן, ווער האָט אייך באַשטעלט — האָבן עטלעכע מחותנים געפרעגט.

— וואָס זאָל איך אייך זאָגן, איך האָב זיך קוים אַרויסגערוקט. זאָל איך גיין זוכן דעם קרוב, וואָס אַרבעט מיט מיר אין זעלבן שאַפּ, ווי פּאַסט עס פאַר מיר. ס׳האָט דאָך געקענט קומען צו אַ מחלוקת און די גאַנצע שמחה וואָלט פאַרשטערט געוואָרן... איר קאָנט זיך אַליין פאַרשטעלן ווי איך האָב געפילט. אויך אין שטוב האָב איך געדאַרפט האַלטן אַלץ בסוד. כ׳האָב זיך אפילו געשעמט פאַר די ווענט; אַזאַ גראָבער נפש זאָל מיך פירן אין באָד אַריין. איך האָב ניט געקענט עסן, ניט געקענט שלאָפן. מיין ווייב האָט געהאַלטן אַז עס איז צוליב דעם, וואָס איך בין געגאַנגען אַ פאַרקילטער צו דער חופּה.

— איר ווילט הערן דעם סוף? — האָט דער חזן געפרעגט.

— אַוודאי, אַוודאי! — האָבן זיך דערהערט אויסרופן. מ׳האָט דעם

## אַ חזן אין שאַפּ

חזן אַנגעגאָסן אַ פריש גלאָז וואַסער און ער האָט זיך פונ׳סניי אַראָפּגערעדט פון האַרצן פאַרן עולם זיצנדיקע:

מאַנטיק בין איך מיר געקומען אין שאַפּ און שטיל צוגערופן דעם בחור און אים געפרעגט: — ס׳טייטש, וואו איז יושר? מענטשלעכקייט?

אָבער ער איז פאַרפאַרן מיט אַ געשריי, וואָס האָט זיך געטראָגן איבערן גאַנצן שאַפּ:

— וואָס איז, שמואליק, ס׳פאַרדריסט דיר, וואָס אַ יידישע טאָכטער האָט טאַטע־מאַמע? און דאָ הער איך ווי עמיצער זאָגט פון אַ ווינקל: מ׳האָט שוין דעם חזן ווידער אָפּגעטאָן אַ שפּיצל. איך האָב זיך אויפגעהויבן און בין אַוועק אַהיים. מיט וועמען זאָל איך זיך גיין אויס׳טענה׳ן? די מערסטע אין שאַפּ האָבן אויף מיר רחמנות. נאָר ווען עס קומט צו עפּעס, לאַכן זיי אויך אָפּ פון מיר. וואָס זאָל איך טאָן, אַז איך בין אַ מענטש וואָס גלויבט יעדן איינעם. איך האָב אויסגעגאָסן מיין האַרץ פאַר מיין ווייב, האָב איר דערציילט וואָס איך לייד זיך אָן אין שאַפּ און איר געזאָגט:

— רייזל, טייערע גיב אָן עצה, וואָס טוט מען?

צום ערשטן האָט זי מיך באַרואיקט, מיר געזאָגט, אַז איך לעב ניט אין קיין וואַלד, איך וועל ניט פאַרפאַלן גיין, דערנאָך האָט זי מיך געהייסן זיך וואַשן צום עסן און פאַרגעסן די גראָבע יונגען. ס׳וועט קומען אַ צייט און זיי וועלן זיך שעמען דיר קוקן אין די אויגן, געדענק מיינע רייד!

נאָכן עסן האָט זי מיך שוין באַשוואָרן, איך זאָל צוריק אין שאַפּ ניט גיין. דיין געזונט איז מיר טייער, האָט זי געזאָגט, ס׳פעלן ניט קיין אלמנות... זי האָט מיך אַזוי באַקלאָגט, ווי איך וואָלט שוין געווען אין אירע אויגן אַ מת. כ׳האָב טאַקע יענעם אויפדערנאַכט מורא געהאַט צו קוקן אויף זיך אין שפּיגל.

מיין ווייב האָט מיך געראַטן איך זאָל זיך אָפּזוכן אַ שאַפּ וואו מען וועט ניט וויסן, אַז איך בין אַ חזן און אַז גאָט וועט העלפן און איך וועל באַקומען אַ שטעלע אין אַ שול, וועל איך שוין לאַכן פון די גראָבע יונגען...

איך האָב געפאָלגט מיין רייזלען און האָב געפונען אַרבעט אין אַ שאַפּ מיט אַ וועלכע צוואַנציק בלאָק פונעם אַלטן שאַפּ. פאַרן אַוועקגיין מיטן פעקל עסן, האָט מיר רייזל אָנגעזאָגט, איך זאָל געדענקען איר פאַרזאָג: האַלטן מיין חזנות בסוד. טאָמער פאַרגליסט זיך דיר אַ זינג טאָן ביי דער מאַשין, זאָלסטו זינגען ווי אַ מענטש, ניט ווי קיין חזן...

— איך האָב מיין רייזלען געגעבן די האַנט אַז אַזוי וועט עס זיין. און

אויפן וועג צום שאַפּ האָב איך זיך אַליין געזאָגט: רייזל האָט רעכט. קיינער דאַרף ניט וויסן, אַז איך בין אַ חזן... — דער חזן האָט פּלוצים אָפּגעזיפצט און גערעדט אין אַ שטילערן טאָן: גיי האָב טענות צום הימל פאַרוואָס די זון שיינט ניט, אָדער פאַרוואָס עס נידערט אַ רעגן. גראד איז יענעם פרימאָרגן געווען אַ שיינער וועטער. איך בין מיר געגאַנגען אַ פריילעכער און אַ לעבעדיקער. וואָס האָט מיר געפעלט? פּטור געוואָרן פון אַ גראָבן יונג. איך האָב געעפנט די טיר פון שאַפּ מיט פרייד, אָבער ווי איך בין אַריין אינעווייניק, נאָך ניט אויסגעטאָן ס׳רעקל, ערשט אַ מאַן, וואָס האָט געקוקט זיין ניי־מאַשין אין די ציינדלעך האָט מיר דערזען און אַ געשריי געטאָן:

— יידן, מען קאָן זיך שוין שטעלן דאַווענען, דער חזן איז דאָ...

כ׳האָב דערפילט אַז די סטעליע פאַלט אויף מיר אַרונטער. ווי וועל איך שוין קאָנען זינגען ווי אַ מענטש, ניט ווי קיין חזן... אויס סוד! דערצו האָבן זיך די אַרבעטער אָנגעהויבן באַגיין מיט מיר אַזוי איידל פון דער ערשטער מינוט־אָן, מיר אָפּגעשטעקט שלום ווי איך וואָלט געווען אַ „רבי״... אָבער ניט דער באַלעבאָס! אַ „גליק״ איז געווען וואָס אין דער געביידע האָט אויסגעבראָכן אַ שריפה און ס׳איז געוואָרן אויס שאַפּ. וואָס זאָגט איר צו מיינע גליקן? —

ער האָט אַרויסגעכאַפּט זיין קאַמערטאָן, אים צוגעלייגט צום אויער און זיך צעזונגען אויף אַ קול:

— „בראש השנה יכתבון...״

ביי די קאָרטן טישלעך איז געוואָרן שטיל. דער באַלעבאָס אינעם ווייסן כאַלאַט האָט זיך גענומען וואונדערן: ווער האָט זיך דאָ צעזונגען? ער איז געוואָרן מלא גדולה. מער וועט ער שוין ניט דאַרפן פרעגן ביי דער ביורא, וועגן וועטער, האָט ער געטראַכט און מיטן עולם אַפּלאָדירט דעם חזן.

# שפּעט ביינאַכט

יענעם בייטאָג האָט זיך ביל קראָ געדרייט אַרום דער נייער סינאַ־גאָגע פון געגנט. ער איז געווען אַביסל שיכורלעך און האָט אָנגעשטעלט זיינע פאַרגאָסענע גרינלעכע אויגן אויף די ברייטע מאַרמאָרנע טרעפּ. זיין פריש־געגאָלט פּנים האָט זיך געמינעוועט, און דער גלאַטער שטערן האָט זיך געקאַרטשעט. ער האָט געשאָקלט מיט קאָפּ הין־און־הער. דערזען אַ פאַרביי־גייער, האָט ער אָנטקעגן געטראָגן אַ געמאַכטן שמייכל, וואָס האָט געזאָגט: איך באַטראַכט בלויז אָט־די פיינע קאָנסטרוקציע! כדי קיינער זאָל אים אין עפּעס ניט חושד זיין... ווען ער וואָלט אָבער אָנגעטראָפן אַן אייגענעם מענטשן, וואָלט ער זיך באַקלאָגט, אַז עפּעס דאַרף געטאָן ווערן קעגן דעם, וואָס די „פרעמדע״ צעלייגן זיך דאָ...

ביל קראָ האָט ניט געהאַט קיין געדולד לאַנג צו באַטראַכטן די גע־בײדע ער האָט זיך אָפּגעקערט אַ ברוגזער און זיך אַריינגעהוידעט אין „ריעל עסטייט אָפיס״ פון פרעד גאַרסאָן, וואָס האָט נאַראַיעט די „לאָטס״ פאַר דעם ערשטן געבעט־הויז אין דער געגענט. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ ברייטער באַנק לעבן דער וואַנט, און אָנגעשטעלט אַן אומצופרידענעם בליק אויף אַ פרוי, וואָס איז געזעסן בייט טיש קעגנאיבער פרעדן. די פרוי איז גרייט געווען צו דינגען אַ דירה. ביל האָט געגעבן אַ לאַנגן גענעץ און האָט זיך כלומרשט אַנטשולדיקט:

— פאַרדאָן מי!

פרעד האָט אַ לייכטן שאָקל געטאָן צו אים מיטן קאָפּ, און זיך אויסגעדרייט צו דער פרוי; ער האָט פונקט אַזאַ דירה וואָס זי זוכט, און באַלד וועלן זיי אַהין צופאָרן. די פרוי האָט פרייער אָפּגעאָטעמט. זי האָט געזאָגט, אַז זי איז גרייט צוואַרטן ביז פרעד וועט זיך אָפּפאַרטיקן מיטן מענטשן, וואָס האָט זיך דאָ אינמיטן דערינען באַוויזן.

די פרוי, וואָס האָט ביז אַהער ניט געזען בילס פּנים, האָט אָנגעהויבן דערקלערן, פאַרוואָס זי קאָן ניט זיין איבערקלייבעריש. ניט לאַנג צוריק איז איר געשטאָרבן דער פּרנסה־געבער, זי איז געבליבן מיט קליינע קינדער און האָט זיך געקויפט אַ קענדי־סטאָר... וואָס איז עס זיין עסק? האָט זי געטראַכט, נאָר אַז זי האָט דערזען זיין פּנים האָט זי אַ ציטער געטאָן און געבליבן זיצן ווי פאַרגליווערט: ביל איז פאַר איר געווען אַ רעטעניש. זי האָט ניט

# ברוך מילער

געוואוסט געטנוי וואָס פאַר אַ מאַכער ער איז אין דער געגנט, נאָר זי האָט ניט געקאָנט פאַרגעסן, וואָס איר שכן, מר. מאַרגאָליס, פון דער שיך־קראָם האָט איר געהאַט געזאָגט: ביל קראָ, אפילו פּאָליטישנס האָבן מורא פאַר אים. ער האָט איר געהייסן מאַכן אַ שוויג ווען ביל וועט צונעמען אַ פּאָר ציגאַרן און „פאַרגעסן באַצאָלן". כאַפּט אים דער רוח...

די פרוי האָט זיך אויסגעהוסט, און דערנאָך געדעדט ווי צו זיך: אפשר איז דער מאַן גערעכט, זי וועט גיין זוכן אַ וואוינונג אין אַן אַנדער געגענט. עס ווילט זיך ניט האָבן צו־טאָן מיט שכנים. איר איז אַזוי אויך ניט איבעריק וואויל... זאָל איר פרעד פאַרגעבן! זאָל ער קיין פאַראיבל ניט האָבן...

פרעד האָט געצויגן מיט די אַקסלען, דאָ געקוקט אויף דער פרוי, דאָ אויף ביל קראָ, און דערנאָך שטיל געזאָגט, אַז ער קאָן ניט פאַרשטיין וואָס דאָ קומט פאָר...

ביל קראָ האָט זיך אויפגעשטעלט, איז צוגעקומען נאָענט צום שרייב־טיש און געוואונקען מיט אַן אויג צו פרעדן. ער האָט אים געוואָלט זאָגן: גענוג, וואָס די פרוי האָט דאָ אַ קראָם; זאָל ער נאָר ניט זיין אַזוי פריינטלעך צו איר! זיין קלוב „ברעיוו סאַנס" וועט עס ניט דולדן... זאָל ער פרעגן ביי זיין שוועד טשאַרלס ביפּי, ווי אים איז צוגעגאַנגען... ער איז דאָ אַ נייער.

ביל האָט נאָר באַמערקט, אַז די פרוי האָט אַ רעכט צו בייטן איר וואוינונג. און זאָל פרעד צו איר קיין טענות ניט האָבן. אַביסל שפּעטער וועט ער אים אויפקלערן...

פרעד האָט זיך אויפגעשטעלט און האָט אָפּגעמאָסטן בילן מיט זיינע בליקן: קומט צו גיין אַ פרעמדער מענטש און מישט זיך אַריין אין זיינע געשעפטן! די פרוי האָט זיך דערווייל אַרויסגעשאַרט פון אָפיס.

ביל קראָ האָט זיך שוין איצט פאַרגעשטעלט פאַרן פאַרקלערטן פרעדן: זאָל זיך פרעד ניט שטעלן אין וועג. עס איז פאַראַן אַ באַשלוס ניט צולאָזן קיין „פרעמדע" אין דער געגנט. אפילו די קלייטן קאָנען האַלטן אייגענע מענטשן. ס'וועט קומען אַ צייט...

פרעד האָט געצויגן מיט די אַקסלען: ווי פרעגט מען אַ מענטשן, וואָס קומט פאַר געשעפט, ווער ער איז?

די דאָזיקע באַמערקונג איז ביל'ן ניט געפעלן געוואָרן. זיין רויט פּנים איז בלייכער געוואָרן. זיינע פאַרגאָסענע אויגן האָבן זיך שטאַרק צע־פינטלט און ער האָט אָנגעהויבן שטאַמלען: פרעד, האָט ער געפרעגט, דו גייסט

אין קירך? האָסט געהערט וועגן רעוורענד ראַפּאַלאָ? ביל האָט ניט געוואָרט אויף אַן ענטפער. ער האָט דערלאַנגט פרעדן אַ גרויסע האַנט און אים אַזאַ דריק געטאָן, אַז טרערן האָבן זיך געשטעלט אין פרעדס אויגן. ביל קראָ האָט געשמייכלט און איז אַרויס פון דער ביוראָ.

פרעד האָט אים אַ ווײַלע נאָכגעקוקט אַ פאַרגאַפּטער. דערנאָך געטאַפּט זיין האַנט און זי געפּרוּווט באַוועגן. ער האָט געקלערט, אַז מען טאָר די זאַך ניט פאַרשווייגן. געטראַכט, וואָס טוט מען ביל קראָ זאָל מער זיין פוס אַהער ניט אַריינשטעלן. ער האָט דערזען זיין פרוי אָנקומען און איר אַנטקעגנגעטראָגן אַ שמייכל און איר געפרעגט צי זי ווייסט עפּעס וועגן גאַסט, וואָס איז דאָ געווען. די פרוי האָט אַ ציטער געטאָן ווען זי האָט דערהערט דעם נאָמען ביל קראָ און זי האָט געפרעגט:

— וואָס האָט ביל קראָ דאָ געוואָלט?

— דו קאָנסט אים?

— אַלע קאָנען אים און אַלע גיבן אים נאָך. אויב קענסט אים נאָכגעבן, וועל איך שלאָפן רואיק...

— קיינער וועט מיר ניט זאָגן קיין דעות אין מיינע געשעפטן. ביי מיר זיינען אַלע מענטשן גלייך! — האָט פרעד געזאָגט אין אַ פעסטן טאָן און צוגעגעבן: לאָמיר איצט ניט ריידן וועגן דעם ענין..

ביל קראָ האָט באַפוילן דעם יונגן בחור דזשוליאָ, ער זאָל פאַרצייכענען דער נאָמען פרעד פונעם „ריעל עסטייט אָפיס"; מען וועט אים אַמאָל דאַרפן „אָפּטאָן אַ שפּיצל"... מיט אַ שויב ווינציקער וועט ניט אויסמאַכן... אָבער ניט איצט — ווינטער־צייט איז בעסער, ס'וועט אים אַביסל אָפּקילן... דזשוליאָ האָט דערביי זיך צעלאַכט. ער האָט זיך געפילט געהויבן. ס'איז געקומען אַ צייט און ער קאָן אויך שאַפן מיט עמיצן. ביל האָט געקלאַפּט דעם בחורל אין די פּלייצעס, אים צוגעזאָגט, אַז באַלד וועט ער אים אַריינעמען אין זיין קלוב. ווען ביל איז אַוועק, האָט דזשוליאָ עטלעכע מאָל אונטערגעטאַנצט, וואָס ער וועט אויך פאַרנעמען אַן אויבנאָן, ווי ביל קראָ, פון וועמען אַלע אין דער געגנט ריידן מיט אַ ציטער אויף די ליפּן; אויך ער וועט זיך קליידן אַזוי ווי ביל. וואָס עס טוט זיך אָפּ אין באַרבער שאָפּ ביי עדי קאָוואַליאָ, ווען מען דערזעט דאָרט בילן! ביל האָט זיך דאָרט זיין אייגענע גלאָז און בערשטעלע און מען לאָזט אים אַרויף אויף דער שטול פאַר יעדן. איינמאָל האָט ביל באַמערקט, אַז ער איז אַ פאַרנומענער מענטש און אַ פינטל געטאָן מיטן אויג.

מער האָט מען ניט געדאַרפֿט, אַלע האָבן פֿאַרשטאַנען די אָנצוהערעניש...
פֿון דעמאָלט־אָן איז ביל קראָ אַלעמאָל דער ערשטער...

דזשוליאָ איז געפֿעלן געוואָרן בילן צוליבן פֿאַרגליווערטן שמייכל אויף זיין פּנים. דזשוליאָ איז אַלעמאָל געווען שטרענג און באַפֿעלעריש צו די קינדער. ביל האָט זיך אין דזשוליאָן אַליין דערקענט. ער האָט זיך דערמאָנט אין זיינע אייגענע קינדער־יאָרן. ביידע האָבן זיך באַגעגנט אין אַ ביר־שענקל. דזשוליאָ האָט זיך געלאַשטשעט צו אים, אויסדערציילט זיין האַרץ ווי פֿאַר אַן אייגענעם. זיין טאַטע איז אַ ציגל־לייגער און פֿאַרדינט ווייניק. דאָ בויט מען ניט, דאָ איז אַ שלעכטער וועטער... אין שטוב זיינען פֿאַראַן פֿינף קינדער. ער איז דער עלטסטער. אים איז זיבעצן יאָר. דער פֿאָטער קומט אַהיים פֿאַר־טרונקען און רייסט זיך שלאָגן. די מאַמע לאָזט ניט. זידלט ער זי... און אַז ער ניכטערט זיך אויס, טראָגט ער איר אונטער זיין באַוואָקסענע מאָרדע, זי זאָל אים געבן אַ קוש:

— מאַריע, נעם מיך אַרום!

אַז דזשוליאָ האָט עס צוגעזען, האָט ער מער ניט געוואָלט גיין לערנען. ער האָט געוואָלט אַרבעטן, פֿאַרדינען, אַרויסהעלפֿן אין שטוב. די מאַמע איז אַ שטאָלצע. זאָל דער טאַטע אויפֿהערן זאָגן, אַז ער מאַכט גליקלעך, אַז ער גיט אַלעמען עסן... ביל קראָ האָט אים צוגעשאַרט אַ פּאָר קליינע „פֿאַר־דינסטלעך" — געהאָלפֿן דעם בחור זיך אויסקליידן און העלפֿן דער מאַמען.

פֿון דעמאָלט־אָן האָט זיך שוין דזשוליאָ געוואַגט אַנטקעגנצושטעלן דעם טאַטן, אים געהייסן רעדן אביסל שענער צו דער מאַמען...

דער פֿאָטער איז געבליבן שטיין אַ צעטומלטער. ער האָט באַטראַכט דעם נייעם גאַרניטער און גערעדט צו זיין פֿרוי שטיל: זאָל זי אים זאָגן, וואָס דאָ קומט פֿאָר! זי האָט געצויגן מיט די אַקסלען. דער מאַן האָט אויף איר אַ בייזן קוק געטאָן, אַז איר פּנים איז אינגאַנצן בלייך געוואָרן; זי קאָן אים שוין ניט פֿון נעכטן! דאָס איז אַ סיגנאַל, אַז ער וועט באַלד ווילד ווערן. ס'האָבן זיך איר גוט איינגעקריצט אין זכרון זיינע רייד, אַז ער איז דער איינציקער אין דער שטוב, וואָס גיט די באַפֿעלן און מען דאַרף אַלץ ביי אים אָנפֿרעגן. זי האָט זיך גענומען טוליען צו דזשוליאָן, אים געפֿרעגט ביי וואָס ער אַרבעט; זי איז אַ מאַמע מעג זי וויסן. זי האָט אים עפּעס אַריינ־געשושקעט אין אויער. זי ווייסט פֿון פֿאָטערס געגנוג ניט־שיינע האַנדלונגען, זי האַלט עס פֿאַר אַ סוד...

דזשוליאָ האָט זיך ברייט צעשמייכלט. ער האָט אַרויסגעצויגן פון דער קעשענע אַ צעקנייטשטן באַנקנאָט און געגעבן דער מוטער און געזאָגט אויף אַ קול, אַז זי וועט מער ניט דאַרפן אָנקומען צום טאַטן...

דער פאָטער האָט זיך צעשריען. ער וויל ניט הערן אַזעלכע רייד. ער וועט אים באַלד אויספאַטשן און אַרויסוואַרפן פון שטוב. דזשוליא האָט זיך שטורמיש צעלאַכט. דעמאָלט איז צווישן טאַטן און זון פאָרגעקומען דער ערשטער צוזאַמענשטויס. די מוטער האָט געוויינט, און באַלד האָט זיך דער־הערט אַ פראַל מיט דער טיר...

דזשוליאָ איז אַוועק וואוינען אין דער פרעמד. ער האָט געוואוינט אין אַ צימערל איבער אַ ביר־שענקל. ער איז געוואָרן אַן אָפטער אַריינגייער אונטן אין דער ״באַר״. ער האָט אַ סך געטרונקען און געגרויכערט און פון רויכערן געהוסט ווי אַ זקן. ער פלעגט זיך זעצן אויף אַ הויכן בענקל לעבן קאַנטאָר און האָט באַפוילן דעם שמאַלציקן מאַן פון יענער זייט אים דערלאַנגען נאָך אַ גלאָז ביר. דזשוליאָ האָט געזופט די ביר ווי טיי און בשעת מעשה געכאַפּט אַ קוק אינעם גרויסן שפּיגל, זיך פאַרקרימט וואָס זיין פּנים איז ניט אַזאַ ווי ביי ביל קראָ און באַשלאָסן עפּעס טאָן דערצו...

איינמאָל האָט זיך דזשוליאָ צוגעשאַרט צו אַ מיטל־יאָריקער פרוי מיט בלאָנדע האָר, וואָס פלעגט אָפט אריינקומען אין דער „באַר״. ער האָט געגלעט אירע בלאַסע באַקן, און זי אַביסל שיכורלעך, האָט זיך פאַר אים גע־פּיעסטשעט, אַז דער מאַן אירער, אַ גאָרניט, אַ מיאוסקייט מיט אַ קרעציק פּנים האָט זי פאַרלאָזט; זי האָט אים אין דער ערד! דעם מאַן אויף צו־להכעיס זאָל זי דזשוליאָ אַרומנעמען. דזשוליאָ האָט אויף איר געקוקט מיט רחמנות און איר עטלעכע מאָל געקושט אין פּנים. אויף מאָרגן האָט זי שוין איינ־געלאַדן דזשוליאָן צו זיך אַהיים. פון דעמאָלט־אָן האָבן די בחורים פון דער געגנט געקוקט אויף אים ווי אויף אַ דערוואַקסענעם און ער איז געוואָרן זייער פירער. ער פלעגט זיי פירן צו דער אלמנה זינבערג אין „קענדי סטאָר, זיך געהייסן דערלאַנגען אַ פּעקל סיגאַרעטן, אויפגעריסן דאָס פּעקל און מכבד געווען יעדן איינעם מיט עטלעכע סיגאַרעטן אויף שפּעטער. די אלמנה האָט אויסגעשטרעקט די האַנט צו נעמען דאָס געלט, נאָר דזשוליאָ האָט אַ וואונק געטאָן דער חברה: ווייטער, געגאַנגען! די פרוי האָט זיי נאָכגעשריגן אָבער איר קול איז פאַרטרונקען געוואָרן אין זייער געלעכטער.

דזשוליאָ איז געבליבן שטיין אין מיטן גאַס, געוואַרט עמיצער זאָל זיך

אַריינמישן און אָננעמען דער אלמנה׳ס קריוודע, וועט ער באַווייזן וואָס ער קאָן פאַר זיינע חברים און אַז קיינער האָט זיך ניט באַוויזן האָט ער אריינגעטאָן צוויי פינגער אין מויל און זיך צעפייפט און געהייסן דער חברה זיך פאַרנעמען.

נאָך יענעם אָוונט האָט זיך דזשוליאָ געטראָפן מיט ביל קראָ. ביידע האָבן געהאַט אַ לאַנגן געשפרעך. ביים יונגן בחור׳ל האָבן געפלאַמט די באַקן. ער איז געווען צופרידן וואָס דער גרויסער ביל רעדט צו אים ווי צו אַ גלייכן. ווען ער האָט פאַרלאָזן ביל׳ן און זיך געלאָזן צו זיין חברה, האָבן זיינע פיס געטאַנצט פאַר פרייד. ער האָט זיי דערציילט, אַז ביל האָט אים אָנפאַרטרויט זאַכן און האָט אים געהייסן האַנדלען דיפּלאָמאַטיש, וויסן וואוהין מען דאַרף גיין און וואָס מען דאַרף טאָן. דזשוליאָ האָט די חברה איינגעלאַדן צו אַ ביר „פּאַרטי״״ אין„סטילוועלס באַר״ און אַלץ אויף זיין רעכענונג. ער האָט מיט א פייף אונטער די פענצטער אַרויסגערופן יעדן איינעם און יעדן מכבד געווען מיט אַ גאַנצן פּעקל סיגאַרעטן. ער האָט אַליין פאַררויכערט און זיך געוואָרגן מיטן רויך.

זיי האָבן זיך אויסגעזעצט ביי אַ קיילעכדיקן טיש און זיך געהייסן דער־לאַנגען ביר. זיי האָבן געטרונקען איין גלאָז נאָך דער אַנדערער. דאָ און דאָרט האָט זיך א בחורל פאַרקרימט, געהאַט צופיל, אָבער איינער האָט זיך געשעמט פאַרן צווייטן...

זיי זיינען געזעסן ביז שפעט ביינאַכט. קיינעם האָט ניט געצויגן אַהיים. ניטאָ וואָס אָנצוווערן. עס איז דאָ געזעסן פאַרטראַכט דער זעכצן־יאָריקער מייקל און געטראַכט פון דער סצענע אין דערהיים, ווי זיין טאַטע טרייסלט זיין צעשראָקענער מאַמען, זי זאָל אים אויסזאָגן, וואו זי האָט געקראָגן דאָס געלט פאַר איר פוטער־מאַנטל. די מאַמע האָט געוויינט:

— אָט איז דאָס פּאַפּיר פון דער קראָם, זאָל ער אַליין לייענען!

— דו זאָגסט ליגן, ליגן!

— אַז דו גלויבסט ניט דאַרף מען ניט! גיי פאַרטרינק דיינע נישטיקע פאַרדינסטן!

מאיקל האָט נאָך געהערט דעם קלאַנג פון דעם פּאַטש, וואָס דער טאַטע האָט געגעבן דער מאַמען. געזען ווי זי האַלט זיך ביי דער באַק.

לעבן מייקלען איז געזעסן מיט פאַרזשמורעטע אויגן פּיט און געטראַכט וועגן זיין שוועסטער סאַנטאַ; זי איז אַ שיינע און ער האָט זי ליב, אָבער לעצטנס

קוים וואָס זי שלעפּט זיך אויף די פיס. זי ווערט שווערער פון טאָג־צו־טאָג. זיין מאַמע קוקט אויף איר און וויינט:

— סאַנטאַ, וואָס וועט זיין דער סוף? פאַרוואָס האָט באָב ניט חתונה מיט דיר?

— מאַ, כ׳האָב דאָך דיר געזאָגט, אַז באָב האָט ניט קיין דזשאָב! איך וועל דאָס קינד אַוועקגעבן אין אַן אַנשטאַלט, לאָז מיך צורו...

און אַט זיצט ריטשאַרד דעיל, וואָס טראַכט וועגן זיין ענגער וואוינונג. ווען עס קומט די נאַכט שטעלט מען אויף עטלעכע בעטלעך. זיין קורץ וואוקסיקער טאַטע הייבט אָן באַפעלן מען זאָל גיין שלאָפן. ער לאָזט די קינדער אפילו ניט רעדן אין דער שטיל. די ראַדיאָ, וואָס מען האָט גענומען אויף אויסצוצאָלן איז אינגאַנצן אין טאַטנס רשות. איינמאָל האָט ער זיך אונטער־געהערט ווי זיין טאַטע רעדט צו דער מאַמען וועגן אַ לעקציע איבער לאָיאַליטעט. יענער האָט געזאָגט:

„מען דאַרף די פרעמדע אַרויסשיקן פון לאַנד, מען דאַרף זיי אויסראָטן, וועט אונדז זיין גרינגער צו לעבן... ס׳וועט מיר דעמאָלט לייכטער אָנקומען צו קריגן אַרבעט. אונדזער צרה איז וואָס עס זיינען דאָ פאַראַן צופיל מענטשן. געדענקסט, וואָס דער „פּאָטערל״ האָט אַמאָל געזאָגט אין קירך? — די גאָטלאָזע זיינען שולדיק אין אַלץ...

דעם זעכצן־יאָריקן שעלדאָן האָט זיך גראַד געוואָלט גיין אַהיים; זיין מאַמע וועט איבערטראַכטן. גאַנץ פרי וועט זיין פאָטער אהיימקומען. אָבער ס׳האָט אים ניט געפּאַסט. ער האָט געוואוסט, אַז די בחורים קוקן אויף אים פון אויבן אַראָפּ. ער איז אַנדערש פון זיי. ער גרויסט זיך מיט זיין טאַטן, וואָס איז אַן אָנגעשטעלטער אויף אַ שיף, טראָגט אַ טונקל־בלויע מונדירל מיט גאָלדענע קנעפּלעך, אָבער ער איז עלנט און אַליין קאָן מען ניט פאַרברייננגען. שעלדאָן האָט זיך דערמאָנט אַז ווען זיי האָבן זיך אַהער אַריינגעצויגן פלעגט ער יעדן טאָג, שעה׳ן נאָכאַנאַנד זיצן ביים טייך און קוקן אויף דער אַנדערער זייט, געזען אַ סך שטיבלעך מיט הויכע קוימענס, פון וועלכע עס האָבן זיך געשלענגלט קנוילן רויך און ביימער, אַ סך ביימער. ער האָט געזאָגט דער מאַמען, אַז פון יענער זייט טייך איז אַזוי שיין, פאַרוואָס וואוינען זיי ניט דאָרט? די מוטער האָט געגלעט זיינע האָר און אים געענטפערט, אַז פון יענער זייט טייך זיצט אויך אַ יינגל ווי ער, קוקט אויך אַריבער אַהער און וואָלט אַזוי וועלן זיין דאָ... זאָל ער זיך בעסער באַקענען מיט פריינט.

שעלדאָן האָט געשמייכלט, געוואָלט זאָגן זיין מאַמען, אַז זי וואָלט זיך

אַליין אויך געמעגט אָפּזוכן פריינט. ער האָט געזען ווי די מאַמע זיצט אַ פאַרבע:קטע בײַם פענצטער, קוקט אויפן טייך ווען דער פאָטער איז ערגעץ אויף אַ שיף. מיטאַמאָל שטעלט זי זיך אויף, לויפט שפּילן אויף דער פּיאַנאָ. איר שמאָלע נאָז ווערט דעמאָלט ברייט, זי מאַכט צו די אויגן און אירע ליפּן שעפּטשען עפּעס אין דער שטיל...

שעלדאָן האָט זיך דערמאָנט וועגן זיין זיבעציק יאָריקן זיידן וואָס וואוינט מיט זיי. אין דער געגנט האָט מען אים גערופן „פּאָפּ". אַלע זיינען געווען פאַראינטערעסירט אין זיינע מעשהלעך פון אַמאָל. אָבער ווען ער האָט זיך אַמאָל אַרויסגערעדט, אַז דאָס לאַנד גייט באַרג־אַראָפּ, ס'איז ניט דאָס וואָס געווען, ווייכט מען פון אים. ער האָט ניט מיט וועמען אַ וואָרט אויסצוריידן. מ'האָט גענומען פירן רכילות וועגן זיין פאַמיליע, אַז קיינער גייט ניט אין קירך און אַז ביי זיי אין שטוב שפּילט מען אַזאַ מוזיק וואָס מען הערט ניט ערגעץ אַנדערש.

דזשוליאַ האָט זיך מער אָפּגעגעבן מיט שעלדאָנען. ער האָט אים שטאַרק מקנא געווען, וואָס ביי אים אין שטוב איז עפּעס אַנדערש. ווען עד לי, שעל־דאָנס פאָטער האָט צייט, גייט ער מיטן זון אויף אַ שפּאַציר. ביידע שפּילן זיי אין באַל, אין שאַך. זייער ווייסער הונט מיט די גרויסע ווייכע אויערן זיצט אויף זיינע הינטערשטע פיס און קוקט אויף זיי מיט אַזויפיל דרך־ארץ... שעלדאָן, וואָס איז מיט חדשים יינגער פון אים, נעמט מער אויס ביי די מיידלעך. ער האָט זיי אַזויפיל זאַכן צו דערציילן. ביי אים אָבער, שעפּן זיך באַלד אויס די רייד. אין סקול האָט שעלדאָן קיינמאָל ניט קיין שוועריקייטן. פאַרוואָס האָט שעלדאָן אַזאַ מזל? ער האָט זיך דערמאָנט ווי ער האָט אַמאָל פאַרשלעפּט שעלדאָנען אין אַ געהיימער „באַר" אים געוואָלט אָנשיכורן, אָבער שעלדאָן האָט זיך ניט געלאָזט, נאָך געלאַכט פון אים. איינמאָל האָט ער ביי אַלעקסן אין „קענדי סטאָר", ווען דער אייגנטימער האָט זיך אַוועקגעקערט, אַרויסגעשלעפּט פון אַ פּושקע אַביסל קליינגעלט. שעלדאָן האָט אים דעמאָלט געשטראָפט:

— ניט ריכטיק! האָסט עס ניט באַדאַרפט טאָן...

— וואָס איז, אַלעקס האָט וויניק געלט?

— איך האָב אַנדערש געלערנט!...

— ער איז ניט פון אונדזערע.

— דאָס מאַכט ניט אויס.

— הער אויף מיט דיין מאָראַל!

— איך האָב פאַר דיר קיין מורא ניט!

דזשוליאַ האָט געקריצט מיט די ציין. קיינער רעדט צו אים ניט אַזוי פרעך. ער האָט געוואָלט דערלאַנגען שעלדאָנען אַ זעץ און אים אַוועקלייגן. ער האָט עס ניט געטאָן. אפשר האָט ער זיך געשראָקן פאַר זיין טאַטן אינעם מונדיר, און אפשר ווייל די חברה האָט ליב צו הערן שעלדאָנס מעשהלעך. אָבער היינט ביינאַכט האָט דזשוליאָ געטראַכט ווען ער זיך מיט אים אָפּרעכענען.

דזשוליאָ האָט זיך ראַפּטאָם אויפגעשטעלט, אַוועקגערופן אין אַ זייט ריטשאַרד דעילן און אים געהייסן ער זאָל אין דער שטיל לאָזן וויסן דער חברה, אַז היינט ביינאַכט האָבן זיי דורכצופירן אַ וויכטיקע מיסיע. נאָר שעלדאָן טאָר וועגן דעם ניט וויסן ביז דער לעצטער מינוט. מען קאָן אים ניט געטרויען.

דזשוליאָ האָט געקריצט מיט די ציין. קיינער רעדט צו אים ניט אַזוי מען קען דעם בחור ניט געטרויען, זאָל ער פון גאָרניט וויסן.

— זאָל ער גיין אַהיים! — האָט ריטשאַרד פאָרגעשלאָגן.

דזשוליאָ האָט זיך פאַרקרימט. זיין פאָרשלאָג טויג ניט! זיי דאַרפן האָבן שעלדאָנען. ער וועט שפּעטער אויסגעפינען.

דזשוליאָ האָט אַ ווײַלע געקלערט. דערנאָך געשמייכלט און דערמאָנט ריטשאַרדן אָן יענער צייט, ווען זיי פלעגן עס פאַרכאַפּן פלעשער מילך ביי טירן; ווען ניט דאָס פאַרטיראַקאַנער ייגגל, אויף וועמען זיי האָבן אַרויפגע־וואָרפן די גאַנצע שולד, וואו וואָלטן זיי איצט געווען?

ריטשאַרד האָט אים געקלאַפּט אין דער פּלייצע און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. איצט פאַרשטייט ער שוין אַלץ. געוויס דאַרף מען האָבן שעלדאָנען...

עס איז שוין געווען שפּעט ווען ריטשאַרד מיט זיין חברה האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צום נייעם טעמפּל. די גאַסן זיינען געווען שוואַך באַלויכטן. אַ שניידנדיקער ווינט האָט געמאַכט צאַנקען די הויכע לאָמפּן. אָט־אָט לעשן זיי זיך אויס. שילדן איבער פאַרמאַכטע קראָמען האָבן געקרעכצט, ניט געהאַט קיין כוח זיך צו ווערן און זיך געהוידעט הין־און־צוריק. אָט וועלן זיי זיך אָפּרייסן און ארונטערפאַלן. שעלדאָן האָט זיך געטוליעט צו עדין און אים אין דער שטיל געפרעגט וואוהין זיי גייען. ער האָט זיין מאַמען געזאָגט, אַז ער גייט בלויז צו אַ „פּאַרטי" מיט די „באָיעס". זי וועט איבערטראַכטן...

עדי האָט זיך ביי אים געבעטן ער זאָל אים צורו לאָזן; פאַרוואָס פרעגט ער נאָר ביי אים? איז ער דען דאָ דער איינציקער?

# שפּעט ביינאַכט

רזשוליאַ איז געגאַנגען פּאַראויס. זיינע טריט זיינען געווען נערוועזע. ער האָט זיך געפילט ווי אַלעמענס קאָמאַנדיר. ער האָט געקלערט, אַז עס איז גוט צו זיין אַן עלטסטער. מען וועט זיך מיט אים רעכענען, פּונקט ווי מיט ביל קראַ. מען וועט אים רופן „לאָקי דזשוליאָ". זיין טאַטע, וואָס האָט אים פון שטוב אַרויסגעטריבן, וועט אים איבערבעטן. ער וועט אויספּוצן די מאַמען, די ברידערלעך, אוועקנעמען די מאַכט ביי דעם אַלטן אין שטוב...

זיי זיינען צוגעקומען נאָענט צום טעמפּל. דער לאָמפּ קעגנאיבער, פאַר־שטעלט פון אַ בוים, האָט קוים־קוים געוואָרפן אַ שטראַל אויף די ברייטע קיילעכדיקע טרעפּ. דזשוליאָ איז צוגעקומען גאַנץ נאָענט צו שעלדאָנען. גערעדט צו אים זייער שטיל: אָט־דאָ אין פּעקל האָט ער די נויטיקע געצייג, זאָל ער גיין אַרויף און עפענען די טירן...

— ריר זיך שנעל! — האָט דזשוליאָ אים באַפוילן.

שעלדאָן האָט גענומען שטאַמלען. זיין גאַנצער גוף האָט געציטערט.

— פאַרוואָס עפּעס איך?

— פאַרוואָס עמיצער אַנדערש? ס'איז אַזוי באַשלאָסן געוואָרן, — האָט דזשוליאָ גערעדט מיט ציין־קריצעניש.

— ווער האָט באַשלאָסן?

— איך! איצט ווייסטו שוין? גיי, מאַך ניט קיין פוילע שטיק.

— לאָז מיך צורו! איך גיי אהיים! איך האָב געדענקט, אַז מיר גייען גלאַט כאַפּן אַ שפּאַציר. ביי מיר אין שטוב וועט מען איבערטראַכטן. מען וועט מיך זוכן.

— ווער דאַרף דאָס וויסן? גיי און טו וואָס מ'הייסט דיר!

שעלדאָן האָט זיך געלאָזט גיין אַהיים. ביי דזשוליאָן האָבן די ציין ווידער גענומען קריצן. ער האָט אים צוריקגעהאַלטן. אין זיינע אויערן האָט זיך דערהערט שעלדאָנס קול פון דאָ ביט לאַנג צוריק לעבן „קענדי סטאָר", „איך האָב פאַר דיר קיין מורא ניט". ער האָט אויסגעשטרעקט שעלדאָנען אַ פּאַטש צווישן די אויגן. אונטערגעשטעלט אים אַ פוס, אַז יענער איז באַלד אומגעפאַלן. דערנאָך מיטן צווייטן פוס אין יענעמס בויך, אַז ער איז זיך פאַרגאַנגען. ווען ער איז פאַרבליבן איינער אַליין, האָט ער זיך ניט געקענט רירן פון אָרט. ער האָט בלויז זיך צוגעהערט צו אַראָפּגעפאַלענע בלעטלעך פון דעם בוים קעגנאיבער, וועלכע דער ווינט האָט פאַרטראָגן אַהער און זיי האָבן זיך געשושקעט און געטוליעט צו אים, ווי זיי וואָלטן באַדויערט זיין צושטאַנד....

אויף מאָרגן גאַנצפרי, ווען די געגנט האָט זיך געגומען באַוועגן, האָבן זיך די קרעמער פונעם הויפּט־געסל צום ערשטן מאָל ניט געאײַלט צו עפענען זייערע קראָמען. אַלע האָבן זיך פאַרזאַמלט לעבן מאַרגאָלינס שיך־געשעפט. מ׳האָט מער געזיפצט, ווי גערעדט וועגן דעם וואָס מ׳האָט אָפּגעטאָן צו דעם נייעם טעמפל. די אַלמנה פון „קענדי סטאָר״, מרס. זינבערג, האָט זיך געבראָכן די הענט און גערעדט שטיל, אַז עפּעס מוז געטאָן ווערן דערצו... מען דאַרף לאָזן וויסן דער פּאָליציי, אַז זי אַליין איז דאָ אויך אין גרויס געפאַר.

מאַרגאָלין האָט צעזשאַרעט די לולקע אין זײַן מויל און אַ קרעכץ געטאָן. געוואָלט איר זאָגן, אַז דער ענין אַרויסצושטעלן זיך איז ניט פאַר קרעמער: זיי זײַנען דאָ אַזוי אויך אײַנגעבעטן, און זיי קאָנען ניט מיטנעמען מיט זיך אַהיים די סחורות. אָבער ער האָט די ווערטער ניט אַרויסגעזאָגט, נאָר געטרייסט, אַז די קהילה וועט אַוודאי ניט שווייגן. דעמאָלט וועלן זיי אויך ניט אָפּשטיין...

אַביסל ווייטער, אין אַ זײַטיק געסל, וואו דער שפּיטאָל האָט זיך געפונען, זײַנען געקומען צו לויפן שעלדאָנס טאַטע־מאַמע מיטן זיידן. אפילו דער ווייסער הונט זייערער, וועלכן זיי האָבן באַפוילן צו גיין אַהיים. ער האָט זיך אומגעקערט צוריק; געווען שטאַרק נײַגעריק, וואוהין מען לויפט און מ׳הייסט אים זײַן איינער אַליין. דערזען דעם יונגן שעלדאָן אין בעט, האָט ער אָנגעהויבן בילן מיט אַ מין געבעט, אַז מען זאָל אים זאָגן וואָס דאָ גייט־אָן. דער אַלטער האָט זיך געבייזערט אויף דעם הונט: דאָ איז אַ שפּיטאָל. זאָל זײַן שטיל! אים געוויזן די טיר. די גרינע אויגן ביים הונט האָבן אָנגעהויבן צו טרערן, און דערנאָך האָט ער זיך צעכליפּעט, אַז מען זאָל אים ניט אַרויס־טרייבן פון דאַנען. דער אַלטער האָט אים געגלעט, אַז באַלד וועט עמיצער אָנקומען, זאָל ער בעסער גיין איצט און ער האָט אים אַרויסגעפירט.

שעלדאָן האָט אָנגעגעבן אין שפּיטאָל, אַז אַן אויטאָמאָביל האָט אים אומ־געוואָרפן, אָבער מ׳האָט אים ניט געגלויבט. דער פאָטער האָט געוואָלט וויסן, וואָס ער האָט דאָרט לעבן טעמפל געהאַט צו טאָן; ער מוז אים דערציילן דעם אמת. די מוטער האָט אים צוגעזאָגט, אַז זיי וועלן זיך אַרויסציען פון דער געגנט און ער דאַרף גאָרניט מורא האָבן. אָבער שעלדאָן האָט אַלץ גע׳טענה׳ט, אַז ער האָט געזאָגט דעם אמת. ער האָט געכאַפּט אַ לאַנגן שפּאַציר און אַ שטאַרק־לויפנדיקער אויטאָמאָביל איז אָנגעלאָפן, אַרויף אויפן טראָטואַר

און זאָל מען אים צורו לאָזן! ער וויל כאַפּן אַ דרימל: אַ גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפן...

דער פאָטער האָט נאַכאַמאָל געמאַכט אַ פאַרזוך עפּעס צו זאָגן, אָבער ער האָט באַלד חרטה געהאַט. ער האָט אויסגעזען דערשלאָגן. אָט־דער שלאַנקער מאַן מיטן שטענדיק־שמייכלענדיקן פּנים האָט אויסגעזען בלאַס, די פּלייצעס איינגעבויגן. ער איז גאָרניט אַזאַ הויכער מאַן איצט. זיינע בלויע אויגן האָבן באַטראַכט די פרוי, ווי הינטערוויילעכטס רייבט זי זיך די הענט. ער האָט צו איר גערעדט שטיל: זיי וועלן גיין אַהיים עפּעס צוטראַכטן, ווי אַזוי צו באַגיין זיך מיט זייער בחור, וועלכער האַלט סודות פון זיי. ער איז דאָך קיינמאָל אַזוי ניט געווען. זיי וועלן נאָכמיטאָג קומען צוריק. זיין קאָפּ אַרבעט עפּעס ניט איצט. די פרוי האָט נאָכאַמאָל געכאַפּט אַ קוק צו שעלדאָנען וואָס איז נאָך אַלץ געלעגן מיטן פּנים צו דער וואַנט. דערנאָך האָט זי צו־געטוליעט זיך צום מאַן. ער האָט געגלעט אירע בלאָנדע האָר, אויסגעגלייכט זיך, אַ מעכאַנישן שמייכל געטאָן, און ביידע זיינען אַוועק.

אַביסל שפּעטער האָט זיך באַוויזן דזשוליאַ מיט אַ בוקעט בלומען אין די הענט. דערלאַנגט דער נוירס, וואָס איז געשטאַנען לעבן שעלדאָנס בעט. ווען זי איז אַוועק נאָך עפּעס אַריינצושטעלן די בלומען, איז ער גיך צוגעלאָפן צו שעלדאָנען, אים אַביסל אָפּגעדעקט און גערעדט סודותדיק: זאָל ער האַלטן ס׳מויל, אויב ער וויל בלייבן לעבן...

— אַרויס פון דאַנען! — האָט זיך שעלדאָן אויף אים צעשריגן.

— שווייג שטיל, אַז ניט, וועל איך דיך דערשטיקן! — און באַלד האָט ער זיך פאַרן חולה באַרימט מיט זיין מעסערל. געלאָזט עס בלאַנקען אַ ווייל פאַר זיינע אויגן..

מיטאַמאָל האָט זיך אַ הוידע געטאָן דאָס טישל לעבן שעלדאָנס בעט, אויף וועלכן עס איז געשטאַנען אַ קריגל מיט וואַסער. דאָס קריגל איז אַרונטערגעפאַלן מיט אַ טראַך אויפן דיל. באַלד האָבן זיך דערהערט לויפנ־דיקע טריט. דזשוליאַ האָט שעלדאָנען געגומען פּאַטשען איבער די באַקן. אים ווידעראַמאָל געוואָרנט, ניט צו לאָזן פאַלן אַ וואָרט וועגן נעכטן ביינאַכט... זאָל ער זיך נאָר דערמאָנען, וואָס זיין חברה האָט אָפּגעטאָן צו פּאַרטאָרי־קאַנער... אַרונטערגעריסן דעם לייכטן צודעק פון דעם חולה, און שנעל אַרונטער די שטיגן דורך אַ זייטיקן אַרויסגאַנג.

ווען די „נוירס" איז אַריין, איז שעלדאָן געלעגן מיטן פּנים איינגע־גראָבן אין קישן און ניט אויפגעהערט צו כליפּען. זי האָט אים געטרייסט,

אַז ער איז ניט דער איינציקער פּאַציענט, וואָס קערט איבער אַ טישל: זאָל ער זיך ניט זאָרגן! קיינער וועט אים גאָרניט זאָגן! באַלד וועט מען אויפ־ראַמען, און זי וועט פאַר אים ברענגען אַן אַנדער קריגל מיט וואַסער. זי האָט נאָר פאַרגעסן אַריינברענגען די בלומען, וואָס זיין פריינט האָט פאַר אים געבראַכט...

די נוירס איז פאַר אַ ווייל געשטאַנען אַ פאַרקלערטע; אפשר איז פאַראַן אַ קאַרטל מיט אַ נאָמען אויף דעם בוקעט מיט בלומען? זי וועט גיין אַ קוק טאָן...

שעלדאָן האָט זיך פּלוצים אויפגעזעצט ווי אַ געזונטער און זיך צעשריען:

— ער איז ניט מיין פריינט!

— ניין? — האָט די "נוירס" געפרעגט מיט אַ ציטער אין איר קול.

— ניין! — האָט ער איר געענטפערט און זיך געבעטן, אַז זי זאָל מער ביי אים גאָר ניט פרעגן...

נאָכמיטאָג, ווען שעלדאָן האָט דערזען אין דער טיר זיינע עלטערן, האָט ער זיי באַגעגנט מיט אַ שמייכל אויפן פּנים. ער האָט זיך מיטאַמאָל דער־פילט העלדיש: ער האָט איצט פאַר קיינעם קיין מורא ניט... ווען זיי זיינען צוגעקומען צו זיין בעט, האָט ער ביידע אַרומגענומען און פאַר זיי אַלץ דער־ציילט. ביי דער מוטער אין די אויגן האָבן זיך באַוויזן טרערן. זי האָט דערזען אין דמיון איר זון אַ צעקליאַטשעטן ערגעץ ליגן אין אַ פינצטערער נאַכט. זי האָט שטאַרק באַדויערט די שרעק, וואָס שעלדאָן האָט איבערגעלעבט...

דער פאָטער האָט זיך אויסגעגלייכט און מיט אַ קול פון אַן אויטאָריטעט פאַרזיכערט, אַז דאָס וועט מער ניט פּאַסירן. ער איז האַסטיק אַרויס. די פרוי האָט אים נאָכגעקוקט מיט אַן אָפּגעגעם מויל... מר. לי איז אַוועק אין פּאָליציי הויז אויסלאָדן זיין צאָרן...

# פאַרלוירן דעם וועג

הײנטיקן פרימאָרגן האָט סאָפּיע געטראַכט גאָר אַנדערש ווי ווען עס איז פריער; איר ציל אין לעבן, איבער וועלכן זי האָט שטענדיק גע־ציטערט, ווי אַ מאַמע איבער איר אײנציק קינד, האָט זיך פון איר דערווײטערט. זי איז געוואָרן אַזוי אַלט־מאָדיש ווי איר באָבע.

אָט איז אַלבערט, איר לערער. ער שטײט אָנגעשפּאַרט אויף זײן וויש־ניאָוון שטעקן, וואַרט זי זאָל זיך אויסדרייען צו אים. אפשר פילט ער אויך ווי זי? ווי לאַנג צוריק איז עס, אַז דער מענטש האָט זי פאַר׳כישופ׳ט מיט זײנע פלאַמיקע רעדעס קעגן מלחמה און נויט? זי האָט אויף אים געקוקט ווי אויף אַ גרויסן לערער פון גערעכטיקײט. מיט וואָס פאַר אַ פאַרנעם זי האָט געבראַכט זײנע ווערטער אין שאַפּ אַרײן, איבערצוגעבן צו די אַרבעטער! זי האָט דערבײ נאָכגעמאַכט אַלבערטס קול — אפילו זײן שטעל...

סאָפּיע האָט אַרײנגעזיפצט אין שפּיגל, בײ וועלכן זי איז געשטאַנען בעת אַלבערט איז איר שוועל אַריבערגעטראָטן. זי האָט געטראַכט, ווען ער שענקט איר דעמאָלט אַ שמײכל ווי טײער דאָס וואָלט בײ איר געווען. זי איז אַלעמאָל געזעסן נאָענט צו דער פּלאַטפאָרמע, געקוקט אויף זײנע צעפּאַטלטע שאַטינענע האָר, אויף די לאָקן, וואָס זײנען געפאַלן איבער זײנע צעצונדענע ברוינע אויגן. וויפיל גבורה זי האָט דאַן אין אים געזען — אַ שמשון הגיבור.

פאַרטיק געוואָרן מיט דער לעקציע, האָט זי געהאָפט, אַז ער וועט זי באַמערקן, צוקומען נאָענט, אַז זי זאָל דערשפּירן לעבן זיך זײן אָטעם. זי וועט אַהײם ברענגען זײן געשטאַלט צו זיך אין איר ענגן צימערל. אָבער דאָס האָט קײנמאָל פריער ניט געטראָפן. איצט שטײט ער הינטער אירע פּלײצעס מיט אַזויפיל אָפּשײ. ער רעדט שטיל, ווי עמיצער וואָלט דאָ גע־שלאָפן. זײן קאָפּ — שוין אַ נאַקעטער, האַלב באַהאַלטן אין קאָלנער פון זײן מאַנטל. זײן קול ציטערט:

„סאָפּיע, די געזעלשאַפט האָט אונדז בײדע פאַרלאָזט. די נאָכפאָלגער זײנען אַוועק אויף פרעמדע וועגן... נו, מיר האָבן אונדזער אַרבעט אָפּגעטאָן. בײדע אין די יאָרן, צוריקגעצויגען. ביז איצט האָב איך זיך געשעמט צו פּיעשטשען פאַר עמעצן, דו אַוודאי באַגלײך מיט מיר. איז לאָמיר זיך בײדע פאַרבינדן, אפילו אַ חופה שטעלן. לויט דעם ווילן פון דײן געלערנטן פאָטער, ווען די נאַציס האָבן אומגעבראַכט.מיר וועלן זיך באַזעצן ערגעצוואו אין

אַ מילדן קלימאַט, אָן שנייען, אָן קעלטן. זיצן אויף אַ גאַניקל און רעדן וועגן אַמאָל".

זי וועט אים העלפן אַרויסגעבן ביכער. זיי, די ביכער, וועלן זיין זייערע ביידנס קינדער און אייניקלעך...

וואָס איז איר ענטפער?

סאָפיע האָט אַ ציטער געטאָן. זי האָט געהאַט אַ פול מויל מיט רייד, אָבער ניט געקענט זיי אַרויסברייינגען. זי האָט צוגעמאַכט די אויגן און עס האָט זי פאַרטראָגן אויף דער שיף, מיט וועלכער זי איז געקומען אַהער. גע־שטאַנען אויף דער דעק מיט צעפּאַטלטע בלאָנדע האָר, אַ געשפּאַרט אין אַ פּאַרענטש. אירע אויגן ברייט־צעעפנט. זי האָט אַזאַ פאַרחידושטע באַטראַכט די רחבות פון ים, די הויכע כוואַליעס, וועלכע הוידען די שיף — נאָר ווי זי איבערצוקערן, עס איז איר אַזוי גוט... אָט ברענגען איר די כוואַליעס דער מאַמעס קול:

„טאָכטער מיינע, דיר איז באַשערט צו פאָרן אין אַ פרעמד לאַנד, זיי מצליח, און קום גיך צוריק. מאָטל וועט וואַרטן אויף דיר. איך און דיין טאַטע וועלן זוכה זיין צו פירן דיך צו דער חופּה"...

סאָפיע הערט קלעזמער שפּילן. זי זעט די מחותנים מיט די ליכטלעך צווישן די פינגער. אַ ווינטל וויל פאַרלעשן.

און אָט, טויזנטער עלעקטרישע לעמפּלעך. קולות פון אַלע זייטן. דאָס גאָלדענע לאַנד ווינקט מיט אַזויפיל אויגן. אָט איז דער פעטער פיניע. ער איז געקומען אַראָפּנעמען זי פון שיף. זי באַטראַכט זיין גרויסן קאָפּ מיט שוואַרצע האָר ערטערווייז גרוי, מיט אַ שוואַרצן שניפּס געבונדן אין דער ברייט. עפּעס ווי אַ פאַרצייטיקער דיכטער. זי הערט זיינע רייד גלייך ווי איצט.

סאָפיע, דאָ אין אַמעריקע איז גאָר ניט אַזוי ווי מען זאָגט ביי אייך אין שטעטל. מ'שאַרט ניט קיין גאָלד אין די גאַסן. איך וועל דיך אויסלערנען זיין אַ פינישערן — אַ נייטאָרין, מיינט עס. געדענקסט אינדערהיים יאַנקל קירזשנער? אַז ער האָט אָנגענומען מאַכן אַ פעלץ פאַר אַ פויער, האָט ער אַלץ געטאָן אַליין. דאָ ציט איינער אויס די פעלכלעך, אַ צווייטער שניידט־צו. יעדער איינער טוט זיין טייל. אָבער דאָס איז גאָרניט. ווען עס זאָל נאָר ניט זיין קיין פאָרמאַן, קיין באַלעבאָס, וואָלט שוין אַלץ גוט געווען".

די מומע זעלדע מישט זיך אַריין:

„פיניע, לאָז זי צורו מיט דיין אַגיטאַציע, מיט דיינע לעקציעס. זאָל זי

זיך אויסגרינען, אָפּזוכן זיך אַ שיינעם בחור, וועט זי ניט דאַרפן פאַרוואַגלט ווערן אין שאָפּ"...

דער פעטער פיניע האָט מאָדנע געשמייכלט. האַלב פון זיין פנים איז געווען ערנסט.

ער האָט גערעדט שטיל: „די מומע איז אומוויסנדיק".

דער פעטער האָט סאָפּיען גענומען צו לעקציעס, וואו ער איז געגאַנגען, און דאָרטן האָט זי געטראָפן אַלבערטן, געהערט אים רעדן צום ערשטן מאָל.

אַט איז פיליס, מיט וועלכער זי האָט געאַרבעט אין שאָפּ, געוואוינט אין איין צימער מיט איר: זי איז שוין אַ באָבע. געשטאַנען פאַרן זעלביקן שפּיגל, געפּוצט זיך. זי האָט געהערט איר אייגן קול: ׳פיליס, דאָס אַלץ וואָס דיר ליגט אין קאָפּ? געפעלן ווערן אַ בחור, האָבן קינדער, דערציען זיי; דערנאָך וועט קומען אַ מלחמה... לאָמיר צום ערשטן אַלץ איבעראַנדערשן".

פיליס האָט זיך צעוויינט: „איך בין אויך פאַר גערעכטיקייט, פונקט ווי דו, וואָס ווילסטו פון מיר? עס איז אַ זינד צו לאָזן דאָס פּערזענלעכע לעבן צעמאָלן ווערן. לאָז מיך צורו מיט דיין אַלבערטן. איך פאַרגעטער ניט קיין מענטשן..."

געקומען אַהיים פון איר לעקציע, האָט זי געטראָפן פיליסן שלאָפן מיט אַ שמייכל אויף אירע ליפּן. זי האָט גע׳חוזק׳ט פון דעם מיידל: „עס דאַכט זיך איר אויס, אַז אַ בחור קושט זי. צי אפשר טוט ער איר אָן אַ דימענטן רינג. ווי צוריקגעשטאַנען די פיליס איז... ווי וואַגט זי נאָך זאָגן, אַז זי איז אויך פאַר אַ נייער געזעלשאַפט? מ׳טאָר אַזעלכע ניט אָפּשווייגן...

אויף מאָרגן האָט זי פיליסן געטראָפן מיט אַ רענצל אין די הענט

„וואוהין"? „מיר ביידע טאָרן ניט וואוינען צוזאַמען"...

„אַזוי גאָר? דיין בחור האָט עס דיר געזאָגט?"

פיליס האָט אַ פּראַל געטאָן מיט דער טיר און איז אַרויס.

מ׳האָט זיך נאָכדעם ווי ווייט מעגלעך אויסגעמיטן ניט צו באַגעגענען זיך: גיי גיב פיליסן צו פאַרשטיין, פאַרוואָס זי„ סאָפּיע, האָט געלאָזט אירע יאָרן פאַרביילויפן? זי אַליין ווייסט ניט פאַרוואָס. אָבער זאָגן דאָס פיליסן קאָן זי ניט: ווער האָט צייט געהאַט צו טראַכטן? געטראָגן געוואָרן פון ווינט. ניט שטענדיק האָט זי זיך געזאָרגט פאַר אַלעמען. זי וויל ניט, אַז פיליס זאָל פון עפּעס וויסן, זי וועלן באַדויערן. זי האָט באַשלאָסן מער ניט צו טראַכטן וועגן פיליסן, אָבער ווי אויף צו להכעיס האָט סאָפּיע ממש דערזען פיליסן פאַר די אויגן. מ׳האָט זיך דאַן צופעליק באַגעגנט. מ׳האָט זיך דערפרייט.

סאָפּיע האָט געגלעט פּיליסעס יינגעלע מיט די שיינע בלויע אויגן.

אַביסל שפּעטער — זי געדענקט שוין ניט ווי עס האָט געטראָפן, ווי אַזוי דאָס איז צו רייד געקומען — האָט פּיליס מיט ווייטאָג דערציילט וועגן איר גאַנצער משפּחה, וואָס די נאַציס האָבן אומגעבראַכט. זי האָט געפרעגט סאָפּיען, פאַרוואָס מען זעט זי ניט צווישן די מענטשן, וועלכע אַרבעטן דער־פאַר אַז עס זאָל מער ניט טרעפן אַזאַ אומגליק. איר משפּחה איז דאָך אוודאי אויך אומגעקומען. סאָפּיע האָט צוגעשאָקלט מיט איר קאָפּ און שטיל געזאָגט, אַז פּיליס קאָן זי ניט זען צווישן אירע מענטשן. זיי בײדע גייען אויף פאַר־שיידענע וועגן.

פּיליס האָט זיך גלייך אָנגעצונדן:

„סאָפּיע, שלעפּסט זיך נאָך א וואָגן מיט צעשפּאָלטענע רעדער... די מענטשהייט גייט פאָראויס. טייל לענדער האָבן שוין מער ניט אין זייערע רייען די, וואָס זאַמלען אוצרות פאַר נאָך ניט געבוירענע דורות. געדענקסט די רייד? פאַרוואָס הערט מען ניט אַ גוט וואָרט פון דיין אַלבערטן?

בײדע האָבן זיך דעמאָלט צעקריגט. סאָפּיע איז אַוועק. זי האָט געפילט אויף זיך דעם יינגעלעס פאַר׳חדוש׳טע בליקן. ערשט האָט זי געגלעט זיינע בעקלעך און מיטאַמאָל אַזוי בייז געוואָרן...

פאַרוואָס האָט די שלעכטע געשריגן אויף זיין מאַמען? זי איז דאָך אַזאַ גוטע זיין מאַמע?

די רייד פון פּיליסן זיינען סאָפּיען נאָכגעלאָפן ווי געשטאַלטן מיט קולות: ווייסטו וואוהין דו גייסט? ניין, ניין! פון יענעם טאָג אָן האָט זי געפילט צייכנס אויף איר געמיט. זי גייט אין אַ פינצטערער נאַכט און דער לאַמטערן איז איר צעבראָכן געוואָרן. דער וועג איז אפשר אויף צוריק...

אַלבערט, וואָס האָט די גאַנצע צייט אַריינגעבליקט אין אַ בוך, ווען זי האָט אַרומגעשוועבט אין דער פאַרגאַנגענהייט, האָט זיך פּלוצים אויפגעשטעלט, גרייט צו גיין, ווי דערפילט אַז זי קלייבט זיך פרעגן ביי אים אַ האַרבע שאלה. אָפּגעזעגנט זיך, ווידער געגעדט שטיל. ער גייט אַהיים וואַרטן אויף איר ענטפער...

סאָפּיע האָט אים אַרויסבאַגלייט מיט טרויעריקע בליקן: פאַרוואָס האָט זי דעם מענטשן אַזוי פאַרגעטערט? צוליב אים איז זי דאָך געבליבן אָן אַ כרעקל פאַנטאַזיע. איצט וויל ער אָן אָנשפּאַר דאָ, פּיעשטשען זיך פאַר איר. די נעכטנס און די מאָרגנס וועלן איר אַרויסשטעלן אַ לאַנגע צונג און לאַכן, לאַכן אָן אויפהער. וואָס פאַר אַ חוזק־שפּיל! זי האָט זיך אַ לעבן לאַנג אַרומ־

## פאַרלוירן דעם וועג

געטראָגן מיט שיינע ווערטער, ווי א קינד מיט שפּילצייג. זי האָט ביטער געלאַכט פון אַלבערטס פריערדיקע רייד; זיי וועלן זיך באַזעצן אין אַ וואַרעמען קלימאַט, האָבן אַ שטיבל מיט אַ גאַניקל, זיצן און הוידען זיך און רעדן וועגן די נעכטנס, וועלכע זי וויל אַזוי פאַרגעסן.

אויף מאָרגן האָט סאָפיע אָנגעקלונגען אַלבערטן אויפן טעלעפאָן. איר אָטעם איז געוואָרן שווער, באַלד ווי זי האָט דערהערט זיין קול.

„העלאָ! העלאָ!" — האָט ער עטלעכע מאָל אַריינגעשריגן אין טרייבל.

סאָפיע האָט זיך אויסגעהוסט און קוים אַריינגערעדט:

‚אַנטשולדיקט מיר, אַלבערט, אייער פאָרשלאָג האָט זיך אַביסל פאַרשפּעטיקט...

זי האָט אויף שנעל אויפגעהאָנגען דאָס טרייבל און זיך שטאַרק צעכליפּעט.

# דער אַלטער אלבאָם

יענעם אָוונט איז דער גערואַמער אויפנאַם־צימער ביי דער פאַמיליע ראָס פאַרפלייצט געוואָרן מיט ווייסע, רויטע און געלע בלומען. אויף יעדן בוקעט — אַ צעטל פון וועמען די מתנה קומט. די דופטן האָבן געקיצלט די נעזער פון די פאַרפוצטע געסט. יעדע ווילע האָט עמיצער אַנדערש אַ נאָס געטאָן, און באַלד איז ווי פון אַ מאַשין אַרויס דער „גאָד בלעס יו!"

אַביסל שפּעטער, זיינען די מענטשן געשטאַנען לעבן אַ לאַנגן טיש, באַדעקט מיט אַ ווייסן שטייפן טישטוך. זיי זיינען געשטאַנען מיט פולע באָקאַלן ווייך אין די הענט און באַגריסט דעם יובילאַר הערי ראָס. ווען אַלע האָבן זיך אַוועקגעזעצט, האָט מר. פיליפּס דער פּרעזידענט פון די באַלעבאַטים, געכאַפּט אַ שמועס וועגן דער אינדוסטריע, אַז די יוניאָן פאַרטרעטער ביים זעלביקן טיש זאָלן אַביסל געריבט ווערן פון זיין קנייטשן זיך וועגן דער שלעכטער לאַגע: זאָל זיי זיך ניט גלוסטן קיין העכערע שכירות ביי דער איצטיקער צייט". דערנאָך האָט ער שטאַרק געלויבט הערי ראָס, דעם געוועזענעם אַרבעטער פירער, וואָס איז איצט מיט אים אין איין אָפיס; דער יובילאַר האָט באַוויזן דער וועלט, אַז סטרייקס זיינען אַלט־מאָדישע מיטלען צו געווינען עפּעס פאַרן אַרבעטער... פּריער איז בלויז די יוניאָן שטאָלץ געווען מיט אים און איצט דאַכט זיך מיר זיינען מיט אים שטאָלץ ביידע צדדים. צייט שפּילט אַ וויכטיקע ראָלע דאָ אין לאַנד: „טאַים איז מאָני".

הערי ראָס האָט זיך ניט איינגעהערט צו דער רעדע: שוין געהערט פאַראַיאָרן, פאַר צוויי יאָרן די זעלביקע רייד. מיט יאָרן צוריק האָט דער זעלביקער מר. פיליפּס אים אָנגערופן מיט גאָר ניט קיין זויבערע נעמען. אפילו געגעבן אָנצוהערעניש, אַז „מ'וואָלט אים באַדאַרפט צוריקשיקן פון וואַנען ער איז געקומען. ער איז אַ שונא פונעם לאַנד".... זיינע יוניאָן־מיטגלידער שטעלט ער העכער פון דער אינדוסטריע. אים האָט זיך איצט געטראַכט וועגן עפּעס אַנדערש, און ער איז דערביי אַזוי געוואָרן בלייך.

ער האָט זיך דערמאָנט וועגן אַ מאַסנמיטינג מיט יאָרן צוריק, ווען ער איז נאָך געווען אַ פירער אין דער יוניאָן; אַ קעגנער זיינער האָלט אַ רעדע: דאָס לאַנד גייט מיטן קאָפּ אַראָפּ; מלחמה אין דער לופטן; די יוניאָן ווערט וואָס אַמאָל מער באַרויבט פון אירע רעכט און די פירער מאַכן זיך טאַמעוואַטע. ראָס צעשמייכלט זיך: ער האָט זיך דעמאָלט דערפילט ווי אַ פיש אין

וואַסער. ער האָט זיך אויפגעשטעלט און שפּאַסיק צונישט געמאַכט יענעמס רייד. דערנאָך האָט ער זיך צעלאָזט אויפן קול: ווער האָט אײנדערהיים געשמאַכט הינטער גראַטעס פאַרן אַרבעטער? אָט דער הערי ראָס אויף וועמען מען זאָגט, אַז ער מאַכט זיך טאַמעוואַטע! זײנע אָנהענגער האָבן ניט אויפגעהערט צו אַפּלאָדירן אים. דערנאָך האָט ער זײן רעדע פאַרענדיקט שטיל:

„אָבער אַ מענטש דאַרף זיך אַמאָל אָפּשטעלן, ווערן געזעצטער. באַגייט ער דערמיט אַ פאַרברעכן קעגן זײנע פּרינציפּן? ניין! ער טראַכט אַלעמאָל וועגן זײנע מיטגלידער ווי אַ טאַטע וועגן זײנע קינדער"...

מיטאַמאָל האָבן זיך זײנע בליקן פאַרהאַלטן אויף זײן ייִנגערן ברודער זעליג, וואָס איז געזעסן קעגנאיבער. ער האָט אים אַזוי ניט געוואָלט האָבן דאָ, אָבער זײן פרוי האָט געזאָגט „יאָ", האָט ער זי ניט געוואָלט איבערשפּאַרן. איר האָט זיך שוין פאַרבענקט אַ געפליגלט וואָרט, וואָס האָט נאָר געהאַט אַ טעם ווען מ'איז געווען יונג. אָבער איצט איז אַנדערש. ער האָט מורא, אַז זעליג זאָל זיך ניט אָנהויבן מיט דעם קאַלטן מר. פיליפּס און פאַרשטערן דעם אָוונט...

אַוועקגעכאַפּט זײנע בליקן פון זײן ברודער זעליג, האָט מר. ראָס געכאַפּט אַ קוק אויף זײן אײדעם באַרני, אַ קרימינאַלער לאָיער. „געבעטן זיך בײ אים — טראַכט מר. ראָס -- אַרײַנצוקומען אין דער יוניאָן, וועט ער האָבן אַ קליענט אויפן גאַנצן לעבן", — האָט זיך דער אײדעם אָפּגעזאָגט. אים געפעלט גאָר ניט ווי מען באַגייט זיך מיט די מיטגלידער. „זײן עסק!" און אָט איז זײן אײגענער זון קלאַרענס. ער האָט אים צוגעזאָגט מיט דער צײט אַ דעסק. איז ער גאָר אַוועק מיט זײנעם אַ פרײנט און געעפנט אַ שאַפּ־קע פון ליאַלקעס. ווי די קעגנער האָבן זיך צו אים דאַן גענומען: אַ שײן פּנים! דער טאַטע אַ פירער פון דער יוניאָן און דער זון אַ באַלעבאָס... וועט ער האָבן ס'האַרץ צו אָרגאַניזירן בײ קלאַרענסן דעם שאַפּ? וואָס זאָגן איצט די מענטשן? אױ, ווילט זיך אים וויסן...

מיטאַמאָל האָבן זיך די געסט צעקלונגען מיט גאָפּל־מעסער; זאָל שוין דער יובילאַר האַלטן זײן רעדע!

הערי ראָס איז צעטומלט געוואָרן, אָבער באַלד האָט ער זיך גוט אויסגעהוסט, זיך אויפגעשטעלט, און מיט אַ שמײכל אויפן פּנים גענומען רײדן: ער איז אויף די עלטערע יאָרן געוואָרן אַ גרויסער אָנהענגער פון שלמה המלך, וועלכער האָט געזאָגט, אַז אויף אַלץ איז דאָ אַ צײט... ער האָט בעת מעשה געקוקט צו זײן פרוי, צי נעמט ער אויס; די לעצטע צײט האָט

זי פאַר אים בלויז שטאָלענע בליקן. ער האָט געשמייכלט צום זעקס יאָריקן אייניקל, ווען ער האָט געפילט ווי צו נעמען אויף זיין שויס. אָבער דאָס יינגעלע האָט פונקט דאַן זיך צוגעכאַפּט צו זיין פאָטערס גלאָז ווײַן, עטוואָס אָפּגעטרונקען און פאַרקרימט זיך, געגומען טופען מיט די פיסלעך אינעם דיל און געשריגן אויפן קול, אַז ער האָט מער ניט וואָס צו טאָן. די טאָכטער איז געוואָרן אומרואיק: איר גייט ניט אָן דעם טאַטנס רעדע, אָבער זי וויל אים ניט פאַרשעמען...

די פרוי פונעם יובילאַר איז דער טאָכטער געקומען צו הילף. זי האָט עפּעס דעם יינגל געזאָגט אויפן אויער און ווי דורך אַ כישוף אים גלייך איינגעשטילט. זי האָט זיך אויפגעשטעלט און שטיל געזאָגט:

„די באָבע האָט עפּעס פאַרן יינגעלע, אַז ער וועט האָבן מיט וואָס צו פאַרנעמען זיך ביז זיין זיידע וועט פאַרטיק ווערן מיט דער רעדע".

זי איז אַוועק, אָפּגעזאַמט זיך אַביסל, און דערנאָך צוריקגעקערט זיך מיט אַ גדולה, אירע באַקן צעפלאַמט. זי האָט געבראַכט צו טראָגן אַן אַלטן דיקן אַלבאָם מיט בילדער פון גאָר אַמאָל, און גלייך דערלאַנגט דעם אייניקל:

„נאָ אייזיקל! איצט וועסטו דיך שוין מער ניט לאַנגווײַליקן"..

אייזיקל האָט אַ כאַפּ געטאָן דעם אַלבאָם פון אירע הענט ווי ער וואָלט מורא געהאַט, אַז אימיצער אַנדערש זאָל אים ניט צוכאַפּן פאַר זיך, און גלייך, אַן צערעמאָניעס געגומען בלעטערן. ער האָט דערזען אַ בילד פון זיין מאַמען ווען זי איז נאָך געווען אַ קליין מיידל, האָט ער זיך אויפן קול צעשריען, אַז די באָבע זאָל אים גלייך זאָגן ווער דאָס איז! דערהערט ווער דאָס איז, האָט ער זיך פאַרקרימט און אויף שנעל אַוועקגעלייגט אַן אַ זייט, ווי אים וואָלט ניט אָנגעשטאַנען, וואָס אָט־דאָס קליינע מיידעלע מיט בלאָנדע צעפּלעך און קורץ קליידעלע איז איצטער זיין מאַמע... און גלייך געבלעטערט ווייטער ביז ער איז געקומען איבער אַ צאָל בילדער פון אַן ערשטן מאַי פאַראַד מיט יאָרן צוריק. ער האָט דערזען זיין זיידן זיצן רייטנדיק אויף אַ ווייס פערד, איבער זיין ברוסט אַ ברייטע, זיידענע לענטע מיט אַן אויפשריפט, וואָס דעם יינגל איז שווער געווען צו פאַרשטיין, און הינטער זיין זיידן אויפן פערד — אַזויפיל מענטשן! איז דאָס יינגל אַזוי אַנטציקט געוואָרן, אַז ער האָט זיך גענומען בעטן ביים זיידן הערי ראָס, אַז ער זאָל אים מיטנעמען ווען ער וועט נאָכאַמאָל אַהינגיין, אים אַוועקזעצן אויפן ווייסן פערד לעבן זיך.

הערי ראָס איז רויט געוואָרן איבער די אויערן, ער האָט דערזען ווי הענט בעטן זיך ביים אייניקל צו ווייזן די בילדער און דאָס אייניקל

# דער אַלטער אַלבאָם

ווייזט זיי בלויז פון דערווייטנס, געטרויט קיינעם ניט אין די הענט אַריין. ביים פּרעזידענט פון דער גרויסער אַסאָסיעישאָן, מר. פיליפּס, ליגט צעלייגט אויפן פּנים אַ חוזק־שמייכל: הערי ראָס קען אים ניט פון נעכטן... האָט מר. ראָס געשלאָסן זיין רעדע איינס און צוויי און זיך אַוועקגעזעצט. די געסט האָבן אַפּלאָדירט, און ער האָט געמיינט, אַז דערמיט וועט ער צונישט מאַכן דעם איינדרוק פון די בילדער, אָבער אייזיקל איז גלייך צו אים צוגעקומען ער זאָל אים געבן צו פאַרשטיין וועגן וואָס דאָ האַנדלט זיך, און ווער עס זיינען די אַלע מענטשן מיט אַזויפיל פּאָנען אין די הענט.

הערי ראָס האָט זיך מיט אַ געלעכטערל אָפּגערופן צום עולם:

„אַליין ניט געוואוסט, אַז דער אַלבאָם לעבט נאָך! שוין שיינע עטלעכע יאָר זינט דעמאָלט, אַלץ אַזוי ווי אין חלום...

און הינטערווייילעכס האָט ער זיך געבעטן ביי זיין פרוי, אַז זי זאָל דעם אייניקל אַוועקנעמען פון טיש. העלן האָט זיך ביים יינגעלע געבעטן מיט איר צוגיין אין קיך אַריין — זי וויל אים עפּעס זאָגן, אָבער ער האָט ניט געוואָלט גיין: דער זיידע האָט אים נאָך ניט פאַרענטפערט זיינע פראַגן...

״קום אַהער אייזיקל צו דיין פעטער וועט ער דיר געבן צו פאַרשטיין — האָט זעליק דעם יובילאַרס ברודער, גערופן ס׳יינגל צו זיך הערי ראָס איז געוואָרן אומרואיק. ער האָט שטיל גערעדט צו דער פרוי:

„קיינער בעט ביי אים ניט די טובה! זאָל ער ניט צעשטערן דעם אָוונט! דאָ ביים טיש זיצן פאַרשיידענע מענטשן, און ס׳וועט זיי ניט פאַראינטערעסירן זיינע אַ לעקציע...

די פרוי האָט יאוש׳דיק געשאָקלט מיט איר קאָפּ אויף איר מאַנס אומ־באַהאָלפנקייט. זי האָט זיך דערמאָנט, ווען זי האָט זיך מיט אים ס׳ערשטע מאָל באַגעגנט ביי אַ פּאַראַד, ווי באַגייסטערט ער האָט דאַן גערעדט וועגן ערשטן מאַי.

„דאָס איז מיין הייליקסטער יום־טוב. די אַרבעטער פון אַלע ווינקעלעך קומען אַרויס פאַר דער וועלט מיט זייערע קריוודעס״... ווי זי האָט דעמאָלט צו אים אַרויפגעקוקט! און איצט האָט ער אפילו ניט דעם מוט זיין אייניקל עפּעס געבן צו פאַרשטיין..

צווישן די געסט האָט גענומען הערשן אַ שטילשווייגעניש, איינער האָט געוואַרט אויפן צווייטן צו מאַכן אַ פּאַסיקע באַמערקונג וועגן די מאַי־בילדער. די עטלעכע קלענערע פירער און פאַרטרעטער פון די עקזעקוטיוועס האָבן אויך געקוקט איינער דעם צווייטן אין מויל אַריין. יעדער איינער האָט

דאָך געזען, אַז הערי ראָס טרייסלט זיך אָפּ פון יענע טעג פון דעם אַמאָל, אַמאָל...

מר. פיליפּס האָט גראד שטאַרק געוואָלט עפּעס אַריינזאָגן דעם יובילאַר, כלומרשט אין שפּאַס, אָבער אים איז שווער געווען עפּעס אויפצוכאַפּן: זאָל זײַנס איבערגיין! האָט ער באַשלאָסן, און דער ערשטער אַרויפגעשאַרט עטוואָס זיין לינקן אַרבעל, געכאַפּט אַ קוק אויף זיין בלישטשענדיקן האַנט־זייגערל און געלאָזט וויסן, אַז עס איז שוין גוט שפּעט. ער האָט זיך גלייך אויפגעשטעלט, אויסגעשטרעקט זיין האַנט צום יובילאַר און אויף אים קוקנדיק, האָבן זיך אַלע געסט גענומען רירן פון זייערע פּלעצער, ווי ער וואָלט געווען זייער אַלעמענס קאָמאַנדיר.

הערי ראָס האָט זיי אַרויסבאַגלייט און זיך בעת מעשה געשושקעט מיטן רעפּאָרטער פון דער טרעיד צייטונג, אַז ער זאָל ניט אַריינברענגען דעם אינצידענט מיט דעם אַלטן אַלבאָם: זאָל זיך אים דאַכטן, אַז עס האָט ניט געטראָפן...

דער רעפּאָרטער האָט זיך צעלאַכט, אים געגלעט אונטערטעניק די פּלייצעס און פאַרזיכערט, אַז זיין באַריכט וועט אים באַשיינען דעם יום־טוב. ער וועט זיין פריילעך און איבערראַשט, ווען ער וועט לייענען די צייטונג... ראָס האָט אים געדריקט די האַנט, עטלעכע מאָל באַדאַנקט, וואָס ער, אַ מענטש מיט גרויס דערפאַרונג, איז געקומען. ער האָט געשיקט אַ האַרציקן גרוס דעם רעדאַקטאָר. ווען ער האָט זיך צוריקגעקערט אין הויז אַריין איז שוין דאָרט קיינער ניט פאַרבליבן, אפילו ניט זיין פרוי. זי איז אַרויס מיט די קינדער זיי אַרויסבאַגלייטן. פאַר זיינע אויגן האָט זיך באַוויזן דער אַלבאָם, אַן אָפענער. ער האָט געבלעטערט און נערוועז געקוקט צו דער טיר — און באַלד מיט כעס אים צוגעמאַכט. ער האָט געטראַכט וועגן אַ באַהעלטעניש, אַז די פרוי זאָל דעם אַלבאָם ניט קאָנען מער געפינען: אפשר ערגעץ וואו אין קעלער? פאַרוואָס זאָל זי אַליין ניט פאַרשטיין, אַז אָט־די בילדער צעטרייסלען זיין געמיט?...

ווען די פרוי האָט זיך אומגעקערט האָט הערי ראָס אויסגעזען זייער צעטראָגן. זיינע ווייסע האָר זיינען געווען צעשויבערט. די ברוינע אויגן האָבן איבעריק געפינטלט. איידער זי האָט עפּעס געוואָלט זאָגן, איז ער דעם וועג פאַרלאָפן:

׳ווי געפעלט דיר, העלן, דער טיש מיט מתנות? און דו ביסט נאָך מיט זיי ניט פאַרטיק! ס׳וועלן אָנקומען נאָך און נאָך...

# דער אַלטער אַלבאָם

זיינע אויגן האָבן זיך דערביי מעכאַניש צעשפּילט.

העלן האָט צוגעשאָקלט מיט איר קאָפּ, און זיך אַוועקגעזעצט שווער לעבן דעם לאַנגן טיש, וועלכער איז געווען אין אַזאַ אומאָרדנונג. און באַלד האָט זי זיך אָפּגערופן: צי ווייסט ער כאָטש, אַז זיין אייניקל האָט זיך מיט אים אפילו ניט געזעגנט ווי אַלעמאָל? ער האָט אינדרויסן עטלעכע מאָל געפרעגט פאַרוואָס דער זיידע זיינער האָט אים ניט געוואָלט ענטפערן אויף זיין פראַגע...

„וואָס האָט ער דען ביי מיר געפרעגט? איך געדענק שוין ניט", — האָט זיך הערי ראָס געמאַכט טאַמעוואַטע...

העלן האָט זיך צעשמייכלט:

„אייזיקל האָט ביי דיר געפרעגט צי וועסטו אים מיטנעמען צו אַ מאַיפאַראַד און רייטן אויף אַ פערד מיט אים צוזאַמען...

„וואָס-זשע שמייכלסטו?" — האָט זיך הערי ראָס געבייזערט—„ס'טוט דיר הנאה, וואָס אַ קינד פּלאַפּלט? וואָס האָב איך אים, לויט דיין שכל, באַדאַרפט ענטפערן? דו האָסט אינגאַנצן ניט באַדאַרפט אָפּזוכן אַן אַלטן אַלבאָם און אים דערלאַנגען! ס'פעלן אויס בילדער אין שטוב? נאָך וואָס דאַרפן מיר אָנקומען צו דער פאַרגאַנגענהייט? ביסט עפּעס אַ מאָדנע פרוי!

„אָבער אייזיק'לען האָסטו געמעגט ענטפערן, אַז ער זאָל אויף דיר באַציִטנס ניט טראָגן קיין בייז האַרץ", — האָט אים העלן פּרובירט צונישט מאַכן זיין כעס.

און ער אין זעלביקן אָטעם:

„זאָרג זיך ניט, העלען, פאַר מיר! אַ מתנה וועט ביים יינגעלע אַלץ פאַרהיילן. און ער וועט דעם זיידן אַלץ פאַרגעבן... ווען ער וועט בעסער קאָנען באַנעמען ס'לעבן וועל איך אים געבן צו פאַרשטיין און איך האָף, אַז ער וועט גיין אין מיינע וועגן...

די פרוי האָט זיך ראַפּטאַם אויפגעשטעלט און גענומען אָפּראַמען פון טיש. ער האָט איר נייגעריק נאָכגעקוקט, פאַראיבל געהאַט, וואָס זי האָט אים ניט געוואָלט אויסהערן: קיינער וועט אים ניט גלויבן, אַז ביי זיך אין שטוב איז ער אַזוי עלנט.

ער האָט אַן אויסגעשעפּטער זיך אַוועקגעזעצט ביים לאַנגן טיש, אונטער געשפּאַרט זיין קאָפּ מיט ביידע הענט און זיך פאַרטראַכט: „אַ זעכציקער געוואָרן. די יאָרן פליען אַוועק. ער האָט אַלץ געטאָן צוליב זיין פאַמיליע, צעריסן זיך מיט נעכטיקע פרייַנט, און איצט איז קיינער ניטאָ אָפּצושאַצן זיין מי-

די קינדער אָפּגעפרעמדט, די פרוי איז אויך אונטער אַ פרעמדן איינפלוס. אַבי מענטשן זיינען אים מקנא״...

דערנאָך האָט ער איינגעדרעמלט און ס׳האָט זיך אים גע׳חלומ׳ט: אָט זיצט ער היבטער גראַטעס. ער הערט שווערע קייטן און מ׳זינגט לידער וועגן דעם, אַז דער מאָרגן געהערט צו זיי. הערי ראָס כליפּעט: צו וואָס האָט ער דאָס באַדאַרפט? ער וויל זיין אויף דער פריי. און ער דערהערט אַן אויס־געשריי: שווייג שטיל, דו צעקראַכענע לעמעשקע...

מיטאַמאָל דאָס קול פון זיין אייניקל: „זיידע, נעם מיך אַרויף לעבן דיר אויפן ווייסן פערד״. און ער שרייט אויף אַ קול: ׳העלן, נעם אַוועק דאָס קינד, דאָ איז ניט קיין פּלאַץ פאַר קליינוואַרג״. און באַלד דערזעט ער מר. פיליפסן. ער בייזערט זיך. „וואָס שמייכלט איר אַזוי? וואָס טוט אייך הנאה? איך דאַרף זיך פאַר אייך ניט שעמען מיט דעם אַלטן אַלבאָם. גייט, זאָגט אייערע באַלעבאַטים, אַז איך וועל זיך מיט אים ניט שיידן פאַר אַ מיליאָן...״

מיטאַמאָל אַ גרויס געלעכטער און אַזאַ קענטלעך קול: „האָסט פאַר־קויפט די בכורה פאַר אַ טאָפּ לינדזן״...

הערי ראָס צעשרייט זיך און כאַפּט זיך אויף. קוקט זיך אַרום אַ ווײַלע און הוידעט זיך ווי אַ שיכור אַריין אין זיין שלאָפצימער...

# שווער צו פאַרגעסן

א זומער פרימאָרגן אין שטעטל. די זון האָט זיך נאָר־וואָס געהאַט באַוויזן. די בלומען און די קאַשטאַנען־ביימלעך אויף געסלעך זיינען נאָך פייכט געווען פונעם פאַרטאָגיקן טוי. ערגעץ האָט שוין אַ האָן געקרייעט און איבערגעשלאָגן דאָס פייגעלעך־געזאַנג און די מחשבות פון ראַבאַי יאָפע, וואָס איז שוין געזעסן אויף זיין אַלטמאָדישן גאַניק און געגרייט אַ דרשה פאַר די הייליקע טעג. ער האָט געטראַכט, אַז די יידן פון טעמפּל וועלן זיך ערנסט צוהערן צו זיינע רייד, גאָר אַנדערש ווי אַ גאַנץ יאָר: אויף אים ליגט אַ גרויסע אחריות אָנצוווייזן די פעלערן דאָ־און־דאָרט... באַלד האָט זיך באַוויזן אַ שמייכל אויף זיין בלייכן פנים: ער, אַ יונגערמאַן אין די צוואַנציקער, זאָל דאַרפן אָנווייזן פעלערן און שטראָפן באַאַרנטע יידן — ווי פּריקרע...

עס האָט זיך מיטאַמאָל באַוויזן ביים טירל פון זיין גאַניק דער קרעמער נייטן לינדער, אַ מאַן אין די פופציקער, מיט עטלעכע טיפע קנייטשן אין זיין הויכן שטערן, אַ פאַרשוויצטער און אַ פאַרסאָפּעטער. נאָך איידער ער האָט זיך געהאַט אָפּגעזעצט, האָט ער שוין גערעדט: ער קומט נאָר־וואָס פון טעמפּל. זיינע לאַנדסלייט, די פאַרבער, וועלכע ער האָט באַשטעלט, האָבן זיך באמת פאַרדינט זייערס. עס איז ליכטיק אין יעדן ווינקעלע. דער חזן היינטיקס מאָל איז אויך אַ געראָטענער: דער ראַבאַי איז דאָך נאָך אַ נייער, ווייסט ער נאָך ניט, ווי יידן נעמען־אויף די ימים נוראים, מ׳קומט אַהער אפילו פון די דערפלעך. צו „כל נדרי" קומט דער מעיאָר מיט זיינע געהילפן, און עס ווערט באַשריבן אין דער לאָקאַלער צייטונג, די פירער פון טעמפּל האָבן אוודאי הנאה דערפון, אָבער ניט ער — האָט לינדער עטלעכע מאָל באַטאָנט: אים באַקומט ניט זיין שווערע מי — האָט ער פאַרענדיקט מיט אַ קרעכץ.

„פאַרוואָס עפּעס?" — האָט ראַבאַי יאָפע פאַרוואונדערט געפרעגט.

„דער ראַבאַי דאַרף זיך שוין אָנשטויסן, אַז דאָס איז צוליב מיין פלימעניק סאָלאָמאָן ווי שווער ס׳איז אָנגעקומען צו ברענגען אים אַהער, און ער האָט דאָ פון שענסטן און בעסטן צו מאַכן אים צו פאַרגעסן, וואָס ער האָט איבער־געלעבט בשעת דעם וועלט־אומגליק... נו, וויל ער נאָר זיין אומעטיק און טרויעריק. נאָר עס דאַכטן זיך אים פאַרשטעלטע נאַציס. מיסטער ראָסטאָן האָט זיך אַהער געבראַכט אַ משרת פון היינטיקן דייטשלאַנד — נו, האָט שוין סאָלאָמאָן געוואָרפן אַן אויג אויף אים, אַז דער פרעד איז אים אַזאַ

קענטלעכער, איינער פון די וועלכע האָבן אונטערגעצונדן די שול, וואו זיין זיידע האָט געדאַוונט. ער וועט חוקר־ודורש זיין. ראַסטאַן איז בייז ווי אַ הונט: וואָס קומט סאַלאָמאָן אין זיין קראָם און דרייט אַ קאָפּ זיין משרת? ער וועט אים אַרויסוואַרפן. . . און דאָ קומט דער בחור נאָך צו גיין און דערציילט, אַז ער איז געזעסן נעכטן פאַרנאַכט אין פּאַרק, האָט אַליין געזען עטלעכע ווילדע יונגען מיט אַ קעסעלע ברוינע פאַרב, און זיי האָבן אים זיין פּנים פאַרשמירט אַז ער האָט זיך קוים דערוואַשן, און זיי האָבן גערעדט צווישן זיך שווידער־לעכע רייד וועגן יידן. ער וואָלט געשוואוירן, אַז פרעד איז געווען צווישן זיי...

„וואָס זאָגט איר דערצו?"

„וואָס מאַכט ער זיך אַ וועזן פון יעדער קלייניקייט? כ'האָב אים נאָך געוואָלט עפּעס זאָגן, האָט ער אַ פּראַל געטאָן מיט דער טיר און אַוועק צו זיינער אַ מומע, וואָס האָט זיך ניט־וויסנדיק געמאַכט, ווען מ'האָט אים באַדאַרפט אַרויסהעלפן".

„אפשר מאַכן אַן אונטערזוכונג, פאַרוואָס האָבן די בחורים אַזוי גערעדט וועגן יידן, און פאַרוואָס האָבן זיי באַשפּריצט אייער פלימעניק מיט פאַרב?"— האָט ראַבאי יאַפע גע'עצה'ט.

לינדער האָט געהויבן דעם טאָן:

„איר גלויבט אים שוין? זיין מעשה לייגט זיך ניט אויפן שכל...

„רשעות לייגט זיך קיינמאָל ניט אויפן שכל...

'נו, שטעלט זיך פאָר, ווי מיר וואָלטן אויסגעקוקט, ווען מיר זאָלן איבערגעבן סאַלאָמאָנ'ס אינצידענט צו דער פּאָליציי. אויב ס'איז אפילו דאָ אַ ברעקל אמת מיטן קעסעלע פאַרב, וועט ראַסטאַן דערציילן ווער די קונים זיינען? פרעג איך ביי אַ קונה צוליב וואָס ער קויפט אַ מעסערל?

ראַבאי יאַפע האָט געצויגן מיט די אַקסלען. דערזען די פרוי מיט אַ קריגל וואַסער, האָט ער פריי אָפּגעאָטעמט, מכבד געווען מר. לינדערן, ער זאָל אויפהערן ריידן אַזוי פיל: צוליב וואָס איז דער ייד אַזוי גאַנץ־פרי געקומען אַהער? און ווי לאַנג דענקט ער זיך דאָ צו פאַרזאַמען?

לינדער האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ צו דער פרוי, זיך אָנגעגאָסן אַ גלאָז וואַסער און געטרונקען. פאַרטיק געוואָרן, האָט ער איבערגעוואַרט ביז די פרוי איז צוריק אַריין אין שטוב, אָפּגעזיפצט: סאַלאָמאָן איז אייגן בלוט און פלייש. ער האָט קראַנקע פאַנטאַזיעס... ער וועט דאָ טאָן מער שאָדן ווי עפּעס... וואָלט ניט געווען גלייכער, ווען דער בחור באַזעצט זיך אין ישראל? וועגן הוצאות דאַרף ער זיך ניט זאָרגן... יעדער ייד וואָלט

זיך דאָס געוואונטשן... אַזויווי דער ראַבאַי איז געוואָרן זיין בעסטער פרינט, זייביידע שפּילן שאַך, זאָל ער מיט סאָלאָמאָנען אַ שמועס טאָן וועגן דעם. דאָרט וועט ער זיך אויסרועס זיינע נערוון, ניט אַרומגיין אַזוי פאַר־פינצטערט...

ראַבאַי יאַפּע האָט געשוויגן. לינדער האָט זיך ראַפּטאָם אויפגעשטעלט; ער האָט זיך דאָס אַביסל פאַררעדט. אַזויפיל זאַכן אויפן קאָפּ! ער מוז שוין גיין! ער איז געקומען אַהער פאַר דעם יינגלס וואוילזיין. ניט געקענט שלאָפן ביינאַכט. די קרעמער דערגייען אים די יאָרן: זיין פלימעניק רייצט־אָן ראָסטאָנ׳ען קעגן זיי... נו, ס׳וועט שוין זיין גענוג פאַר היינט!

אויפן וועג אַהיים האָט לינדער געטראַכט, אַז דער ראַבאַי האָט גע־קוקט אויף אים מיט ביטול: ער איז גאָר אַנדערש פונעם פריערדיקן ראַבאַי יענער האָט כאָטש צוגעזאָגט, דער — שווייגט... אין זיינע דרשות וואַרפט ער נאָר אויף, פאַרוואָס בלויז איין מאָל אין יאָר דערמאָנט מען די קדושים: לויט זיין מיינונג דאַרף מען דעם אומגליק טראָגן אויפן קאָפּ אַ גאַנץ יאָר. לינדער האָט אַ פּאָכע געטאָן מיט אַ האַנט, דערמאָנט זיך, אַז ער האָט פאַרפעלט צו דערציילן דעם ראַבאַי, אַז די קינדער מיידן־אויס סאָלאָמאָנ׳ען. צום ערשטן מאָל, ווען סאָלאָמאָן האָט פאַר זיי דערציילט, אַז ער האָט זיך געכאָוועט ביי אַ סלאָווישער פאַמיליע, געטראָגן אַ צלם אויפ׳ן האַלדז, גע־גאַנגען אין קירך, האָבן אים אַלע באַדויערט: אָבער דערנאָך, ווען זיי האָבן אים איינגעלאַדן צו גיין מיט זיי פאַרברענגען, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט.

„פאַרוואָס זאָגסטו זיך אָפּ?״ — פרעגן אים די קינדער.

„איך קאָן זיך ניט פאַרקלאַפּן מיין קאָפּ מיט אייער צייט־פאַרטרייב״, — ענטפערט ער. סאָלאָמאָן דערציילט זיי, אַז זיין אויפגאַבע איז צו פאַקן זיינע עלטערנס רוצחים... וואָס וואָלט דער ראַבאַי דערויף געענטפערט?

אַריין אין שטוב, האָט לינדער באַקלאָגט זיך פאַר זיין פרוי, אַז סאָלאָמאָן האָט זיך אויף אים טאַקע אויף אַן אמת אָנגעב׳ברוגז׳ט. ער האָט געזאָגט סאָלאָמאָנ׳ען, ער זאָל ניט קריכן וואו מ׳דאַרף ניט, זאָל ער בעסער גיין מיט די קינדער שפּילן באַל, זאָל ער לאַכן, שטיפן, באַגלייך מיט זיי, ווי עס פּאַסט פאַר אַ יונגן בחור — זיינען אים דעם פעטערס רייד ניט געפעלן געוואָרן.

די פרוי האָט זיך געקרימט: ווי קאָן ער פאַרגלייכן סאָלאָמאָנ׳ען צו היגע קינדער? אַליין פאַרשטייט ער ניט, אַז ס׳דאַרף נעמען צייט?

„וואָס־זשע זאָל ער טאָן ביז דאַן? שווייגן?״ — האָט לינדער איראָניש

גערעדט. די פרוי האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און אים אָפּגעענטפערט אין אַ דראַמאַטישן טאָן.

„נעיטן, הער אויף אים איבערשפּאַרן! מאַך אים ניט פאַר קיין ליגנער! נאָך אַלעמען קומען אַהער אַ סך דייטשן. אפשר איז צווישן זיי פאַראַן איינער וואָס האָט אונטערגעצונדן די שול, וואו זיין זיידע האָט געדאַוונט? אפשר האָט איינער אַריינגעשטופּט זיינע עלטערן אין טויטן־וואַגאָן... אפשר בונטע־וועט פרעד די ווילדע יונגען דאָ?

דער מאַן האָט זיך צעלאַכט: זי רעדט־נאָך דעם פלימעניקס רייד... און גלייך האָט ער זיך געכאַפּט צום טעלעפאָן, גערופן איינעם נאָך איינעם די אָנפירער פון טעמפּל צו העלפן אים ווירקן אויפן ראַבאַי, אַז סאָלאָמאָן זאָל פאַרלאָזן דאָס שטעטל: ער איז נעבעך אַזוי עלנט... ער וועט זיך קיינמאָל ניט צופּאַסן צום אָרט לעבן דאָ... ער שרעקט זיך, אַז צוליב זיין פּעסימיזם וועלן זיי אַלע ליידן...

אַלע האָבן לינדער׳ן צוגעזאָגט; פאַרגעסן אין די קריוודעס, וואָס זיינען פאַראַן צווישן קרעמער און קרעמער. אייניקע האָבן די לעצטע מינוט באַק׳מען רחמנות אויף לינדער׳ן: אָט אַזוי דינען זיי אָפּ די, וועלכע מען ברענגט אַהער אַריבער... נאָר ס׳דאַכט זיך זיי אויס, אַז די וועלט גייט־אונטער. דער ראַבאַי ווייסט דאָס שוין צייט, ער זאָל זיך צוהערן צו זיי דאָ, וועלכע גיבן אַוועק אַזויפיל צייט פאַר׳ן טעמפּל.

מר. קרעסל פון דער שפּייז־קראָם האָט באַלד גערופן דעם ראבאַי צו אַ וויכטיקער אסיפה: עס רירט־אָן דאָס גאַנצע שטעטל — האָט ער געזאָגט שטרענג, און איז נאָכדעם געוואָרן ווייכער, באַקלאָגט זיך: נעיטן לינדער האָט זיך צו אים ניט געוואָלט צוהערן: ס׳טויג ניט פאַר די געליטענע צו קומען אין לאַנד, וואוהין דייטשן קומען אַריין. סאָלאָמאָן האָט אַ רעכט צו־ האָבן אַ חשד אויף פרעד׳ן, ראַסטאַנ׳ס משרת, אָבער ער טראַכט אויס שוידער־ לעכע מעשיות... וועגן איבעריקן וועט מען שוין ריידן ביי דער אסיפה.

אויפגעהאָנגען דאָס טעלעפאָן־טרייבל, איז ראבאַי יאַפּע געבליבן זיצן אַ ווייל אַן אויסגעמאַטערטער. ער האָט געלאָזט העגגען זיינע בליקן אויף דער נייגעריקער פרוי זיינער, אויף איר לענגלעכן פּנים, אויף אירע בורשטין־ אוירינגלעך, אויף איר גוטמוטיקן שמייכל, געוואָלט זאָגן איר, אַז עס פּאַסט אפשר נאָך ניט פאַר זיי צו האָבן אַזאַ דערוואַקסענעם זון, ווי סאָלאָמאָן, אָבער דער רחמנות־געפיל, וואָס ער האָט צו דעם יינגל, איז ווי צו אַן אייגענעם זון... זאָל אסתר וויסן, אַז נעיטן לינדער האָט שוין מיט זיך אַלע רעדל־

## שווער צו פֿאַרגעסן

פּירער צו העלפֿן אים אַרויסצופּטר'ן זיין פּלימעניק פֿון שטעטל, און ער הויבט ניט אָן צו וויסן וואָס צו טאָן...

די פּרוי האָט זיך געשפּאָסט צום ערשטן: אפשר קאָן ער פּועל'ן, אַז זיי ביידע זאָלן באַגלייטן סאָלאָמאָנ'ען קיין ישראל? וואָלטן זיי שוין אין איין וועג געהאַט דאָרט זייער וואַקאַציע.דער ראַבאַי האָט שוין געשמייכלט און זי האָט ווייטער גערעדט: פֿאַרוואָס ניט פֿאַרבעטן סאָלאָמאָנ'ען אויף די ימים־טובים? דער ראַבאַי האָט צוגעשאָקלט מיט'ן קאָפּ און אויף מאָרגן ביי דער אסיפה האָט ער זיך דערמיט באַנוצט, און אַלע האָבן דערצו צוגעשטימט.

„זאָל דער ראַבאַי טאָן, ווי ער פֿאַרשטייט" — האָבן עטלעכע מיטאָמאָל זיך אָפּגערופֿן.

„פֿאַרוואָס זאָל סאָלאָמאָן ניט זען, ווי מען פֿירט דאָ דורך אַ גאָטעס־דינסט אָן מורא? אַז מ'האָט צוגעאָסט די שטעטלדיקע באַאַמטע צו „כל נדרי" ? אפשר וועט ער זיך ענדערן?" — האָט זיך דערהערט ראָס קול פֿון לינדערן,

„גערעכט; גערעכט"! — האָט מר. קרעסל צוגעשטימט און דערביי געשלאָסן די אסיפה.

דעם ערשטן טאָג ראש השנה האָבן זיך די מערסטע יידן געיאָגט צום טעמפּל, אַפֿילו עלטערע גאַרניט ווי געוויינלעך, ווייל דער פֿאַרבער הערי סאידעל, וואָס וואוינט קעגנאיבער דעם טעמפּל האָט אַלעמען געלאָזט וויסן, אַז פֿאַרטאָג האָבן בויאַנעס אָנגעטאָן דאָרט גרויס שאָדן; ער האָט דערהערט צו זיך אין שטוב אַריין דאָס בראַזגען פֿון גלאָז, איז ער גלייך אַרויס אַהין, זיינען די בויאַנעס זיך צעלאָפֿן און אין איילעניש, צי גאָר אומיסטן, אויסגעגאָסן אַ קעסל ברוינע פֿאַרב אויף די ווייסע ברייטע טרעפּ, וועלכע האָבן ערשט נעכטן געבליאַסקעט.

יידן זיינען באַלד געשטאַנען פֿאַר די פֿאַרשמירטע טרעפּ. די שטערנס פֿאַרזאָרגטע. יעדערער האָט פֿאַר זיך דערזען אַן אַנדער ווילד געשטאַלט אויסמאַרמירט פֿון דער אויסגעגאָסענער ברוינער פֿאַרב... ציינוויז אַ שנעלן בליק אויף אַן אויסגעזעצטער שויב, וואָס האָט דערמאָנט אָן טרויעריקע טעג... פּרויען האָבן געבראָכן די הענט און זיך געביטן מיט זייערע זיפֿצן. נעיטן לינדער האָט פּלוצים אַרומגעכאַפּט זיין פּלימעניק, דעם ראַבאַי און איז זיך פֿאַרגאַנגען אין אַ געוויין...

# א ניי לעבן

אין דער וואוינונג פון די לערמאַנס, וואו כמעט אַלע אָוונט הערט מען קלאַסישע מוזיק, אָדער מען פירט דיסקוסיעס איבער וועלטלעכע פּראָבּלעמען, מען קאָכט זיך, מען טומלט זיך ביז העט שפּעט ביינאַכט, איז דעם אָוונט געווען זייער שטיל, אַז מ׳האָט געקאָנט אַהין אַריינהערן די פוס־טריט פון דרויסן.

די פרוי, די טאָכטער מיט דעם זון, זיינען אַוועק אין אַ דערבייאיקן שפּיטאָל וואו די שנור האָט זיך געפונען. שוין עטלעכע שעה אַז זי איז געגאַנגען צו קינד.

ישראל לערמאַן איז געבליבן אַליין אין הויז. ער האָט געאַרבעט שווער און באַדאַרפט זיך גוט אויסרוען זיינע גלידער, ווייל מאָרגן וועט ער אַרבעטן אפשר נאָך שווערער ווי היינט.

ווען די שטילקייט האָט פאַרנומען דעם אויבנאָן, איז ישראל׳ן געוואָרן אביסל אומהיימלעך. ער האָט אָנגעשטאָפּט זיין ליולקע מיט טאַבאַק, געריכערט און געטראַכט, אַז ער האָט אויך געווען באַדאַרפט מיטגיין מיט דער פאַמיליע אין שפּיטאָל אַריין. ער האָט אין מוח ביי זיך אויף אַ גוטמוטיקן אופן זיך געווערטלט מיט זיין פרוי וואָס זי באַדויערט אים שוין אביסל צו פיל: פון וואַנען האָט זי עס געוואוסט ווי שטאַרק מיד ער איז? דערצו נאָך, אַ גיי לידל: וואָס וועט ער דאָרט אויפטאָן. ער איז דאָך ניט קיין דאָקטאָר! דער זון האָט געהאַלטן מיט דער מאַמען: פאַ, רו זיך אויס, וועסטו כוח האָבן צו ווערן אַ זיידע. די טאָכטער האָט צוגעשאָקלט מיט איר קאָפּ. יאָ, דער טאַטע דאַרף בלייבן אינדערהיים.

ישראל האָט זיך ממש גע׳מוסר׳ט: ער האָט זיך ניט באַדאַרפט צוהערן! אין די ידישע ספרים איז דער ענין גיין צו קינד אַזוי ערנסט! די יולדות איז אין אַ סכנה... אַ מבין ווי ער ווייסט אַפילו ניט אין וועלכן שפּיטאָל זיי זיינען געגאַנגען! דערפאַר וועט ער אפילו קיין איינציקן דרעמל ניט צולאָזן צו זיך. ער וועט זיצן און וואַרטן ביז די פרוי מיט די קינדער וועלן אים ברענגען די ריכטיקע בשורה.

ישראל האָט זיך פאַרטיפט אין אַ צייטונג. ער האָט געלייענט און אַנ־

געהויבן צו בײַסן זײַן ליולקע אין מויל. ער האָט שוין איצט געטראַכט וועגן דעם סך־הכל פון די יידן אויף יענער זײַט ים...

אומעטיקע מחשבות האָבן זיך אָנגעהויבן אָנרוקן אויף אים, ווי וואָלקנס אויף אַ קלאָרן הימל אינמיטן העלן טאָג. ישראל האָט גלײַך פאַר זיך דערזען זײַן אייגן געבורט־שטעטל אין בעסעראַביע, וואָס איז חרוב געוואָרן. ער האָט זיך געגומען דערמאָנען ווי אַזוי עס האָט אויסגעקוקט ווען ער איז נאָך דאָרטן געווען, וואָס די יידן האָבן דאָרטן אויפגעטאָן.

„אָט איז חיים־איצי מיט זײַן האַרטן קאַפּעליוש אויפן גרויסן קאָפּ, מיט זײַן שיין צעקאָמטער באָרד. זײַנע אויגן לאַכן אַזוי פריילעך. אונטער זײַן אָרעם טראָגט ער זײַן פידל. אָט איז ר׳ מאָניש! אַ קורצינקער ייד מיט אַ פּשוט׳ן קאַשקעט אויף זײַן קאָפּ. מיט אומעטיקע צוויי אויגן, אָבער דאָך ווילט ער זיך אפילו ווען אין זײַן קראָם איז גאָרניט פריילעך“.

ישראל הערט זיי ביידע ריידן.

מאָניש פרעגט: „וואוהין שפּאַנסטו פּאַניע חיים איצי“?

„איך גיי אָפּשפּילן אויף אַן אָרימער חתונה. געגעבן חתן כלה אויף חתונה־קליידער, באַדאַרף מען גיין פריילעך מאַכן... וואָס איז דאָ צו ריידן, מײַן פידל האָט ליב צו שפּילן אויף אָרימע חתונות...

און מאָניש פרעגט ווייטער: „וואָס וועט דײַן פידעלע טאָן ווען קיין אָרימעלייט וועלן מער אויף דער וועלט ניט זײַן?

חיים־איצי האָט זיך צעלאַכט. ישראל האָט דערבײַ אַ ציטער געטאָן. ער האָט ממש געהערט דאָס געלעכטער. באַלד איז דאָס געלעכטער שטיל געוואָרן און חיים־איצי אין זײַן גוטמוטיקן טאָן האָט געפרעגט בײַ מאָניש׳ן:

׳לאָמיר טאָקע הערן דײַן ענטפער!

מאָניש נעמט אַרום חיים־איצי׳ן און זאָגט אין אַ ביבלישן טאָן: „דאַן, ווען ס׳וועט מער ניט זײַן קיין אָרים און רײַך, וועסטו שפּילן אויף אַלע חתונות באַגלײַך... דײַן קאַפּעליע וועט דאַן האָבן אַ שם איבער אַ סך שטעט און שטעטלעך.

„מאַלאַדיעץ!“ — שרײַט אויס חיים־איצי.

אָט זעט פאַר זיך ישראל דעם אויסגעהאָרעוועטן יידן איציק־דוד, וואָס פאָרט אַרום איבער דערפער פאַרקויפן געוואַנט פאַר בורקעס. עס האָט געהאַלטן אין איין רעגענען דאַן, איז ער אַהיים געקומען אינמיטן וואָך, ניט ווי זײַן שטייגער איז געווען, צו קומען אויף שבת. די פרוי זײַנע, אַ קליינינקע, אַ גוטע, האָט אים דערלאַנגט קלאָרע וועש, זיך איבערצוטאָן. אים

באַגלייט אין זאַל וואו די לייכטער שטייען אָפּגעשייערטע אַ גאַנצע וואָך אויפֿן טיש. יענעם פּרימאָרגן, ווען איציק דוד האָט זיך אויפגעכאַפּט אַן אויסגע־רוטער, דערזען די גלאַנציקע לייכטער אופן טיש, די קלאָרע וועש אויף זיין גוף, האָט זיך אים געדאַכט, אַז עס איז שבת. ער האָט זיך צוגעאיילט: ער האָט שוין צופיל הנאה געהאַט פון זיין לעבן, מ׳דאַרף מעביר זיין די סדרה...

דערנאָך האָט ישראל ממש געזען ווי ער האָט זיך אָנגעטאָן די שבת־דיקע קליידער, געגאַנגען אין שול אַריין. ווען ער האָט אויפן וועג אָנגע־טראָפן האָט ער דערלאַנגט אַ „גוט שבת״ און זיך געגאַנגען זיין וועג.

דאָס גאַנצע שטעטל האָט באַלד געוואוסט פון דעם, אַז איציק דוד האָט געמאַכט שבת פאַר זיך אַליין. מ׳האָט געלאַכט אין יעדן ווינקעלע, און ווען איציק דוד האָט זיך שפּעטער דערוואוסט פון זיין טעות, האָט ער מיט אַלע מענטשן מיטגעלאַכט: ס׳וואָלט אוודאי ניט שלעכט געווען ווען גאָט גיט מער ווי איין שטיקל שבת אַ וואָך, — האָט ער זיך געוויצלט.

אָט וואַקסט אויס פאַר ישראל׳ס אויגן אַ טשאַפּראַן (אַ לייוונטענע פּאַ־לאַטקע) מיט אַ הילצערנער דיל. גרויסע קעראָסין־לאָמפּן הענגען אַרונטער פון די סוואָליקעס. דאָס גאַנצע שטעטל פרייט זיך. מ׳פירט דעם בעדערס טאָכטער צו דער חופּה. שטעטלדיקע פרויען מיט לאָמפּן אין זייערע הענט שטייען אויף די גאַניקעס צו כאַפּן אַ קוק אויף דער כלה. ישראל הערט זייערע רייד:

„דאַנקען גאָט! אַבי מ׳האָט שוין געדענקט אַז מלכה׳לע וועט בלייבן אַ פאַרזעסענע״...

„ווי באַלד אַזוי דאַרף מען גיין העלפן פריילעך מאַכן און הערן חיים־איצי׳ן מיט זיין קאַפּעליע...

„יאָ, זיין פידעלע צעגייט זיך אין אַלע אברים״...

„און שפּילן שפּילט ער אָן אַ גראַשן געלט״...

אינמיטן דער שמחה באַווייזט זיך דר. לערמאַן. ער איילט זיך צו אשר בעל־עגלה, וועמענס פרוי איז מסוכן קראַנק. דאָס גאַנצע שטעטל ווייסט פון דעם. אין אַלע שולן האָט מען ערשט געזאָגט תהלים פאַר איר. דער דאָקטאָר טאַפּט זיך אין זיינע קעשענעס, צי האָט ער קליינגעלט פאַר אַ מעדיצין? אַזוי האָט ער זיך געפירט פון נעכטן, אייער נעכטן, ווען ער איז געגאַנגען צו אַן אָרעמען פּאַציענט.

ישראל האָט זיך דערמאָנט וועגן אַ סאַבאַראַניע אין שטעטל: עטלעכע צענדליק שניידער־יונגען, שוסטערס און פריקאַזשטשיקעס האָבן ביי זיך

## שווער צו פאַרגעסן

אָפּגעמאַכט אַז זיי ווילן האָבן אַ קורצן אַרבעטס־טאָג. זיינען די באַלעבאַטים זייערע אַוועק צו אייזיק סטאַראָסטע: „טוט עפּעס צו דעם ר׳ אייזיק! איר זענט דאָך עפּעס אונדזער נאַטשאַלניק... דער סטאַראָסטע האָט זיך געגלעט זיין רויטלעכע באָרד און בנ׳עימות׳דיק גערעדט: „וואו שטייט עס געשריבן אַז איר זענט גערעכט?

אָט איז ישראל׳ס טאַטע, דער גמרא־מלמד. ער רעדט צו זיינע דער־וואַקסענע תלמידים. יידן האָבן געקראָגן די תורה אויפן באַרג סיני און זיי באַדאַרפן וויזן אַ ביישפּיל פאַר די אומות העולם צו האַלטן איר. יושר פאַר אַלעמען איז אונדזער הויפּט־געבאָט״...

מיטאַמאָל האָט ישראל פאַר זיך דערזען סקעלעטן מיט פייערדיקע אויגן־לעכער. ישראל האָט זיך ראַפּטאַם אויפגעשטעלט. ער האָט געוואָלט אויס־שרייען, אָבער די סקעלעטן האָבן אים געהאַט אַרומגערינגלט. זיי האָבן צו אים גערעדט: סראַלעק אַמעריקאַנעץ, הער וואָס עס האָט געטראָפן אין דיין געבורט־שטעטל! אָט איז חיים־איצי׳ס קול: די נאַציס האָבן פאַרנומען מיין שטוב פאַר זייער הויפּט־קוואַרטיר און דער עלטסטער זייערער האָט זיך געוואָלט לוסטיק מאַכן איבער מיר איך זאָל פאַר אים שפּילן אויף מיין פידעלע. וואָס זאָגסטו דערויף? מיין פידעלע זאָל שפּילן פאַר אַ תליון! מיינע הענט האָבן אָנגעהויבן ציטערן און דער פידל איז צעשמעטערט געוואָרן... פרעג שוין ניט וואָס ווייטער האָט געטראָפן! דיין טאַטן, דעם גרויסן לערנער מיט זיין יושר אָן אַ שיעור, האָבן די נאַציס אין לאַגער צום טויט פאַרמוטשעט. עס רייסט זיך אַריין אַ שוואַכע שטימע פון שמעיה מלמד. ער איז געזעסן אין גרויסן בית־מדרש ביי אַ פענצטער און געלערנט: אמר רבי עקיבא... דער זייגער אויף דער וואַנט, מיט זיין גרויסן מעשענעם אומרו האָט געקלאַפּט: טיק־טאַק, טיק־טאַק. זיינען די נאַציס אָנגעקומען און געמאַכט אַ שריפה. און ווען אַלץ אַרום האָט געברענט, האָט שמעיה נאָך אַלץ ניט אויפגעהערט צו לערנען: אמר רבי עקיבא...

אָט הערט ישראל דאָס קול פון שטעטלשן דאָקטאָר:

„מ׳האָט אים אומגעבראַכט ווייל ער האָט געוואָגט ראַטעווען פאַרפייניק־טע יידן״.

אָט רעדט מאַניש:

„יידן, לאָמיר געבן אַ תקיעת־כף! אויב איינער פון אונדז וועט לעבן בלייבן, זאָל ער קיינמאָל ניט פאַרגעסן צו נעמען נקמה פאַר אונדז אַלע...

אַ געוויין פון לוי שמש:

„איך בין אַ קברן פון מענטשן, וואָס שטאַרבן אַ נאַטירלעכן טויט. איך וועל זיך ניט צורירן צו די קדושים וואָס איר ברענגט אום פאַר מיינע אויגן... הרג׳עט מיך פריער...

עס דערהערט זיך אַ טיפער קרעכץ פון חיים־איציס צעבראָכענעם פידל און ווערט שטיל...

ישראל האָט דערנאָך מער קיינעם ניט געזען. זיין גומען איז ביי אים געוואָרן טרוקן אַז ער האָט ממש דעם אָטעם ניט געקענט כאַפּן. ער איז געלאָפן אין קיך אַריין. מיט אימפעט געלאָזט לויפן די וואַסער פון קראַן. ער האָט געטרונקעןליידנשאַפטלעך און פאַרגאָסן זיך ווי אַ קינד... אומעטיקע מחשבות האָבן אים בעת־מעשה געמאַטערט: ווי אַזוי קאָן מען זיך רואיק אָב־גיין מיט אייגן לעבן? וואו געפינט מען אַ ברעקל האָפנונג, אַ שטראַל...

ער האָט געשפּאַנט איבערן שטוב הין און צוריק ווי אַ פאַרשפּאַרטע חיה אין אַ שטייג. ער האָט זיך פאַר אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט. געקוקט אויף די עטלעכע קונסט־בילדער וועלכע האָבן באַצירט די ווענט. ער האָט באַקומען אַ געפיל ווי זיי אַרונטערצורייסן. צעברעכן די לאָמפּן...

פלוצים האָט ישראל דערהערט טריט פון יענער זייט טיר. די קלאַנגען פון די אָפּצאַסן — וואָס אַמאָל שאַרפער. ער האָט אָנגעשפּיצט זיינע אויערן ווי איינער וואָס געפינט זיך אין אַ ווילדערניש און איז שוין אָפּגעוואוינט פון לעבעדיקע מענטשן. ער איז אַקעגן געלאָפן און אויפגעפּראַלט די טיר. די פרוי מיט די קינדער זיינען אַריין. אַלע מיט צעפלאַמטע באַקן, און אַלע אויפּאַמאָל האָבן זיך צעזונגען:

„מזל־טוב, זיידע! — האָט די פרוי גערעדט אָן אַן אָפּשטעל, — שוין איינמאָל אַ יינגעלע! אַ מלאכ׳ל, אַ שליח פון גאָט. דאָס נפש׳ל איז געקומען גוט צו מאַכן אונדזער פאַרלוסט, — האָט זיך ישראל׳ן געדאַכט אַז ער האָט געהערט זאָגן דער פרוי.

דערביי האָט זיך זיין אויסזען אָנגעהויבן צו בייטן. די אויגן זיינע האָבן זיך אָנגעהויבן אויסלייטערן. דער גלייכגילטיקער קוק זיינער איז פאַר־ביטן געוואָרן אויף אַ שמייכל. זיינע פינגער האָבן זיך צעקלונגען: דאָס קינד האָט געבראַכט מיט זיך דעם שטראַל וואָס ער האָט פריער געזוכט: יידיש לעבן איז אַן אייביקייט! — האָט זיך ישראל׳ן געדאַכט, אַז אימיצער זאָגט אים אויפן אויער.

ער האָט זיך פאַרשעמט פאַר זיין פאַמיליע וואָס אים איז ביז אַהער דער ענין וועגן זיין ערשטן אייניקל ניט אָנגעגאַנגען. ער איז מיט שנעלע טריט

אַוועק, געשטעלט משקה אויפן טיש און מיט ציטערדיקע הענט אויפגעהויבן זיין כוס:

„לחיים, זאָל דאָס קינד אויסוואַקסן אַ גיבור! אַ ייד אַזאַ וואָס זאָל די שונאים דעם וועג פאַרלויפן... זיין חכמה זאָל ער צושטייער געבן אַז אַלע מענטשן זאָלן לעבן ווי ברידער... די פרוי מיט די קינדער האָבן פרום צוגעשאָקלט מיט די קעפּ, ווי צו אַ תפלה...

פון ישראלס אויגן האָבן אַרויסגעגלאַנצט טרערן.



# דאָס פאַרלאָשן לעמפּעלע

דער פרימאָרגן איז געווען אַ גראָטענער. אַ קלאָרער הימל אָן אַ שפּרענקעלע. אַ מילד ווינטעלע האָט געגלעט. ענדלעך האָט דער פרילינג פאַרנומען דעם אויבנאָן.

ביי די אַרבעטער פון דער „טשעלסי נאָוועלטי קאָמפּאַני" איז דער היינט געווען ווי דער נעכטן, ווען אינדרויסן האָט געגאָסן אַ רעגן, און אַ בייזער ווינט האָט געגראַבלט די פאַרשטויבטע פענצטער. אַלע אין שאַפּ זיינען געווען פאַרטיפט אין דער אַרבעט. די אָפּערעיטאָרס ביי די ניי־מאַשינען האָבן פלינק געשאָרט צעשניטענע טיילן סחורות פון אַלערליי קאָלירן אויף די גלאַטע טישלעך. אויסגעצויגענע פינגער האָבן געשטופּט אונטער בלאַנקע נאָדלען, וועלכע האָבן געטאַנצט און געטאַנצט — נאָך אַ נאָט און נאָך אַ נאָט, גלייכע און געדרייטע.

גלייך אַקעגן זיי — אַ לאַנגער טיש, הויך באַדעקט מיט סחורות: רויטע, בלויע און שוואַרצע, אויסגעבלייכטע צושניידער, פוןביידע זייטן מיט די שפּיץ צונגען אויף די ליפּן זייערע, שטופּן די שנייד־מאַשינען. איינער — אַהין, און דער צווייטער — אַהער. די מאַשינען שפּריצן פייער און קרעכצן.

דער פאָרמאַן, אַ קורצינקער מיט גרויסע ברילן און האַלב־פּליכאַוואַטן קאָפּ, טראָגט זיך איבערן שאַפּ ווי אַ וויכער. ער פּליעסקעט מיט זיינע פּוכקע הענט: „די ספּעשלס, די ספּעשלס!" און באַלד טאָרעט ער אַ מידע פּלייצע פון אַן אָפּערעיטאָר, יענער זאָל זיך צו אים אויסדרייען. ער שפּיזלט יענעם דורך מיט זיינע בליקן און צעשרייט זיך, אַז מען זאָל דערהערן אין אָפּיס:

„בענטשיק, טו נאָר אַ קוק, שטעך ביי דיר, ווי גאַנצע שפּאַן. קליינע שטעך וויל איך האָבן. דו הערסט?

מיטאַמאָל האָט זיך באַוויזן דער באַלעבאָס — אין אַ וויס העמד, די אַרבל אַרונטער. ער האָט אָפּגעטרייסלט דאָס אַש פון זיין ציגאַר און גע־קאָרטשעט מיט זיין ברייטער נאָז. אַריינגעשושקעט דעם פאָרמאַן אין אויער אריין, אַז היינט זאָל ער ניט ווייזן זיין „טאַלאַנט": ניט שרייען. ער וועט שפּעטער אויסגעפינען פאַרוואָס. דער פאָרמאַן האָט זיך פאַררויטלט איבער די אויערן. געשטאַנען אַ ווײַלע אַ צעטומלטער: ער ווייסט ניט וואָס ווייטער צו טאָן. ער איז אַוועק צו זיין טישל.

דער באַלעבאָס האָט אים נאָכגעקוקט. געטראַכט זיך, אַז ער האָט

זיך ניט אויף וועמען צו פאַרלאָזן. די שלעכטע בשורה, וואָס ער האָט נאָר-וואָס באַקומען דורכן טעלעפאָן וועגן הירשקען אין שפּיטאָל, וועט ער אַליין מוזן ברענגען. אַזאַ נייעס קאָן אויף איינעם אַמאָל אַזוי שלעכט ווירקן, אַז יענער זאָל אַוועקחלשן. נאָך דאָס פעלט אים... דער שאַפ איז אַזוי פּיין צעוויגט אָבער צוריקהאַלטן די נייעס קאָן ער ניט. נאָר ער אַליין וועט זיין גענוג פאָרזיכטיק, אַז עס זאָל ניט ווערן קיין גרויס גערודער.

דער באַלעבאָס האָט זיך באַלד אָפּגעשטעלט לעבן די פּרעסערס; צו זיי קאָן ער ריידן, און ניט איבערשלאָגן אין דער אַרבעט. ער איז געבליבן שטיין ווי אַ ליאַלקע, געגלאָצט מיט די אויגן: זאָל ער אַזוי וויסן פון בייז, צי ווייסט ער ווי אַזוי אָנצוהייבן: אַז קיין חסרונות זוכן קאָן ער איצט ניט טאָ וואָס טויג עס?

די פּרעסערס האָבן זיך דערפילט אומבאַקוועם דערמיט, וואָס זייער באַלעבאָס גלאָצט מיט די אויגן. מ׳האָט זיך איבערגעקוקט: ווי אַזוי ווערט מען פּטור פון אים? האָט זיך מיישב געווען שימקע, דער עלטסטער פון זיי: ער האָט אַ פּאַרטל: צי ווייסט מר. פּאָסט, אַז דער „באָטנהאָל מעיקער" איז היינט ניט אַריינגעקומען, און זיי וועלן באַלד ניט האָבן קיין אַרבעט? זאָל ער אַזוי גוט זיין און זאָגן דעם פאָרמאַן, וואָס צו טאָן...

מר פּאָסט האָט יאושדיק געשאָקלט מיטן קאָפּ, זיך געטראַכט, אַז אַן אַנדערש מאָל וואָלט שימקע געכאַפּט אַן אָפּשניט פון אים. ער וואָלט אים געזאָגט, אַז ער קאָן אליין פירן זיינע ביזנעס אָן זיין עצה. נאָר איצט איז אים די באַמערקונג וויכטיק. ס׳מאַכט פאַר אים גרינגער צו דערלאַנגען די שלעכטע בשורה. ער האָט אָפּגעזיפצט און זיך צעלאָזט:

׳שימקע, דעם איינציקן פון דאַנען, וואָס אים אַרט שוין ניט מער, יאָ אַרבעט ניט אַרבעט, איז הירשקע״.

„ער האָט שוין דורכגעמאַכט די אָפּעראַציע?" — האָבן אַלע ביים טיש אויף איין מאָל געפרעגט.

„יאָ, שוין אַלץ איבערגעקומען" —האָט מר. פּאָסט גערעדט דראַמאַטיש. ער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, אַ ווײלע געשוויגן און זיך ווידער צעלאָזט:

„ווי נאַריש איז דער מענטש. אים איז ממש געגאַנגען אין לעבן צו קריגן נאָך עטלעכע פּעניס אויף די גאַרמענטס"...

שימקע האָט געצויגן מיט די אַקסלען. זיך ניט געכאַפּט גלייך וואָס

דער באַלעבאָס וויל אויסברייען. האָט ער אים פּרובירט אַריינזאָגן ווי זיין שטייגער איז געווען.

„נו, אַז מ׳לעבט דאַרף מען עסן, צאָלן דירה־געלט. אפילו אין שפּיטאָל שינדט מען די הויט פון אַן אָרעמאַן"...

דער באַלעבאָס האָט שימקען איבערגעשלאָגן: זאָל ער וויסן דער גראָבער קאָפּ, אַז הירשקע זאָרגט זיך שוין מער ניט פאַר די זאַכן...

דאָ האָבן אַלע פּרעסערס געלאָזט שטיין זייערע אייזנס אויף די גע־שטעלן, און ווידער האָבן אַלע אויף אַמאָל געפרעגט:

„וואָס האָט פּאַסירט מיט הירשקען? שאַנעוועט אונדז ניט"....

„אים האָבן מיר שוין פאַרזאָרגט, — האָט דער באַלעבאָס זיך צעכלי־פּעט. ער האָט זיך געשאַפּט מיט שימקען, אַז ער זאָל לאָזן וויסן דעם שאָפּ. אים קאָסט שוין אַזוי אויך אַ שטיק געזונט. דערביי איז מר. פּאָסט געבליבן שטיל און דערנאָך אַוועקגעשפּאַנט גלייך אין אָפּיס.

די פּרעסערס האָבן אים נאָכגעקוקט און געשטאַנען פאַרגליווערטע. ס׳ווילט זיך אויסשרייען, נאָר די גאָרגלען זיינען ווי מיט בליי אָנגעפּילט. די הערצער זייערע האָבן געוויינט אין דער שטיל: סטייטש, אָט דאַכט זיך הערט מען אים זינגען. ווי פריילעך ער איז דאָס געווען ,ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט. ער האָט דאַן אַשליידער געטאָן זיין פאַרטוך אין דער קאָרעטע אַריין, און זיין קול האָט זיך געטראָגן איבערן גאַנצן שאַפּ: „קומט, מענטשן! ווער האָט עס געדולדט צו דער אַרבעט? לאָמיר אַלע זינגען. פון איצט־אָן וועט מען שוין קאָנען צומאַכן מיט אַן אויג ביינאַכט. מער וועל איך ניט שטיין ווי אַ בעטלער, ווען דער בריוו־טרעגער באַווייזט זיך. מיין זון, מיין זון! איך האָף, אַז דו ביסט אַרויס מיט גאַנצע ביינער"...

אויף דער גאַס טאָפּטשעט מען אין שמאַטעס, וואָס מ׳האָט פון די שעפּער געהאַלטן איין אַרויסוואַרפן דורך די פענצטער. הירשקע גייט אין פאָראויס ער איז שטאַרק באַגייסטערט פון די מענגעס מענטשן, וואָס האַלטן אין איין אָנקומען; און ווען איציקל, דער מוזיניק פון די פּרעסערס, לאָזט פאַלן אַ באַמערקונג, אַז מ׳האָט אויך געמעגט אַרויסוואַרפן געוויסע באַלעבאַטים, האָט הירשקע אויסגעשאָסן אין אַזאַ געזונטן געלעכטער, אַז מ׳האָט זיך פון אַלע זייטן אומגעקוקט. „אַ ריז" — האָט מען זיך וועגן אים געשושקעט. אַ קלייניקייט, אַזאַ הויך! און די באַקן מיט רויטע פּליאַמעס: ווער האָט געזאָלט וויסן, אַז דאָס איז גאָרניט קיין גוטער סימן?...

נאָך איידער דער באַלעבאָס האָט אין אָפּיס געפונען אַן אַרבעט פאַר

זיך, איז שוין הינטער זיינע פּליִיצעס געשטאַנען איינער פון די אָפּערעיטאָרס— דזשעק מאַנדל. אַ הויכער, מיט אַ האַלב־ווייסן קאָפּ האָר און איינגעפאַלענע באַקן. ער האָט אַרויסגעציטערט עטלעכע ווערטער:

„איז אמת, וואָס מ׳זאָגט וועגן הירשקען?״

מר. פאָסט האָט זיך אויסגעדרייט צו אים און געשאָקלט מיטן קאָפּ.

דזשעק איז געגאַנגען צוריק אין שאָפּ אַריין פאַמעלעך. געריבן זיך אַ האַנט. ער האָט מיטאַמאָל דערפילט אַ קעלט איבערן גאַנצן גוף. ווען די אַרבעטער ביי די מאַשינען האָבן אים דערזען אָנקומען, האָבן זיי שוין ניט באַדאַרפט ביי אים פרעגן, צי דער קלאַנג וועגן הירשקען איז אמת. מ׳האָט אַ קוק געטאָן אויף זיין וואַקסענעם פּנים, האָט מען שוין אַלץ געוואוסט. דזשעק האָט באַלד אָפּגעשטעלט די עלעקטריק, און אַלע אַרבעטער אין שאָפּ, זיינען געבליבן שטיין מיט געבויגענע קעפּ, מיט איינגעהאַלטענע אָטעמס. דזשעק אַליין האָט זיך ניט געקענט איינהאַלטן, צוערשט אַ קרעכץ געטאָן און דערנאָך זיך צעוויינט אויפן קול.

„אַ מבין, ווי ער האָט ניט געוואָלט אויסזאָגן, אַז ער איז אַ חולה מסוכן...

„וואָס האָבן מיר געקענט העלפן?

׳און אַז מ׳גייט שוין פאַר אַן אָפּעראַציע, דאַרף מען שטאַרבן?

„אָט זעסטו דאָך!

„זיין האַרץ האָט אים אָבער געזאָגט, אַז ער האַלט שמאָל... ער האָט ניט פאַרגעסן צו געזעגענען זיך מיט יעדן איינעם אין שאָפּ. יעדן געגעבן זיין האַנט, איבערגעבעטן זיך אפילו מיט מעקסעלען דעם תכשיט, וואָס האָט זיך אים אַקעגנגעשטעלט, אַז מ׳דאַרף ניט טיילן קיין אַרבעט. און זאָל ער ווינציקער זינגען, דאָ איז ניט קיין אָפּערע הויז...

„ש־ש־ש! מ׳דאַרף ניט איצט קיין הייס בלוט!״ — האָט זיך דזשעק געבעטן נאָך אַלץ אין אַ כליפּעדיקן טאָן.

„הירשקע איז געווען אַן אמת־לייטישער מענטש״, — האָט זיך אַריינגעמישט שימקע, וואָס האָט דער ערשטער באַקומען די נייעס פון באַלעבאָס. ער האָט געגלעט דזשעקן איבער די פּלייצעס. — „באַרואיק זיך אַביסל״!

„מיר זיינען אַלע לייטישע מענטשן״, — האָט זיך מעקס אָפּגערופן. — „אָבער דער וויסטער באַנדל — פּרנסה״...

„ווי פריילעך ער האָט אונדז געמאַכט מיט זיין זינגען.

„יאָ, מיט אַזאַ שטימע האָט ער באַדאַרפט ערגעץ דערגרייכן... דאָס אַליין האָט אים אויך קיין גוטס ניט געטאָן. ער האָט שוין אַפּנים פאַרשטאַנען,

אַז ער וועט פאַרענדיקן אין שאַפּ, האָט ער זיך געריזעט זיין האַרץ, ביז, ביז...

„געבנוג טאַלאַנטן גייען אַזוי פאַרלוירן און מ׳מאַכט נאָך חוזק פון זיי...

„האָב איך אַמאָל פון הירשקען געלאַכט?

„דו ניט, איך אוודאי ניט, אָבער ס׳האָבן זיך געפונען לצים...

דער הויכער דזשעק האָט אויפגעהויבן אַ בלייכע האַנט, ווי אַ דיריגענט און באַפוילן, אַז מ׳זאָל שוין אויפהערן צו ריידן:

„מ׳דאַרף צו שאַפן אַ שטיקל פאַנד פאַר דער אלמנה. זי האָט זיך גענוג אויסגעבראַכט," — האָט דזשעק אַרויסגעוויינט זיינע ווערטער, און דער ערשטער זיך גענומען צו זיין קעשענע.

„מיסטער פּאָסט, מיר מיינען אייך אויך",— האָט ער זיך געווענדט צום באַלעבאָס, וואָס האָט זיך נאַר־וואָס געהאַט באַוויזן.

מר. פּאָסט האָט געהאַט זיין אייגענע אורזאַך אַריינצוקומען. אים האָט זיך געדאַכט, אַז די לוויה וועט פאַרקומען צוויי אַזייגער היינט, פאַרוואָס האָבן זיי שוין אויפגעהערט צו אַרבעטן? צוליב וואָס צע׳פּטרן דעם גאַנצן טאָג? האָט ער די אַרבעטער געוואָלט פירהאַלטן, נאָר די אויגן זייערע זיינען אים באַפאַלן, ווי ער וואָלט געווען שולדיק אין דעם גאַנצן אומגליק האָט אים ניט געפּאַסט: אפשר וועט ער זיך שאַפן מיט דעם פאַרמאַן?

דזשעק האָט אים איבערגעשלאָגן. נאָך אַמאָל אים געלאָזט וויסן וועגן וואָס דאָ האַנדלט זיך: זיי האָבן באַשלאָסן צו שאַפן אַ גלייכן הונדערטער פאַר דער אלמנה — פינף־און־זיבעציק איז שוין דאָ...

דער באַלעבאָס האָט אונטערגעשטעלט די האַנט: זאָל דזשעק אים איבערגעבן די געשאַפענע סומע. ער וועט שוין הייסן דער בוכהאַלטערין אויסשרייבן אַ טשעק. ער האָט אויסגעלאָזט מיט די ווערטער:

„דזשעק, לאָז עס איבער צו מיר!"

דזשעק האָט זיך געביסן אַ ליפּ. אַזאַ טבע האָט ער געהאַט ווען ער האָט זיך פאַרטראַכט. עליע, דער מוזיניק פון די פּרעסערס, האָט אים גלייך איבער־געשלאָגן: זאָל דזשעק וויסן, אַז ער איז קעגן דעם, אַז דער באַלעבאָס זאָל באַקומען די אויבערהאַנט איבער זייער צדקה. דער שאַפּ דאַרף שיקן אַ קאָמיטע. אַזוי פירט זיך...

דזשעק האָט זיך באַלד אָנגעכאַפּט אין דעם, און איבערגעגעבן די נאַר־וואָס־אַרויסגעבראַכטע ווערטער פון עליען צום באַלעבאָס: אַזוי פירט זיך...

„אָ־קעי!" — האָט מר. פּאָסט זיך אָפּגעקערט פון דזשעקן, און דערנאָך שוין גערעדט צו אַלעמען, — „ביי מיר האָט איר אַלץ געפּועלט".

## דאָס פאַרלאָשן לעמפּל

רובין, איינער פון די צושניידער, איז געררירט געוואָרן פון דער סיטואַ־ציע, וואָס מען זאַמלט געלט, און ער האָט אַ וואָרף געטאָן אַ האַנט און גערעדט הויך אויפן קול:

„אַן אַרבעטער גיט אַוועק ס'לעבן ביי דער מאַשין. דערנאָך דאַרף די פאַמיליע אָנקומען צו „טשאַריטי". אַ שאַנדע! אַ שאַנדע!

מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט אַן אומעטיק קול, ווי פון אַ היימישן שמש, וועלכער האָט געוועקט צו סליחות. דאָס איז ווידער געווען דזשעק מאַנדל. ער האָט מיט אַ געבעט געזאָגט:

„צו דער לוויה! צו דער לוויה!"

איינס און צוויי איז דער שאַפּ געבליבן פּוסט. דער באַלעבאָס האָט גע־לאָזט וויסן, אַז ער וועט קומען אַביסל שפּעטער: אים איז ניט אַזוי גרינג אַוועקצוגיין ווי זיי... קיינער האָט אפילו ניט געוואָלט הערן, וואָס ער האָט געהאַט צו זאָגן... ער גייט זיי איצט ניט אָן...

ווען די אַלמנה האָט דערזען די שאַפּ־אַרבעטער, האָט זי זיך צעקלאָגט אויף אַ הייזעריק קול:

„הערט מענטשן, ער האָט ניט געטאָרט גיין אַרבעטן. ניט געוואָלט פאָלגן דעם דאָקטאָר. ס'איז מיין שולד, מיין שולד! מיט יאָרן אין דער ערד אַריין. הירשקע, זיי מיר מוחל! זיי מיר מוחל! דו ביסט דאָך געווען אַזאַ גוטער, אַזאַ טייערער... מיר האָט ער אויסגערעדט וועגן אונדזער זון אין דער מלחמה, און אַליין אַזוי געליטן. אוי, ווער ס'האָט ניט געהערט זיין קרעכצן פון שלאָף אַרויס...

שימקע האָט זי געגלעט איבער איר צעפּאַטלטן קאָפּ האָר און געטרייסט.

„ס'איז ניט אייער שולד! אַלע ווייסן דאָס! אַ קללה אויף דעם וויסטן מאַרשרוט. שטאַרקט זיך און זייט אַ געזונטע מאַמע צו אייערע קינדער! מיר וועלן אייך ניט לאָזן פאַלן... אייער מאַן האָט עס זיך פאַרדינט. זיין געזאַנג..." — מער האָט ער ניט געקענט ריידן...

אַ פּריש־ראַזירטער יונגערמאַן מיט אַ יאַרמעלקע אויפן קאָפּ האָט באַפוילן, אַז עס זאָל זיין שטיל. ווי ער וואָלט זאָגן: וואָס עס איז געווען, איז געווען: דער מת דאַרף זיין ווייט אָפּגעשיידט. ער האָט באַלד אויפגערופן דזשעק מאַנדעל, ער זאָל זאָגן אַ פּאָר ווערטער אין נאָמען פון שאַפּ, וואו הירשקע האָט אַ סך יאָרן געאַרבעט.

דזשעק האָט זיך אויפגעשטעלט, געגאַנגען איינגעהויקערט אַרויף צו דער בינע. ער האָט געכליפּעט און גערעדט:

„דאָ אין דעם פּאַרמאַכטן אָרון ליגט אַ שטיק ערלעכקייט. וואָס פאַר אַ וועלט מיר וואָלטן עס געהאַט, ווען מען הערט זיך צו צו הירשקען. זיין געזאַנג איז געווען אַ גוטע זאַלב אויף אונדזערע וואונדן. זאָל אים זיין גוטס־קייט אָקעגנקומען!" — מער האָט ער ניט געקאָנט ריידן. ער האָט אויסגע־בראָכן אין אַ געוויין, וואָס איז אויפגעכאַפּט געוואָרן אויך פון אַנדערע. דער יונגערמאַן מיט דער יאַרמעלקע אויפן שפּיץ קאָפּ האָט זיך ווי אַריינגעריסן און זיך צעלאָזט מיט אַן „אל מלא"... דערמיט האָט זיך פאַרענדיקט דאָס לעצטע בלעטל פון הירשקעס לעבן, פון הירשקען, וואָס האָט אַזוי געגאַרט ווערן אַ זינגער ביי יידן...

אויף מאָרגן גאַנצפרי, איידער די אַרבעטער האָבן זיך גענומען יעדער צו זיין אַרבעט, האָט זיך דזשעק מאַנדל צוגעשאַרט צו דער מאַשין, וואו הירשקע איז געזעסן און אָנגעצונדן ס'לעמפּעלע. ערשט דערנאָך האָט מען אָנגעהויבן צו אַרבעטן. אָבער ניט מער מיט דעם נעכטיקן אימפּעט, איידער די שלעכטע בשורה איז אָנגעקומען. מ'האָט גערעדט צווישן זיך וועגן דעם פאַרלאָר: דאַכט זיך אַזוי אויסגעפּוצט, אָבער ס'ווערט קאַלט אין יעדן אבר, ווען מען טרעט אַריבער די שוועל. די פענצטער זיינען באַהאָנגען מיט אַזעלכע פּליושענע פאָרהאַנגען, און דאָך ווייעט אַ ווינט...

„די ווערט פון אַ מענטשן...

„האָסט געזען?

„וואָס דען, ניט געזען?

„אונדזער באַלעבאָס האָט באַדאַרפט צו זיין אויפן פעלד"...

אָט אַזוי איז צוגעגאַנגען דער איבערמאָרגן. פּלוצים האָט דזשעק דערזען, ווי דער פאָרמאַן פּאָרעט זיך ביי דער מאַשין, וואו הירשקע איז געזעסן, און דאָס לעמפּעלע איז אויסגעלאָשן. ער האָט זיך מיט שטורעם אויפ־געהויבן, אַוועק אַהין און אַ דערצאָרנטער צעשריען זיך:

„איר מעגט זיך שעמען! איר וואַרט גאָר ניט, ביז דאָס בענקל וועט זיך אָפּקילן?"... — אַלע האָבן אויפגעהערט צו אַרבעטן. אויסגעדרייט די קעפּ אַהין, וואו דזשעק איז געשטאַנען.

דער באַלעבאָס איז הינטערגעקומען און גענומען פאַרענטפערן דעם פאָרמאַן: וואָס וויל מען פון אים האָבן? ער וויל בלויז זען, צי מען דאַרף די מאַשין ניט „פיקסן". מ'איז דאָך אַזוי „ביזי". סוף־כל־סוף וועט מען דאָך דאַרפן אַרויפנעמען אַ באַלעמלאָכע...

דזשעק האָט דערוויל צוריק אָנגעצונדן ס׳לעמפּעלע איבער דער מאַשין. געכאַפּט אַ קוק אויפן לײדיקן בענקל, וואו דער פאַרשטאָרבענער הירשקע איז אַזוי פיל יאָרן געזעסן, און מיט אַ ציטערדיק קול גערעדט צום פאָרמאַן, אַז ער זאָל דאָס לעמפּעלע ניט וואַגן אויסלעשן. דערנאָך צום באַלעבאָס:

„מר. פאָסט, טוט אונדז ניט ווײ מער. און זאָל דאָס לעמפּעלע לויכטן! די אַרבעטער וועלן אײך אומקערן פאַר דער עלעקטריק... האָט ניט קײן מורא...

דער באַלעבאָס האָט יאושדיק צוגעשאָקלט מיט קאָפּ און געשוויגן. ער האָט דערפילט אַ היץ אין זײנע באַקן. ס׳האָט זיך אים געדאַכט ער הערט דאָס געזאַנג פון הירשקען. ער האָט זיך פאַרשעמט מיט זײן איבערגעאײלטן שריט. אַוועקגעשאַרט זיך אין זײן אָפּיס און זיך ניט געקענט געפינען קײן אָרט.

# א יורד

דער אַש־גרויער מר. טשאַרלי נעש איז געגאַנגען פּאַמעלעך אויף דער רווישיקער עוועניו. דער קאָלנער פון זיין טונקעלן אויבערמאַנטל אויפגעשטעלט. ער האָט געהאַט פּאַראיבל אויף דעם האַרבסט־ווינטל. ער האָט ניט אָנגעהויבן צו וויסן, אַז די זון בליאַסקעט שוין, אַז איבער אים איז דער הימל אַזוי לויטער, אָן אַ ברעקל כמאַרע. ער איז געגאַנגען פאַרטראַכט. טשאַרלי נעש האָט היינטיקן פרימאָרגן געפּרואווט קוויקן זיך מיט זיין אַמאָל, וואָס האָט זיך ווי אַ ראָד פון אים אַוועקגעקייקלט. זיינע מחשבות זיינען איצט נאָכגעלאָפן די נעכטנס. ער האָט געקלערט:

„ווי לאַנג איז דען, אַז איך בין געווען אָנגעזען ביי אַ גאַנץ שטעטל מיט מענטשן? מ י י ן שאַפּ האָט פאַרנומען כמעט אַ האַלב געסל. אָט זיינען פאַרפאָרן „טראָקס" מיט בינטלעך סחורה און איידער נאָך די זון איז אונטערגעגאַנגען, האָט מען שוין אַרויסגעטראָגן פאַרטיקע קליידלעך.

טשאַרלי נעש האָט זיך נאָך איין עפּעס דערמאָנט: וויפיל מאָל האָט אים דער מעיאָר פון עם שטעטל צו זיך אַהיים פאַרבעטן? ער האָט געהערט יענעמס קול: „מר. נעש, איר זענט ווי אַ טאַטע צו די בירגער דאָ"...

אויף דעם פאַרגליווערטן פּנים פון טשאַרלי נעש האָט זיך אויפסניי באַוויזן דער שמייכל פון דענסטמאָל: ווי עס האָט אים הנאה געטאָן, וואָס ער דאַרף זיך מיט דעם ביסל כבוד ניט טיילן מיט קיין שותף. איצט זעען אַלע איין, פאַרוואָס ער פירט זיינע גרויסע געשעפטן איינער אַליין... ער האָט ליב, אַז אַלץ זאָל גיין אויף זיין אייגענעם חשבון...

טשאַרלי נעש האָט מיטאַמאָל דערפילט אַן אומערלעכן ציטער. אים האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז הינטער זיינע פּלייצעס שטעלט אים עמיצער אַרויס אַ צונג. ער הערט אַ פרעך לשון:

„מיסטער, גיט זיך אַ ריר! לאָזט דורכגיין מענטשן!" — טשאַרלי דרייט זיך אויס. זיין מויל איז פאַרקרימט: ער דאַרף טאַקע עמעצן האָבן צו באַפרייען זיך פון אַביסל צאָרן, אַזאַ מענטש ווי ער זאָל דאַרפן אַרומבלאָנקען זוכן אַביסל אַרבעט פאַר זיין שאַפּ... טשאַרלי האָט אָבער ניט צו וועמען צו ריידן. אויף דעם טראָטואַר גייט־אָן אַ גרויס־שטאָטישער טאַנץ. מען שוועבט אַהין, מען שוועבט אַהער, און יעדער טענצער שטופּט אים אין אַ זייט.

טשאַרלי נעש האָט פאַרביסן מיט די ליפּן און פאַרקערעוועט זיך צו

# אַ יורד

אַ רעסטאַראַן. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט איינער אַליין ביי אַ טישל מיט אַ טעפּעלע קאַווע. ער האָט געזיפצט פאַמעלעך און זיך פאַרענטפערט, אַז ווען ניט זיין קראַנקהייט, וואָלט ער נאָך איצט אָנגעהאַלטן זיין פּאָזיציע ווי פריער געהאַט כבוד, און די יוניאָן וואָלט אים קיינמאָל ניט געבראַכט אַהער צוריק...

באַלד כאַפּט ער אַ שמועס מיטן ווייב. זי טרייסט אים:

„טשאַרלי, דו ביסט חלילה ניט אַרויס קיין אָרעמאַן, און קיין יינגעלע ביסטו שוין אויך ניט. צי זיך צוריק!"

ער גיט אַ מאַך מיט דער האַנט:

„סערע, דו פאַרשטייסט מיך ניט! רעד ניט קיין נאַרישקייטן! איך טראָג אויף זיך פאַראַנטוואָרטלעכקייטן צו די עטלעכע לאַיאַלע אַרבעטער, וואָס זיינען מיט מיר אין די ביזנעס פון סאַמע אָנהויב"...

ווען ער דערהערט ס'געלעכטער פון זיין פרוי, הייבט ער זיך אויף און גייט אַרויס און פאַרקערעוועט זיך צו אַ זייטיק געסל. דאָרט יאָגט מען זיך ניט אַזוי, ווי דאָ אויף דער עוועניו.

טשאַרלי נעש טענה'ט זיך ווידער אויס מיט זיין פרוי: וואָס וויל זי פון אים האָבן? ער וועט איר ניט ווערן קיין שטוב־זיצער. אַנדערע אין זיינע יאָרן טוען נאָך גרויסע געשעפטן, זיינען אָנגעזען, און ער זאָל ווערן אַ פאַרגעסענער מענטש?... ניין, ניין! ער האָט געטראַכט וועגן די נייע אַרבעטער, וואָס חוזקן הינטער זיינע פּלייצעס: „אויך מיר אַ באָס!" דער נייער פּרעסער מענדל חכמהט זיך, אַז מען דאַרף האָבן נייע קאַפּיטאַנען אין דער אינדוסט־ריע... ער טרייסט זיך דערמיט, אַז דערוויל דאַרפן זיי צו אים אָנקומען...

עס האָט זיך באַוויזן אַ מילך־קאָליר אויטאָמאָביל און באַלד מיט אימפּעט אַוועקגעיאָגט. נאָכדעם ווי פון אינעווייניק האָט דער אָנטרייבער דערזען דעם פאַרקלערטן טשאַרלי. אין אויטאָמאָביל איז געזעסן זיין אייני־ציקער זון. טשאַרלי האָט אים ניט באַמערקט: סיי־ווי איז ער מיט זיין העריז ניט צופרידן. יענער האָט באַצייטנס פאַרנומען זיין אויבן־אָן, אים געירשנט ביים לעבן...

דער יונגער הערי נעש האָט דעם פאָטער יאָ געזען און ניט געוואָלט זיך אָפּשטעלן. ער איז אין עטלעכע מינוט אַרום שוין געווען אויף בראָדוועי, וואו זיין שאַפּ איז געווען. ווען ער איז אַרויפגעקומען, האָט ער גלייך טע־לעפאָנירט דער מוטער און איר געזאָגט, אַז ער וויל קומען אין אָוונט כאַפּן נאָך איינמאָל אַ שמועס מיטן אַלטן, אַז ער זאָל אויפגעבן דעם שאַפּ:

„מאַ, איך נעם־איין פּשוט בושות פון אים. ער זעט־אויס ווי עפּעס אַ שלעפּער... אויב ער וועט זיך ווידער קליגערן, אַז צום ערשטן וויל ער פּאַרטיק ווערן מיט זיינע טויזנטער קלעצלעך באַוול, וועל איך פאַרזאָגן יעדן איינעם אין דער אינדוסטריע, ניט צו געטרויען אים קיין אַרבעט... זאָל ער אויפהערן מיט זיין עקשנות!

די מוטער האָט זיך שטאַרק דערפרייט און אָן צערעמאָניעס אויסגערופן:

„שוין אַ היפּשע צייט, אַז דו ביסט מיט אונדז ניט געזעסן ביי איין טיש".

ווען דער זון האָט זיך אָפּגעזעגנט, איז די מוטער געבליבן זיצן אַ ווייל אַ פאַרקלערטע ערשט פריער האָט זי אַליין געטראַכט וועגן איר מאַנס כאַראַקטער. אַלע אָפּגעלעבטע יאָרן מיט אים זיינען איר אַקעגנגעקומען מיט גאַנצע טענות: וואָס האָט זי מיט זיי אויפגעטאָן — שטענדיק אַליין ווי אַן אַלמנה. אפילו ווען טשאַרלי האָט געאַרבעט פאַר יענעם, איז ער אויך ניט אהיים געקומען אין צייט ריידן מיט איר אַ וואָרט. אָך, האָט זי אים ניט געוואָלט האָבן פאַר אַ מאַן! און זיין הייזעריק געלעכטער איז ביי אים נאָר געווען חוזק־מאַכן פון יענעם. זיינע אויגן — אַלעמאָל רויט פון ערשטן טאָג, וואָס זי האָט זיך מיט אים באַגעגנט. זיינע צעשויבערטע שטעכיקע וויעס האָבן זי געשראָקן. ער האָט געפּרואווט ווען אויסנעמען ביי איר מאַמען דערמיט, וואָס ער קלייבט זיך ווערן אַ געשעפטסמאַן. און די מאַמע האָט שפּעטער צו איר גערעדט, אַז זי דאַרף זיך ניט קווענקלען: טשאַרלי איז אַ גוטער פאַרדינער! טאָכטער, דאָ אין לאַנד, אַז אַ מיידל מאַכט איין ניט־פּראַקטישן שריט, בלייבט זי אַ פאַרזעסענע...

שפּעטער האָט די מאַמע זי באַדויערט: וואָס איז מיט דעם טשאַרלין? אַ יונג ווייבל לאָזט ער אויף גאָטס באַראָט! אוי, ווי איבערגעגעבן דיין טאַטע איז געווען צו דער פאַמיליע? וואָס הייסט עפּעס לאָזן דאָס ווייב אַליין? ער האָט זיך אַזוי ליב געהאַט צו שפּילן מיט די קינדער אפילו נאָך אַ טאָג אַרבעט שוין באַלד בעסער אין אָרעמען גראַד...

שפּעט אין אָוונט האָט זיך טשאַרלי נעש אַריינגעשאַרט מיט זיין גוט־באַקאַנטן הוסט גלייך אויף דער שוועל. ער האָט שווער געסאָפּעט. די אויגן פאַרטערטע, גלייך ער האָט ערשט געוויינט. די ברייטע נאָז אויף זיין קיילעכדיקן פּנים — בלוי. זיינע ליפּן פאַרסלונעט. ער האָט זיך באַזעצט אין אַ טיפן, ווייכן שטול און געכאַפּט אַ קעצישן דרימל. דערנאָך האָט ער זיך אויפגעהויבן, אַריין אין באַד־צימער און מיט די שפּיץ־פינגער זיך געוואַשן ס'פּנים. אויפן וועג צוריק, האָט ער זיך אָנגעטראָפן מיט דער פרוי און אַ שאַקל

געטאָן צו איר מיטן קאָפּ ווי אַ שטומער וואָס קאָן ניט ריידן. די פרוי האָט עס אויפגענומען ווי עס קאָן גאָר אַנדערש ניט זיין. זי האָט אים אָפּגעענטפערט „האַלאָ״ און אים גלייך געוואָלט זאָגן, אַז באַלד קומט דער זון. אָבער טשאַרלי האָט זיך פּלוצים צערעדט. צו ערשטן מאָל האָט ער איר דערציילט וועגן שאַפּ.

'היינט איז גאָר ניטאָ קיין יושר! קויט געפּאַקט אַ „לאָטל״ אַרבעט, איז נאָך איידער מ'האָט איין שטאָך געטאָן מיט דער נאָדל, וויל מען שוין וויסן וויפל געלט... פאַרוואָס האָב איך ניט געפרעגט? איך ליג אָפּ אין שאַפּ שעה'ן, ווען זיי גייען שוין שפּאַצירן, וויל מען פון דעם ניט וויסן, און אַ נייער אַרבעטער, וואָס האָט נאָך ריכטיק דאָס בענקל ניט אָנגעוואַרעמט האָט די חוצפּה צו זאָגן, אַז ער האָט וועגן מיר געהאַט גרויסן, אַז דער שאַפּ איז מיין טעמפּל, מיין אָפּפער־הויז...

טשאַרלי האָט זיך אַליין אונטערבראָכן. ער האָט זיך געכאַפּט, אַז ס'איז ניט געווען טאַקטיש פון זיין זייט דאָס צו דערציילן פאַר דער פרוי; האָט ער שוין דערנאָך פאַרענדיקט, אַז ער האָט דעם חברה־מאַן געוויזן די טיר, אַוועקגעשיקט אים און פאַרטיק! דאָ האָט זיך טשאַרלי פאַרהוסט, וויל ער האָט דאָס ניט געטאָן. ער האָט זיך בלויז געוואָלט אויסשטעלן פאַר דער פרוי, אַז ער איז נאָך אַלץ דער תקיף פון מיט יאָרן צוריק...

די פרוי האָט געשמייכלט. איר איז געפעלן געוואָרן, וואָס דער נייער אַרבעטער האָט געזאָגט צו איר מאַן, אַז דער שאַפּ פאַרנעמט ביי אים דעם גאַנצן אויבן־אָן. זי האָט געהאַט דאָס געפיל, ווי דער אומבאַקאַנטער האָט פאַר איר גערעדט... זי האָט טשאַרלין געוואָלט פרעגן, צי וואָלט ער זי אויך אַוועקגעשיקט, ווען זי זאָגט אים דעם אמת? אָבער זי האָט חרטה געהאַט און אים בעסער דערציילט, אַז באַלד וועט ער זיצן ביים טיש מיט הערין — טאָ זאָל ער זיך איבערטאָן.

ביי טשאַרלין האָבן זיך אַרונטערגעלאָזט די איינגעפאַלענע באַקן, און ער האָט ביי דער פרוי געפרעגט אין אַ רוגזה־טאָן:

„וואָס וויל ער שוין ווידער?

„וואָס איז מיט דיר, טשאַרלי? אַ זון קומט זיך זען מיט טאַטע־מאַמע, רעדט מען אַזוי״? — האָט די פרוי זיך אָפּגעקערט פון אים.

„סערע, איך וויל ניט, אַז ער זאָל מיר ווידער דרייען אַ קאָפּ, אַז איך זאָל אויפגעבן די ביזנעס. וואָס האָט ער מורא — כ'וועל פאַרלירן זיינס? אים וועט בלייבן ווינציק ירושה? איך דאַרף גיין אַראָפּ פון מאַרק, און ער

דאַרף שטייגן? ער האָט שוין פֿאַרגעסן, ווער סע האָט אים געמאַכט פֿאַר אַ מאַכער...

די פֿרוי האָט זיך דערביי פֿאַרשטעלט די אויערן, און זיך צעיעכצט —

„כ'האָב שוין די טענות געהערט אפֿשר טויזנטמאָל! אַ מענטש קען זיך ניט פֿאַרשטעלן, אַז מ'האָט אויף אים מיטלייד. הערי מיינט בלויז פֿאַר דיין טובה־וועגן. הערסט וואָס מ'רעדט צו דיר? גיי, טו זיך איבער!

טשאַרלי האָט זיך דערפֿילט ווי אַ ייִנגל, אויף וועמען די מאַמע האָט זיך צעשריגן. ער האָט גערעדט שטיל, אַז זי זאָל ניט הערן וואָס ער זאָגט:

„איך דאַרף זיך גיין אויספּוצן פֿאַרן גרויסן געשעפֿטסמאַן? אַנדערש וועל איך אים ניט געפֿעלן ווערן"? — דערביי איז ער אַוועק, און דאָס טיר־גלעקל האָט זיך צעקלונגען. סערע איז געגאַנגען עפֿענען. און מיטן וועג געווישט זיך אירע פֿייכט־געוואָרענע אויגן, אַז דער זון זאָל פֿון גאָרניט וויסן וועגן דער סצענע, וואָס דאָ האָט זיך ערשט אָפּגעשפּילט. זי האָט דערזען דעם זון. פֿאַר אירע אויגן איז געשטאַנען אַ ברייט־ביייניקער מאַן מיט פֿעסטע אַקסלען, אויסגעפּוצט ווי צו אַ שמחה. די באַקן מיט פֿלאַם, פֿריש־ראַזירט. ביידע האָבן זיך צעקושט. נאָכדעם האָט הערי סודותדיק געפֿרעגט:

„ער איז שוין דאָ?

'יאָ, ער איז שוין דאָ!

הערי האָט אויסגעשטרעקט זיינע בליקן איבערן לאַנגן קאָרידאָר און דערזען דעם פֿאָטערס פּלייצע. ער האָט אויסגערופֿן מיט געמאַכטער באַ־גייסטערונג:

„העלאָ, פּאַ, די „מוירטל גאַרמענט" האָט דיר געגעבן אַרבעט, האָב איך געהערט זאָגן. איך האָב איינמאָל אַ טאָרע געטאָן דאַרטן...

טשאַרלי האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צום זון. זיינע אויגן האָבן ניט אויפֿגעהערט צו פֿינטלען. אָט זאָגט ער דעם זון, אַז ער מעג זיך שעמען צו זאָגן ליגן דעם טאַטן אין פּנים אַריין. אָבער די פֿרוי האָט שוין געהאַט פֿאַרכאַפּט דעם אויבנאָן.

„הערי, וואָס מאַכן עפּעס די קינדערלעך? דער „בחור" האָט שוין אויפֿ־געהערט ציינדלען? הערסט? די מויד דיינע איז אַזאַ גוטע נשמה, די אייניציקע וואָס האָט דער באָבען אינזינען. זי רופֿט מיך אויפֿן טעלעפֿאָן עטלעכע מאָל אין דער וואָך, אַזוי זאָלן מיר נאָך אַלע געזונט זיין...

דער זון איז פֿון דער מאַמעס רייד שטאַרק צעוואָרעמט געוואָרן און

# אַ יורד

אָנגעהויבן באַרימען זיך מיט טייבעלעס חכמות — זי פֿאַרשטעלט אים דעם וועג יעדן פרימאָרגן:

„פֿאַ, גיי ניט אין שאָפּ אַריין! די מאַמע וועט דיר אויך געבן עסן...

ווען מיר זיינען אַנומלטן געפלויגן קיין סאַן־פראַנציסקאָ און דער עראָפּלאַן האָט זיך אַ טרייסל געטאָן, האָט זי געלאַכט אויפן קול, גאַרניט מורא געהאַט ווי אַ סך דערוואַקסענע, און איינס־און צוויי האָט זי געשלאָסן באַקאַנטשאַפט מיט מענטשן, זיי דערציילט וויפיל ליאַלקעס זי פֿאַרמאָגט און די נעמען, וואָס זי האָט זיי געגעבן.

די מאַמע און דער זון האָבן געלאַכט, און דער פֿאָטער איז געשטאַנען ווי אַ זייטיקער. ער האָט געמאַכט אַ פּאַרזוך צו שמייכלען, אָבער ניט געראַטן, צוליב זיין קרענקלעכער מינע אויף זיין צעקנייטשטן פּנים, און צוליב דעם וואָס אין האַרצן האָט ער אָפּגעשפּעט פון דעם זון; קוק אים נאָר אָן, דעם גרויסן געשעפטסמאַן! ער מאַכט זיך נאַריש: אפשר רייצט ער זיך גאָר מיט אים...

הערי האָט אים איבערגעשלאָגן:

„פֿאַ, ווען דו האָסט פרייע צייט, וואָלסטו זיך אויך באַקענט מיט דיינע אייניקלעך, ווי ס׳דאַרף צו זיין — ווי אַנדערע זיידעס.

„און אַז דו קענסט ניט דיין טאַטן, וואָס זאָל איך טאָן דערצו? — האָט דער פֿאָטער איראָניש באַמערקט. נאָכדעם מיט אַ קרעכץ: — ס׳וועט קומען אַ צייט, ווען איך וועל דערביי ניט זיין, ווען דו און דיינע קינדער און דיין שוועסטער, וועלן האָבן אַ גוט וואָרט פֿאַר מיר...

די פרוי האָט זיך אַריינגעמישט:

„זעצט זיך צום טיש! פֿאַרן עסן טאָר מען זיך ניט אויפרעגן...

ביידע האָבן זיך אַוועקגעזעצט ווי פרעמדע אורחים. ניט גערעדט איינער צום אַנדערן אַזוי גיך. טשאַרלי נעש האָט נאָכגעשיקט זיינע בליקן דער פרוי אין קיך אַריין. ער איז זי מקנא, וואָס זי קאָן זיך אַזוי איינלעבן מיט די קינדער. ער איז אָפּגעפרעמדט פון זיי: איר שולד! נאָר זי האָט אויף אים אָנגערעדט, אַז זי איז ביי אים עלנט. האָט ער דען געקענט זיין אי דאָ אי דאָרט? און פלוצים — אויס יחסן אין דער אינדוסטריע און אויס מיטן לעצטן ביסל אָפּשיי פֿאַר אים...

„לחיים, פֿאַ!״ — האָט דער זון אים איבערגעשלאָגן זיינע ווייטערדיקע רעיונות. ער האָט די ווערטער אַרויסגערעדט מיט ווייכקייט צו באַווירקן דעם פֿאָטער, אַז ער מיינט שלום מיט אים.

# ברוך מילער

„לחיים״! — האָט דער פאָטער שטיל אָפּגעענטפערט, בעת דער זון האָט אָנגעשלאָגןביידע גלעזלעך און באַרימעריש געזאָגט: ער זאָל פאַרזוכן שוין איינמאָל אַ בראָנפן! דאָס האָב איך דיר געבראַכט פאַר אַ „סעמפּל״. איך וועל דיר צושיקן עטלעכע פלעשלעך. — דער פאָטער האָט זיך גע־קנייטשט און גערעדט צום טישטעך:

„מיר פעלט דאָ אויס בראָנפן?״

„וואָס דען באָנדלס?״ — האָט דער זון אַרויסגעפּלאַצט און געפּרואווט כלומרשט שמייכלען. אָבער עס האָט ניט האַרמאָנירט. די מוטער, וואָס האָט זיך ערשט אַוועקגעזעצט ביים טיש, האָט אָפּגעזיפצט און בעת־מעשה אַ שאַר געטאָן דעם זילבער לעבן זיך, אַז טשאַרלי זאָל דערהערן ווי אומצו־פרידן זי איז, וואָס ער האָט קיינמאָל ניט קיין וואַרעם וואָרט פאַר זייער איינציקן זון...

טשאַרלי נעש האָט ניט פאַרגעסן, אַז ער איז שולדיק דעם זון אַן ענטפער. ער האָט צום ערשטן אַ סאַרקאַסטישן לאַך געטאָן און דערנאָך שפּאַרעוודיק אַ דריי געטאָן דעם קאָפּ צום זון און גערעדט שטיל:

„דו מיינסט טאַקע, הערי, אַז איך גיי שטאַרק אָפּ דער מאַמען דיינער? פונקט ווי מיר אַ שותף אויף די עלטערע יאָרן. וואָס זאָגסטו, סערע, רעד איך אפשר פון וועג?

די פרוי איז געבליבן זיצן אַ פאַרקלעמטע. דער זון האָט פאַר איר גערעדט:

„דיין שולד, פּאַ! דו ביסט אַלע מאָל געווען פאַרנומען מיט דיין שאַפּ ביז העט שפּעט ביינאַכט. זעלטן ווען ערגעץ געגאַנגען מיט דער מאַמען. דו דאַרפסט זי איצט פאַרגיטיקן״...

טשאַרלי נעש איז געזעסן פאַרקלערט: גיי דערצייל זיי, אַז כל־זמן ער איז דאָרט אין שאַפּ, איז ער אַ לעבעדיקע בריאה; קומט ער אַריין אין שטוב, צעפאַלט ער זיך ווי אַ באַנדל צוגעשניטענע אַרבעט. די שטילקייט, ווען די מאַשינען הערן־אויף צו רוישן, איז פאַר אים אַ רפואה ער ווערט רירעוודיק. וואו ער גיט זיך אַ קער, שפּאַרט ער געלט. וואָס ווייסט הערי? אים איז דאָך אַלץ אָנגעקומען אַזוי לייכט. ער האָט געהאַט אַ גוטן אָנשפּאַר, אָבער ניט זיין טאַטע! וויפל מאָל איז אים אויסגעקומען צו אַנטלויפן פון דער יוניאָן ערגעץ צווישן פאַרמער, לערנען זייערע טעכטער נייען קליידלעך, אַלץ צוליב דעם, אַז הערי זיין זון, זאָל קאָנען איצט זיין דער

גרויסער מאַכער. ער קאָן זיך פאַרגינען אַוועקגיין אינמיטן העלן טאָג צו אַ פערד־געיעג, צי גלאַט צו דער בירזשע... ביי זיין טאַטן איז דער שאַפּ אַ טייל פון אים... הערי וועט דאָס ניט פאַרשטיין...

די מוטער מיטן זון האָבן די גאַנצע צייט געהאַלטן זייערע בליקן אויף אים. ביידע האָבן זיי געמאַכט יאושדיקע תנועות. די פרוי: אָט מיט דעם מאַנסביל האָט זי באַדאַרפט פירן אַ לעבן ביז אַהער... און דער זון האָט זיך געכאַפּט, אַז דער טאַטע זיינער האָט זיך ניט נאָכגעפרעגט וועגן די אייניקלעך. ער האָט זיך מער ניט געקענט האַלטן אין דער מעלה צו זיין שטיל ביז דער פאָטער וועט אויפהערן זיין פאַרקלערט, און האָט גלייך איבער־געשלאָגן צו זאָגן אים זיין לעצט וואָרט: וויל ער נאָך אַלץ פריער פאַרטיק ווערן מיט אַלע זיינע קלעצלעך באַוול? זאָל ער!

דער פאָטער האָט די ווערטער געהערט דורך אַ שטיקל אויער, פּונקט ווי אַנומלטן, ווען די טאָכטער האָט זיך צו אים צוגעזעצט: פאַר מיט דער מאַמען אויף אַ לוסט־רייזע. ער האָט זיך דעמאָלט געמאַכט טאַמעוואַטע און איצט אויך.

הערי האָט אַרויפגעשאַרט דעם לינקן אַרבל פון זיין קלאָר ווייס העמד, אַ קוק געטאָן אויף זיין האַנט־זייגערל און ראַפּטאָם זיך אויפגעשטעלט צו גיין אַ היים. ער האָט זיך באַקלאָגט פאַר דער מוטער אויפן קול, אַז דער טאַטע איגנאָרירט אים. מיטאַמאָל איז דער פאָטער געוואָרן אַ גאַנצער דענקער. ער וויל ניט פאַרשטיין, אַז מען מיינט זיין טובה, און אַז די אינדוסטריע דאַרף אַזאַ ווי ער מער ניט האָבן, צו וואָס זיך נאַרן?

טשאַרלי נעש האָט זיך צעלאָזט מיט אַ ציטער אין זיין הייזעריק קול אַז ער וועט אָנהאַלטן די ביזנעס אַזוי לאַנג ווי ער וועט וועלן: עס איז קיינעמס עסק ניט! ער האָט אַ פליכט צו אַרבעטער אַזוי לאַנג ווי ער לעבט... ווען הערי איז נאָך אַ שנעק געווען, האָבן אייניקע אים לאָיאַל געדינט. ער האָט געהאַט אין געדאַנק ליזע די פינישערין, וואָס האָט אַמאָל געהאַט שיינע אויגן. זי איז אַרויף צו אים אַרבעטן נאָך גאָר אַ יונג מיידל. זי האָט אים שטענדיק אַרויפגעבראַכט עסן, איידער זי איז אַהיים געגאַנגען. אָן איר וואָלט ער ניט געקענט אַרויפקלעטערן. זי האָט אים אַ סך אַרויסגעהאָלפן. די פרוי האָט אים מער ניט געלאָזט טראַכטן. זי האָט זיין לעצטע מחשבה געפּאַקט.

„דער טאַטע דיינער האָט אינזינען ליזען מיט דער שפּיציקער מאָרדע, וועלכע איז צוליב אים פאַרליבן אַ פאַרזעסענע מויד.„..

דער זון האָט זיך פאַררויטלט ווי אַ קליין יינגל. ער האָט צום ערשטן מאָל געהערט זיין מאַמען אַזוי ריידן...

טשאַרלי נעש האָט זיך ס'ערשטע מאָל פאַרענטפערט פאַרן וויב: ער האָט פאַר דעם מיידל קיינמאָל אפילו קיין שמייכל ניט געוויזן. זאָל ער אַזוי געזונט זיין, ווי ער זאָגט דעם אמת... וואָס איז ער שולדיק, אַז זי האָט זיך ניט געקענט צוקלייבן אַ בחור? ער האָט זיך אַלעמאָל אויפגעפירט רעספּעקטאַבאַל...

הערי האָט איבערגעשלאָגן: ער מוז שוין לויפן אַהיים! זיין מוסי וועט איבערטראַכטן. ער האָט איר צוגעזאָגט צו קומען אַהיים פרי. סיי־ווי האָט ער גאַרניט אויפגעטאָן. די מאַמע האָט אָפּגעשוויגן איר גאַנץ לעבן, זאָל זי דאָס מער ניט טאָן... ער האָט איר אַ קוש געטאָן אין שטערן און איז אַוועק. די מוטער איז געבליבן שטיין ווי אַ סטאַטוע אומבאַוועגלעך. אירע בליקן — אויף דער צוגעמאַכטער טיר. טשאַרלי נעש, דער פאָטער, אַן אַנ־געכמורעטער: פאַרוואָס האָט אים דאָס וויב פאַרשעמט? דער זון וועט איצט נאָך וויניקער דרך־ארץ האָבן פאַר אים. ער האָט געהאַט אַ געפיל, אַז ער שטייט אַ נאַקעטער, ער מוז סערען זאָגן, אַז זי האָט אים וויי־געטאָן. ניט גענוג וואָס ער גייט באַרג־אַראָפּ שוין, דאַרף זי נאָך צולייגן אַ קבייטל? אַזאַ שטילע פרוי געווען. וואָס איז מיט איר געוואָרן?

סערע האָט זיך אויסגעדרייט צו אים, געזאָגט מיט אַ פאַרשטיקט קול, אַז זי איז אים מוחל וואָס עס איז געווען ביז איצט, אָבער איצט, ווען זיי האָבן נאָך עטלעכע יאָר צוזאַמען טאָר מען זיי ניט פאַרשעמען. זאָלן זיי אַמאָל ערגעץ גיין צוזאַמען אינמיטן העלן טאָג. אפשר אַ לוסט־רייזע, ווי זייער טאָכטער סעידי האָט פאָרגעשלאָגן.

טשאַרלי האָט פאַרגעסן אין זיינע קריוודעס צו דער פרוי. ער האָט ניט געדענקט, ווען ער איז אַזוי גערירט געוואָרן פון יענעמס רייד. ער האָט זיך צעבראָסטעט. דערפילט טרערן אין האַלדז. דער קאָפּ האָט אָן זיין וויסן צוגעשאָקלט צו אַלץ וואָס סערע האָט געזאָגט — אַן אָנצוהערעניש, אַז ער איז ניט גלייכגילטיק צו אירע רייד. דערווייל איז צו־שפּעט און ער דאַרף גיין זיך אויסרוען... אַן אַנדערש מאָל וועט מען נאָך וועגן דעם ענין שמועסן...

יענעם פרימאָרגן האָט זיך טשאַרלי נעש פאַרשפּעטיקט צו עפענען דעם שאַפּ. ער איז שלעכט געשלאָפן. געהאַט אַ ביטערן חלום: ער איז איינער אַליין אין שאַפּ. עס איז געווען אַזוי שטיל, אַז ער האָט געהערט דעם טיק־טאַק פון דעם וואַנט־זייגער. מיטאַמאָל — אַ הויכער מאַן מיט אַ שוואַרצער

# אַ יורד

פעלערינע, מיט אַ געפּלאַכטענעם קויש אין זיינע לאַנגע הענט. דער הויכער מאַן פאַרנעמט אַלע זיינע קלעצלעך באַוול פון וואַנט אַראָפּ. ער האָט אפילו אַרויסגעשלעפּט די טשוועקעס, אויף וועלכע זיי האָבן זיך. געהאַלטן טשאַרלי האָט זיך צעיעכצט.

„ליזע, רוף די פּאָליציי״!

דער מאַן מיט דער שוואַרצער פעלערינע לויפט צו דער טיר. טשאַרלי נאָך אים. ביים אַריינגאַנג שטייט אַ פּאָליציימאַן און געניצט. טשאַרלי באַפעלט אים צו כאַפּן דעם גנב. דער פּאָליציימאַן קראַצט זיך אין קאָפּ, טוט אַ גענעץ און רעדט צו אים פרעך: אַלטער, גיי שוין אַהיים שלאָפן. מ׳האָט דיר שוין גענוג געהאָלפן... דער הויכער מאַן מיט דער שוואַרצער פעלערינע שטעלט אַרויס אַ צונג און לויפט אַרויס. טשאַרלי האָט גענומען גוואַלדעווען, ביז ער האָט אויפגעוועקט די פרוי זיינע פון שלאָף. זי האָט אים געטרייסלט:

„טשאַרלי, מיט וועמען האָסטו זיך געקריגט? מיטן זון, מסתמא.

טשאַרלי האָט זיך געריבן די פינטלדיקע אויגן, אַרומגעלאָפן מיט זיי איבערן צימער, דערנאָך ערשט באַטראַכט די פרוי און זיך צעפּיעשטשעט, אַז ער האָט געהאַט אַזאַ מוראדיקן חלום. ער וועט איר דערציילן מאָרגן.ביידע האָבן אַוועקגעלייגט די קעפּ אין פאַרשיידענע ריכטונגען און אַנטשוויגן געוואָרן. טשאַרלי האָט פאַרמאַכט די אויגן און אים איז געקומען אויפן זינען, וואָס דאָס ווייב און די קינדער האָבן זיך פּלוצים, אַלע מיט אַמאָל צוגעזעצט צו אים, אַז ער זאָל זיך צוריקציען פון געשעפט. וואָס איז די אורזאַך? געטריישאַפט? ניין! דער דאָקטאָר האָט זיי אוודאי געזאָגט מער ווי אים אַליין וועגן זיין געזונט־צושטאַנד...

ערשט פאַרטאָג־צו, ווען דער מילכמאַן האָט זיך צעקלונגען מיט זיינע פלעשלעך מילך אינדרויסן, איז טשאַרלי איינגעשלאָפן און אפילו ניט געהערט דעם וועק־זייגער קלינגען: אפשר האָט אים זיין ווייב אַזאַ טובה געטאָן? ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט. אַ בליק געטאָן אויפן זייגער האָט ער זיך אַליין ניט געוואָלט גלויבן, אַז דאָס קאָן טרעפן מיט אים. ער האָט זיך מסוכן אַרויסגעאײַלט אָן איבערבייסן, אָבער ס׳האָט אים ניט געהאָלפן. ער האָט אין סאָבוועי געכאַפּט אַ דרעמל און איז פאַרפאַרן. איז ער געווען אין כעס אויף דער גאַנצער וועלט! פאַרוואָס קומט עס אים? פאַרוואָס גייט אים אַלץ מיט דער פּוטער אַראָפּ?

ווען טשארלי איז ענדלעך צוגעקומען נאָענט צום הויכן מויער, וואו זיין שאַפּ האָט זיך געפונען, באַגעגענט אַן אומצופרידעם אַרבעטער זיינעם,

וואָס שטייט און וואַרט און וואַרט, האָט טשאַרלי אויפגעוואַכט ווי אַמאָל, אַמאָל אין די אַלטע צייטן. ער האָט זיך צעבייזערט.

„שימקע, איך דאַרף זיך ביי דיר ניט אָנפרעגן, ווען צו קומען אויפ־שליסן מיין שאַפּ! ביי קיינעם ניט! דו מעגסט אַמאָל שלאָפן אַביסל שפּעטער, און איך טאָר ניט?

שימקע האָט אָוועקגעשפּאַנט. ער וועט גיין זאָגן די אַרבעטער אין רעסטאָראַן אָפּצורעכענען זיך מיט זייער באַלעבאָס. קיין גוט־מאָרגן זאָגט ער קיינמאָל ניט, און אַז מען זאָגט אים, ענטפערט ער ניט. די אַרבעטער זיינען שוין אָבער געשטאַנען הינטער שימקעס פּלייצעס. האָט ער זיך אַליין אָוועק־געלאָזט אויף אַ שפּאַציר, אַז ער זאָל פאַרגעסן דעם אָנפאַל פון זיין באַלעבאָס.

אין שאַפּ איז טשאַרלי נעש גלייך צוגעלאָפן צו דער וואַנט מיט די קלעצלעך באַוול. ער האָט צו זיך געקלערט: שוין ניט איינמאָל געהערט, אַז עס טרעפן זיך זאַכן אין דערווירקלעכקייט, פּונקט ווי אין חלום. דערזען אַלע קלעצלעך אויף זייער פּלאַץ, האָט ער שוין געשמייכלט.

די אַרבעטער, וואָס זיינען מיט אים אַרויפגעקומען, האָבן אים נאָכגע־קוקט, ווי זיי וואָלטן געוואוסט, וואָס ביי זייער באַלעבאָס אין געדאַנק קומט־פאָר. דער איינציקער פּרעסער, וואָס איז היינט אַריינגעקומען, האָט גערעדט צו זיינע פּלייצעס, אַז עס לוינט זיך ניט דעם אייזן אָנצינדן: ער האָט גע־דענקט, אַז ס'איז פאַרבליבן אַביסל אַרבעט פון נעכטן.

טשאַרלי נעש האָט זיך גלייך אויסגעדרייט און גערעדט באַפּעלעריש:

„צינד־אָן דאָס אייזן, מענדעלע איך צאָל דערוויל פאַר עלעקטריע, ניט דו! אַזוי לאַנג ווי איין מאַשין דרייט זיך, דאַרף אַ פּרעסער האָבן אָנ־געגרייט סטים אין אַ אָנגעגליטן אייזן. האָסט סי ווי ניט וואָס צו טאָן. גלעט־צו די שטיקלעך „פּאַיפּינג" פאַר דיינע ברידער, וועט זיי זיין לייכטער און ס'וועט אַרויסקומען לייטיש... ווער, דענקסטו, קויפט אַזאַ מלבוש, אַ רייכע? „דערפון וועל איך האָבן פּרנסה"?

'אָבער דו דערלייגסט ניט ווי איך. טענה זיך ניט אויס מיט מיר! אין דיין יוניאָן קריג איך צען פאַר איינעם...

„איך אַרבעט ניט אומזיסט! אַ נייעס גאַר, 'פּאַיפּינג" אים פּרעסן! וואָס נאָך?

„מ'דאַרף, זאָג איך! רעג מיך ניט אויף, מענדעלע! איך האָב געַנוג אויף מיין קאָפּ. וואָס ווייסטו? ס'איז דאָך דיר אַזוי גוט, וואָס דו ביסט ניט קיין באַלעבאָס היינטיקע צייטן...

„קיינער הייסט איך אויך ניט זיין קיין געשעפטסמאַן!

# אַ יורד

„אַט וועל איך זיך גיין ביי דיר אָנפרעגן!

אָבער איך דאַרף זיך אויך ניט אָנפרעגן ביי טשאַרלי נעש, וואָס צו טאָן מיט מיין צייט"...

מענדל האָט זיך אָפגעקערט פון זיין באַלעבאָס. ער האָט אַ שליידער געטאָן זיין פאַרטוך אויפן פרעס־טיש, שנעל אָנגעטאָן זיך און אַרויס פון שאַפּ מיט גרויסע טריט. קעפּ ביי די מאַשינען האָבן זיך אויסגעדרייט מיט נייגערי־קייט. טשאַרלי נעש האָט מענדעלען נאָכגעשריגן:

„משוגענער, וואוהין לויפסטו? וועסט קיין בעסערס ניט קריגן! דאָס גאַנצע שניידעריי גייט קאַפּוט! אויף יענער זייט טייך מאַכט מען אויף די גאַנצע אַרבעט"...

מענדל איז שוין געווען אין קאָרידאָר. אָנגעטראָפן זיך מיט ליזע, די פינישערין, וואָס איז נאָרוואָס אָנגעקומען. ער האָט זי פאַרהאַלטן אויף אַ ווייל: זאָל זי אים קלאָר מאַכן, וואָס פּטרט זי צייט ביי דעם צעדרייטן טשאַרלין?

ליזע האָט זיך פאַררויטלט. זי האָט זיך באַלד ניט געכאַפּט, אַז ער איז פון די נייע און ער ווייסט ניט, וואָס דער טשאַרלי האָט איר אָפּגעטאָן: צוליב אים פאַרשפּילט איר יוגנט... נאָר ווען זי האָט זיך געכאַפּט, אַז מענדל ווייסט פון גאָרניט צו זאָגן, האָט זי גערעדט מיט רחמנות אין איר טאָן: טשאַרלי איז דאָך אַ יורד...: ער האָט דאָך געשפּילט אַזאַ גרויסע ראָלע אין דער אינדוסטריע... ווי קאָן זי אים איצט לאָזן פאַלן?

מענדל האָט געצויגן מיט די אַקסלען, געוואָלט איר זאָגן, אַז זי אַליין איז אויך אַ צעדרייטע, נאָר די טיר פון עלעוועיטאָר האָט זיך ברייט צעעפנט און אים ווי איינגעשלונגען.

ליזע האָט זיך אַריינגעאיילט אין שאַפּ מיט אַ געניץ אויף אירע בלאַסע ליפּן. די לעצטע צייט שלאָפט זי ניט דורך די נעכט: זי האָסט דעם שאַפּ. נישטאָ קיין זינען צו קומען אַהער. אַלע אַלט־געזעסענע, וועלכע האַלטן זיך דאָ מיטן געדאַנק, אַז דער זון וועט אַלץ איבערנעמען, פאַראַכטן זי, וואָס אַלעמאָל האָט זי געשטעלט זיך אויף טשאַרליס זייט, ווייל זי האָט אַלץ אים געגלויבט, אַז זיין ווייב וויל פון אים אַ גט און ער וועט גלייך גיין מיט איר חתונה האָבן. ווער דאַרף אים איצט האָבן? איז פאַרוואָס קומט זי נאָך אַלץ אַהער? זי ווייסט אַליין ניט. אפשר וויל זי דערביי זיין, ווען אַלץ וועט זיך צעפאַלן...

טשאַרלי איז ליזען אַקעגנגעגאַנגען, דערציילט איר וועגן זיין חלום ביי־

נאַכט: זיין ווייב האָט אַוודאי געהערט, ווען ער האָט זיך צעשריגן: „ליזע ליזע, רוף פּאָליציי!“ ליזע האָט אויף אים אָנגעשטעלט אירע אָפּגעבליאַ־קעוועטע גרינע אויגן. איר מויל האָט זיך עטוואָס פאַרקרימט. זי האָט זיך צום ערשטן מאָל צעלאַזט אויפן קול, אַז אַלע אין שאַפּ זאָלן הערן: אַז ער דאַרף האָבן איר הילף, רופט ער זי אפילו אין חלום... זי האָט אַ סך בייזע חלומות געהאַט, און אים אפילו ניט דערציילט... וואָס וויל ער — זי זאָל אים לאָזן זיך אויסוויינען אויף איר אַקסל? זי האָט געהויבן דעם טאָן:

„איך האָב אויף דיר ניט קיין רחמנות, דו הערסט, טשאַרלי“?

טשאַרלי האָט זיך גענומען אָפּרוקן. אים האָט שוין באַנג געטאָן, וואָס ער האָט ליזען דערציילט זיין חלום, און ער האָט זייער פיינט געהאַט צו פאַרענטפערן זיך. ער האָט באַשלאָסן אויסצומיידן די מויד ווי ווייט מעגלעך.

ליזע האָט אָבער טשאַרלין ניט אַראָפּגעלאָזט פון אויג. זי האָט אים דעם קאָפּ ניט געלאָזט אויפהייבן. וואָס ער האָט עפּעס געזאָגט צו אַן אַרבעטער, איז איר ניט געפעלן געוואָרן, און זי האָט זיך אַריינגעמישט: ניט אַזוי רעדט מען צו אַ מענטשן. ער האָט אויף איר אָנגעשטעלט זיינע שפּאַקטיוו־אויגן און זיך געטראַכט: אַמאָל, ווען זי איז אַריינגעקומען אין שאַפּ אַריין, האָט זי גלייך אינזינען געהאַט, אַז ס'זאָל זיין ריין אין יעדן ווינקעלע; האָט ער ערגעץ איבערגעלאָזט אַ שטיקל ציגאַר צי די ליולקע, האָט זי דאָס ניט געקענט פאַרליידן. וויפל מאָל האָט זי פון אים אָפּגעטרייסלט די אַשעס? פאַרוואָס האָט זי זיך פּלוצים אַזוי געענדערט? וואָס איז עס פאַר אַ וועלט! פּונקט ווען ער גייט באַרג אַראָפּ, קערט מען זיך אָפּ פון אים... ער האָט זיך שטיל אַרויסגערוקט פון שאַפּ, איז אַריין אין אַ שענקל, געהייסן זיך דער־לאַנגען אַ טרונק בראָנפן, דערנאָך איז ער געקומען אין שאַפּ אַביסל שפּעטער. ער האָט געשמייכלט צו זיך, געטראַכט צו גיין צו ליזעס שמאָל טישל צו פאַרפירן מיט איר אַ געשפּרעך, באַפעלן איר צו ריידן שטיל ווי אַמאָל אין די גוטע צייטן... נאָר ווען ער האָט אַ קוק געטאָן, ווי פאַרכמורעט זי זעט־אויס, האָט ער זי צורו געלאָזט: זי איז היינט אויפגעשטאַנען אויף דער לינקער זייט... מאָרגן וועט איר זיכער באַנג טאָן, וואָס זי האָט זיך אַזוי צעלאָזט, איצט וועט ער כאַפּן אַ שפּאַציר צווישן די מאַשינען..

אינמיטן טאָג האָט זיך ליזע אַרויסגערוקט — קיינער האָט ניט געזען ווען — און מער איז זי ניט געקומען צוריק. קיינער האָט ניט געוואוסט: פאַרוואָס? טשאַרלי האָט זיך געקליבן גיין צו איר אַהיים אויסגעפינען, אָבער

## אַ יורד

ער האָט מיטאַמאָל דערפילט אַ שטאַרקע ענדערונג אין זיך. ער גייט־אָפּ עטלעכע שפּאַן און ער מוז זיך באַלד אָפּשטעלן, אויב ניט, פּאַכעט ער מיט דער נשמה... וואוהין זאָל ער פריער גיין — צום דאָקטאָר, צי אַוועקלאָזן זיך צו ליזען? און דאָ קנאַקט מען אויפן טעלעפאָן: וואו האלט עס מיט דער אַרבעט? פאַרוואָס שיקט ער ניט פאַרטיקע קליידלעך? שוין לאַנג צייט געווען! וואָס איז עס פאַר אַ שאָפּ ביי אים?

שפּעטער אביסל האָט טשאַרלי נעש דערפילט אַ מאָדנע שווינדלען פאַר די אויגן. די מאַשינען האָבן אָנגעשפּאַרט אויף דער סטעליע: אָט פאַלן זיי אַרונטער! די אַרבעטער מיט אַזעלכע גרויסע קעפּ, הענגען־אַרונטער. ער האָט זיך געלאָזט גיין אין אָפּיס מיט די הענט אין פאָראויס. ער האָט געהאַט אַ געפיל, ווי ער איז אין אַ טיפן וואַסער און די כוואַליעס פאַרשטעלן אים די אויגן. דער אָפּיס איז אַזוי ווייט, און די פיס ציטערן. ער האָט זיך אָנגע־שפּאַרט אין דעם לאַנגן צושנייד־טיש און שווער געסאָפּעט.

ביי די מאַשינען האָט מען איצט גערעדט וועגן ליזען:

‚גוט וואָס די אַלטע מויד איז מער נישטאָ מיט איר רחמנות...

„זי איז נעכטן גראַד געווען אַ לייט! געהערט דיבורים?

„אפשר האָט זי טשאַרלי דערפאַר אַוועקגעשיקט?

„מיר וועלן נאָך דאַרפן גיין סטרייקן צוליב איר”.

די לעצטע באַמערקונג איז געקומען פון לייבל דעם פּרעסער. לויט זיין מיינונג, דאַרף מען אינגאַנצן ניט האָבן אַזעלכע שעפער. אָפּגעזאָגט זיך זיינס, איז ער אַוועק טרינקען וואַסער און דערזען דעם באַלעבאָס עפּעס אין אַזאַ מאָדנעם צושטאַנד: ער האַלט זיך אָן ממש מיט די נעגל זיינע אין דעם לאַנגן טיש. לייבל האָט זיך שיר ניט צעלאַכט, נאָר ווען ער האָט אויף זיך געהאַט זיינע אויגן אַרויסגעשטאַרצט, אַ פאַרביטענער טשאַרלי, האָט זיך לייבל צעלאָזט אויפן קול, אַז עמיצער זאָל באַלד רופן אַן אַמבולאַנס: זייער באַלעבאָס האָט שוין ווידער געקראָגן אַן אַטאַקע... אָט־אָט פאַלט ער אַנידער! אַ מענטש מוז זיין לעבן אים...

די אַרבעטער האָבן פאַרלאָזט די מאַשינען. איינער האָט געבראַכט צו טראָגן אַ בענקל מיט זיך, אַ צווייטער — אַ גלאָז וואַסער צו שפּריצן אויף טשאַרליס פּנים. נאָך איינער האָט אים גלייך צעכראַסטעט. פון אַ שמאָל טישל, אָנגעוואָרפן מיט קנעפּלעך און זאַבעלן, האָט די נייע פינישערין באַפוילן צו עפענען אַלע פענצטער: וואָס מער לופט — אַלץ לייכטער צו אָטעמען. דער לעצטער, וואָס איז צוגעקומען האָט דעם באַלעבאָס עטלעכע מאָל גע־

רופן ביי זיין יידישן נאָמען. ער האָט געגעבן צו פאַרשטיין, אַז דאָס איז אַ סגולה פון דער אַלטער היים, ווען איינער חלשט...

שפּעטער אַביסל האָט מען טשאַרלי נעשן אַרויסגעטראָגן אויף אַ בעטל. ער האָט געכליפּעט, אַז מען מוז אים שנעל אָפּראַטעווען: ער איז אַ פּאַראַנט־וואָרטלעכער מענטש... דאָס האָט ער ווידערהאָלט, ווען מ׳האָט אים אַריינגע־שאַרט אין אַמבולאַנס, און אויך אויפן וועג אין שפּיטאָל אַריין. די ווערטער זיינע זיינען צעמאָלן געוואָרן פון דעם מאָנאָטאָנעם קלינגען: גלין־גלין־גלין.

די אַרבעטער האָבן זיך מער ניט צוגערירט צו קיין אַרבעט, אפילו ווען דער קלאַנג פון אַמבולאַנס, וואָס וואַרפט אָן אַ מורא, איז שוין איינגאַנצן געווען פאַרגאַנגען. פאַרשלאָסן דעם שאַפּ און אַוועקגעטראָגן די שליסל צו זון הערי, אויף בראָדוועי.

אינדרויסן האָט אָנגעהויבן רעגענען. די אַרבעטער זיינען געשטאַנען אין דער געראַמער „לאָבי״ און אַרויסגעבליקט אויף די שווערע טראָפּנס, וואָס פאַלן אויפן אַספאַלט און מאַכן רעדעלעך. די מערסטע פון די מענטשן — פאַרקלעמטע; ניט געוואוסט אויף וועמען פריער רחמנות צו האָבן. איינער האָט געוואָרט אויפן צווייטן צו זאָגן אַ וואָרט, און קיינער האָט גאָרניט געזאָגט. איניקע האָבן זיך געפילט דערנידעריקט, וואָס מ׳האָט זיך אָנגעהאַלטן אין דעם קראַנקן טשאַרלין צו האָבן פּרנסה. מ׳האָט געהאָפט, אַז דער זון הערי וועט איבערנעמען דעם שאַפּ. סיי־ווי האָבן זיי ניט געהאַט וואוהין צו גיין; מ׳איז שוין ניט קיין יונגעלייט צו פאַרמעסטן זיך מיט די ביי־צוגעקומענע. פאַר וועמען זאָלן זיי זיך אויסריידן? אַנדערע איז געקומען אויפן זינען די צייט, ווען טשאַרלי איז נאָך געווען אַ יונגערמאַן, ווי ער האָט זיך געוואָרפן מיט מענטשן, געפּאַכעט מיט אַ בייטש. גיי רעד איצט וועגן דעם? די אַרבעטער האָט זיך באַלד צוגעגעסן אַזאַ צושטאַנד: ווי וועט זיין, אַז דער רעגן וועט ניט אויפהערן אַ גאַנצע נאַכט? און מ׳האָט זיך איינער נאָכן אַנדערן גענומען אַרויסרוקן פון דער לאָבי. — — — .

אויף מאָרגן האָט מרס. נעש געעפנט דעם שאַפּ. די אַרבעטער האָבן זי אַרומגערינגלט מיט איין פראַגע: וואָס מאַכט טשאַרלי? זי האָט זיי געגעבן צו וויסן, אַז איר מאַן איז שטאַרק קראַנק. זיי וועלן דאַרפן אַרויסענדיקן די אַרבעט וואָס איז דאָ... זי גלויבט קוים, צי וועט נאָך איר מאַן קאָנען פירן די ביזנעס; זי — ווודאי ניט! אָט־דאָס איז עס! זי זאָגט דעם ריינעם אמת...

דערביי איז זיך דאָס רעדל צעפאַלן. יעדער איינער איז מיט שטילע

טריט אַוועק אויף זיין אָרט. אַביסל שפּעטער האָט זיך דערהערט אַ שליידער פון אַ שער, אַ קללה אויף דער מאַשין, וואָס גראָד היינט רייסט זיך די באַוול: אויף אַ רימען, וואָס איז פּלוצים לויז געוואָרן. ס׳האָט זיך געהערט אַ זיפץ פון איינעם, וואָס זיין וואוילזיין הענגט־אָפּ פון טשאַרלי נעש, וועמען לייבל האָט נעכטן ניט געלאָזט אויסהויכן זיין נשמה... יעדע ווייל — אַן אַנדער קאָפּ פאַרדרייט אַרויף צום וואַנט־זייגער, וואָס איז גאָרניט געווען אָנגעצויגן, און קיינער האָט זיך ניט געכאַפּט...

פאַרנאַכט זיינען די אַרבעטער אַרויס פון שאַפּ מיט שלאַבערדיקע טריט, אַן אַ ברעקל ריטם, ווי מען גייט פון אַ לוויה. די נייע פינישערין, רוט, מיט וואַרעמע טונקל־בלויע אויגן און לאַנגע רויטע אויער־רינגען איבער אירע געשניצטע באַקן, אויף וועלכער קיינער האָט זיך ביז אַהער גאָרניט אומגעקוקט, האָט אַלעמען געטרייסט: זייערע שיפן זיינען ניט אונטערגעגאַנגען. אָט וועלן זיי זען, אַז מאָרגן וועט זיין אַ שיינער טאָג און ס׳וועט זיך גאָר אַנדערש טראַכטן. אויגן, ערשט־אַראָפּגעלאָזענע, האָבן זיך אויפגעהויבן און געגלעט רוט׳ס באַקן: זאָל זי נאָך עפּעס זאָגן. איצט וועט מען זי אויסהערן...

—מרס. נעש האָט די אַרבעטער נאָכגעקוקט. וואָס אַמאָל איז איר געוואָרן מער אומהיימלעך. ווען זי איז פאַרבליבן איינע אַליין, איז זי מיט אימפּעט צוגעלאָפן צו דער וואַנט, וואָס איז געווען באַשטעקט מיט אַלערליי קאָלירטע קלעצלעך באַוול אויף גרויסע טשוועקעס, וואָס טשאַרלי האָט אַריינגעקלאַפּט און באַרימט זיך, אַז ביי אים פאַרלירט מען ניט קיין סעקונדע: אַלץ איז אויפן אויג פאַר זיינע אַרבעטער. זי האָט פאַר אַ ווייל באַטראַכט דאָס ווענטל. איר האָט זיך געדאַכט: זי זעט טשאַרליס בילד אויבן־אָן מיט די גרויסע שטעכנדיקע וויעס איבער זיינע קאַלטע אויגן. אירע ליפּן האָבן געשעפּטשעט: אָט מיט די קלעצלעך באַוול האָט טשאַרלי זיך מער אָפּגעגעבן ווי מיט איר. דאָ האָט ער איבערגעלאָזט זיין ביסל צערטלעכקייט, וואָס ער האָט פאַרמאָגט. אירע ציין האָבן גענומען קריצן, און זי האָט צעשליידערט די קלעצלעך באַוול איבערן גאַנצן שאַפּ. נאָך דעם איז זי געגאַנגען מבקר חולה זיין טשאַרלין מיט אַ לייכטער געמיט: זי האָט געהאַט אַ געפיל, ווי זי האָט נאָר־וואָס איר מאַנס זייטיקע געליבטע אויסגעפּאַטשט...

# באַרג אראָפּ

אנטאני ראַקאַ, אַ קורצער מיט ברייטע אַקסלען און מיט אַ לענגלעך פּנים, גרויע אויגן און פּוקעס רויטע באַקן, שוואַרצע האָר מיט אַ גלאַנץ, האָט מיט פּאַרנעם אַרומגעשפּאַצירט איבער דעם גרויסן באַלויכטענעם גאַראַדזש צווישן לאַנגע רייען אויטאָמאָבילן מיט רעשיקע קאָלירן. ער האָט געגלעט אַ ווייסע בלום אויפן לאַץ פון זיין בלויען רעקל און צופרידן גע־שמייכלט: הנאה געהאַט, וואָס היינט אַ יאָר אַז ער איז דאָ אין דער שטאָט לאָס אנדזשעלעס; געקומען צופליען אַהער פון ווייט-ווייט, און באַלד איז ער געוואָרן אַן אָנגעזעענער באַלעבאָס אויף דער אַכטער גאַס אין אַ מאָדערנעם מויער. ער האָט באַלד אַרויסגעלאָזט אַ קלאַנג דורך זיין פּאַרמאַנס מויל, אַז ער איז פאַרבונדן מיט „געגנגס״; און ווי ער וואָלט אַ שילד אַרויסגעהאָנגען, ווייסט מען אומעטום, אַז מיט אים טאָר מען זיך ניט אָנהויבן...

צוליב אַזאַ באַרימעריי האָט אַנטאָני ראַקאַ אַלעמאָל געפּרואווט אויס־זען פאַרביסן, געפּינטלט מיט די אויגן, געשריגן — צו האַלטן פריש זיין נאָמען, וואָס ער האָט זיך דאָ דערוואָרבן. ווען קיינער האָט ניט באַמערקט, האָט ער געלאַכט איפן קול פון די אַלט-געזעסענע באַלעבאַטים, וואָס זיינען אים מקנא, וואָס ביי אים זיינען נאָך די אַרבעטער ניט אָרגאַניזירט.

אין אַ צייט אַרום האָט זיך אַנטאָני ראַקאַ געענדערט. ער ווייסט אַליין ניט, ווי אַזוי ס'האָט פּאַסירט. ער האָט מער ניט געקענטריידן קיין גלייך וואָרט מיט קיינעם. זיינע אויגן האָבן ביי אים אויף אַן אמת גענומען פינטלען; זיין פּנים — שטרענג. אָבער ס'האָט אים ניט געאַרט. ער איז גאָר געווען צו־פרידן, וואָס ער שפּילט ניט מער קיין צוויי ראָלעס.

ערשט היינט האָט אַנטאָני ראַקאַ געגוואַלדעוועט אין שאַפּ אויף די אַרבעטער: אַזוי לאַנג ווי ער האַלט אָפן זיינע אויגן, וועט קיינער פון דרויסן אים ניט דיקטירן, ווי צו פירן זיין מסחר. ער האָט פאַר קיינעם ניט קיין מורא... וועמען ס'לוינט זיך ניט זאָל זיך באַצייטנס אָפּטראָגן...

די רעדע האָט ער געהאַלטן צוליב דער נייעס, וואָס האָט זיך פאַר־שפּרייט וועגן אַ גענעראַל-סטרייק אין זיין אינדוסטריע. ער האָט געקלאַפּט מיט אַ פויסט, אַז ער האָט בערג מיט אַרבעט מער פון יעדן באַלעבאָס אין שטאָט, ווייל זיין נאָמען איז אַנטאָני ראַקאַ — זאָלן זיי דאָס געדענקען...

אַביסל טיפער אין גאַראַדזש האָט זיך אַנטאָני צעשמייכלט. ער האָט

זיך דערמאָנט, ווי זיין מאַריאַ וויל נאַר, אַז ער זאָל ווערן אַ געזעצטער מענטש; ווען ער פאָלגט זי, וואָלט ער נאָך איצט געזעסן ביי אַ מאַשין און געשטעפּט ווי זיין טאַטע, זאָל ער רוען אין פרידן. אַזוי אָבער טראָגט אַנטאָני יעדן טאָג אַ פרישע ווייסע בלום אויף זיין לאַץ; זיין ווייס העמד — אַן אַ שפּרענקעלע. אָט איז זיין נייער אויטאָמאָביל — ער וועט זיך באַלד אַריינזעצן און אַ לאָז טאָן זיך אויפן „פּריוועי" מיט אַ ירגזון. היט זיך: אַנטאָני ראָקאָ פאָרט אַהיים!

אין שטוב ביי אים איז שוין דער טיש געגרייט יום־טוב׳דיק מיט אַ פלאַש אייגן־געמאַכטן וויין. די קינדער זיצן מיט דרך־ארץ און וואַרטן, ביז ער וועט קומען צוגיין. ער וועט אַ גלעט טאָן אין אַ בעקל ,עפּעס פרעגן, וועט מען ענטפערן; טאָמער ניט, איז שאַ־שטיל!

מיטאַמאָל — אַן אויסגעשריי פון הינטער זיינע פּלייצעס:

„העי, וואָס זוכסטו דאָרטן?"

אַנטאָנין האָט אַ היבש ביסל פאַרדראָסן, וואָס מען רעדט צו אים אַזוי פּרעך, אָבער ער האָט איצט ניט געוואָלט קאַליע מאַכן זיין גוטע שטימונג. ער האָט זיך געוויצלט, אַז ער וויל זיך דאָ אויסקלייבן דעם בעסטן אויטאָמאָביל. אַנ־טאָני האָט נאָך עפּעס געוואָלט זאָגן, נאָר פעטע פינגער האָבן שוין געשטעקט אין זיין קאָלנער, אים שיער ניט דערוואָרגן, און איידער־וואָס, אויסגעדרייט אים ווי ער וואָלט געווען אַן אָנגעשטאָפּטע פיגור אויף רעדלעך: באַלד אַ געשריי אים אין פּנים:

„וואָס טוסטו דאָ" ? און באַלד נאָך אַ קול:

„דאָס איז ער, דער פאַרשוין!"

אַנטאָני ראָקאָ האָט פאַר זיך דערזען צוויי פּאָליסלייט. ער האָט אויס־געזען צעטומלט און מעכאַניש געשמייכלט: ער האָט שטיל גערעדט צו דער ווייסער בלום אויף זיין לאַץ: אַ וואַזשנע גנב האָבן זיי געפּאַקט. דעם אויטאָ־מאָביל, וואָס ער האָט געזוכט, זעט ער שוין און איצט וויל ער פאָרן אַהיים. מעג ער? ער האָט זיך געלאָזט גיין זיין וועג. נאָר פּלוצים האָט אים איינער דערלאַנגט אַ פּאַטש אין פּנים, אַז ער האָט שוין מער ניט געזען וואו אַ פוס צו שטעלן. ער האָט געשריגן אויפן קול: וואָס ווילן זיי האָבן פון אַן אומשול־דיקן בירגער?

„אַזוי זאָגן אַלע פון זיין גלייכן" — האָבן די פּאָליסלייט צווישן זיך גערעדט, און אים באַפוילן ניט צו מאַכן קיין טומל. זאָל ער בעסער ענטפערן צו דער זאַך.

אַנטאָני ראָקאָ האָט גערעדט מיט אַ געמאַכטער שטייפקייט, די אויגן געווענדט צו אַ רייע אויטאָמאָבילן ווי אַ בלינדער.

„איר זענט משוגע געוואָרן? זאָגט וואָס איר ווילט פון מיר האָבן״ — נאָכדעם האָט זיך ביי אים אַרויסגעגליטשט נאָך אַ באַמערקונג פון גע־וואוינהייט וועגן, אַז ער קאָן אויך געבן פעטש, נאָר צוויי אויף איינס... ער האָט די ווערטער געוואָלט צוריקכאַפּן, אָבער ס׳איז שוין געווען צו שפּעט. דער פּאָליסמאַן מיט דער בייזער געשטופּלטער נאָז, ווי ער וואָלט אַרויסגע־קוקט, אַז אַנטאָני ראָקאָ זאָל אַזוי רײדן, האָט זיך גע׳כעסט:

„צוליב דער אויסגעפּוצטער ליאַלקע האָט מען באַדאַרפט איבעררייסן זיין וואַקאַציע!״ — ער קומט אוודאי פון שיקאַגאָ...ביידע פּאָליסלייט האָבן געלאַכט.

אַנטאָני ראָקאָ, וואָס האָט ערשט פריער געוואָלט פּאַרגיטיקן זיין לעצטע באַמערקונג, וויל זיי ווייזן דאָס וויזיט־קאַרטל פון זיין פירמע: זאָלן זיי זען, מיט וועמען מ׳האָט צו טאָן. ער האָט אָבער די מינוט מער ניט געקענט רירן מיט די הענט. ער האָט שווער געסאָפּעט. ס׳האָט אים געצויגן אַראָפּ צום אַספאַלט אויסציען זיך. ער האָט געפּרואווט מיט זיינע ציטערדיקע פינ־גער אויפפּלעכטן זיין שניפּס, אָבער ער האָט אויסגעזען הילפלאָז ווי אַ קינד.

די צוויי פּאָליסלייט — איינער אַ בלאָנדער מיט אַ ייִנגלשן פּנים און ראָזעווע באַקן, אַ שמייכלענדיקער, און דער צווייטער, אַ טונקעלער, אַ פּעט־לעכער מיט אַ בייזער נאָז — האָבן זיך געשושקעט, אַז דער בחור האָט שוין געקראָגן פּאַר אַן אָנהויב, מען וועט אים נעמען צום אייגנטימער, זאָל ער כאַפּן אַ קוק אויף דעם „פויגל״. באַלד האָבן זיי אים אַ נעם געטאָן פּאַר די אָרעמס, אים געפירט צום אָפּיס. דער בלאָנדער האָט אָנגעקלאַפּט אין אַ פענצטערל, און דער אייגנטימער פון גאַראַדזש, אַ מיטל־יאָריקער מיט צעשויבערטע געלע האָר, איז באַלד אַרויסגעקומען. ביידע מיטאַמאָל האָבן ביי אים געפרעגט צי ער האָט דעם „העכט״ אַמאָל דאָ געזען.

דער אייגנטימער, אַ צעטומלטער, האָט גוט באַטראַכט דאָס פאַרבלוטיקטע פּנים איינמאָל און נאָכאַמאָל,און נאָכדעם גע׳סוד׳עט זיך מיט די צוויי פּאָליסלייט: דאָס איז איינער אַ מיסטער ראָקאָ, אַ באַלעבאָס, געקומען אַהער פון ניו יאָרק. זיין „ביואיק״ איז רעכטס פון ווינקל. ער האַלט אים דאָ שוין באַלד אַ יאָר.

דער בלאָנדער פּאָליסמאַן האָט אַ שפּיי געטאָן אין אַ זייט און שטיל געפרעגט:

„פאַרוואָס האָט ער ניט גערעדט קלאָרע רייד? אַזאַ אידיאָט!”

דער אייגנטימער האָט געצויגן מיט די אַקסלען: אַזוי ווילצלט ער זיך אַלעמאָל, ווען ער קומט אַהער. אוודאי גוט אריינגעטראָפן דאָ אין דער וועסט. ער האָט זיך אויסגעדרייט צום צעשלאָגענעם און גערעדט אויפן קול:

„די פּאָליסלייט זיינען געקומען אַהער. ווייל מהאָט ערשט פריער אַוועקגעגנב'עט אַ נייעם אויטאָמאָביל, ניט ווייט פון אייערן, און מ'דאַרף זיי העלפן, ניט באַלבען מיט דער צונג. נו, גייט שוין, מיסטער ראָקאָ, אַריין אין וואַשצימער און וואַשט זיך אַביסל אַרום. נעמט אַביסל קאַלט וואַסער וועט אייך העלפן. שטייט ניט אין וועג! איך האָב גערופן די פּאָליציי אַהער — עס איז אויך פאַר אייער טובה־וועגן...

אַנטאָני ראָקאָ האָט שוין איצט געקענט אָפּאָטעמען. ער האָט זיך צע־לאָזט אויפן קול, אַז ער וועט די צוויי געזונט־היטער ניט אָפּשווייגן; זיי וועלן אים האָבן צו געדענקען; ער קומט פון מאַלבערי סטריט, ניו יאָרק.

„מיסטער ריגל, איר וועט זיין מיין עדות — איר מוזט!”

דער גאַראַדזש־אייגנטימער האָט אים ממש אריינגעשטופּט אין וואַש־צימער: דאָרט איז פאַראַן אַ באַנדאַזש — זאָל ער אים נוצן, און זיך אָפּ־טראָגן. ער איז איצט אין דער ווייטער וועסט. זאָל ער ווינציקער פּלאַפּלען...

ראָקאָ האָט מיטאַמאָל דערפילט אַ ציטערניש אין גאַנצן קערפּער. אָט־די סעקונדע איז אים באַפאַלן אַ שרעק: אפשר וועט דאָס קאַלטע וואַסער אָפּ־פרישן אים אַביסל, שטילן זיינע צעבאַלעוועטע נערוון; דערנאָך וועט ער אַ הויב־טאָן זיין קול, ווי אין שאַפּ ביי זיך, אַז אים שלאָגט מען ניט. ער איז אַריין אין וואַשצימער, פאַרהאַקט די טיר הינטער זיך, אַ קוק געטאָן אין שפּיגל, און זיך אַזש אַ טרייסל געטאָן: ער האָט געוואָלט אויסשרייען, אָבער ער האָט געפילט, אַז זיין האַלדז איז אים פאַרלייגט. ער האָט געלאָזט לויפןביידע קראַנען וואַסער און געשאָלטן, געקריצט מיט די ציין — אַזעלכע אויסוואורפן! 'בעסטערדס”!

די צוויי פּאָליסלייט האָבן איצט געהאַט אַ געלעגנהייט צו ריידן צו מיסטער ריגלען, אַז ער זאָל זיך מער ניט מישן אין דעם ענין. ער האָט גאָרניט געזען, גאָרניט געהערט. אַזאַ פאַרשוין האָט ניט באַדאַרפט חוזק מאַכן פון זיי. לויט דעם ווי מר. ריגל האָט אויפן טעלעפאָן געשילדערט דעם

גנב, איז דער אַנטאָני ראָקאָ געווען ווי אָנגעמאָסטן, און זיין פלאַפּלעריי דערצו האָט באַשטעטיקט, אַז דאָס איז ער, דער פויגל...

מר. ריגל האָט פאַרזיכערט די צוויי פּאָליסלייט, אַז ער וועט מאַכן אַ שווייג: זיי מעגן זיך אויף אים פאַרלאָזן; זאָל דער אַנטאָני ראָקאָ זיך פאַר־נעמען פון דאַנען. פאַראַן צען בעלנים פאַר איינעם אויף זיין פּלאַץ. אים איז געקומען אויף דער מחשבה: אפשר גאָר גלייך איצט לאָזן וויסן וועגן אַנטאָני ראָקאָ׳ס באַרימעריי, אַז ער פלעגט „געבן פּראָטעקציע” אין ברוקלין, געהאַט דאָרט אַ „גענג”... ער האָט אָבער געטראַכט: ווער וויל זיך אָנהויבן מיטן געזעץ? הויבט מען נאָר אָן צו קראַצן, קאָנען זיי ביי אים אויך אויפ־דעקן אַ וואונד...

ווען אַנטאָני ראָקאָ האָט זיך צוריקגעקערט פון וואַשצימער, זיינען די פּאָליסלייט שוין מער ניט געווען. ריגל האָט זיי נאָכגעקוקט מיט אַ גע־קאָרטשעטער נאָז, זיך געמאַכט, אַז ער זעט ניט דעם צעשלאָגענעם, וואָס האָט שוין געקאָנט שטיין אויף זיינע אייגענע פיס און מ׳האָט שוין אַרויסגעזען אַ פּנים. ער וויל אים ניט געבן די געלעגנהייט צו באַקלאָגן זיך. ער קאָן זיך גוט: טשאַרלי ריגל איז אַ ווייכער מענטש, און האָט ליב צו פּלאַפּלען אַ סך, ווען מען ציט אים פאַר דער צונג. ער אַליין איז אויך געווען אַ בחור אַ ברען אין טעקסאַס, געקומען אַהער קיין לאָס אַנדזשעלעס איבערצורייסן מיט זיין חברה, וואָס האָט אים געמאַכט צו זינדיקן: אפשר איז דאָס דער פאַל מיט דעם אַנטאָני ראָקאָ? אָפּגעטרייסלט זיך פון זיין דאָרטיקער „גענג” און געקומען פירן אַן אָנשטענדיג לעבן, ווי ער? ראָקאָ האָט אים לייכט אַ קלאַפּ געטאָן אין די פּלייצעס, און זיך גענומען חנ׳דלען צו אים.

„מיסטער ריגל, איר זענט אַ מלאך. ווען איך פאָלג אייך ניט צו גיין אין וואַש־צימער, וואָלט שוין געווען אויס אַנטאָני. איצט וויל איך פון אייך אַ טובה: אָנצולערנען די היגע פּאָליציי...

טשאַרלי ריגל איז אים אַריינגעפאַרן אין די רייד:

„מיסטער ראָקאָ, פאָלגט מיך און פאָרט בעסער אַהיים, אָדער גייט צו אַ דאָקטאָר, ווייל אַרום אייער נאָז דאַרף מען די הויט צונייען. גייט, און הויבט זיך ניט אָן דאָ מיט פּאָליציי! כ׳האָב אייך ניט איינמאָל געזאָגט, אַז דאָ איז אַנדערש ווי ביי אייך. איר זענט באַגלייך מיט מיר אַן אָפּגעריסן צווייגל, און אַזאַ צווייגל איז לייכט צו צעברעכן — זיינע אויגן האָבן מיטאַמאָל אויפגעלויכטן, ווען דער טעלעפאָן האָט זיך צעקלונגען. ער איז געגאַנגען גיך און פאַרענדיקט זיין געשפּרעך מיט ראָקאָ׳ן, אַז ער איז זיינער אַ פריינט

און קיין בעסערע עצה האָט ער ניט... זאָל ער גיין זיין וועג. ער דאַרף אַ דאָקטאָר, ניט אים...

ראָקאָ האָט זיך פּאַמעלעך געלאָזט גיין צו זיין אויטאָמאָביל, און מיטן וועג דערזען די ווייסע בלום, וואָס איז ערשט פריער געווען אויף זיין לאַץ ווי אַ טייל פון אים. איצט ליגט זי אַ צעטראָטענע. ער האָט זי אויפגעהויבן, געוואָלט אויסגלייכן, אָבער זי איז גלייך צעפאַלן. אַ מורא האָט אים פּלוצים אַרומגעכאַפּט. ווען ער האָט דערהערט פון וויטן אַ הוסט טאָן, האָט אים באַגאָסן אַ קאַלטער שווייס. די צוויי פּאָליסלייט האָבן עפּעס אין אים פאַרניכ־טעט. ער איז ניט געווען אַזוי ביז איצט. דער גאַראַדזש האָט אים אויסגעזען, ווי דער קעלער פון זיין „גענג" אויף קריסטי סטריט, וואו מען פלעגט אים שלאָגן, ווייל ער „ברענגט" ניט גענוג זאַכן פון די אַרומיקע קראָמען. מער וועט ער דאָ זיין אויטאָמאָביל ניט האַלטן; ער דאַרף קיין טובה ניט פון ריגלען.

דאָך, ווען ראָקאָ איז נאָכאַמאָל פאַרבייגעפאָרן דעם אָפיס, האָט ער ווי אָן זיין ווילן אַ פייף געטאָן צו אים: כדאי צו הערן נאָכאַמאָל זיין טאָן ריידן, אפשר האָט ריגל גע׳חוזק׳ט פון אים: „האָסט אַריינגעכאַפּט פעטש, מאַך אַ שווייג. מיט דיין „אַמאָל" קענסטו זיך אויסשטעלן בלויז פאַר געוויינלעכע מענטשן. זיי לאָזן זיך אָפּשרעקן — אָבער ניט די פּאָליצייִ"... ער האָט נאָכאַמאָל אַ פייף געטאָן.

טשאַרלס ריגל איז געשטאַנען מיט זיין ברייטער פּלייצע פאַרן פענצטער, געוואָלט, אַז ראָקא זאָל אים צורולאָזן, ווען ער וועט דורכפאָרן.

אָבער ווען ער האָט געהערט, אַז ראָקאָ האָט זיך אָפּגעשטעלט און פאָרט ניט ווייטער, האָט ער זיך אויסגעקערעוועט מיטן פּנים און געוויזן מיט די הענט: זאָל ער פאָרן ווייטער. מ׳וועט שמועסן אַן אַנדערש מאָל. ער האָט איצט ניט קיין צייט פאַר אים. ריגל האָט געצויגן מיט די אַקסלען, ווי איינער זאָגט: וואָס איז דאָ פאַראַן צו ריידן?

אַנטאָני ראָקאָ האָט אַראָפּגעלאָזט די נאָז. ער האָט געהאַט פאַראיבל וואָס ריגל איז ניט מער אַרויסגעקומען באַגלייטן אים מיט אַ גוט וואָרט, טרייסטן, אַז די וואונדן וועלן זיך ביי אים גיך פאַרהיילן.

אויב אַזוי, איז אויס! מער וועט ער, ראָקאָ, זיין אויטאָמאָביל צו אים אין גאַראַדזש ניט ברענגען. ניט ער, און ניט זיין פאַרמאַן דע נאָלאָ — קיינער ניט פון זיין שאַפּ. ער איז אַרויסגעפאָרן שנעל און פאַרקערעוועט זיך צו זיין דאָקטאָר, לעבן ווילשייער בולעוואַרד. ער האָט זיך אויפן וועג דער־

מאַנט אין אַ פֿאַל, וואָס אים האָט זיך געדאַכט, אַז ס׳וועט אים מער קיינמאָל ניט קומען אויפֿן זינען. דאָס איז געווען אַ פּאַסירונג אויף מאָלבערי סטריט, ווען ער איז געווען נאָך אַ יונגער בחור. די מאַמע זיינע, אַ פּעטע, האָט איינמאָל, אַ זומער־פֿאַרנאַכט געפּירט אין זיין וועגעלע אַ באַרג קנעפּלעך. מיט פּעקלעך פֿונעם שאָפּ, וואו זי האָט געאַרבעט, אויף אָנצונייען קנעפּלעך נאָכן עסן. זי האָט זיך באַקלאָגט, אַז מען גיט איר ניט גענוג צו פֿאַרדינען. ער איז איר אַנטקעגנגעקומען מיט אַ הויכן פּאָליסמאַן, וואָס האָט אים ניט אָפּגעלאָזט זיין רעכטן אויער. דער פּאָליסמאַן האָט גערעדט שטרענג צו זיין מאַמען: „מרס. ראָקאָ, מיר וועלן דעם בחור שיקן איבערן וואַסער, אויב ער וועט זיך אַרומשלעפּן מיט דער קריסטי סטריט „גענג״. איר הערט?״

די מאַמע האָט שווער געפּראַכט. זי האָט יאוש׳דיק געשאָקלט מיט איר קאָפּ. טרערן האָבן איר געשטיקט אין האַלדז, אָבער זי האָט געזאָגט: „אַנטאָני, אַנטאָני, האָסט באַדאַרפֿט צו האָבן אַ טאַט׳ן אין שטוב. נו, זאָל איך אים לעבעדיק מאַכן?״ זי האָט געווישט אירע טרערן, און מיט אַמאָל אים דערלאַנגט אַ פּאַטש אין פּנים און מיט רוגזה געשאָפּן זיך מיט אים, אַז ער זאָל אַריינפֿירן אין שטוב די אַרבעט. זי האָט פֿאַרזיכערט דעם הויכן פּאָליסמאַן, אַז מער וועט איר זון ניט זיין קיין הפקר־יונג, זי וועט אים אַרויסשלאָגן פֿון קאָפּ די „גענג״...

ערשט דאַן האָט דער פּאָליסמאַן באַפֿרייט זיין אויער, וואָס האָט אויס־געזען ווי אַ שטיק פֿייער. אַנטאָני האָט אַריינגעקוקט אין געשליפֿענעם שפּיגע־לע אין זיין אויטאָמאָביל און גלייך אַוועקגעכאַפּט זיינע בליקן: איצט זיינען ביי אים ביידע אויערן פֿייער־רויט ווי דאַמאָלט. אבי ער האָט געדענקט, אַז די גוטע יאָרן וועלן קיינמאָל ניט דורכלאָזן די לאַנג־באַגראָבענע איבער־לעבונגען פֿון זיינע קינדער־יאָרן, ווען ער איז געווען אַ שיק־יינגל ביי דער „גענג״ אויף קריסטי סטריט. וויפֿיל קלעפּ ער האָט דאַן געכאַפּט אומזיסט און אומנישט!

אַנטאָני ראָקאָ איז פֿאַרבייגעפֿאָרן דעם אָפּיס פֿון דאָקטאָר. ער האָט זיך אויסגעדרייט צוריק און גערעדט צו זיך אַליין ווייכע רייד: נו, ס׳וועט שוין זיין גענוג פֿאַר היינט! אַריינקלערן זיך צופֿיל טויג ניט! ווי קומען צו אים אין קאָפּ אַזויפֿיל צעבאַלעוועטע מחשבות? אָט איז דער אָפּיס. אויב דער דאָקטאָר איז פֿאַרנומען, וועט ער גיין צו אַן אַנדערן, און פֿאַרנעמען זיך פֿון דער גרויסער שטאָט וואָס גיכער. ער וויל מער ניט זען קיין פּאָליסמאַן פֿאַר די אויגן...

# באַרג אַראָפּ

אין אָפּיס האָט אים באַגעגנט אַ פּעטלעכע נוירס מיט מאַמעשע אויגן. זי האָט צו אים גערעדט אין אַן אָנגענעם קול: דער דאָקטאָר איז אויפן וועג אַהער, זיצט, לייענט עפּעס אין די זשורנאַלן. פאַראַן וויכטיקע אַרטיקלען וועגן יונגוואַרג, וואָס בלאָנדזשעט...

ראָקאָ האָט געפילט ווי צו אַנטלויפן. „אַקעגן וואָס דערמאָנט זי אים די יוגנט? זע נאָר, ווי זי דערקענט אים ניט! ער מוז אויסזען, ווי עפּעס אַ נעבעכל". אַ שפּיגל איבער אים האָט געררייצט אָנצושפּיגלען זיך, אָבער אים האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז אַלע וואַרטנדיקע פּאַציענטן האַלטן זייערע בליקן נאָר אויף אים. ער האָט דערשטיקט אַ זיפץ: „פאַרוואָס קומט אים אַזאַ ניט־מזלדיק'קער פאַרנאַכט? מיט וואָסאַראַ פאַרנעם איז ער נעכטן אַהיים געפאָרן. אפשר וועט דער מאָרגן פאַר אים זיין נאָך ערגער"? ער האָט אַ כאַפּ געטאָן אַ זשורנאַל, געבלעטערט, גענישטערט, אַליין ניט געוואוסט וואָס ער זוכט. דאָס שאָרכען פון די בלעטער האָט אים געמאַכט נערוועז. ער האָט אויפגעהערט בלעטערן און כלומרשט פאַרטיפט זיך. ער האָט געלייענט אַן אַ סדר. ער האָט זיך דערפילט ניט היימיש מיט די אותיות. אין זיין טעגלעכער צייטונג איז דער מאַטעריאַל אַזוי אַנדערש. ער האָט אַליין ניט געהערט וואָס ער לייענט. די אויגן האָבן זיך ביי אים גענומען קלעפּן.

דאָקטאָר פאַנארי האָט זיך אַריינגעשטעלט. אַ הויכער, אַ דינער, מיט ווייכע שוואַרצע אויגן. ער האָט געשמייכלט צו די עטלעכע פּאַציענטן. זיי זעען אים אויס ברוגז איינער אויפן אַנדערן. פאַרוואָס באַקענט מען זיך ניט? וואָס עפּעס אַזוי שטיל? אַז מען רעדט צווישן זיך, קוקט מען ניט אַזוי אָפּט אויפן זייגער. אים אַליין קומט אויך אויס אַמאָל צו וואַרטן אַלס פּאַציענט.

אַז קעידי, די נוירס האָט דערהערט זיין קול, איז זי גלייך פון ערגעץ אַרויס, געכאַפּט פון זיינע הענט זיין שוואַרץ רענצל און אים געוויזן די צעפּראַלטע גלעזערנע טיר: זאָל ער ניט פּטרן קיין צייט. דער דאָקטאָר האָט זיך געלאָזן גיין, געגלעט זי איבער איר ווייסן כאַלאַט, און גערעדט מיט געבעט אין זיין טאָן: פאַרוואָס לאָזט זי אים קיינמאָל ניט ריידן צו זיינע פּאַציענטן, איידער זיי קומען צו אים אַריין באַקלאָגן זיך וואָס זיי טוט וויי. די נוירס האָט גערעדט צו אים אין דער שטיל, אַז דאָ אין לאַנד פירט זיך ניט אַזוי. זי האָט אויסגעדרייט איר קאָפּ צו די וואַרטנדיקע פּאַציענטן.

„מיס אַלבערט, אייער נעקסט, נאָכדעם קומט דער דזשענטלמאַן דאָרטן, האָט זי אָנגעוויזן אויף אַנטאָני ראָקאָ, וואָס האָט געדרעמלט. ראָקאָ האָט געהאַט אַ חלום: זיין יידישער שותף אילאי לין בייזערט זיך אויף אים.

„דו ביזט ווי אַן אָנגעבלאָזענער פּענכער — אַ שטאָך מיט אַ שפּילקע, און עס פּלאַצט. גיב נאָר אַ קוק אויף ווער מען איך פאַרלאָז זיך מיט מיין שאַפ״.

„הער אויף מיט דיינע יידישע שטעך־ווערטלעך! ווער האָט דיך ביז אַהער אויסגעהיט פון דער יוניאָן? איצט רעדסטו צו מיר אַזעלכע רייד?״

„אַנטאָני פאַר אַוועק אויף וואַקאַציע. זאָל מען דיך ניט זען אין אַזאַ צושטאַנד. מיט אַזאַ פּנים ווילסטו זיך אַקעגנשטעלן די אַרבעטער. זיי אַליין ווייסן ניט וואָס פאַר אַ שפּיצל זיי קאָנען איצט דער פירמע אָפּטאָן... קוק זיך נאָר אָן! לאָז ניט אויס דיין בייז האַרץ צו זיי...״

„גענוג!״ — האָט אַנטאָני אויסגעשריגן פון שלאָף, בעת די נוירס האָט אים אַ טאָרע געטאָן אַריינצוגיין אין דאָקטאָרס קאַבינעט. זי איז אָפּגעשפּרונגען אַ דערשראָקענע. פון וויטנס האָט זי געלאָזט הערן איר קול:

„מיסטער, יור נעקסט!״

ראָקאָ האָט געשעפּטשעט מיט די ליפּן און געקריצט מיט די ציין, דערביי האָט ער געעפנט זיינע אויגן און פויל אַרומגעקוקט זיך, געגענעצט און גערעדט צו זיך אַליין: וואו איז ער?

עס האָט זיך דערהערט אַ שטילער געלעכטער פון אַ פּאַציענט מיט בלויע ברילן. די נוירס האָט אויפגעהויבן אַ פינגער; געוואָרנט, אַז לאַכן וועט פאַרשעמען דעם גענעצער; אפשר איז ער צוליב זיינע וויטאָקן זיך ניט אויסגעשלאָפן מיט אַ נאַכט פריער... צו דער זעלביקער צייט האָט אויף איר פּנים געגרוט אַ שמייכל, און זי האָט דערפון אַליין ניט געוואוסט.

אַנטאָני ראָקאָ האָט כלומרשט אַ נעם געטאָן אַ זשורנאַל פון טישל לעבן זיך, אַריינגעקוקט, אַז קיינער זאָל ניט וויסן, אַז ערשט פריער איז ער געשלאָפן. אפשר האָט ער געכראָפּעט? זיין מאַריע האָט אים ניט איינמאָל אויפגעוואָרפן, אַז ער וועקט זי אויף פון שלאָף מיט זיין כאָרכלען און גוואַלדן. אפשר האָט ער זיך אויך געוואָלט באַשיצן ס׳פּנים, אַז די נייע פּאַציענטן זאָלן ניט זען ווי צעשלאָגן ער איז.

די נוירס האָט אומגעדולדיק אויסגערופן נאָכאַמאָל, אַז אויב אַנטאָני הערט ניט אויף פונקט איצט צו לייענען, רופט זי אַ צווייטן. דער דאָקטאָר האָט ניט קיין צייט.

דער פּאַציענט, וואָס האָט ביז איצט געלאַכט אינדערשטיל, האָט זיך אויפגעהויבן, צוגעקומען צו אַנטאָני ראָקאָן און גערעדט שטרענג, אַז מענטשן וואַרטן מיט אומגעדולד אויף זייער „נעקסט״, און ער מאַכט זיך טאַמעוואַטע. וואָס איז מיט אים?

דער דאָקטאָר האָט ניט געגלויבט אַ וואָרט, וואָס ראָקאָ האָט געהאַט צוגעטראַכט די לעצטע מינוט, אַז אַן אויטאָמאָביל האָט אים אומגעוואָרפן, דער אָנטרייבער, אַ יונגער בחור, ביי וועמען דאָס רעדל איז אַ שפּילצייג, איז געלאָפן אַזוי ווילד, אַזוי ווילד...

דער דאָקטאָר האָט אים געגלעט אין אַקסל: זאָל זיין אַזוי! ער דאַרף זיין צופרידן, וואָס די קלעפּ האָבן אים ניט בלינד געמאַכט. מ׳האָט עס געטאָן צו אים אַזוי אויסגערעכנט...

אַנטאָני ראָקאָ האָט זיך ניט איינגעהערט צום דאָקטאָרס רייד. ער איז געווען פאַרטראַכט וועגן זיין מאַמען, וואָס זי איז זיך פון אים אויסגע־שטאַנען. וואָס זאָגט זי איצט וועגן אים, ווען ער שיקט איר געלט אַזוי אָפט? טראָגט זי נאָך אַלץ אַ בייז האַרץ אויף אים? צי טוט איר נאָך אַלץ באַנג, וואָס זי האָט אים געבראַכט אויף דער וועלט?... ווי ענלעך איין פּאָליסמאַן אין גאַראַזש איז געווען צו יענעם אינדערהיים, וואָס האָט אים געפירט ביי אַן אויער. וואָס פאַר אַ תירוץ וועט ער געבן אין שאַפּ צו זיין שותף אילאַי לין, וואָס וויצלט זיך אַלעמאָל אויף זיין חשבון, אַז ביי אים אַרבעט ניט דער קאָפּ, נאָר דערפאַר ׳טראַכט ער מיט די הענט״. ער וועט צום ערשטן דאַרפן דער־ציילן פאַר זיין פאַרמאַן. ער, דע נאַלא, וועט אים אַלץ גלויבן. זאָל ער איבער־געבן די נייעס זיין שותף, וואָס זאָגט מען דער פרוי און די שכנים? ער וועט מוזן אונטערוואַרטן אין שטאָט, ביז די זון וועט אונטערגיין...

דער דאָקטאָר האָט אים איבערגעשלאָגן זיינע מחשבות. אַנטאָני ראָקאָ קאָן שוין גיין. זאָל ער קומען אין עטלעכע טעג אַרום, וועט מען ביי אים אַרויסציען די שטעך. דער דאָקטאָר האָט אים געקלאַפּט אין פּלייצע. באַגלייט צו דער טיר, און איידער־וואָס האָט שוין די נוירס אַריינגערופן אַ צווייטן פּאַציענט.

ראָקאָ איז פאַרבייגעגאַנגען דער נוירס און דאָס מאָל ביי איר שטיל געפרעגט, צי דערקענט זי אים נאָך אַלץ ניט. זי האָט זיך אַנטשולדיקט, און זיך געשפּאַסט מיט אים: זאָל ער מער ניט כאַפּן אַ דרעמל ביים רעדל, וועט ער ניט האָבן קיין בייזן חלום ווי פריער אויפן שטול. ראָקאָ האָט געשמייכלט, אָבער זיין פּנים האָט אויסגעזען טרויעריק. ער האָט געצויגן מיט די אַקסלען קעידי רעדט צו אים וועגן אַ חלום וואָס אים האָט זיך גע׳חלומ׳ט, און ער ווייסט פון גאָרניט צו זאָגן. פונוואַנען ווייסט זי?

אַנטאָני ראָקאָ האָט אַרויסגענומען אַ סיגאַרעט, פאַררויכערט און גע־וואָלט עפּעס זאָגן קעידי׳ן, אָבער זי איז שוין געווען לעבן דאָקטאָר. ער

האָט זיך שנעל אַרויסגערוקט. פון יענער זייט שוועל האָט ער אַוועקגע־שליידערט דעם סיגאַרעט פון מויל. ער פילט מער ניט קיין טעם אין רויכערן. די ליפּן זיינען ביי אים אוודאי געשוואָלן. ער האָט באַטראַכט דעם הימל, דערנאָך פאַרשאַרט אַ ווייסן אַרבל מיט אַ פינטל בלוט, געקוקט אויפן זייגערל און זיך פאַרקרימט: צו פרי פאַר אים צו פאָרן אַהיים. ער וויל ניט, אַז מענטשן זאָלן אים באַפאַלן מיט פראַגן און זיין צונג זאָל אים מאַכן פאַר אַ נעבעכל. ניט איין שכן וועט זיך פרייען צו זען אים אין אַזאַ צושטאַנד.

אין געסל האָט מען אים ניט פאַרגונען זיין גרויסן דערפאָלג. ביי זייערע פּרויען האָט גראַד אויסגענומען זיין שטעל, נאָר איצט וועט מען אויף אים רחמנות האָבן. זיין מאַריע וועט נאָר וועלן, אַז איר זאָל ער דערציילן דעם ריינעם אמת. און ווי אַזוי וועלן די קינדער זיינע קוקן אויף דעם העלדישן טאַטן ?

אויף מאָרגן אינדערפרי האָט דער פאַרמאַן דע נאָלאַ צום ערשטן מאָל געהאַט אַ לענגערן געשפּרעך מיט אַנטאָני ראָקאָ, ווי צוויי אייגענע מענטשן. אַנטאָני האָט זיך פאַר אים באַקלאָגט ווי פאָרן דאָקטאָר נעכטן, ווי פאַר דער אייגענער פרוי, אַז אַ יונגער אויטאָמאָביל־טרייבער האָט אים אַזוי צעשעדיקט. דע נאָלאַ האָט באַדויערט. אַנטאָני ראָקאָ האָט געקרימט מיט דער נאָז. ער איז ניט געווען צוגעוואוינט,אַז מען זאָל אויף אים האָבן מיטלייד. ער איז געגאַנגען גיך אין אָפיס. דע נאָלאַ האָט אים נאָכגעקוקט, און דערנאָך גע־געבן צו וויסן ביי די מאַשינען, אַז אַן „עקסידענט" האָט געטראָפן מיט זייער באַלעבאָס. דאָ איז שוין מער ניט געווען ביי אים דער טאָן פון באַדויערונג. אפשר האָט אים הנאה געטאָן, ווייל ערשט ניט לאַנג צוריק האָט ער געמאָנט אַן הוספה. אילאַי לין האָט געזאָגט: „מען וועט זען". און ער, אַנטאָני ראָקאָ, מיט וועמען ער האָט צוזאַמען אַרויסגעלאָזט זיך אַהער קיין לאָס אנדזשעלעס — ביידע פון איין גלויבן — האָט זיך גראַד צעשריגן אויף אים, דע נאָלאָן, אַז איצט איז ניט די צייט פאַר אַ העכערונג אויף שכירות.

דע נאָלאַ האָט אים דעמאָלט געשאָלטן ,און איצט אַרט אים ניט, ווי ער זעט אויס. ער פילט, אַז דער מענטש האָט זיך ביי אים ניט פאַרדינט קיין ברעקל מיטלייד: ערשט האָט זיך אַנטאָני פאַר אים געהאַט אויסגע־שטעלט וואָס פאַר אַ גוטער זון ער איז צו זיין מאַמען, ווי אָפט ער שיקט איר געלט. זאָל זי ביי אים האָבן אַ גוטע עלטער. און פאַר זיינע קינדער ליגט שוין אָנגעגרייט אַ באַנק־ביכל. ווען זיי וועלן אויסוואַקסן, האָט ער געזאָגט,

וויל ער אַז זיי זאָלן לערנען שוין פּאַר זייער טאַטן אויך... דעם ייִנגערן, וואָס איז אין אים געראָטן, וועט ער מאַכן פאַר אַ לאָיער. נאָר ער דאַרף אַלץ האָבן. האָט דע נאָלא זיך גע׳כעס׳ט אין דער שטיל.

די נייעס וועגן אַנטאָני ראָקאָ׳ן, וואָס איז געשלאָגן געוואָרן דורך דער פּאָליציי, און ער זאָגט אַ־דערש, האָט זיך געטראָגן פון אויער צו אויער צווישן די אַרבעטער ביי די ניי־מאַשינען ,וואָס מאַכן אַלעמאָל אַ גערויש, און די דאַמף־אייזנס מיט זייער שטענדיק לעכצן, זיינען וואָס אַמאָל געוואָרן שטילער און שטילער. יעדער אַרבעטער האָט געוואָלט כאַפּן נאָך אַ וואָרט, ווי אַלץ איז צוגעגאַנגען, וויפיל פלעסטערלעך האָט ער: דע נאָלאָ, דער פאָרמאַן, איז דאַן געשטאַנען מיט האַלב פּנים אַהער צו די מאַשינען, און מיט האַלב פּנים צום אָפיס, וואו ראָקאָ געפינט זיך. טאָמער קומט ער אָן, זאָל דע נאָלאָ זיך קאָנען אָפּרוקן צו איינשטילן די אַרבעטער, וויזן אים, אַז אַ פאָרמאַן איז אַלעמאָל לאָיאַל...

דערווייל האָט דע נאָלאָ געשמייכלט צו זיך, ווי מען פרעגט זיך נאָך: ווי לאַנג דאַרף נעמען דאָס אויסהיילן זיך? איז עס טאַקע ווי ער זאָגט? אַלע דאָ ווייסן דאָך דעם אמת, ווי ווילד ער איז די לעצטע צייט. מ׳דאַרף לאָזן וויסן דער יוניאָן וועגן דעם, האָט מען נאָכדעם זיך גע׳סוד׳עט. זאָל מען אויפהערן אָפּלייגן זיי אַלעמאָל, אָט דערפאַר ציען זיך אַרויס אַהער באַלע־באַטים אַזש פון ניו יאָרק, ווייל דאָ האָט מען מורא... דע נאָלאָ האָט זיך אָפּגערוקט.

מיט טעג שפּעטער האָט מען זיך דערוואוסט דעם אמת, וואָס ס׳איז פאָרגעקומען מיט אַנטאָני ראָקאָ. אירווינג דער צושניידער, וועלכער איז אַהער געקומען פון סאַן פראַנציסקאָ, האָט געהאַט אַ לאַנגן געשפּרעך מיט טשאַרלי ריגל און זיך דערוואוסט, אַז זייער באַלעבאָס האָט אַלעמען געפירט אין באָד אַריין. ראָקאָ איז אַ פוסטער באַרימער. ער האָט אַהער געבראַכט חוצפּה. ער וועט מער ניט זיין אַזוי תקיפ׳דיק. ער האָט מורא פאַר דער שיין. זיי מעגן אים גלויבן. אירווינג האָט זיי שוין לאַנג צוריק געזאָגט.

פלוצים מאַריע שמייכלט. זי ציט מיט די אַקסלען. זי ווייסט שוין אַלץ. דערנאָך נעמט זי אים אַוועק אין אַ זייט און שטראָפט אים נאָך — וואָס וויל ער? די קינדער זיינען עלטער געוואָרן און מ׳דאַרף זיי מער ניט האַלטן אין דער מורא. דאָ איז ניט מאַלבערי סטריט. ער וויל אויסשרייען: פאַרוואָס עפּעס די ענדערונג גראַד איצט, ווען איר

מאַן איז אַזוי צערודערט? אָבער ער שווייגט אָפּ. אים דאַכט זיך, אַז זיין מאַריע האָט באַלד געוואוסט, וואָס ביי אים אין האַרצן טוט זיך. ווי אַזוי מאַכט מען איר קלאָר זיין אָנשטעל ביז איצט, אַז ער האָט אָנגענומען די מיטלען, אַז מען זאָל זיך שרעקן פאַר אים? צוליב איר מיט די קינדער, און צוליב זיין מאַמען, וואָס האָט נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט אַהיימגעבראַכט רעקלעך אָנצונייען קנעפּלעך נאָכן עסן, אַז זי זאָל כאָטש האָבן אַ גוטע עלטער. איז ער ערגער פון אַנדערע געשעפטסלייט? וואָלט איר בעסער געשמעקט אָרעמקייט? פאַרוואָס מעג יענער האָבן אַ בייטש איבער אים?

ראָקאָ האָט אַלעמאָל אָפּגעלייגט אויף אַן אַנדער טאָג צו פאַרפירן אַ געשפּרעך מיט זיין פרוי: זאָל זי אים פאַרשטיין. איר מאַן דאַרף האָבן מען זאָל אים אויסריידן. ער האָט אַ סך שונאים און אים דאַכט זיך, אַז אַלע זיינען איצט גרייט אים אָנצוגרייפן. איר מאַן קייקלט זיך באַרג אַראָפּ. אַזאַ געפיל האָט ער. זי האָט דאָך אַלעמאָל געוואָלט, אַז ער זאָל זיין סטאַטעטשנע. זאָל זי וויסן, אַז ער פירט גאָרניט קיין פריילעך לעבן. ער איז אַליין, איינער אַליין.

מאַריע האָט זיך ערשט דערוואוסט פון אַנטאָניס צושטאַנד, ווען מ׳האָט אַרויסגערופן דעם גענעראַל־סטרייק אין זיין אינדוסטריע.

יענעם פרימאָרגן איז ער געשלאָפן שפּעט אויפן טאָג. ווען ער האָט געעפנט זיינע אויגן, האָט ער זיך געקרימט, אַז ער פילט ניט גוט. נאָכדעם איז ער אַרונטער פון בעט. גערופן אויפן טעלעפאָן זיין שותּף אילאַי לין, געלאָזט אים וויסן, אַז ער איז ניט געזונט, ער קלייבט זיך פאָרן אויף וואַקאַציע. איידער נאָך יענער האָט אַ וואָרט געזאָגט האָט אַנטאָני אויפגעהאָנגען דאָס טרובקעלע. מאַריע איז געשטאַנען ביי דער זייט און ער האָט זיך געשעמט אויפצוהייבן זיינע אויגן זיך צו באַגעגענען מיט אירע בליקן. דער „באַרג אַראָפּ״ האָט אים אינגאַנצן צעטרייסלט.

# א יינגעלע אינדערמיט

די נאַכט האָט גענומען צופאַלן. ערגעץ אויף אַ שפּיץ באַרג האָט זיך געררויטלט אַ שטיק זון. די באַן אויפן וועג קיין לאָס אַנדזשעלעס האָט זיך געשלענגלט צווישן צעשניטענע בערג. די מעכאַנישע אויגן פונם לאָקאָמאָטיוו האָבן ברוגז אַראָפּגעקוקט אין די מורא׳דיקע טיפע טאָלן.

אין אַ מיטלסטן וואַגאָן האָט אַ יונגע מוטער, אַ בלאָנדע מיט אַ הויכן האַלדז, זיך געבעטן ביי איר יינגעלע, אַ יאָר פינף, ער זאָל זיך שוין אָפּרוקן פון פענצטער: ער וועט קאַליע מאַכן זיינע אויגן; די זון איז שוין אַוועק שלאָפן, קאָן מען גאָרניט זען. זאָל ער זיך אויסדרייען מיטן פּנים צו איר, וועט זי אים דערקלערן פאַרוואָס אינדרויסן ווערט פינצטער. באַלד וועט ער מיט זיינע קליינע פינגערלעך אויסווישן דעם טוי פון פענצטער און זען, ווי הויכע סלופּעס לויפן, לויפן, פאַרוועטן זיך מיט דער באַן.

דאָס יינגעלע האָט ניט געהערט קיין וואָרט, וואָס די מוטער האָט צו אים גערעדט. ער האָט פּלוצים דערזען אַן אַרמיי־אָפיציר מיט אַ שמייכלדיק פּנים, מיט אַ פּאַק זשורנאַלן אויף זיין שויס. יענער איז געזעסן הינטער זיין מאַמעס פּלייצע. ווען זי האָט זיך אויף אַ ווייל פאַרטראַכט, האָט זיך דאָס יינגעלע צוגעשאַרט צום אָפיציר, נאָכפרעגן זיך אויף זיין טאַטן, וועלכער איז אויך אַ סאָלדאַט און קומט ניט אַהיים זען אים. ער ווייסט ניט, פאַרוואָס די מאַמע ווערט אַזוי בייז, ווען ער פרעגט זי איבער. און די יינגלעך אויף זיין געסל זאָגן גאָר, אַז זיין טאַטע וועט קיינמאָל ניט אַהיימקומען. שלאָגט ער זיך מיט זיי; האָט ער שוין ניט מיט וועמען צו שפּילן זיך. זאָל דער אָפיציר דערציילן דאָס זיין טאַטן...

צוגעקומען נאָענט צום אָפיציר, האָט דאָס יינגל געשוויגן. ער האָט ניט געדענקט, וואָס פריער צו זאָגן. ער האָט געגלעט די קני פונעם אָפיציר, וואָס האָט אים אַרומגענומען, צעשויבערט אים אַביסל די האָר און געפרעגט זיין נאָמען.

דאָס יינגל איז נאָך אַלץ געווען צעטומלט. דער אָפיציר האָט זיך פאַר אים פאַרגעשטעלט. ער הייסט עלמער. איצט האָט דאָס יינגל באַקומען לשון און צעלאָזט זיך אויפן קול:

„מיין נאָמען איז דעני. מיין טאַטנס נאָמען — סאָל, און מיין מאַמאַ הייסט

מאַרטאַ. אָט דאָ זיצט זי״. — האָט ער אָנגעוויזן אויף איר פּלייצע.

די מוטער האָט זיך אויסגעדרייט און בייז געפרעגט: ווי קומט ער אַהין? כאָטש קייטל אים צו צו זיך. די מאַמע טאָר אים אויף אַ מינוט ניט אָפּלאָזן פון אויג. אַ ייִנגעלע, ווי ער, מעג זיך שעמען גיין איבערשלאָגן אַ פרעמדן מענטשן דאָס לייענען...

דעני האָט זיך צעלאַכט ווי אַ גרויסער:

„עלמער איז ניט קיין פרעמדער. דו זעסט דאָך, אַז ער איז אין דער אַרמיי באַגלייך מיט מיין טאַטן״...

מאַרטאַ האָט זיך צעשריגן אויפן קול, אַז באַלד די מינוט זאָל ער גיין אויף זיין אָרט. אירע ליפּן האָבן אויסגעזען בלוי, און אירע באַקן האָבן געציטערט.

עלמער האָט אַ טראַכט געטאָן, אַז באַלד באַלד וועט מאַרטאַ הויבן אַ האַנט, האָט ער זיך אַריינגעמישט:

„אייער ייִנגל האָט מיר ניט איבערגעשלאָגן״.

דערזען ווי זי שטעלט אָן די אויערן צו אים, און אַליין שווייגט זי, האָט עלמער זיך געוויצלט, אַז זיין שוועסטער האָט אויך אַזאַ באַריידעוודיק מיידעלע, ווי איר דעני. אפשר זיי באַקענען ביידע? מאַרטאַ וועט גאָרניט האָבן חרטה צו האָבן זיין פּלימעניצע פאַר אַ שנור...

מאַרטאַ האָט געפילט, ווי אַרויסצושיסן אַ געלעכטער, אָבער זי האָט זיך צוריקגעהאַלטן, און זי איז אָפּגעקומען מיט אַ קאַלטן שמייכל. זי האָט גערעדט אין אַ געלאַסענעם טאָן צום ייִנגל. זי דאַרף אים אַרומוואַשן, ווייל באַלד גייט מען עסן. איר פּנים האָט זיך געמינעוועט. זאָל דעני פאָלגן זי. זי וואָלט באַדאַרפט זאָגן איר ייִנגעלע, אַז די אוניפאָרם, וואָס האָט אים צו־געצויגן, האָט זיין מאַמען געמאַכט אומעטיק. זי האָט עלמערן שוין ניט איינ־מאָל געזען, אָבער זי האָט אָפּגעווענדט אירע אויגן פון אים...

דעני האָט זיך געקנייטשט. ער איז גאָרניט הונגעריק און זי האָט איבערגעשלאָגן עלמערן צו ענטפערן אים וואָס ער האָט געפרעגט. עלמער איז אים אַריינגעפאָרן אין די רייד. ער דאַרף זיך אויך גיין אַרומוואַשן; אויב מאַרטאַ וויל נאָר געטרויען דעני אויף זיינע הענט, וועט ער איר פאַרשפּאָרן די אַרבעט.

מאַרטאַ האָט געלאָזט אירע מחשבות באַראַטן זיך, און דער ענטפער איז געווען אַ לייכטער שאָקל מיטן קאָפּ. זי געטרויעט אים איר ייִנגעלע.

ביידע, דעני און עלמער, זיינען גלייך אַוועק. דאָס ייִנגל האָט אַריינ־

## אַ יינגעלע אינדערמיט

געפלאָכטן אַלע פינגער אין עלמערס. זיין קעפּל פאַרדרייט אויף צוריק צו דער מוטער: זאָל זי זען ווי גוט אים איז. מאַרטאַן האָט אַרומגענומען אַ רחמנות־געפיל אויפן יינגל: פאַרוואָס קומט אים אַזאַ שווער לעבן? זי האָט זיך אַוועקגעזעצט, גענומען בלעטערן עלמער׳ס זשורנאַלן — די מערסטע מעדיצינישע. זי האָט זיי באַלד אַוועקגעלייגט צוריק אויף עלמערס שטול, און זיך שטאַרק פאַרקלערט.

אַביסל שפּעטער זיינען אַלע דריי געגאַנגען עסן; דעני אינדערמיט. ער האָט זיך פאַר אַלעמען געגרויסט. דערפאַר, ווייזט אויס, האָט ער געשוויגן. ביים טיש, ווען די גרויסע האָבן געבליקט אין די שפּייז־קאַרטן, האָט מאַרטאַ שטיל געזאָגט, אַז זי מוז ווידעראַמאָל פאָרן מיט דער באַן. זי האָט אָפּ־געזיפצט. דעני איז זייער גאַנץ פאַרמעגן. זי האָט מיטאַמאָל דערפילט, אַז דער אָנהויב פון איר געשפּרעך איז איר ניט געראָטן. זי האָט זיך גענומען מאַכן פאַרוואורף, אַז זי ווייסט ניט צוליב וואָס זי האָט אָנגעהויבן אַזאַ געשפּרעך פאַרן עסן.

עלמער האָט זיך איר געקליבן זאָגן, אַז ער ווייסט שוין פון איר פאַר־לוסט. זי דאַרף זיך ניט פייניקן, ווי עס וואָלט געווען איר שולד.

דער קעלנער האָט איבערגעשלאָגן. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט צווישן עלמערן און מאַרטאַן, געהאַלטן אַ ביכעלע מיט אַ פּען אין די הענט, גרייט צו פאַרשרייבן די מאַכלים, וואָס זיי וועלן באַשטעלן. דעני, וואָס האָט זיי נאָכגעטאָן אויף ביז איצט און איז געווען פאַרטאָן אין דער שפּייז־קאַרטע, האָט מיטאַמאָל פאַרלוירן זיין געדולד און גענומען טאָרען עלמערן, ווי גע־וואָלט אים דערמאָנען, אַז ער איז אויך דאָ ביים טיש.

עלמער איז גערירט געוואָרן פון די קינדערשע ווערטער. ער האָט אים לייכט די האָר צעשויבערט, געגלעט אַ צעפלאַמט בעקל און געביטן זיין שטרענגן טאָן.

ביים עסן האָט דעני געהאַט פאַרגעסן, וואָס ער האָט פריער געוואָלט פרעגן עלמערן. ער האָט אָבער געפילט, אַז ער מוז איבערשלאָגן דעם גע־שפּרעך צווישן אים מיט דער מאַמען. ער האָט ווי באַרימט זיך, אַז זיין טאַטע איז נאָך העכער פון עלמערן, וואָס וועט ער זאָגן צו דעם?

מאַרטאַ האָט זיך מיט אימפּעט אָפּגעקערט צום פענצטער. עלמער האָט זיך אויסגעדרייט צו דעני׳ן און גערעדט שטרענג. ער דאַרף ניט שרייען; שפּעטער אביסל וועט מען מיט אים אויך ריידן. אָט־זעט ער אַליין,

ווי ער האָט די מאַמען געמאַכט אומעטיק — „גיי און בעט זי איבער!"

דעני האָט זיך צוגעבויגן צו עלמערן און אַריינגערעדט אים אין אויער, אַז די מאַמע ווערט אַלעמאָל אַזוי, ווען ער רעדט וועגן זיין טאַטן. זי וויל, ער זאָל וועגן אים ניט ריידן. ער ווייסט ניט פאַרוואָס.

„דו ביסט אַ קלוג ייִנגעלע, אָבער דו דאַרפסט זיך צוהערן צו דער מאַמען. ווען ווערסט ווערן אַט אַזוי גרויס, וועסטו זי בעסער פאַרשטיין. דעני האָט זיך דערווייל געשפּילט מיט די פּאָר מעדאַלן אויף עלמערס ברוסט, מיט די זילבערנע פּאַסיקלעך אויף זיינע אַקסלען; געוואָלט אַזוי וויסן, צי זיין טאַטע האָט אויך די שיינע זאַכן אויף זיין מונדיר. אָבער עלמער האָט אים פּשוט צוגעשאַרט איבערצובעטן די מאַמען, צוזאָגן איר, אַז ער וועט אויך ניט דערמאָנען אַ וואָרט וועגן סאָלדאַטן.

דעני האָט געפאָלגט עלמערן. ער האָט ניט געזען קיין אַנדער אויסוועג. ער האָט געקושט די מוטער, און זי האָט זיך אויסגעדרייט צו עלמערן. דעני איז געזעסן, געדרייט זיך הין־און־אַהער — זאָלן זיי ריידן... דערפאַר האָט ער שפּעטער אויסגעפירט, אַז עלמער זאָל אים לייגן שלאָפן. עלמער האָט אים דערציילט אַ מעשה׳לע פון דער אַרמיי: ווייט־ווייט שטייען סאָלדאַטן ביים ברעג ים, מיט בלויע טאָרבעס אויף זייערע פּלייצעס, און וואַרטן און וואַרטן... דעני איז איינגעשלאָפן און געהאַט אַ זיסן חלום. אַ גרויסע שיף איז אָנגעקומען; אַלע סאָלדאַטן טאַנצן אויפן זאַמד. די מאַמע גייט מיט אים דערקענען איין סאָלדאַט.

מאַרטאַ און עלמער האָבן באַטראַכט דאָס ייִנגל, דעם שמייכל זיינעם פון שלאָף אַרויס. מאַרטאַ האָט זיך באַקלאָגט, ווי שווער איר קומט אָן איינ־דערהיים צו לייגן אים שלאָפן; נאָר ער פרעגט פראַגן. זי דאַרף האָבן גרייט אַ בייטל מיט ענטפערס פאַר אים. ער וועט אויסוואַקסן, און זי פיינט האָבן, ווייל זי לאָזט אים ניט קומען צום אויסדרוק, אפילו ווען ער וויל ריידן וועגן עפּעס אַנדערש, ניט וועגן זיין טאַטן, ווייל זי האָט מורא, זי האָט ניט קיין כוח מער צו ריידן וועגן דער אַרמיי. גיי גיב אים צו פאַרשטיין, פאַרוואָס די גרויסע דאַרפן זיך גאָר ממית׳ן? קליינע פרעגן, און די גרויסע קאָנען ניט ענטפערן... זי האָט זיך ווידער אַנטשולדיקט: דער מענטש איז געקומען אויף אורלויב, און זי באַוואַרפט אים גאָר מיט אירע פּראָבלעמען.

עלמער האָט געהאַלטן אַ וואַרעמע האַנט אויף איר הויכן האַלדז; געהייסן

# אַ ייִנגעלע אינדערמיט

איר אָנשפּאַרן זיך אויף זיין אַקסל און ניט פילן זיך אַזוי שולדיק, אַז זי דאַרף אים פריילעך מאַכן. זיין פּראָפעסיע איז אויסצוהערן מענטשן. ער איז דאָ ניט אויף אורלויב. מאָרגן טוט ער שוין אויס די אוניפאָרם, און ער האָפט, אַז מער וועט ער זי ניט אָנטאָן.

מאַרטאַ האָט זיך גענומען פּיעשטשען ווי אַ קליין מיידעלע. זי וויל אַזוי אַלץ פון זיך אַרויספּלאַפּלען. זי האָט געבליקט אויפן ייִנגל: ער איז נאָך קיין צען וואָכן ניט אַלט געווען, ווען מ׳האָט אים זיין טאַטן אַראָפּגעשאָסן. זי מיט איר מאַן האָבן זיך ערשט געשיקט בריוו. זי אים — אַז זי גרייט זיך; און ער — אפשר וועט ער ביז דעמאָלט, ווען ס׳קינד וועט דאַרפן קומען אויף דער וועלט , פאַרטיק ווערן מיט זיינע פלי־מיסיעס. אויב זי וועט האָבן אַ ייִנגל, וועט ער אים קיינמאָל ניט לאָזן אָנטאָן אפילו אַ קינדערשן פּיסטויל. סאָל איז געווען אַ שטילער מענטש. אויסגעקומען מיט מענטשן. צו זיין אַ סעילסמאַן, האָט ער באַדאַרפט צו גיין שלאָגן זיך מיט קאַרייער און כינעזער — ווי מיינט ער ? זי פילט אָפטמאָל, אַז עס איז ניט ריכטיק צו זיין אָפּגעזונדערט פון אַנדערע מיט אירע ווייען, אָבער אַזוי איז זי... נו, איצט זאָל ער ריידן ביזן טאָג אַריין ; זי וועט אים אויך אויסהערן.

עלמער האָט זיך אַרומגעקוקט אין דעם קוים־באַלויכטענעם וואַגאָן. איינגעשלאָפענע פּאַסאַזשירן זיפצן פון שלאָף אַרויס. דער קאָנדוקטאָר, אַ פּאַרסאָפּעטער, יאָגט זיך דורך מיט אַ רויטן לאַמטערן אין די הענט. עלמער האָט זיך נאָכדעם אויסגעדרייט צו מאַרטאַן צו זאָגן איר, אַז זי האָט גוט געטאָן, וואָס זי האָט זיך אַראָפּגערעדט פון האַרצן. מאַרטאַ האָט שוין געהאַט איינגעדרעמלט.

גלייך גאַנצפרי האָט זיך דעני צוגעקלעפּט צו עלמערן, געבליקט צו דער מוטער ווי געבן איר צו וויסן, אַז איצט איז זיין צייט. ער איז אָפּגעשלאָפן די גאַנצע נאַכט, קיין איינמאָל זיך ניט אויפגעכאַפּט. ער שליסט ווידער איין זיינע פינגער אין עלמערס, וואָס רופט אים דורכצוגיין זיך איבער די וואַגאָנען. דאָס מאָל האָבן זיך ביידע אומגעקוקט : אפשר וויל זי מיטגיין ? מאַרטאַ האָט איצט מער אויפמערקזאַם געשענקט עלמערן ; זיין פּראָפיל איז אַזוי ענלעך צו סאָל׳ס, אַז ווען דעני זאָל אים געווען קענען, וואָלט ער געמיינט, אַז ער גייט אויף אַ שפּאַציר מיט זיין טאַטן... זי מיט סאָל׳ן האָבן זיך

צופעליק באַגעגנט. דעני וועט מער ניט וועלן, אַז דער זיידע זאָל אים דער־
ציילן אַ מעשה׳לע פאַרן שלאָפן גיין...

אין וואַגאָן האָט זיך געטומלט. מען זעט שוין אַרויס שפּיצן פון לאָס
אַנדזשעלעס! מאַרטאַ האָט באַטראַכט די נאָך־פאַרשלאָפענע פּנימער און
געטראַכט אַז דעניס זיידע וועט זיך באַווייזן, ווי אַלעמאָל, פריער
וואַרטן אויפן אייניקל צו נעמען אים צו זיך אין שטוב און זי אויך צוליב
איר קינד. עלמער וועט אוודאי גיין זיין וועג, און דעני וועט ווידער פרעגן,
ווען זיין טאַטע קומט אַהיים. וועט ער טרעפן עפּעס בעסערס, ווען ער וועט
אונטערוואַקסן? — האָבן זי גענומען בריען אַנגעלאָפענע מחשבות. זי האָט
זיך האַסטיק אַראָפּגעלאָזט אויף איר שטול לעבן פענצטער און צעהאַנגען
אירע בליקן אויף ווייטע פעלדער, שטיבלעך ווי קינדערשע שפּילצייג, אַ
טייכל ווי אַ צעלייגטער שפּיגל, מענטשן ווי קאַרליקעס. זי האָט געפילט
ווי אַרויסשרייען אויפן קול אָט אַזוי זיך אַן ווערטער.

עלמער און דעני האָבן זיך באַוויזן. מאַרטאַ האָט זיך אומגעקוקט, דערזען
איר ייִנגעלע מיט די הענטלעך אין זיינע הויזן־קעשענעס, האָט זי אים
אַרומגעכאַפּט קושן און קושן. ער האָט זיך פאַר איר געצומען אויסשטעלן,
אַז ער איז אויסגעוועזן אַלע וואַגאָנען, געגאַנגען גלייך, קיין איינמאָל זיך
ניט געוואַקלט. זאָל עלמער זאָגן... זי האָט אים צעשויבערט די האָר, גע־
וואָלט עפּעס זאָגן און ניט געקענט. עלמער האָט אַריינגעשושקעט דעם ייִנגל
אין אויער, אַז איצט זעט ער, אַז די מאַמע האָט אים ליב. און דעני האָט
גלייך געפרעגט: פאַרוואָס זעט ער טרערן אין אירע אויגן?

מאַרטאַ האָט געהערט און געשמייכלט. דעני האָט זיך געשטעלט צווישן
ביידע, ווי צו פאָטאָגראַפירן זיך. ער איז געווען צעטומלט. ביידע זיינען
אַזוי גוט צו אים. זיין גאַנצער וועזן איז געווען פריילעך, רירעוודיק. ער איז
גרייט צו פאָרן און פאָרן. ער האָט אפילו ניט געהערט, אַז די רייזע ענדיקט
זיך שוין.

די באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט. די פּאַסאַזשירן, וועלכע האָבן געהאַט
פאַרלוירן זייער געדולד שוין פון פריער, זיינען געשטאַנען גרייט אַרויסצוגיין
די ערשטע. ס׳איז געווען אַ שטופּעניש צו די טירן. עלמער האָט געהייסן
מאַרטאַן מיט דענין זיצן אויף אַן אָרט, ביז דער וועג וועט ווערן פרייער;
ער וועט שוין זען, אַז די באַגאַזשן זאָלן אַראָפּגענומען ווערן. דעני האָט

זיך געלאָזט גיין; ער וויל אויך אַרויסהעלפֿן. עלמער האָט זיך צעלאַכט, און דאָס ייִנגל גוטמוטיק אָוועקגעזעצט צוריק. דעני האָט זיך אונטערגעגעבן. ער האָט אַ גאַנצן פּלאַן פֿאַר שפּעטער, ער דאַרף עלמערן פֿאָלגן... אָבער זען וואָס ער טוט מאַכט ניט אויס.

דער זיידע זייגער האָט שוין געוואָרט איגדרויסן. ער האָט אפילו גע־וואוסט, אין וועלכן וואַגאָן אים צו טרעפֿן. ער האָט אָנגעקלאַפּט אין פֿענצטער. מאַרטאַ האָט זיך איגגאַנצן פֿאַרגעסן אין דעם אַלטנס געוואוינהייטן און אַ ציטער געטאָן. זי האָט פּאַמעלעך אויסגעדרייט איר קאָפּ און אַרויפֿגערוקט דאָס האַלבע פֿענצטער. אים דערזען, האָט זי זיך נאָכגעפֿרעגט אויף זיין געזונט און אויך אויף זיין פֿרוי. ער האָט געענטפֿערט אויפֿן קול, אַז זיי בענקען נאָכן קינד: — וואו איז ער?

מאַרטאַ האָט זיך אומגעקוקט. דעני האָט געהאַלטן אַן אויג אויף עלמערן. זי האָט אים געלאָזט וויסן וועגן דעם, אַז דעני האָט דאָ אַ פֿריינט, און איז אודאי יענעם נאָכגעגאַנגען.

דער אַלטער האָט געהאַט טענות:

„האָסט אים געלאָזט אַליין מיט אַ פֿרעמדן?

„זאָרגט זיך ניט „פּאַ״ מ'וועט זיך באַלד זען. דעני איז אין גוטע הענט״. דערביי האָט זיך מאַרטאַ אָפּגעקערט פֿון פֿענצטער; געוואָרט, אַז עלמער זאָל צוקומען הייסן איר זיך אויפֿשטעלן. זי וועט זיך אויף דענין אפילו קיין איין בייזער ניט טאָן.

דער „פּאָפּ״ האָט אַ שווערן זיפֿץ געטאָן: געטראַכט, אַז די שנור זיינע, ווען זי קומט אַהער, זי איז צעררודערט. נאָך גוט, וואָס ער האָט די פֿרוי ניט מיטגענומען. זי וואָלט גלייך זיך צעווײנט... ער האָט זיך געלאָזט צום אַרויסגאַנג, און דערזען דאָס אייניקל פֿירן זיך מיט אַ סאָלדאַט ביי די הענט.. ס'האָט אים אַ טיאַכקע געטאָן ס'האַרץ. ער האָט מיטאַמאָל געהערט אַ זשומען אין די אויערן. ער האָט זיך געוואַקלט ווי אַ שיכור, זיך אָפּגעקערט און זיך אָנגעשפּאַרט אין וואַגאָן.

מאַרטאַ האָט אָנגעוויזן דענין מיט אַ פֿינגער:

„דיין זיידע וואַרט דאָרט. זעסט אים״? — דערזען דעם אַלטן, האָט דעני גערעדט מיט גרויס באַגייסטערונג צו עלמערן, אַז זיין זיידע האָט אַ גרויסן אויטאָמאָביל — אַזאַ גרויסן — האָט ער צעשפּרייט די הענטלעך

און אריינגעפּאַרן מיט זיי צו אַ פּאַסאַזשיר אין ברוסט־קאַסטן. דער מענטש האָט זיך געקרימט און געזאָגט עלמער׳ן, ער זאָל לערנען זיין יינגל ווי זיך אויפצופירן צווישן מענטשן. עלמער האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און גע־גלעט דעניס צעפּלאָמטע בעקלעך. ער מוז פריער גיין זען וואָס עס טוט זיך ביי אים אינדערהיים. מאָרגן וועט ער קומען, אויב די מאַמע זיינע וועט הייסן... דאָ האָט דעני אָנגעשטעלט אַ רחמנות־פּנים אויף דער מוטער. זי האָט געשמייכלט, דערנאָך אים באַפוילן, ער זאָל זיך צעקושן מיטן זיידן.

„זע נאָר ווי אומעטיק ער שטייט דאָרט. לויף שנעל!

דעני האָט זיך געבעטן, אַז פריער וויל ער גיין אַביסל באַגלייטן עלמערן. זי האָט זיך אויף אים צעבייזערט: ער איז אַ „בעיבי״; ווי אַזוי וועט ער קומען צוריק? דעני האָט איר געוואָלט זאָגן, אַז זי קאָן אויך מיטגיין, אָבער עלמער האָט אויך גערעדט שטרענג, אַז א יינגעלע דאַרף פאָלגן זיין מאַמען. מאָרגן וועלן זיי גיין אין פּאַרק אריין. ער וועט מיטברייגגען דאָס מיידעלע לאָרעין; שוין גערעדט מיט זיין מאַמען וועגן דעם מיידעלע. זיי וועלן באַ־שטעלן אַ שיפל, און דעני וועט זיין דער קאַפּיטאַן.

ווי באַלד אַזוי, האָט שוין דעני זיך צעטאַנצט. דעמאָלט האָט זיך עלמער אָפּגעזעגנט און איז אַוועק. מאַרטאַ האָט אים נאָכגעשיקט אירע באַזאָרגטע בליקן. אַ שווערער אָטעם רוקט זיך — האָט זי געטראַכט.

דעני האָט זיך שוין געפּירט מיטן זיידן ביי די הענט, געבליבן שטיין הינטער אירע פּלייצעס. דער אַלטער האָט זיך באַקלאָגט: ס׳ווערט שפּעט, און די פּרוי זיינע וועט איבערטראַכטן. ביי מאַרטאַן איז דאָס בלוט געקומען אין פּנים. זי האָט זיך געוואָלט בייזערן אויף אים, אַז ער רעדט צו איר, ווי צו אַ מיידעלע, וועלכע קוקט־נאָך דעם ערשטן מאָל א בחור... באַגעגנט זיך פּנים־אל־פּנים, דערזען, ווי פאַר׳חושכ׳ט דער מענטש זעט אויס, האָט זי באַקומען מיטלייד אויף אים. זי האָט גלייך אַריינגעזעצט זיך אין זיין אויטאָמאָביל. דערהערט ווי דעני באַרימט זיך ווי אַזוי ער האָט פאַרבראַכט מיט עלמערן, האָט זי אים אָפּגעשטעלט: פאַרוואָס דערציילט ער בעסער ניט דעם זיידן, וואָס ער האָט אַלץ געזען דורכן פענצטער. ער האָט שוין פאַרגעסן?

דעני האָט זיך געקנייטשט, געצויגן מיט די אַקסלען: ער האָט שוין פאַרגעסן. ער האָט געלאָזט הענגען אויף איר אַ פּאָר ברוגז׳ע אויגן. זי האָט

## אַ ייִנגעלע אינדערמיט

אים ניט באַדאַרפט איבערשלאָגן, האָט ער איר געוואָלט זאָגן. עלמער האָט אים געגעבן אַזויפיל פאַרגעניגן. פאַרוואָס טאָר דער זיידע ניט וויסן?

אינדערהיים האָט דער אַלטער באַקלאָגט זיך פאַר דער פרוי, וואָס פאַר אַ באַגעגעניש ער האָט געהאַט ביי דער באַן. ער איז שיער ניט געבליבן דאָרטן. זי האָט זיך גענומען שאָקלען הין־און־צוריק, ווי אין אַ תפילה. דערזען דעניק, האָט זי אים אַריינגעכאַפּט אין אירע הענט, גערעדט צו אים מיט גרויס באַדויער, רייד, וואָס ער האָט ניט פאַרשטאַנען. האָט ער זיך גלייך באַפרייט פון איר און איז אַוועק צו דער מוטער, וואָס האָט גראַד יאָ פאַרשטאַנען, פאַרוואָס די באָבע האָט דעם אייניקל אַזוי באַדויערט. ער האָט זיך צו איר געטוליעט, ארומגענומען זי און געפרעגט אויפן קול, ווי לאַנג דאַרפן זיי דאָ זיין? די מוטער האָט אים פאַרשטעלט ס׳מויל: זאָל ער אַזוי ניטריידן; זאָל ער גיין פאַרברענגען מיט זיידע־באָבע; מען איז דאָך ערשט געקומען. זי האָט מער ניט געקענט ריידן — גיי דערצייל דעם קינד, אַז איר איז נאָך ערגער; אַז אַט־די שטוב ווייסט ניט פון קיין פריי־לעכער מינוט. איר דאַכט זיך, אַז ווען דעני צעלאַכט זיך, באַטראַכט אים זיידע־באָבע ווי אַ פאַרלעצער פון רו...

אין אָוונט האָט מאַרטאַ טעלעפאָנירט עלמערן, ער זאָל אַהער ניט קומען — זאָלן זיי זיך ערגעץ־וואו טרעפן. נאָכדעם האָט זי גענומען דעניק אויף איר שויס און גערעדט צו אים שטיל אין אויער אַריין: אויב ער וויל, אַז עלמער זאָל ווייטער מיט אים פאַרברענגען, זאָל ער אויפהערן מיט זיינע פראַגן...

דעני האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. דערנאָך איז ער אַוועק צו זיך אין צימער, געלעגן אויף זיין בעטל און געבליקט שטאַרק אויפן ווייסן סופיט. ער האָט געטראַכט וועגן דעם מעשה׳לע, וואָס עלמער האָט אים נעכטן דער־ציילט — אַז ערגעץ ווייט־ווייט פון דאַנען שטייען אין די רייען אַזוי פיל סאָלדאַטן ביים ים מיט בלויע טאָרבעס אויף די פּלייצעס און זיי וואַרטן, אַז אַ שיף זאָל אָנקומען אָפּצופירן יעדן איינעם אַהיים. פאַרוואָס טאָר ער עלמערן ניט פרעגן עפּעס? די מוטער האָט זיך באַוויזן אין טיר. דעני האָט פאַרמאַכט די אויגן — זאָל די מאַמע מיינען, אַז ער שלאָפט...

# אין די הייליקע טעג

ווי ביי זיך אין שאָפּ, איידער די אַרבעטער קומען זיך צונויף, האָט זיך מר. גאָלדשטיין אַרומגעשפּאַצירט אין דער גרויסער אוהב שלום״־שול. דערזען ערגעץ אַ ביסעלע שטויב, האָט ער גלייך צוגערופן דעם שמש און זיך אויף אים געבייזערט:

— וואַטסמערי, איין מאָל אין יאָר מעג דאָך די שול זיין ריין ווי עס געהער צו זיין...

אַ צעטומלטער האָט זיך דער שמש גענומען פאַרענטפערן:

— זאָלן מיר ביידע האָבן אַזאַ גוט יאָר ווי עס איז פריער געווען ריין ווי גאָלד, נאָר אַז מען עפנט די פענצטער קומט אַריין שטויב. וואָס קאָן איך טאָן דערצו?

— אַלעמאָל האָט ער אַ גרייטן תירוץ! — האָט גאָלדשטיין אַ בורטשע געטאָן אין דער שטיל און זיך אָפּגעקערט פון דעם אויסגעבליכטן שמש וואָס האָט איצט אויסגעזען ווי איינער פון גאָלדשטיינס אַרבעטער, ווען דער באַלעבאָס איז אָפּט מכבד...

דער שמש האָט אים נאָכגעקוקט און געטראַכט וועגן אַן ערב יום־כיפּור אין דער אַלטער היים. אַזאַ באַלעבאָס ווי מר. גאָלדשטיין קומט צוגיין אין שול, לייגט זיך אַוועק דער שמש זאָל אים שלאָגן מלקות. אָך! ווען ער וואָלט עס טאָן אויך דאָ, וואָלט ער אים שוין געגעבן עטלעכע איבעריקע מלקות: אים איינגעטיילט אויף פאַר די יידן אין „שאָפּ״, וואָס אַ גאַנץ יאָר דרייט ער זיי אָפּ די קעפּ. און פאַר זיך אַליין, ווען גאָלדשטיין דערגייט די יאָרן אפילו אין די הייליקע טעג...

גאָלדשטיין האָט דערווייל געקוקט דאָ אויפן וואַנט־זייגער, דאָ אויף זיין אייגענעם זייגער און ס׳איז קענטיק געווען, אַז ער איז אויסער זיך, וואָס די שול־דירעקטאָרן האָבן זיך נאָך ניט באַוויזן. ס׳האָט אים פאַרדראָסן פאַרוואָס ער האָט אַלץ איבערגעלאָזט פאַרן פאַרמאַן און איז געקומען אין צייט אין שול. ס׳איז דאָ פאַראַן וואָס צו טאָן: מען דאַרף צעשטעלן די צדקה טעלער באַצייטנס, איידער דער עולם קומט. יעדער דאַרף זיין אויפן אָרט ווי מען האָט אָפּגערעדט. מען וועט דאַרפן אונטערציען די חשבונות איידער די זון פאַרגייט. ער וויל ניט מען זאָל די קערות מיט געלט איבערלאָזן צום

שמש, ווי מען האָט זיך געפירט ביז אהער, איידער ער איז געוואָרן דער קאַסירער; ער וועט זיי וויזן ווי אָנצוגיין מיטן געלט. די צדקה־טעלער וועט ער אַהיים נעמען, פאַרשפּאָרן איבערטראַכטן...

מר גאָלדשטיין האָט געטראַכט וועגן זיין ׳שאַפּ׳. ערשט נעכטן האָט ער באַצאָלט אַ פּופציקער דער „יוניע" פאַר אַ באַמערקונג צו אַ „שאַפּ"־מיידל. זיין אייגענער פאַרטרעטער האָט אים אַריינגעשושקעט אין אויער: „מיסטער גאָלדשטיין", מער זאָלט איר אַזעלכע באַמערקונגען ניט מאַכן"... „גאַנצע מיוחסים געוואָרן!" — האָט ער זיך שטיל געכעס׳ט. ס׳מאַכט ניט! זיי וועלן אים דערפאַר האָבן צו געדענקען! זאָל ער נאָר אָנטרעפן זיין פריינט דזשעק, וואָס האָט געעפנט אַ ׳שאַפּ" אין אַ קליין שטעטל. זאָלן זיך זיינע באַלעמעלאָכעס אַרומדרייען אויף די גאַסן! אויס מיוחסים...

ביי כל־נדרי האָט זיך דער חזן צעלאָזט מיט זיין לירישער שטימע, איבערגעזאָגט יעדן וואָרט, נאָכאַמאָל און ווידעראַמאָל, און דערנאָך האָבן זיך די משוררים צעלאָזן מיט זייערע פאַרשיידנאַרטיקע שטימעלעך, אויפסניי איבערגעזונגען דעם חזנ׳ס פּסוקים, ווי זיי וואָלטן וועלן דער עולם זאָל פאַרשטיין דעם באַדייט פון די תפילות. גאָלדשטיין האָט דעמאָלט אַרומגעטראָגן זיינע בליקן אויף די באַ׳טלית׳טע יידן. ער האָט געזוכט זיין פריינט דזשעקן, וואָס האָט דאָ געדאַרפט זיין. וואו איז ער? ער, דזשעק, האָט דאָך אים צוגעזאָגט צו קומען נאָך פאַר כל נדרי!

מר. גאָלדשטיין האָט אויסגעזעצן נערוועז. ער האָט ניט געקאָנט פאַרליידן ווי זיינע שכנים מישן רווישיק די בלעטלעך פון זייערע מחזורים, די קולות, וואָס טראָגן זיך אין דער הויך, ווי אים אויף צו להכעיס. דער פּרעזידענט מיט דער טענאָר־שטימע האָט אים פּשוט אַריינגעשריגן אין די אויערן. ער האָט באַטראַכט גאָלדשטיינען ווי ער וואָלט אים געזאָגט: ברודערקע, וואָס שווייגסטו? מיר האָבן זיך ביידע גוט אָנגעזינדיקט אַ גאַנץ יאָר... דאַן האָט זיך שוין גאָלדשטיין צעלאָזט אויף זיין שטענדיק־הייזעריקן קול, אָבער די תפילות האָבן זיך עפּעס ניט באַקומען און ער איז בייז געוואָרן אויף זיך, פאַרוואָס ער זיצט אויפן באַלעמער, טאָמער באַוויזט זיך פאָרט דזשעק...

אויף מאָרגן איז גאָלדשטיין געווען צופרידן, וואָס דער פּרעזידענט האָט זיך פאַרשפּעטיקט. זאָל ער נאָר האָבן לעבן זיך אַלע דירעקטאָרן! ער איז איצט פריי. ער קאָן זיצן וואו עס גלוסט זיך אים...

ווי נאָר זיין פריינט דזשעק האָט זיך באַוויזן און זיך אַוועקגעזעצט לעבן דער טיר, איז גאָלדשטיין גלייך צוגעקומען צו אים. ביידע האָבן געעפנט די מחזורים, כלומרשט אַריינגעקוקט און גערעדט וועגן תכלית אויפן נייעם יאָר...

געשמאַקע דאַוועַנער האָבן געמורמלט, געוואָרפן צו זיי אומצופרידענע בליקן. דזשעק האָט אַ צי געטאָן גאָלדשטיינען פאַרן אַרבל, זיי זאָלן אַוועקגיין אויף אַן אָרט וואו קיינער וועט זיי ניט שטערן... גאָלדשטיין האָט געזאָגט:

— וואהין קאָנען מיר איצט אַוועקגיין?

— ניט שיין צו רעדן וועגן „ביזנעס” אין אַ מקום קדוש — האָט דזשעק געזאָגט און זיך אַרויסגערוקט. גאָלדשטיין איז נאָך אַ ווײלע געזעסן, געוואָרט אַז די אַרומיקע זאָלן זיך פאַרטיפן אין זייערע מחזורים. נאָכדעם האָט ער זיך פאַרזיכטיק אַרויסגעשאַרט אין דרויסן, האָט זיך אומגעקוקט און גענומען אָניאָגן דזשעק׳ן.

ביידע האָבן זיך אַוועקגעלאָזט אין אַ ווייט-פרעמדער געגענט. דזשעק האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן אַ רעסטאָראַן און געהאַלטן ביים עפענען די טיר. גאָלדשטיין האָט געצויגן מיט די אַקסלען:

— דזשעק, ס׳איז ניט שיין! — דזשעק האָט געזאָגט, אַז ער איז ניט אַליין. — „קאָמאָן, מאַך זיך ניט נאַריש. קיינער זעט אונדז ניט. ווי איך בין אַ ייד, אַז דאָ איז אַ גויאישע געגנט.

גאָלדשטיין האָט זיך ניט געוואָלט רירן פון אָרט. אַפּעלירט צו דזשעקן:

— דו ווייסט דאָך דעם אמת, אַז איך בין אַ „ריספּאָנסיבל”-מאַן... שונאים פעלן ניט אויס...

דזשעק איז געוואָרן אומגעדולדיק. ער האָט געטענה׳ט צו גאָלדשטיינען:

— גאָלדשטיין, באַי,איך האָב ניט ליב קיין אַקטיאָרן אום יום כיפור. צע׳פטר מיר ניט די צייט אומזיסט און אומנישט! איך דאַרף באַלד פאָרן אַהיים. — גאָלדשטיין האָט אים שוין מקנא געווען. אַלעמאָל האָט ער מער קוראַזש פון אים. דזשעק איז געגאַנגען פאָראויס און גאָלדשטיין האָט גע-האלטן דעם קאָפּ אָנגעבויגן און איז אים נאָכגעגאַנגען.

ביידע האָבן זיך באַזעצט טיף אין רעסטאָראַן, נאָענט צו דער קיך. גאָלד-שטיין האָט זיך איצט אינגאַנצן איבערגעגעבן אין דזשעק׳ס הענט, ווי איינער זאָגט: טו מיט מיר וואָס דו ווילסט! דזשעק האָט זיך גענומען באַרימען מיט זיין שאָפּ אינעם קליינעם שטעטל: צוויי טויזנט קליידלעך אַ וואָך ווערן אויפגעמאַכט און די פרייזן באַשטימט ער אַליין. גאָלדשטיין איז געזעסן אַ

# אין די הייליקע טעג

פאַרגאַפטער און געפּאַטשט מיט די ליפּן, ער האָט אויסגערופן:

—דזשעק, באַלד נאָך יום־טוב קום איך אַרויס צו דיר!

— שוין לאַנג צייט געווען — האָט אים דזשעק געדריקט די האַנט. ער איז געווען צופרידן וואָס ער האָט גאָלדשטיינען אויף זיין זייט. ער איז שוין מיד אַליין צו צאָלן דער חברה, וואָס היט אים אויס פון דער יוניאָן. מען שלעפּט געלט פון אַלע זייטן און דו מוזט שווייגן... אַז גאָלדשטיין וועט זיך אַריבערפירן צו אים אין שטעטל, וועט ער זאָגן דער חברה אַז דער שאָפּ איז ביידנס און גאָלדשטייך וועט צאָלן אַ העלפט פון די שווערע אויסגאַבן. ער וואָלט אים שוין וועלן זען ביי זיך וואָס פריער...

ביידע גוטע ברידער זיינען געזעסן מיט אויפגעלייגטע הערצער. גאָלדשטיין האָט גאָרניט געפּרואווט אים צוריקהאַלטן. ער האָט געטראַכט: זאָל זיך גאָלדשטייך באַצייטנס צוגעוואוינען. ער האָט אים דערציילט וועגן „יענע" פאַרשייטע מיידן, געמאָלן פאַר אים זייערע געשטאַלטן און זיי אפילו אָנגע-רופן ביי די נעמען. ביידע האָבן געהאַלטן אין איין לאַכן.

ווען די רייד האָבן זיך ביי זיי אויסגעשעפּט, האָט גאָלדשטיין אַ קוק געטאָן אויף זיין האַנט־זייגערל און זיך אַ הויב געטאָן מיט אַ הייזעריקן קוויטש:

— דזשעק, שנעלער, געגאַנגען! מיר קאָנען נאָך, חלילה פאַרשפּעטיקן יזכור!

ביידע האָבן געשטעלט גיכע טריט און גאָלדשטיין האָט געמוסרט דזשעקן.

— צוליב דיר האָב איך היינט געגעסן... איינמאָל אַ יאָר...

— און דער חזן אַליין, מיינסטן עסט ניט, — האָט אים דזשעק געזאָגט.

גאָלדשטייך האָט זיך געקאָכט: ווען איך געפין אויס, אַז דער חזן האָט היינט געהאַט אין זיין מויל, וואָלט ער שוין ביי מיר ניט געקראָגן קיין צעבראָכענעם סענט פאַרן דאַווענען. אַזאַ גוט יאָר זאָלן מיר ביידע האָבן...

נאָכמיטאָג איז גאָלדשטיין געזעסן אויפן בעלעמער לעבן פּרעזידענט, אַריינגעקוקט אין מחזור און געטראַכט וועגן דעם נייעם פּלאַן פאַר זיין „שאָפּ". אַרום נעילה־צייט, איז שוין ביי אים אין קאָפּ אַלץ געווען פאַרטיג. ער האָט זיך געזען זיצן מיט דזשעקן צווישן די פאַרשייטע מיידלעך און זיי לאַכן פון דער יוניאָן, וואָס זוכט אים אַרום און קאָן אים ניט געפינען...

# דער נאַסער מלך

עס איז געווען אין די צייטן, ווען אַ שטעטל פון יענער זייט ים האָט זיך געפירט איר באַשטימט נאָרמאַל לעבן. יידן זיינען זיך אָנגעגאַנגען מיט זייערע מנהגים פונקט ווי זייערע זיידעס און עלטער־זיידעס.

אָט צו יענער צייט האָט זיך יאָסעלע וואַסער־פירער אויפגעכאַפּט ערב פסח פאַרטאָג, אַביסל געצויגן זיינע מידע גלידער. ער האָט צוריק געשטופּט אַ גענעץ אין מויל אַריין ,אָפּגעגאָסן זיך די נעגל מיט קאַלטע וואַסער, עט־לעכע שפּריץ געטאָן אויף זיין קליין קינדעריש פנים,באַנעצט זיין בלאָנד בערדל, זיינע צעשויבערטע פיאות, אויסגעגלייכט די סאַמעטענע יאַרמעלקע אויף זיין קאָפּ און אָנגעהויבן זאָגן מודה־אני...

דערנאָך איז ער אַוועק אין שטאַל צו זיין פערדל. דערזען ווי די חיה לעבט ,האָט ער אויפגעהויבן זיינע הענט און געזאָגט: „גאָטעניו, איך יאָסל וואַסער־פירער דיין קנעכט, דאַנק דיר וואָס מיין יידענע בתיה איז געזונט, מיינע קינדער און מיין פערדל. איך דאַנק דיר פאַר דעם וואַסער וואָס שעפּט זיך קיינמאָל ניט אויס...״

פאַרטיק געוואָרן מיט דער תפילה ,האָט זיך יאָסל גענומען פאַרען אַרום פערד ער האָט שוין געהאַלטן גרייט דעם כאָמעט. דאָס פערד האָט אָנגעשטעלט אַ פּאָר אומעטיקע אויגן: סטייטש, אַ פריינט קומט אויפוועקן אַזוי פרי? אין דרויסן איז דאָך נאָר פינצטער? צי ווייסט ער ניט אַז זיינע ביינער זיינען נאָך מיד פון נעכטן? יאָסעלע האָט אים אָנגעטאָן דעם כאָמעט און בעת־מעשה גערעדט אויפן קול:

„דו ווייסט דאָך מיין פערדל, אַז ערב־פּסח טראָגן מיר ביידע אַן אחריות. יידן דאַרפן האָבן מער וואַסער ווי אַ גאַנץ יאָר, אַז מ׳וועט פאַרטיק ווערן מיט דעם היינט וועל איך זיך אַוועקזעצן אָפּריכטן דעם סדר. איך וועל זאָגן די הגדה אַזוי הויך, אַז דו וועסט הערן. וועסט ניט דערלייגן. כ׳וועל באַפעלן מיינע פריינצן צו ברענגען דיר פון אַלע גוטע מאכלים און וואָס הערט זיך מיט דעם וואָס דו וועסט זיך ביי מיר אָפּרוען צוויי טעג נאָכאַנאַנד?״

דאָס פערד האָט אַ הירזשע געטאָן אויסגעשפּיגן דאָס לעצטע ביסל גערשטן פון מויל, אַ וואָרף געטאָן די קאָדע אַהין און צוריק און אָן חשק געגאַנגען אין דרויסן אַרויס. ער האָט געכאַפּט אַ קוק אויף דעם וואָגן מיט די צוויי גרויסע רעדער. אויף דעם בייכלדיקן פאַס, אויף האַלאַבליעס וואוהין

מ׳וועט אים באַלד אַריינשטעלן אויף אַ גאַנצן טאָג. ער האָט נאָכאַמאָל אַ הירזשע געטאָן און זיך שיער ניט צעלאַכט פון דעם ווי אַזוי די הינער אויפן הויף זיינען זיך צעלאָפן. דערנאָך איז ער אַליין צוגעקומען צום וואָגן און זיך געשטעלט גרייט אַז מ׳זאָל אים איינשפאַנען.

איידער יאָסעלע האָט זיך באַזעצט אויף דער קאָזלע, האָט ער ווידער גערעדט צום פערד: „איך בעט דיך, אַז היינט זאָלסטו מיך ניט אַריינברענגען אין כעס איך האָב פיינט צייכנס אויף דיין פעל. זאָלסט וויסן זיין, פערדעלע מיינס, אַז די פעל דיינע איז דיין איינציק גוט מלבוש איז טו מיר אַ טובה און גיי אָן בייטשל. יאָג זיך ניט, אָבער געדענק, אַז היינט איז ערב פסח״. ער איז אַרויפגעשטיגן אויף דער קאָזלע און מיט אַ לייכט האַרץ האָט ער אַ צי געטאָן די לייצעס, מיט זיכערקייט ביי זיך, אַז דאָס פערד האָט אים פאַר־שטאַנען...

דורכפאָרנדיק די געסלעך האָט יאָסעלע אַביסל געטראַכט: ער וואָלט זייער וועלן זיך אָפּפאָרטיקן אַביסל פריער, ער זאָל קאָנען גיין אין שול אַריין, איבערקוקן די הגדה, כדי ער זאָל שפּעטער ניט בלאָנדזשען בעת ער וועט אָפּריכטן דעם סדר. אַז זיין מוזיניקל פּיוועלע זאָל אים ווידער ניט כאַפּן ביי אַ גרייז, ווי ס׳האָט געטראָפן פאַראַיאָרן. וואָס פאַראַ פּנים האָט עס פאַר אַ טאַטן?

מיטאַמאָל האָט יאָסעלע דערהערט אַ באַקאַנטע שטימע. ער האָט זיך אומ־געקוקט פון אַ ליקל איז אַרויס אַבעש וואַסערפירער מיט זיינע לײדיקע קאַנען. ער האָט אים נאָכגעשריען. יאָסעלע האָט אַ צי געטאָן די לייצעס און זיך אָפּגעשטעלט. ער האָט אַרויפגערוקט די ברוינע שפּאַקולן אויף זיין שטערן און דערזען פאַר זיך אַבעשן אָן אויסגעבלייכטן. יאָסל האָט אים געגעבן מוט צו ריידן:

„אַבעש, מיט מיר דאַרפסטו ניט מאַכן קיין אָנשטעל: האָסט דיך שוין ווידער צעקריגט מיט דיין שווער?

אַבעש האָט יאָוש׳דיק אַ מאַך געטאָן מיט זיינע גרויסע הענט און אַרויסגעוויינט זיין עַנטפער צו יאָסעלען:

— ברודערקע, די וועלט איז אַ חלום! ערשט נעכטן האָט מיין פערדל געהוליעט, געוווען אַ מהיה צו קוקן ווי ער האָט געכראָמטשעט דאָס ביסל האָבער. ער האָט געגעבן אַ שטעל די פיסלעך ווי אַן אמת פריציש פערדל. ערשט אים געהאַט געקויפט רויטע סטענגעס .מ׳האָט מיר געזאָגט, אַז עס

איז אַ סגולה צו אַ "גוט אויג". נו, וואָס איז דאָ צו ריידן. ער איז געגאַנגען שלאָפן אויף אייביק. מיר איבערגעלאָזט אַ ירושה אַ צעפּאַסעוועטע פּעל. זאָלן מיר דאַרן מיינע הענט. אויב ס'איז פון מיין בייטש! אַזוי האָב איך אים געטראָפן אויפן מאַרק. מיינע רייד זאָלן אים ניט אָרן. . . ער פלעגט מיך אויך אַמאָל אין אַן ערב־שבת אַריינברענגען אין כעס, אָבער ווען איך האָב דערזען די צייכנס וואָס ער האָט שוין אויף זיין פעל, האָב איך צו זיך געזאָגט: אַבעש, האַלט איין דיין כעס! זאָל ער קוקן ווי פייגעלעך פליען! סוף־כל־סוף וועט ער שלעפּן די פּעסער מיט וואַסער. נו, וואָס הויב איך אָן צו טאָן? וואָס פאַר אַ ווערט האָט עס אַ כּאַש בראַט אָן אַ פערד?

יאָסעלע האָט אים פאַר אַ ווילע געהאָלפן זיפצן. ער האָט מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ געטרייסט אַבעש'ן, אַז ער וועט צו זיך קומען, ווייל עס איז פאַראַן אַ גאָט אויף דער וועלט. . .

אַבעש איז אים אַריינגעפאַרן אין די רייד: ביז גאָט וועט זיך אויף אים אומקוקן זאָל אים יאָסעלע ניט לאָזן פאַלן. עס איז ערב־פּסח. זיינע באַלעבאַטים וועלן אים אויף שטיקער צערייסן און זיי וועלן זיין גערעכט אַט האָט ער מיט זיך זיינע ליידיקע קאַנען! זאָלן זיי ביידע אַרבעטן צוזאַמען. צום ערשטן וועט ער אים אַרויסהעלפן. דערנאָך יאָסל — אים.

יאָסל האָט זיך גענומען קראַצן אין זיין בערדל. ער האָט געטראַכט וועגן זיין פּלאַן וואָס ער האָט ערשט פריער פאַר זיך אויסגעלייגט: ער וועט פאַרטיק ווערן פרי, גיין דאַווענען אין באַלעמעלאַכישן שולכל, איבערקוקן די עברי פון דער הגדה איידער ער נעמט זיך „קיניגן", כאַפּן אַ דרימל, אַז ער זאָל ניט אַנטשלאָפן ווערן אינמיטן סדר. ער האָט דערנאָך געכאַפּט אַ קוק אויף אַבעש'ן און ביי זיך געקלערט: ווי אַזוי לאָזט מען עס אַ יידן פאַלן? ער טראָגט טאַקע אַ גלאַנציקן דאַשעק, אָבער אַ ייד איז ער? נאָך אַ וואַסער־פירער דערצו, און זיין פּרנסה איז אין געפאַר! מער האָט יאָסעלע ניט געוואָלט אַריינקלערן זיך. ער האָט באַפוילן אַבעש'ן אויפצוהענגען זיינע קאַנען און אַרויפקלעטערן צו אים אויף דער קאָזלע. אַ צי געטאָן די לייצעס און אַוועק צום ברונעם.

אויפן וועג האָבן ביידע וואַסער־פירער געשוויגן. מ'האָט בלויז געהערט אַ זיפץ און אַ קרעכץ. פון צייט צו צייט אַ קללה סתם אין דער וועלט אַריין. דערנאָך האָט יאָסעלע אָנגעהויבן אונטערברומען עטלעכע טענער פון דעם ונתנה תוקף: מי במיים, אוי במיים. . . אַבעש'ן איז דער ניגון זייער געפעלן

געוואָרן, האָבן ביידע אָנגעהאַלטן דעם זמר, ביז זיי האָבן פאַר די אויגן דער־זען די קרעניצע.

דאָ האָבן זיך ביידע מיט גרויס חשק אַ נעם געטאָן צו דער אַרבעט. אָנגעפילט דעם בייכיקן פאַס מיט וואַסער און געפאָרן פאַרטיילן צווישן זייערע באַלעבאַטים. פאַרטיק געוואָרן מיט איין געסל, האָט מען זיך אַ נעם געטאָן צו אַ צווייטן, צו אַ דריטן; אָפּרוען וועט מען זיך שוין אויפן הסב־בעט, האָבן זיך ביידע געטרייסט.

צווישן טאָג און נאַכט איז בתיה, זיין ווייב, געזעסן לעבן אַ פענצטער, געווישט דאָס גלאָז מיט אירע הוילע הענט, אַרויסגעקוקט: אפשר וועט זי דערזען איר מאַן אָנקומען צום שטאַל. זי האָט אויסגעזען שטאַרק באַזאָרגט. יאָסל האָט שוין לאַנג באַדאַרפט צו זיין דאָ! ער האָט דאָך איר צוגעזאָגט, אַז היינט וועט ניט זיין ווי פאַראַיאָרן. אַ רחמנות אויף אים... דערנאָך האָט בתיה אָנגעהויבן באַדויערן זיך אַליין: אַ לעבן האָט זי עס ביי אים! אַנו, זאָל ער אַמאָל האָבן צייט צו זיצן ריידן מיט איר, ווי עס פירט זיך ביי לייטן? באַלד שלאָפט ער איין, אַז ניט זאָגט ער תהלים. וואָס קומט אַרויס וואָס מ׳האָט איר געהאַלטן פאַר אַ שיין מיידל אין שטעטל? וויפל באַלעבאַטישע בחורים האָבן זיך צו איר געשמייכלט! אפילו דער שטעטלדיקער לערער פיכמאַן האָט זי געוואָלט פאַר אַ כלה. זיין קול קלינגט איר נאָך אין די אויערן: מיך אַרט ניט דיין יחוס, קום מיט מיר קיין אַמעריקע!

דערנאָך האָט זי געטראַכט וועגן די קינדער אָט וואַקסן זיי אונטער. וואָס וועט פון זיי ווערן? וואַסערפירער ווי דער טאַטע!

פלוצים האָט זי אַ ציטער געטאָן. זי האָט דערהערט אַ הוסט קומען פון יענער זייט טיר. זי האָט זיך געלאָזט גיין אַהין. יאָסעלע האָט זיך אַריינגע־שאַרט ווי אַ שאָטן ער איז קוים געשטאַנען אויף די פיס. ער האָט שטיל געזאָגט: — גוט יום־טוב!

ער האָט דערציילט בתיה׳ן וואָס עס האָט געטראָפן מיט אַבעשעס פערד. ער האָט היינט פאַרדינט אַ גרויסע מצווה און זי האָט ביי אים אַ גלייכן חלק. ער וועט זיך אַביסל צולייגן. דער קאָפּ טוט אים וויי. זאָל זי אָבער ניט פאַר־געסן שפּעטער אים אויפוועקן, וועט ער אָפּריכטן דעם סדר ווי גאָט האָט געבאָטן...

בתיה האָט נאָכגעקוקט יאָסלען בעת ער האָט זיך אַריינגעהוידעט אין שלאָף־צימער. זי האָט באַטראַכט די קליידער אויף אים, וואָס זיינען געווען

## ברוך מילער

פיטש גאָס. באַטראַכט די קינדערביים טיש, וועלכע האָבן געהאַט איינגע־דרעמלט. די ליכט האַלטן אין אויסגיין. ביי איר אין מוח איז געוואָרן אַ מיש־מאַש פון צאָרן און מיטלייד. אָט האָט זי געפילט ווי אויסצושרייען: מלך ,דיינע פרינצן וואַרטן אויף דיינע באַפעלן!. . און פלוצים, ווי זי וואָלט געזען יאָסל׳ס מאַמע: וואָס איז ער נעבעך שולדיק? ווי דורכגעווייקט ער איז געוואָרן! גיי גיב אים טרוקן וועש איבערצוטאָן זיך. זי איז באַלד אַריין אין שלאָף צימער יאָסל איז געלעגן אויפן בעט מיט צוגעמאַכטע אויגן און געמורמלט: מי במיים, או מי במיים...

# דעם טאַטנס מעשהלעך

אין דעם גערעמען צימער ביים ריכטער טעד פעלער, באַלויכטן מיט קרי־שטאָלענע לאָמפּן און געבעטע שטולן, זיינען זיך צוזאַמענגעקומען איניקע אָנגעזעענע מענטשן צוליב דעם יונגן מאָלער סימאָר ראַינוס — אַ מאַן אין די דרייסיקער, מיט אַ לענגלעכן פּנים, בלויע קינדערשע אויגן, און בלאָנדע אומרואיקע האָר. ער איז געזעסן פאַרקלערט, גלייך דער אַרום האָט גאָרניט צו טאָן מיט אים.

דעם ריכטערס פרוי, אַ שלאַנקע מיט אַ שנירל ברוינע קאַרעלן אויף איר הויכן האַלדז, די פּרעזידענטין פון אַ יתומים־הויז, האָט ניט אַראָפּ־גענומען אירע פריילעכע אויגן פון אַ בראָנזענעם טאָוול, וואָס זי דאַרף פּרע־זענטירן סימאָר'ן פאַר לערנען די קינדער מאָלן און זיין צו זיי אַן עלטערער ברודער...

ריכטער פעלער איז געווען דער ערשטער רעדנער. ער האָט דערביי אויסגענוצט די געלעגנהייט צו ריידן וועגן דער היינטיקער יוגנט, וואָס „גייט אויף קרומע וועגן". דער צייג־פינגער איז גלייך געווען געווענדט צו סימאָר'ן: אָט האָבן זיי דאָ אַ יונגנמאַן, וואָס איז אויך געוואָרן אויפגעכאָוועט אויף דער איסט־סאַיד ביי אָרעמע עלטערן, אים האָבן אויך אויסגעפעלט אַ סך זאַכן, אָבער ער האָט זיך ניט אַוועקגעלאָזט מיט אַ „גענג" ראַבעווען. יעדער איינער דאָ מעג זיין זיכער אַז ווען די מאַמע זיינע איז מיט אים געגאַנגען קויפן די ערשטע מכשירים צו מאָלן, האָט ער אפילו קיין איין־איינציק בערשטעלע ניט אָנגערירט אַליין, אָן דעם וויסן פון זיין מאַמען. אַ יושר'דיק הויז כאָוועט אויף אַ לייטיש קינד, — איז זיין מיינונג אַלעמאָל געווען — האָט זיך דער ריכטער באַרימט, און דערביי זיך אָפּגעשטעלט, אַז מען זאָל אים דערפאַר אַפּלאָדירן.

בעת הענט האָבן געפּליעסקעט, איז מאַקס ראַינוס, דער פאָטער פון דעם מאָלער קוים־קוים איינגעזעסן אויף זיין שטול. ער האָט זיך געטראַכט ווען ניט אַזויפיל אויגן אויף אים, וואָלט ער זיך אַרויסגעכאַפּט פון דאַנען. דעם ריכטערס רייד גרילצן אים אין די אויערן! וואָס ווייסט ער וועגן אָרעמע קינדער? גיי דערצייל אַזעלכן, אַז ס'האָט געהאַלטן אַ האָר צו פאַרטרייבן סימאָר'ן פון שטוב צוליב רשעות, פון דרויסן.. זיין הויכער שטערן האָט זיך געבומען קאָרטשען. זיינע טיפע, ברוינע אויגן — מאַט־פאַרוואָלקנטע, ווי פאַרוויינט.

מאַקס ראַינוס האָט דערפילט אַ ברי אין זיין מוח, ווי צום סאַמע ערשטן מאָל, ווען דער זון האָט אָנגעהויבן באַרימט ווערן. פרייד און אומעט האָבן זיך געהוידעט צוזאַמען. אָט האָט ער געפילט, ווי צו כאַפּן אַ טענצל, און אָט האָט ער דערזען סימאַר'ן אַלס קליין ייִנגל מיט אַ האַרטן פּאַפּיר צע־שפּרייט אויפן דיל, געמאָלן מענטשעלעך, שטיבעלעך און חיה'לעך. דער טאַטע איז געקומען אַהיים אַ מידער פון שאַפּ, און שוין ווידער דערהערט, אַז סימאַר האָט פאַרפעלט צו גיין אין סקול. זיינען באַלד זיינע ביידע פּיס אַרויף אויף דעם ייִנגלס אַרבעט און אַלץ אַ תל געמאַכט... סימאַר איז געבליבן זיצן פאַרקלעמט. זיינע אויגן פאַרגליווערט. ער האָט זיך ניט גע־קענט גלויבן, אַז זיין טאַטע, וואָס האָט אים ערשט ניט לאַנג צוריק געפירט אין מוזיי, זאָל אים אַזוינס אָפּטאָן...

מאַקס האָט זיך ביי יעדער געדריקטער שטימונג געפּרואווט פאַר־ענטפערן: ער האָט געזאָלט וויסן, אַז אַ פּשוט שטיק האַרט פּאַפּיר, וואָס אַ ייִנגל האָט ערגעץ געפונען און דערויף געצייכנט, וועט אַמאָל האָבן אַ ווערט? אָבער דאָס פאַרענטפערן זיך העלפט מאַקסן ניט. ער פילט נאָך ערגער. ער הערט אַ קול: מ'דאַרף ניט אויסלאָזן דעם כעס פון דרויסן צו קינדער! ער מעג זיך ריכטן, אַז סימאַר וועט דאָס באַלד אַרויסזאָגן אין זיין רעדע, און די געהויבענע געסט וועלן אים, מאַקסן, באַוואַרפן מיט בייזע בליקן... פאַרוואָס האָט סימאַר דעמאָלט ניט געזאָגט אַ וואָרט? די פרוי זיינע האָט זיך גאָר גענומען זאָרגן פאַר סימאַר'ס שווייגן: אפשר איז ער קראַנק?

אַן אַנדערש מאָל איז זי געקומען צו גיין: אפשר שפּילט זייער סימאַר די זעלביקע ראָל, ווי דער שכנה'ס זינדל בומי, וועמען מ'האָט פאַרשיקט „איבערן וואַסער"? יענער איז אין שטוב אויך געווען שטיל ווי אַ טויב...

מאַקס האָט לפנים אַ בליק געטאָן צום אויבנאָן, צו דער פרוי, און די מחשבות זיינע האָבן אים ווידעראַמאָל ניט געלאָזט איינזיצן אויף אַן אָרט, גלייך אים פאַרטראָגן צום זונ'ס ערשטער אויסשטעלונג. אָט בליקט ער אויף אַ גרויסבילד, וואָס האָט פאַרנומען אַ היבש שטיק וואַנט, און אַ צע־שויבערטער מאַן מיט אָנגעלאָדענע פויסטן האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן. ער האָט זיך פאַרשעמט: דאָס מיינט, אַז דער זון האָט מורא געהאַט פאַר זיין פאָטער ער זאָל אים ניט שלאָגן. דערפאַר האָט ער אַלס ייִנגל אַלעמאָל געשוויגן...

זיך גלייך אָפּגערוקט, האָט ער געהערט איינעם פון די צושויער זאָגן

שטילערהייט, אַז ער פֿאַרשטייט ניט די מאָלעריי. און אָט הערט ער נאָך באַ־מערקונגען:

„אַן אויפֿריכטיק בילד פֿון דער איסט־סאַיד מיט די פֿייער־פּאַסטקעס. זעט נאָר דעם פֿלאַם מיט די קנוילן רויך.

„דער מאָלער האָט אוודאי אַליין געוואוינט אין אַזאַ טענעמענט־הויז.

„די קאָלירן זייַנע גלעטן די בליקן, ווי אַ גוט שטיקל זיידנס.

„געגנוג שווער אָנגעקומען די עלטערן צו דערציען דאָ אַזאַ זון".

מאַקס האָט זיך דערביי אויסגעדרייט. היימישע רייד — האָט ער גע־טראַכט· געפֿילט ווי פֿאַר דעם לעצטן אויסדערציילן זיין האַרץ: אַלץ הייסט שווער אָנגעקומען! אַז פּונקט דאַן, ווען סימאָר האָט נאָר־וואָס אָנגעהויבן האָט דער טאַטע זייַנער געהאַט איבער זיך אַ פּרעכן פֿאַרמאַן אין שאַפּ, אַ באַלעבאָס, וואָס האָט זיך גלאַט אַרומגעדרייט מיט אַ שטייף ווייס העמד, די אַרבל אַרונטער און גערעדט קאַלטבלוטיק, ניט געשעמט זיך פֿאַר קיינעם:

„אַז מען ווערט אַלט, איז דאָ ניט דער פּלאַץ"...

אַהיים געקומען, ווידעראַמאָל געטראָפֿן סימאָר'ן אויפֿן דיל מיט האַרטע פּאַפּירן, קאָלירטע בליישטיפֿטן, זיינע הענט און פּנים פֿאַרשמירט, און דאָס ווייב באַקלאָגט זיך, אַז זי האָט ערשט געוואַשן דעם דיל און פֿאַר־וואָס זאָל אַן אייגן קינד, זי ניט ווילן באַרעכענען? — האָט ער אויסגעלאָזט זיין גאַנצן כּעס צום הילפֿלאָזן יינגל. ווידער א תל געמאַכט פֿון זיין אַרבעט. געשריגן אויף אים און אפֿשר אים נאָך געשלאָגן דערצו, ווער קאָן עס געדענקען? אפֿילו אָן דעם, טוט אים אויך געגנוג באַנג, אַז ער זאָל ניט קאָנען דעם זון קוקן גלייך אין פּנים אַריין, יענער טראַכט זיך, אַז דער טאַטע איז ברוגז אויף אים ..

מאַקס האָט זיך געקליבן צו דערציילן פֿאַר דעם מאַן, אַז יענעם טאָג, ווען סימאָר האָט זיך געקליבן צו קומען אויף דער וועלט, איז ער שעה'ן נאָכאַנאַנד געשטאַנען אויף אַ באַרג שניי לעבן אַ שפּיטאָל, געוואַרט צו הערן זיין ערשט מאָל פּיעשטשען זיך, און באַצייטנס גע'חלומ'ט וועגן זיין אויסזען און וואָס ער זאָל זיין ווען ער וועט אויסוואַקסן...

דער מאַן, פֿאַר ווען מאַקס האָט זיך געוואָלט אויסרעדן ס'האַרץ, איז שוין מער ניט געווען לעבן אים.. נאָר די פֿרוי זיינע מיט אַ שכנה, וואָס זי האָט איינגעלאַדן. באַרימט זיך מיט אויסשניטן פֿון צייטונגען וועגן זון, אַז דאָס איז איר שענסטע צירונג... ער האָט זי מקנא געווען, וואָס זי קאָטש

האָט הנאה פון זונ׳ס דערפאָלג: זאָל איר וואויל באַקומען! זי האָט ביי אים ווינציק פרייד געהאַט...

דערזען איר אומעטיקן מאַן, האָט זי שוין געוואוסט, אַז זי דאַרף אים אויפלעבן. גלייך דערמאָנט אים, אַז ער האָט אויך געקענט זיין אַן אָנגעזעענער מענטש, געבליבן שטעקן אינמיטן צוליב סימאָרן... צו וואָס יאָדען זיך, וואָס ער איז מיט יאָרן צוריק צו אים ניט געווען צירליך־מאַנירליך?... עס איז ביי זיי געשען אַ נס, און זיי דאַרפן זיין צופרידן..

„בין איך דען ניט שולדיק אין דעם, וואָס מ׳האָט סימאָר׳ן ניט געלאָזט צעפירן זיך די הענט? פאַרוואָס האָב איך אויך אַלעמאָל אונטערגעהיצט? האָב איך דען ניט געפילט דעם טעם פון אַ שאָפּ, אַז דער טומל לויפט נאָך אַהיים״?

מאַקס האָט דערפון געדרונגען, אַז אויך די פרוי זיינע טראָגט זיך אַרום מיט גרויס פאַרדרוס, פאַרוואָס זי איז ניט געווען אַביסל מער צאַרט צו זייער געראָטענעם זון. אויך זי ערגערט זיך, פאַרוואָס זי האָט אין אים גאָרניט דערקענט. ער האָט זי געטרייסט, אַז סיי־ווי איז זי געווען אַ געטרייע מאַמע. ער האָט נאָך ניט פאַרגעסן, וואָס זי האָט עס דעראַרבעט, ווען סימאָר איז קינדווייז קראַנק געוואָרן. גאַנצע נעכט האָט זי אַרומגעוואַנדלט. זי איז געווען זיין דאָקטאָר און נוירס. געוואָלט זיך דערמאָנען, וואָס נאָך ער האָט איר דעמאָלט געזאָגט, אָבער אַ פּליסקעריי פון אַ סך הענט האָבן אים איבער־געשלאָגן.

אויפגעהויבן זיין מידן קאָפּ, האָט זיך מאַקס דערזען צוריק אין שטוב ביים ריכטער פּעלער. דער זון האָט אָנגעהויבן ריידן. ביי מאַקסן האָט גע־נומען שטאַרקער קלאַפּן דאָס האַרץ ווי ווען־עס־איז פריער. ער האָט אַ ציטער געטאָן, ווען סימאָר האָט אָנגעוויזן אויף אים, און קעפּ האָבן זיך אויסגעדרייט אין זיין זייט אַריין. ער האָט זיך דערפילט ווי אַ פאַרשולדיקטער אין אַ געריכט, און די בליקן אויף אים וועלן באַלד ווערן שטעכיקע, ווען זיי וועלן דערהערן די אָנקלאַגע. ער האָט זיך געדרייט אויפן שטול. די פרוי האָט אים געשמייכלט אין פּנים אַריין, געוואָלט אים אַביסל באַרואיקן, אָבער ער האָט צו זיך ניט געקענט קומען: וואָס קאָן דער זון וועגן אים דערציילן?

סימאָר האָט גערעדט מיט שטאָלץ וועגן זיין פאָטער. ווידעראַמאָל אויסגעשטרעקט זיין האַנט: אָט אים קומען אַלע לויב־געזאַנגען. אין זיין

פרייער שעה איז ער ניט געגאַנגען אַליין פאַרברענגען אין אַ מוזיי, נאָר אים מיטגענומען . אַט רופט דער פאָטער אין פּאַרק אַריין:

„קום, מיין קינד, וועסטו זען די וואונדער פון דער נאַטור, ווי די בלעטעלעך אויף די ביימער, וואָס זיינען ערשט געווען גרין, האָבן איצט אַלערליי פאַרבן. אפשר האָט ער שטילערהייט אַליין גע'חלומ'ט צו נעמען אַ פּענזל ווען־עס־איז אין זיינע הענט? אָבער ער האָט אפילו ניט געהאַט דעם שוואַכן אָנשפּאַר, וואָס זיין זון האָט געהאַט...

סימאָר האָט זיך באַלד צעלאָזט מיט גרויס באַגייסטערונג וועגן די ביבלישע און היינטיקע מעשהלע'ך, וואָס ער האָט זיך אַלס קינד אָנגעהערט אין שטוב. די פאַרצייטיקע העלדן האָבן אים געגעבן מוט, באַרייכערט זיין פאַנטאַזיע. ער האָט זיך געגרויסט פאַר די יינגלעך, וואָס האָבן זיך געלאָזט פאַרשלעפּן ערגעץ אין אַ קעלער. דעם נביא, וואָס האָט פאָראויסגעזאָגט, אַז ס'וועט קומען די צייט, ווען מ'וועט פון די שווערדן מאַכן אַקעראייזנס, האָט ער פאַררעכנט פאַר זיינעם אַן עלטער־זיידן. די ביבלישע מאָטיוון פאַר־נעמען אַ גרויסן אויבן־אָן אין זיין אַרבעט...

מאַקס האָט ניט אַלץ געהערט, ער האָט זיך אַלץ געשראָקן, אַז דער זון וועט אים ניט שאַנעווען. אָבער וויפל ער האָט געהערט, איז געווען גענוג, אַז ער זאָל בלייבן זיצן אַ הערשטווינטער מיט אַן אָפן מויל. ניט גע־גלויבט זיך אַז דאָס רעדט מען וועגן אים. ער האָט ניט געדענקט, אַז ער האָט ווען־עס־איז זיך אָפּגעגעבן מיט סימאָר'ן אַלס קינד: ערשט האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער האָט ניט קיין רעכט צו זיין דאָ, געהאַט אַ געפיל, אַז ער איז געווען שטרענגער און פּלוצים אַזעלכע ווערטער הערן וועגן זיך — עפּעס גאָר ווי אַ חלום...

געקומען צו זיך, האָט מאַקס געפילט ווי צו זאָגן דער פרוי, אַז דער זון האָט אים באַרוואָס דערלאַנגט דאָס בעסטע היילמיטל צו זיינע צע־רייצטע נערוון. ער וואָלט איצט ניט מיד געוואָרן צו זיצן דאָ ביז טאָג און אויסהערן רעדעס. די מחשבות פון פריער געהערן ניט צו אים! ער איז ניט אינגאַנצן קיין דורכפאַל אין לעבן... גלייך מאָרגן גייט ער צום זון אין דער סטודיאָ באַטראַכטן אַלע זיינע בילדער. ער וועט מער ניט שטיין ווי אַ נעבעכל!

סימאָר איז שוין געשטאַנען הינטער זייבע פּלייצעס. ער האָט זיך אַ קירעווע געטאָן איינס־און־צוויי און אים אַרומגעכאַפּט, געהאַט אין געדאַנק אַ וואָלט מיט ווערטער צו זאָגן אים, אָבער דער האַלדז איז אים ווי מיט

עפּעס פאַרלייגט געוואָרן, ווי ביי אַ שטומען. ער האָט דערפילט אַ פייכטקייט אין די ווינקלען פון זיינע אויגן. אַ טרער האָט זיך שוין געקייקלט אויף אַ ציטערדיקער באַק. ער האָט געלאָזט אינגאַנצן דעם זון צו דער פרוי. א י ר האָבן ניט אויסגעפעלט קיין רייד. מאַקס האָט געפילט, ווי איצט דאַרף ער האָבן אַ לאַנגן געשפּרעך מיט זיך אַליין...



# סידני און לינדא

לינדאַ איז געווען אַ שלאַנקע און אַ שיינענדיקע. זי האָט געהאַט בלאָנדע האָר, אַ שמאָל קינדעריש פּנים, בלויע אויגן און הויכן ווייסן האַלדז, באַצירט מיט שנירלעך בלויע קאָרעלן. זי האָט געוואוינט איינע אַליין אין אַ הילצערנעם שטיבל אויף אַ באַרג אין אַ שמאָל געסל, ניט ווייט פון די פילם־סטודיאָס.

די מערסטע שטיבלעך האָבן געהערט צו אַ געוועזענער פילם־אַקטריסע מיט אַ גרויסן באַזילבערטן קאָפּ האָר, וואָס האָט שטענדיק געהאַלטן אַ שטעקן אין אירע ציטערדיקע הענט. זי האָט זעלטן אַרויסגערעדט אַ וואָרט צו די איינוואוינער פון אירע שטיבלעך, אָבער מ׳האָט זי סיי ווי ליב געהאַט, ווייל זי האָט געהאַט איינזעעניש מיט יונגע מענטשן, וועמען עס האָט געצויגן אַהער פון שטעט און שטעטלעך, צו זען זיך אויפן לייוונט אין אַ קינאָ־טעאַטער.

די יונגע לינדאַ איז אַהער געקומען פון דער סאוט. זי פלעגט אין איר שטעטל אויפטרעטן אין דראַמאַטישע שפּילן, וואָס די סקול האָט אויפגע־פירט און די בינע איז אַלעמאָל פאַרפלייצט געוואָרן מיט בוקעטן בלומען. דאָרטיקע מבינים האָבן איר איינגערעדט אַז האָליוואוד זוכט אַרום אַזאַ ווי זי.

אין אַ צווייטן שכנה׳שן שטיבל האָט געוואוינט דער דרייסיק־יאָריקער סידני גראָס, אַ הויכער מיט אַ געקנייטשטן שמאָלן שטערן און אַ לענגלעך פּנים, מיט עטוואָס שוין גרוי־לענגלעכע פּאות. ער איז אויך אַוועק פון זיין היים. ער — צוליב אַן אַנדער אורזאַך. זיין טאַטע האָט ניט געהאַלטן פון אים נאָך פון קינדוויייז־אָן. אויסגעוואַקסן, האָט אים דער פאָטער ניט געוואָלט האָבן ביי זיך אין שאַפּ. ער האָט גע׳טענה׳ט: „סידני טויג צו גאָרניט״...

דעמאָלט האָט זיך סידני אַוועקגעלאָזט צווישן די קרובים, געוואָלט זיי זאָלן אים געבן צו פאַרשטיין פאַרוואָס זיין טאַטע באַציט זיך צו אים אַזוי מאָדנע.

איניקע האָבן געשפּאַסט: זיין טאַטע וויל זיין דער איינציקער מאַן ביים טיש. זיין פעטער אילאַי, דער הויז פאַרבער דער מאַמעס ברודער, וואָס האָט שוין די שוועל פון הויז ניט איבערגעטראָטן זינט יאָרן, האָט סידני׳ן געגעבן צו פאַרשטיין, אַז זיין טאַטע האָט אַמאָל חשק געהאַט אַוועקגעלאָזן זיך אין דער ווייטער וועסט, מיטאַמאָל איז ער, סידני, גע־

בויי'ן געוואָרן און אַ תל געמאַכט פון זיין פאָטער'ס פּלאַן, דערצו נאָך אַ בחור וואָס קריטיקירט אים. „דיין טאַטע וועט דיר קיינמאָל ניט מוחל־זיין. אַנטלויף וואוהין די אויגן וועלן דיך טראָגן. ווייז אים, אַז דו קאָנסט שטיין אויף דיינע אייגענע פיס" — האָט אים דער פעטער גע'עצה'ט.

אַ דערצאָרנטער איז סידני אַוועק דעמאָלט נאָכן געשפּרעך מיט זיין פעטער, און באַלד זיך גענומען פּאַקן אין ווייטן וועג אַריין, וואוהין טויזנטער מענטשן פאָרן.

דאָ איז סידני געוואָרן לינדאַ'ס שכן, אַ פענצטער קעגן אַ פענצטער. ער האָט אַליין ניט געוואוסט, פאַרוואָס מ'האָט אים פון דעם ריעל עסטעיט אָפיס אַהער געבראַכט: אפשר צוליב זיינע לענגלעכע פּאות? — אפשר האָט ער געגרעדט ווי אַן אַקטיאָר? האָט ער געטראַכט. ווי באַלד אַזוי, האָט ער געפּרואווט זיך אַהער אַריינפּאַסן. לינדאַ האָט אים באַלד פאַרכאַפּט ס'אויג. ער פלעגט אָפט זיצן אַ צעטומלטער ביי זיין פענצטער, וואַרפן הייסע בליקן אויף איר בעת זי איז געזעסן אויפן קליינעם גאַניקל, זיך געוויגט אויף אַ שטול. אַט לויפט ער אַרויס זיך באַקענען מיט איר, אָבער ער האָט חרטה. ער לייגט־אָפּ פון איין טאָג אויפן צווייטן. דערווייל האָט ער געעפנט אַ קליינעם שאַפּ און איז געוואָרן פאַרנומען.

איינמאָל האָט סידני אָנגעטראָפן לינדאַ'ן אין פּאַרק. זי איז געזעסן שטאַרק פאַרטראַכט. ער האָט זיך שטיל אַוועקגעזעצט לעבן איר. זי האָט אויסגעזען בלייך און געררויכערט איין סיגאַרעט נאָכן צווייטן. אירע ליפּן האָבן געציטערט. סידני האָט אַ מעכאַנישן הוסט געטאָן. לינדאַ האָט זיך אויפגעשטעלט אַוועקצוגיין. ער האָט זי צוריקגעהאַלטן: ניט שיין צו אַנטלויפן פון אַ שכן: ער איז אַ פרעמדער דאָ באַגלייך מיט איר.

לינדאַ האָט זיך עטוואָס אויסגעדרייט צו אים, געהאַלטן אַ ווייל איר פּנים אָנגעשפּאַרט אין אַן אַקסל. סידני האָט איר אַקעגנגעטראָגן אַ שמייכל, געפרעגט שטיל, צי זי אַרבעט אין דעם דעפּאַרטמענט סטאָר אויף ווילשאַיר בולעוואַרד: ער קאָן פאַר איר זאָגן אַ גוט וואָרט צום פאַרוואַלטער. ער פאַרקויפט אַהין בלוזקעס און קליידלעך.

לינדאַ האָט אים דערקאַנט. זי האָט אים שוין ניט איינמאָל געזען אָנקומען מיט אַ רויטן אויטאָמאָביל, און אַוועקגעכאַפּט אירע בליקן; דער קאָפּ איז איר פאַרדרייט מיט שווערע פּראָבלעמען, און זי איז ניט גרייט צו פלירטעווען מיט קיינעם. זי האָט אים געלאָזט וויסן אין אַ קאַלטן טאָן, אַז זי ווייסט אפילו

ניט, אַז דאָ אַרום איז פֿאַראַן אַ דעפּאַרטמענט סטאָר. דערביי איז זי שוין גרייט געווען צו גיין.

סידני האָט זיך ווי אַ קליין יינגל געבעטן ביי איר ניט איבערצולאָזן אים אַליין; ער מוז ־יד פּאָר עמיצן אויסריידן ס׳האַרץ; ער האָט אַ שווערע פּראָבלעם צו לייזן.

לינדאַ האָט אויף אים איצט געקוקט, ווי אַ מאַמע אויף איר זון. זי האָט צו אים שוין גערעדט אין אַ מילדערן טאָן: זי קאָן ניט בלייבן, זי מוז אַוועק גיין — ס׳איז זייער נויטיק.

„מעג איך מיטגיין אַ ווייל?״

לינדאַ האָט געשמייכלט; ניט געוואוסט אויפֿן מאָמענט וואָס אים זאָגן.

סידני איז שוין געשטאַנען אויף די פֿיס. ער האָט זי גענומען אונטערן אָרעם און זיך באַקלאָגט, אַז זיין אַגענט גיט אים שוואַכע האָפֿנונגען צו ווייזן זיין פּנים אויף אַ פֿילם; רעדט אים צו אַ פּריינט זיינער צו עפֿענען אַ קליינעם שאַפּ פֿון ספּאָרט־קליידער. אוודאי וועט דאָס ביי אים ניט זיין צוליב זיך אַליין... ער איז דאָך אין געסל, וואו זי ביידע וואוינען, ניט דער איינציקער, ביי וועמען עס פֿעלט אויס דורכצוקומען די וואָך. . אָבער ער ווייסט ניט פֿאַרוואָס עפּעס פֿילט ער זיך אומבאַקוועם זיין האַרץ איז עפּעס ניט דערביי. מען קומט דאָך אַהער מיט קינסטלערישע אַמביציעס, טאָ ווי קאָן מען זיי אַוועקלייגן אין אַ זייט?

לינדאַ איז געווען באַזאָרגט וועגן איר אייגענעם צושטאַנד. שוין באַלד אַ יאָר, אַז זי איז אַהער געקומען און זי איז ניט אויפֿגעטראָטן אין קיין פֿילם אפֿילו ניט אין אַ ־בעבאַכדיקער ראָלע. איר אַגענט, קלאַרענס, איז פּרעד. ער האָט צו איר טענות; וואָס איז זי קאַרג מיט אַ שמייכל. דאָ — זאָגט ער איר — דאַרף מען זיין מער צוגעלאָזט צו מענטשן... ער האָט שיער ניט געהאַט פֿאַר איר אַ וויכטיקע ראָלע פֿון באַנקיר׳ס געליבטע אין אַ „וועסטערן״. „מאַווי״, איז זי אָבער צו איידל. איר קול ווי אַ דינע סטרונע פֿון אַ פֿידל. זי איז שוין מיד אָפּצובעטן זיך מיט איר דירה־געלט. ערשט פֿריער געטראַכט וועגן גיין אַרבעטן. דערהערט דעם בחור׳ס רייד, וואָס ער קלייבט זיך צו טאָן, האָט זי אים דערמוטיקט: אַ גוטער פּלאַן — ער באַגייט ־יט קיין עוולה קעגן קיינעם.

סידני איז לפּנים געוואָרן אויפֿגעלייגט. ער וויל איר געבן אַרבעט אין שאַפּ. „זי וועט אים העלפֿן אַלעמאָל גיין אויפֿן ריכטיקן וועג״... ווי

ער האָט איר פריער געזאָגט: ער מאַכט דעם שריט ניט צוליב זיך אַליין; זי דאַרף גלייך צושטימען.

„דאָס וועלן מיר שוין זען״ — האָט לינדאַ געזאָגט, בעת זי האָט זיך מיט אים אָפּגעזעגנט. זי איז פלינק אַריין אין אַ טעקסי און אַוועק.

סידני איז געבליבן שטיין אַ פריילעכער, אַן אויפגעלייגטער. ער האָט הנאה געהאַט פון דעם אופן, ווי ער האָט גערעדט צו לינדאַ׳ן. זי האָט אים אַלץ געגלויבט. ווען ער ווייסט פריער ווי זי וועט אים אויפנעמען, וואָלט ער איר דערציילט דעם אמת, אַז ער האָט שוין אַ שאַפּ. נו, פאַרפאַלן, וואָס מאַכט עס אויס? ער האָט זיך אונטערגעזונגען אויפן וועג אַהיים. ער האָט געפילט, אַז ער איז שוין בכוח צו באַגעגענען זיך מיטן מיידל אָן אַן אויס־רייד. אפשר וועט ער נאָך היינט פאַרנאַכט אָנקלינגען ביי איר אין טיר, אויב זי וועט זיך ניט באַווייזן אויפן גאַניקל. צי אפשר איז גאָר בעסער ניט ווייזן זיך פאַר איר אַ פאָר טעג?

לינדאַ איז ניט אַהיימגעקומען ביז שפּעט ביינאַכט. סידני האָט זיך געדרייט אויף זיין בעט פון איין זייט אויף דער צווייטער. ער האָט איבער־געטראַכט. ער האָט זיך געזאָרגט, אַז זי פירט זיך אַרום ערגעץ מיט אַן אַנדערן מאַן: אפשר צוזאַמען מיט איר כאַפּטע „פאַרבלאָנדזשעטע״? ווי מ׳רופט דאָ. ער האָט אַ געפיל, אַז זייבע פלענער צעפאַלן זיך. לינדאַ זעט אויס אַזאַ רואיקע, און דאָך, ווייזט אויס, שטורעמט אין איר דער שטאַרקער באַגער נאָכצולויפן האָליוואוד מיט איר צעהוליעטן לעבן.

ווען ס׳איז ליכטיק געוואָרן אין לינדאַ׳ס פענצטער, האָט סידני ביי זיך אין צימער אויך געמאַכט ליכטיק. ער האָט אַליין ניט אָנגעהויבן צו וויסן, צוליב וואָס ער טוט דאָס. אפשר געטראַכט, אַז לינדאַ וועט עס באַ־מערקן.. אָבער איידער עפּעס, איז שוין דאָס ליכט אין לינדאַ׳ס צימער אויס־געלאָשן געוואָרן.

אויף מאָרגן, ווען זיי האָבן זיך אָנגעטראָפן, האָט לינדאַ אָנגעקוואָלן פון סידניס רייד, אַז ער האָט וועגן איר איבערגעטראַכט. זי וואָלט געוווען געשלאָפן בעסער, ווען זי ווייסט אַז עמיצער האַלט אַן אויג אויף איר שטוב, האָט זי זיך געוויצלט. ער האָט זי דורכגענומען מיט די בליקן: פאַרוואָס זאָגט זי אים ניט, וואו זי איז געווען? ווי אַזוי פרעגט מען זי?

לינדאַ האָט אַליין דערציילט:

די אייגנטימערין, זייער „לענד־לעידי״ איז זייער קראַנק. זי האָט דאָרט אַלע שעה׳ן פאַרבראַכט: ניט געלאָזט איר שטאַרבן... זאָל אַנאַ לעבן און לעבן. אָט־די אַלטיטשקע צוריקגעצויגענע אַקטריסע איז אַזוי אַנדערש פון די, וועלכע גיבן עצות כלומר׳שט, שלאָגן אָפּ די פליגל: פאָרט אַהיים, קינדער, לאָזט צורו די פילם־אינדוסטריע! ניט פאַר אייך! איר וועט בלויז פאַרשפּילן אייער יוגנט. ס׳לוינט זיך ניט״... אַנאַ רעדט ניט קיין סך, אָבער איר בליק איז פון אַ מאַמען; איר גלעט איז אַזאַ וואַרימער. זי רעכנט־אויס אַ מענטשן.

לינדאַ האָט ניט דערזאָגט, אַז אויב עס פּאַסירט עפּעס שלעכטס מיט אַנאַ׳ן, בלייבט זי נאָך מער הילפלאָז. דער דאָקטאָר האַלט אין איין מאַכן שווער ס׳האַרץ, אַז די באַרימטע אַנאַ האַלט זייער שמאָל. זי, לינדאַ, גייט ווידער אַהין.

סידני האָט זיך געהיט מיט אַ וואָרט, אַז ס׳זאָל ניט וויי־טאָן לינדאַ׳ן. ער איז געווען איר אויסהערער; ער איז אויך פאַרכאַפּט געוואָרן. ווען זי האָט זיך געלאָזט גיין, האָט ער איר פאַרגעשלאָגן, אַז ער קאָן זי נעמען אין זיין אויטאָמאָביל צו אַנאַס וואוינונג. ווען ער דאַרף ניט צופאָרן וועגן זיינע מסחרים, וואָלט ער אויך אַריינגעגאַנגען מיט איר. זי איז אַריין אין אויטאָ־מאָביל. זי האָט דעם גאַנצן וועג געטראַכט וועגן סידני׳ן, אַז ער איז אַ וואוילער מענטש. ווען מ׳האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָט זי אים אַ קוש געטאָן און איז שנעל אַרויס...

ס׳איז שוין געווען נאָך אַלעמען. די רייכע וואוינונג מיט די אַנטיקן פון פאַרשיידענע לענדער, מיט אַנאַס אויסצייכענונגען אין די אָנגעזעענסטע ראָלן, די בילדער אין לאַנגן קאָרידאָר, די פאַרצעלייענע לאָמפּן, — אַלץ האָט איצט אויסגעזען פאַרגליווערט. די מענטשן אַזוי שטיל, אַז לינדאַ האָט זיך אַזש דערשראָקן. איר האָט זיך געדאַכט, אַז באַלד־באַלד וועלן אַלע מיטאַמאָל זיך צעוויינען.

סידני איז מיט לינדאַ׳ן געפאָרן אויפן בית־עולם; געווישט אירע טרערן. ווידעראַמאָל געהיט זיך מיט אַ וואָרט, „טאָמער וועט ער ניט זיין פּאַסיק איצט. גענוג ביי דעם מאָמענט אַ זיפץ״, האָט ער געטראַכט.

נאָכדעם האָבן זיי זיך שוין גאַנץ אָפט באַגעגנט. זי האָט אים שוין איינגעלאַדן צו זיך אין שטוב. דאָ איז ער געוואָרן שוין צו־באַרעדעוודיק. ער האָט ניט אויפגעהערט צו לויבן, ווי אַלץ דאָ ביי לינדאַ׳ן אין שטיבל איז אין גוטער אָרדנונג. „איר גאַנצער חן שפּיגלט זיך דאָ אָפּ״. דערנאָך האָט ער איבערגעטראָגן זיינע בליקן אויף איר טאַליע, און געפילט ווי זי אַרומ־

צונעמען. זיינע באַקן זיינען געוואָרן צעפלאַמט. ער האָט זיך דערשראָקן פאַר זיינע אייגענע מחשבות...

לינדאַ איז הינטערגעקומען מיט אַ טעפּעלע קאַווע פאַר אים, און געבעטן צו דערציילן איר נאָך עפּעס וועגן זיין היים איצט איז זי גרייט אים אויסצוהערן.

ביי סידני׳ן האָבן די אויגן אויפגעלויכטן. ער איז געווען צופרידן פון איר אַרויסרוף. זי האָט אים דערמיט איבערגעשלאָגן זיין צערייצטן געפיל צו איר. לינדאַ׳ס פּלוצימדיקער פאַרלאַנג צו וועלן וויסן וועגן זיין משפחה האָט אים באַרואיקט. ער האָט דערזען די שטוב מענטשן, אַלעמענס אויגן אויף זיך. ער האָט אַן צערעמאָניעס באַלד פאַרגעשטעלט זיין מאַמען.

„זי האָט אַ פרום פּנים ווי אַ הייליקע. שיינע בלויע אויגן, אָבער אומעטיקע. ער האָט אויף איר געהאַט רחמנות פון קליינערהייט־אָן. קיינער האָט זיך צו איר ניט געוואָלט צוהערן, אפילו ניט די דינסט, ווען מ׳האָט זיך אַרויפגעאַרבעט און מ׳האָט שוין געוואוינט אין אַ רייכער געגנט. זי האָט ביט געקאָנט מאַכן קיין אַנשטעל. ערשט געוואוינט אין אַ אָרעמער געגנט, אַן ביימער אַן גראָזן, אָפּגעגעבן זיך מיט פּלאַנצן וואָזאָנעס און הנאה געהאַט פון דעם איינגעלעבט זיך מיט שכנים געבאַרגט זיך געלט אפילו. געהאַט איין דאָקטאָר, איין לשון, און מיטאָמאָל — אַ בינטל שליסלען, און גיי שאַף זיך מיט יענעם...״

סידני האָט זיך אָפּגעשטעלט:

„וואָס איז פון מיר געוואָרן? דאָס עלנטע לעבן מאַכט פון דיר אַ פלאַפּלער ווייזט אויס. מ׳זיצט שעה׳ן נאָכאַנאַנד און מ׳טראַכט פון די איינזאַמע געדאַנקען.

לינדאַ האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און אים דערמוטיקט צו דערציילן וועגן זיין גאַנצער פאַמיליע. זי האָט ליב אַזעלכע שמועסן. דאָס גיט איר אַ געפיל, אַז זי איז ניט ווייט פון דער היים... האָט זי געזאָגט צו סידני׳ן.

דער טעלעפאָן האָט זיך פּלוצים צעקלונגען. זי איז געלאָפן אָן אַן אָטעם. סידני האָט זיך אויפגעשטעלט גרייט צו גיין: זי האָט אַוודאי סודות פאַר אים — האָט ער געטראַכט. ער איז שוין געווען ביי דער טיר, אָבער לינדאַ האָט אים געגעבן אַ צייכן מיט איר פרייער האַנט אַז ער דאַרף ניט גיין. סידני האָט זיך ניט געלאָזט לאַנג בעטן.

פאַרטיק געוואָרן מיטן טעלעפאָן געשפּרעך, איז לינדאַ גלייך צוגעלאָפן צו סידני׳ן און אים געכאַפּט טאַנצן: איר אַגענט האָט איר נאַרוואָס

געלאָזט וויסן, אַז ער האָט עפּעס פאַר איר. אויב זי וועט אויסנעמען אין דער ראָלע פון אַ ריכטער׳ס אַ ווייבל פון דער סאוט, וועט ער פאַר איר האָבן גרייט אַ קאָנטראַקט.

סידני איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון לינדאַ׳ס באַגייסטערונג. „איצט וועט ער קאָנען רואיק שלאָפן. אָט־אָט, און זי איז אַ פאַרזיכערטע אויפן גאַנצן לעבן: ווי באַלד אַזוי, מעגן זיי ביידע כאַפּן נאָך אַ טענצל״, האָט סידני היימיש אויסגערופן.

לינדאַ האָט אים באַדאַנקט פאַר זיין מיטפרייען זיך מיט איר, זיינע רייד קלינגען ביי איר אין די אויערן ווי מוזיק.

איידער זיי האָבן זיך צעשיידט, האָט ער זי געפרעגט אין אַ ניט־זיכערן טאָן צי וועט זי איצט צייט האָבן קומען זען זיין פאַבריקל, וואָס איז ביי אים נאָר אַ בריקל צו עפּעס שענערס! לינדאַ איז געבליבן שטיין אָן לשון. סידני האָט איר אַרויסגעהאָלפן: מ׳וועט רעדן אָן אַנדעשמאָל. ער וואַרט שוין אויפן טאָג צו זען זי אויפן לייוונט. ער האָפט, אַז זי וועט זיך שפּעטער נאָך וועלן באַגעגענען מיט אים. זיין אַגענט האָט אין אים פאַרגעסן, אפשר איז ער שוין צו אַלט פאַר אַ ליבהאָבער ראָלע? ווי דענקט זי?

לינדאַ האָט זיך האַרציק צעלאַכט. זי האָט צוגעזאָגט אַז זיין צייט וועט אויך קומען. אפשר וועלן זיי נאָך אַמאָל אויפטרעטן צוזאַמען? זאָל ער ניט פאַרגעסן אַ צווייטן מאָל איר דערציילן וועגן זיין טאַטן, וועגן זיין גאַנצער פאַמיליע...

אַ שטיק צייט האָבן זיי זיך ניט געזען. לינדאַ איז געווען פאַרנומען מיט פּראָבעס פאַר אַ נייעם פילם וועגן דער סאוט. האָט זי אויפגעלעבט פון דער ראָלע וואָס מ׳האָט איר געגעבן. ניט באַדאַרפט ברעכן די צונג, כדי אויס־צולערנען דעם דאָרטיקן דיאַלעקט. זי האָט באַדאַרפט שפּילן די ראָלע פון אַ ריכטערס יונג ווייבל, גיין אין געריכט משפּטן אַ נעגער פאַר אָנפאַלן אויף זיין באַלעבאָס. דאָס ווייבל וואַרפט אים אַריין אין צווייפל וועגן דער באַגלויב־קייט פון די עדות. זי דערמאָנט איר מאַן — דעם ריכטער אַז זיי, די ווייסע, האָבן ניט קיין פיינע רעפּוטאַציעס. זאָל ער דאָס ניט פאַרגעסן — זאָגט זי אים אָן, איידער ער גייט אין געריכט־הויז.

באַלד נאָך דער ערשטער פּראָבע האָט זיך דער יונגער רעזשיסער, בעט בריל, זי געכאַפּט קושן — זי שפּילט איר ראָלע אַזוי צאַרט! ער האָט זיך געשראָקן אַז זי וועט אַרויסריידן די ווערטער אין אַ שלעפּעדיקן טאָן. ס׳וועט גאָר קיין איינדרוק ניט מאַכן...

דער „פּראָדיוסער״ מעקמערן האָט זיך געקרימט: ער וויל זיך ניט

אַנהויבן מיט דער סאַוט־פּירעבץ. ער טאָר זיך ניט מישן. די עטלעכע ווערטער צום ריכטער וועגן די ווייסע עדות, אַז זיי זיינען ניט פון די באַגלויבטע מענטשן, זיינען צו שאַרף באַטאָנט. לינדאַ וועט מוזן בייטן דעם טאָן, יוצא זיין און ניט מער...

דער רעזשיסער האָט זיך מיט אים געשפּאַרט: ער האָט איצט אַ מעגלעכקייט צו קריגן אַ נאָמען אומעטום. אַזאַ פילם איז איצט נויטיק! קעגן דעם וואָס עס טוט זיך איצט אָפּ אין דער סאַוט, איז עס ווי אַ טראָפּן אין ים; ס׳פלעגן זיין שאַרפערע פילמס. ער האָט גענומען גלייך אויסרעכענען. מעקמערן האָט אים איבערגעשלאָגן: עס מוז געמאַכט ווערן אַן ענדערונג — אויב ניט, איז אויס!

לינדאַ האָט זיך קיין אָרט ניט געקענט געפינען. זי האָט זיך אויסדערציילט איר שווער האַרץ פאַר סידני׳ן. ער איז געוואָרן אויסער זיך. וואָס האָט דער „פּראָדוסער" געוואָלט פון איר, אַז זי זאָל זאָגן מיט אַ האַלב מויל? ער איז מיט איר שטאָלץ וואָס זי האָט זיך ניט אונטערגעגעבן. זי האָט ניט קיין רעכט צו שפּילן אַנדערש ווי זי פילט. זאָל זי אויפהערן ערגערן זיך; ער וועט שוין זען, אַז איר טאַלאַנט זאָל ניט פאַרלוירן גיין. אַזאַ האַנדלונג מצד דעם מעקמערן איז ניט צו פאַרגעבן. ער וועט איר מיט דער צייט העלפן מיט דעם ערנסטן רעזשיסער צו האָבן זיין אייגענע סטודיאָ. ער וועט נאָך היינט כאַפּן אַ שמועס מיט אייניקע פאַרמעגלעכע פריינט וועגן דעם ענין...

סידני איז ביי לינדאַ׳ן אין די אויגן מיטאַמאָל אויסגעוואַקסן גרויס — אַ מענטש מיט פאַרנעם. זי האָט אים באַטראַכט ווי איר אמת׳ן אויסלייזער. יענעם פרימאָרגן איז זי מיט אים מיטגעפאָרן זען זיין שאַפּ.

אויפן וועג האָט לינדאַ אַרומגעטראַכט איר היימישן קרייז. זי האָט געהערט דאָס דראַמאַטישע קול פון איר חברטע סטעלאַ, וועלכע איז אַזוי געפאַלן ביי זיך, באַדויערט איר יוגנט. דערנאָך געטראַכט וועגן דער שיינער מילדרעד, וועלכע האָט זיך צופיל צוגעלאָזט צו דערגרייכן איר ציל און זי איז ביי יעדן אַקטיאָר אויף די ליפּן. — אַלץ צוליב דעם, וואָס מ׳וואַרפט איר צו אַמאָל אַ קליינע ראָלע. די לעצטע, וואָס לינדאַ׳ן איז געקומען אויפן געדאַנק, איז געווען וואַניען קרעס פון שיקאַגאָ. יענע האָט זיך גאָר געכאַפּט צום טרונק. ווען מ׳טרעפט זיך אָן, גלאַנצן אירע אויגן. זי לאַכט און וויינט...

לינדאַ האָט זיך גענומען טוליען צו סידני׳ן; זיך געבעטן, ער זאָל איר

דערציילן מער וועגן זיין פאַמיליע; זי וועט אים ניט שולדיק בלייבן, דער־ציילן אים וועגן יעדן איינעם פון אירע קרובים.

סידני האָט זיך ניט געלאָזט בעטן. ער האָט איר גענומען פאָרשטעלן זיין טאַטן:

„דער אַלטער איז פאַרבליבן אַ רעטעניש פאַר אַלעמען. אין זיינע יונגע יאָרן פלעגט ער אַוועק פון שטוב איינער אַליין, כמעט יעדן אָוונט. די מאַמע האָט אים אַלעמאָל אַרויסבאַגלייט מיט אַ זיפץ. קיין וואָרט ניט געזאָגט. ער האָט זיך אָנגעטאָן אַ צעקנייטשטן קאַפּעליוש, גענומען אין האַנט אַ מאָדנעם שטעקן, און אַוועק אין אַ קאַפע־הויז, וואו שרייבער און אַקטיאָרן זיינען זיך צונויפגעקומען. ער האָט זיך באַזעצט איינער אַליין ביי אַ טישל, באַ־שטעלט אַ טרונק און זיינע אויגן האָבן ניט גערוט. ער האָט אַזוי געזוכט באַקאַנטשאַפט, אָבער קיינער האָט זיך אויף אים ניט אומגעקוקט...

פּלוצים האָט ער געעפנט אַ שאַפּ, און מער ניט צוגערירט זיך צו זיין שטעקן, און צום צעקנייטשטן קאַפּעליוש. ער איז באַלד געוואָרן דער עצה־געבער פאַר דער גאַנצער משפחה. ‚אַז רובין גראָס זאָגט אַזוי, טאָר מען אים ניט איבערשפּאַרן'...

סידני האָט זיך דערביי אָפּגעשטעלט, אַ שמייכל געטאָן, און זיך באַ־רימט, אַז ער איינער קאָן זיך באַגיין אָן זיינע עצות. ער וועט זיך ניט אַרומ־דרייען בלויז צווישן אַרטיסטן, נאָר העלפן זיי...

לינדאַ האָט אים אַפּלאָדירט; געטראַכט, אַז סידני וויל גוט מאַכן עפּעס פאַר זיין טאַטן. זי וועט עס דערציילן נעט בריל'ן, און זאָל ער אויפהערן ציטערן אַזוי איבער איר, אַז זי שאַצט איבער דעם בחור...

סידני האָט זיך געכאַפּט, אַז ער האָט צופיל גערעדט לינדאַ האָט אים נאָך גאָרניט דערציילט וועגן אירע אייגענע — פאַרוואָס איז עס? ער וועט מער אַ וואָרט ניט זאָגן וועגן דער היים. לינדאַ, גלייך זי האָט געהערט זיינע געדאַנקען, האָט אויסגערופן, אַז אין אָוונט וועט זי אים דערציילן וועגן איר „פאַרמעגן"...

זיי זיינען שוין געווען לעבן שאַפּ. סידני האָט פאַר לינדאַ'ן געעפנט ס'טירל פון אויטאָמאָביל און זיך פאַרנויגט פאַר איר. זי האָט אים גענומען אונטערן אָרעם ביז צום עלעוועיטאָר.

דער גערויש פון די ניי־מאַשינען און דאָס יעכצן פון אַ פּרעס־אייזן, וואָס האָט ווי געוואָלט איבערשרייען, איז לינדאַ'ן אַקעגנגעלאָפן. זי האָט זיך עטוואָס געקרימט. זי איז קיינמאָל פריער ניט געווען אין קיין שאַפּ. ס'איז

אַזוי אַנדערש ווי די לערערין אין סקול האָט פאַרגעשטעלט דעם שאַפּ, — האָט זי געטראַכט. זי האָט באַדויערט, וואָס די רייד פון די אַרבעטער ווערן צעמאָלן. זי האָט ניט געוואָלט גיין באַלד אין אָפיס, נאָר זיך געבעטן ביי סידני'ן, אַז פריער זאָל ער זי פאָרשטעלן פאַר אַלעמען דאָ. סידני האָט ברייטער געשמייכלט. זיין גאָמבע האָט געציטערט: זאָל ער זאָגן די אַר־בעטער, אַז דאָ שטייט פאַר זיי אַן אַקטריסע? ער האָט זיך צו איר צוגעבויגן און ביי איר געפרעגט:

„וואָס זאָל איך זיי זאָגן?

„זאָג, וואָס דו ווילסט"...

סידני האָט ניט געוואוסט, וואָס צו זאָגן. לינדאַ האָט אַליין אויסגערופן איר נאָמען, און אויסגעלאָזט, אַז איר טוט הנאה צו באַקענען זיך מיט זיי אַלע. זי האָט זיך פאַרנויגט און געגאַנגען ווייטער. זיך אָפּגעשטעלט לעבן פרעס־טיש, געקוקט פאַר'חידוש'ט אויף דער פאַרע, וואָס האָט אַרויסגעזעצט פון פרעס־אייזן; געקוקט אויף דער פאַרשוויצטער נעגער־פרוי אין די זעכציקער, שוין היבשלעך גרוי.

„מעי, אָט דאָ איז אַ לאַנדס־מיידל דיינע", — האָט סידני זיך אָפּגעע־רופן — „מעי איז אַ פרייַנט פון דער פירמע. אַזאַ געטרייע, אַז ער קאָן אויף איר איבערלאָזן דעם גאַנצן שאַפּ" — האָט ער זיך באַרימט פאַר לינדאַ'ן, און בעת־מעשה געוואונקען מיט אַן אויג צו איר.

מעי האָט זיך דערפילט אומהיימלעך. איר ברייטער שטערן האָט זיך געקאָרטשעט. זי האָט באַדאַנקט סידני'ן פאַר די עטלעכע ווערטער, און זיך מיט אַ מאָדנער פלינקייט גענומען פרעסן.

סידני האָט געצויגן מיט די אַקסלען: מעי איז אַזאַ באַריידעוודיקע, און מיטאָמאָל — אַ שווייגערין. ער האָט אָנועקגערופן לינדאַ'ן: מ'וועט זיך זען אַן אַנדערש מאָל.

„מעי האָט שוין לאַנג פאַרגעסן, אַז זי קומט פון דער סאַוט" — האָט זי סידני ווי פאַרענטפערט.

„זי קאָן ניט פאַרגעסן; ווער שמועסט איצט;" — האָט לינדאַ אים איבערגעשפּאַרט. ער וויל בלויז וויסן, צי דענקט מעי, אַז אַלע ווייסע אין דער סאַוט זיינען גלייך? ווייסט זי ניט, אַז דאָרטן זיינען פאַראַן מענטשן, וועלכע שעמען זיך מיט דער צעטיילונג? האָט שוין סידני געביטן דעם טאָן.

„יעס סער"? — האָט ענדלעך מעי געלאָזט הערן איר קול.

„זי איז איינע פון זיי" — האָט סידני אָוועקגעלייגט אַ האַנט אויף

לינדאַ׳ס אַקסל. געקוקט איר אין די אויגן, צי האָט ער אויסגענומען מיט די ווערטער.

„כ׳בין זייער צופרידן צו הערן״ — האָט מעי געזאָגט אין אַ טאָן פון אָפּקומעניש און געוואָרפן אירע בליקן אויף אַ בערגל מיט ניט־געפּרעסטע קליידלעך; געטוליעט איר האַנט צום פּרעס־אייזן. אַן אַנצוהערעניש, אַז מ׳זאָל זי צורולאָזן.

דער טעלעפאָן האָט זיך צעקלונגען. סידני איז געלאָפן ענטפערן און געהייסן לינדאַ׳ן דערווייל אַריינגיין אָנקוקן זיין שוי־צימער. זי וועט דאָרטן געפינען זשורנאַלן; ער וועט באַלד צוריקקומען.

לינדאַ האָט געפאָלגט. זי איז פאַרבייגעגאַנגען דער נעגער־פרוי מיט דער געבויגענער פּלייצע און געהערט הויך אויפן קול: מ׳וועט זיך נאָך זען.

מעי האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, איבערגעוואָרט אַ ווייל, און דערנאָך מיט אימפּעט אַ נעם געטאָן יאָגן זיך מיטן אייזן, ווי דער טאָג ביי איר הויבט זיך ערשט אָן.

לינדאַ איז געזעסן אויף אַ געבעטעטער שטול אַ באַזאָרגטע געטראַכט, אַז אין שטוב האָט מען זי געלערנט, אַז אַלע מענטשן זיינען גלייך, קיינמאָל ניט געהערט קיין שלעכט וואָרט אויפן נעגער פאָלק, און מעי האָט זיך צו איר באַצויגן ווי צו אירן אַ שונא: אפשר איז מעי גערעכט? זי דאַרף איר ניט גלויבן אויפן וואָרט. איר איז באַלד געקומען אויפן זינען, ווי איינמאָל איז איר פאָטער אַריינגעקומען אַזאַ דערשלאָגענער פון שטעטל גרינוואוד. דער קרעמער, מר. פיליפּס, האָט זיך פאַר אים באַקלאָגט, אַז די נאַציס האָבן אומגעבראַכט אַלע זיינע קרובים. ער האָט געוויינט און גערעדט מיט גרויס פאַרדרוס וועגן דער ניט־יידישער וועלט. דער טאַטע אירער האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז ער באַשולדיקט אים אויך. פאַרוואָס דאַרף זי און איר טאַטע טראָגן אויף זיך די שאַנד פון אַנדערע? איבערהויפּט איר מאַמע וועלכע האָט אויך געליטן ווי מר. פיליפּס... זי באַהאַלט קיינמאָל ניט איר אָפּשטאַם. געבלייבטע. ער האָט איר געוואָלט זאָגן, אַז אירע רייד צו מעי׳ען זיינען געווען אַרויסגעוואָרפן; אַז נעגערס באַטראַכטן אַלע ווייסע פאַר זייערע שונאים. ס׳וועט זיך ענדערן. פאַרוואָס דאַרפן זיי, צוויי יונגע מענטשן, אָפּגעבן זייער צייט פאַר דעם? (האָט ער געוואָלט זאָגן). ער האָט זיך אָבער צוריקגעהאַלטן. ער האָט אַזוי ווינציק געלייענט וועגן דעם, וואָס ס׳טוט זיך

איצט אין דער סאוט — איז בעסער צורולאָזן דעם ענין. אַנשטאָט דעם, האָט ער ביי איר געפרעגט, צי געפעלט איר דאָס צימער, וואו די מלבושים ווערן אויסגעשטעלט. ווען דאָס האָט ניט געווירקט אויף איר, האָט ער זיך דערמאָנט, ווי באַזאָרגט זי איז וועגן אירער א חברטע סטעלאַ, וועלכע איז אויף צרות. זאָל זי איר הייסן קומען אפילו מאָרגן — ער וועט איר ווייזן, ווי אַנצונייען קנעפלעך צו בלוזקעס. וועט עס איר אָנשטיין?

לינדאַ האָט זיך ווי פון שלאָף אויפגעכאַפּט. זי וועט איר באַלד טעלעפאָנירן . ס'איז גוט, וואָס ער האָט איר דערמאָנט...

סידני האָט זי אַרומגענומען ער האָט זיך איצט דערפילט תקיפ'דיק און פריילעך...

אין אָוונט זיינען ביידע געזעסן אין אַ רעסטאָראַן ביי אַ טישל מיט אַ דיקער ראָזעווען ליכט. אַרום זיי — טונקל. דער קעלנער וואָס האָט שוין דאָס פּאָרל ניט איינמאָל באַדינט, האָט שטיל אַוועקגעשטעלט צוויי גלעזלעך משקה, און איז אַוועק. סידני און לינדאַ האָבן זיך ווי קינדער פּאַרוועט ,ווער עס וועט שנעלער אויסטרינקען ,און באַלד האָט סידני באַשטעלט נאָך משקה. ביידע האָבן זיך פאַרטיפט אין די גרויסע שפּייז־קאַרטעס.

נאָכן לעצטן געטראַנק איז סידני געוואָרן שטאַרק אויפגעלייגט. ער האָט אַ טאָרע געטאָן לינדאַ'ן: ער וויל, זי זאָל אים עפּעס דערציילן וועגן איר היים. ער וויל הערן איר קול — האָט סידני געזאָגט אין אַ שלעפערדיקן טאָן.

לינדאַ האָט געשמייכלט. זי איז געוועזן גערן צו באַפרייען זיך פון איר בענקעניש, וואָס דער אַרום האָט ביי איר אַרויסגערופן.

זי האָט אָנגעהויבן דערציילן סידני'ן, ווי ליב דער פאָטער אירער האָט זיין פּאַרם, און אַלץ אַרום: זי וועט קיינמאָל ניט פאַרגעסן דעם איינדרוק, וואָס ס'האָט אויף איר געמאַכט אַ געשפּרעך אין שטאַל, בעת איר פאָטער האָט געקעמט זיין פערדל. זי זעט דאָס בילד פאַר די אויגן. זי הערט אים רעדן:

„בראַני ,אויב איך צעשריי זיך אַמאָל אויף דיר זאָלסטו וויסן, אַז מיר פּאַרדריסט שפּעטער. ס'איז שווער צו זיין אַ פאַרמער. ווען מ'דאַרף רעגן קומט ער ניט. ערשט דערנאָך, ווען מ'הויבט־אָן אַראָפּנעמען דאָס ביסל תבואה פון פעלד, הויבט־אָן צו רעגענען, און אַלץ ווערט נאַס, און אין אַלע אברים קאַלט. טענות האָבן צום הימל האָב איך מורא...

באַלד האָט דעם טאַטנס פּנים געשיינט, ווען בראַוני האָט אָנגעהויבן צו

כראַמטשען דעם האָבער — אַ סימן, אַז דאָס שטומע באַשעפעניש האָט אים פאַרשטאַנען..

אָט זעט זי איר פאָטער שטיין אינמיטן פעלד. די זון ברענט. אַ הייס ווינטעלע גלעט דאָס הויכע קאָרן. די זאַנגען בויגן זיך, באַגריסן אים. ער מאַכט אַ „דעכל" מיט אַ גרויסער האַנט ביי זיין הויכן שטערן און קוקט אַרויף. ער פאָרשט דעם הימל, צי וועט ניט זיין קיין שטורעם, קיין רעגן.

אָט גייט ער ביינאַכט מיט זיין לאַמטערן אין די הענט. ער האָט דער־הערט געשרייען פון דער קאַמער אַרויס, וואו די עופות געפינען זיך. בלעקי דער הונט, גרויס ווי אַ בער, גראַבלט די טיר מיט זיינע לאַפּעס און פאַר־גייט זיך אין אַ געוויין. עפּעס אַ געפאַר. אוודאי אַ טכויר אײַנגעווייניק. זי וועט קיינמאָל ניט פאַרגעסן, ווי די מאַמע האָט זי געפירט צו זען אַן ערשט־געבוירן קעלבעלע. די קו האָט געקוקט אויף זיי ביידע אַזוי נעבעכדיק — פאַרוואָס לאָזט מען זי מיט איר קינד ניט צורו? — „איך האָב זיך דעמאָלט צעוויינט".

סידני האָט געהאַלטן זיין האַנט אויף איר אַקסל און גערעדט ווי פאַר־שלאָפן: ער איז זי מקנא מיט אירע קינדער־יאָרן. ער האָט זיך שטענדיק געשפּילט אויפן האַרטן טראָטואַר, און די מאַמע האָט אַרויסגעשריגן דורך אַ פענצטער: „היט זיך מיין קינד פאַר אַן אויטאָמאָביל!"

אײַנדרויסן האָט געגאָסן אַ רעגן. ביידע זיינען געזעסן פאַרטראַכטע; די אויגן — פאַרזשומורעטע. ס'האָט זיך געדאַכט, אַז זיי שלאָפן. זי האָט איצט ווידער געטראַכט, אַז ווען עס איז וועט זי סידני'ן צונויפפירן מיט נעט ברילן, דעם יונגן רעזשיסער. ווען עמיצער זאָל העלפן נעט'ן צו עפענען אַ פילם־סטודיאָ, וואָלט ער אויפגעלעבט. סידני איז דער מענטש דערפאַר: פאַרוואָס איז עס איר אַרויס פון קאָפּ?

סידני'ס בליקן האָבן אויף איר אַרומגעטאַנצט די גאַנצע צייט. ער האָט צוערשט געהאַט אינזינען צו זאָגן לינדאַ'ן, אַז ער וויל, זי זאָל אויף אים אַכטונג געבן, אַז ער איז ציגעוואוינט צו אָרדנונג אין שטוב. זי וועט שוין פאַרשטיין, וואָס ער מיינט. דערנאָך וועט ער איר זאָגן, אַז ער האָט ליב אַ שטוב מיט קינדער, ווייל אים איז געווען ביטער ס'לעבן צו זיין אַן איין־און איינציקער...

ס'האָט אַ בליץ געטאָן אין פענצטער און באַלד האָט עס אַ שטאַרקן דונער געטאָן לינדאַ האָט זיך אים געוואָרפן אין די הענט מיט אַ ציטערניש. סידני האָט געגלעט אירע האָר און גוטמוטיק געשפּאַסט: דעם פאַר־

מערס טאָכטער האָט זיך דערשראָקן פאַר אַ דונער. זי האָט אויסגעזען אומצו־פרידן מיט זיין באַמערקונג; דערציילט, וואָס זי האָט צוגעזען איינמאָל קליי־נערהייט: זי איז געגאַנגען איינמאָל אַהיים מיט אַ יינגעלע פון סקול, און ס'האָט גענומען שטאַרק רעגענען ווי איצט. האָבן זיי זיך באַהאַלטן אונטער אַ בוים. עס האָט אָנגעהויבן דונערן און בליצן. ביידע האָבן הויך געלאַכט, ווי זיך פאַרוועט. מיטאַמאָל — זי הערט בלויז איר אייגן קול.. סידני האָט זי ווייטער ניט געלאָזט רעדן. מער וועט ער פון איר ניט לאַכן... קיינמאָל ניט! זאָל זי אים פאַרגעבן!

אינדרויסן האָט שוין געשיינט די לבנה; דער הימל — אַ קלאָרער. זיי זיינען אויף איר פאַרלאַנג, אַוועק זען אַ פילם. אים האָט דאָס הנאה געטאָן, מיטן וועג אַהין וועט ער איר קאָנען זאָגן, אַז ער האָט זי ליב און ער וויל אַז זי זאָל מיט אים חתונה־האָבן.

אַוועקגעזעצט זיך אין דער טונקלקייט האָט ער איר געזאָגט ווי אַנדערש ער וואָלט איצט געפילט ווען ער זעט זי דאָרט אויבנאָן אויפן לייוונט. באַרי־מען זיך פאַר מענטשן: „אָט דאָס מיידל וואָס איר זעט איז מיינע אַ שכנה — מיינע"...

ביי לינדאַ'ן האָט די דאָזיקע באַמערקונג שטאַרק אויסגענומען. זי האָט אים אַרומגענומען: עס איז שוין באַלד אַוועק אַ טאָג און ער האָט ניט גערעדט וועגן איר ציל אין לעבן.

„אונדזער ציל" — האָט ער איר געזאָגט אויפן אויער. זי האָט צוגע־שאָקלט מיטן קאָפּ, אָנגעוויזן אויפן לייוונט, אַז איצט דאַרף מען זען דעם פילם און אויפן וועג אַהיים וועט ער איר זאָגן זיין מיינונג ווער עס שפּילט אַמ־בעסטן. דערפאַר טאָר מען גאָרניט פאַרפעלן. ביידע האָבן זיך דערביי גע־דריקט די הענט — און אָפּמאַך האָט עס געמיינט...

אויף מאָרגן אינדערפרי ווען זיי זיינען געפאָרן אין שאַפּ, האָט סידני ווי אַרויסגעשאָסן ווערטער: ער האָט איר נאָך נעכטן געוואָלט זאָגן, אַז זיי ביידע זיינען אַ פּאָר פון גאָט אַליין. לינדאַ האָט אַ לאַכנדיקע צוגעשאָקלט מיט איר קאָפּ.

סידני האָט געלאָזט לויפן דעם אויטאָמאָביל אָן אַ רעכענונג פון מיילן. ער האָט נאַרוואָס געוואונען אַזויפיל צוטרוי צו זיך, אַז ער האָט ניט גע־טראַכט וועגן געפאַר, נאָר וועגן זיין טאַטן. ער וואָלט אים וועלן דאָ האָבן — זאָל דער אַלטער זען, וואָס פון זיין זון איז געוואָרן...

נאָכן געלעכטער האָט לינדאַ אָנגעשטעלט אַן ערנסט פּנים אויף סידנין:

איז ער אויך אַן אמת'ן איר גלייכן? צי וועט זי האָבן געדולד לאַנג צו דרייען זיך אַרום זיין שאַפּ און וואַרטן, ביז ער וועט אָפּשפּאָרן אַ סך געלט? איז זי צוליב דעם אַהערגעקומען? באַלד האָט זי זיך גענומען אויסריידן, אַז איר איז נאָך בעסער ווי יענע פון איר קרייז. זי האָט זיך פּלוצים גענומען טוליען צו סידני'ן; צוגעזאָגט אים, אַז היינט אויפדערנאַכט וועט זי צום ערשטן מאָל אַריבערטרעטן זיין שוועל צו מאַכן אָרדנונג אין זיין דירה.

סידני האָט ראַפּטאָם אָפּגעשטעלט דעם אויטאָמאָביל. ער וויל, אַז זי זאָל איבערזאָגן אירע רייד נאָכאַמאָל און ווידעראַמאָל. ער איז פּלוצים געוואָרן אַזוי אויפגעלייגט, אַז ער האָט גענומען אויסזען נאַריש אין אירע אויגן. זי האָט אים אַ טאָרע געטאָן:

„סטעלאַ וואַרט שוין אוודאי אין שאַפּ. ער דאַרף דאָך עפּעס זיין איר לערער; ווייזן איר, ווי מ'נייט־אָן קנעפּלעך צו אַ מלבוש... סידני האָט זיך געכאַפּט צום רעדל און זיך גענומען יאָגן נאָך שנעלער ווי פריער. „גוט וואָס לינדאַ האָט אים דערמאָנט. ניט שיין צו לאָזן אירע אַ פריינדין וואַרטן"...

סידני האָט גאָר ניט אויסגעקומען ביי סטעלאַ'ן זי האָט נאָך דער ערשטער וואָך אַרבעטן פּאַר אים געזאָגט לינדאַ'ן, אַז דער בחור שפּילט עפּעס אַ פרעמדע ראָלע: ער קרימט זיך נאָך עמיצן — אָדער ער שווייגט, אָדער ער רעדט צופיל .ער זעט איר ניט אויס צו זיין אַ מענטש מיט אַ באַציאונג צו קונסט. זי דענקט ניט, אַז נעט ביל וועט מיט אַזאַ ווי סידני וועלן האָבן צו טאָן: „וועד האָט עס איר געזאָגט, אַז דער מענטש איז געקומען אַהער צוליב האַליוואוד? אוודאי ער אַליין! געטראָפן!"

לינדאַ האָט זיך אַוועקגעדרייט. איר האָט שוין באַנג געטאָן, וואָס זי האָט ביי סטעלאַ'ן געפרעגט אַ מיינונג וועגן סידני'ן. זי רעדט ווי איינע וואָס פאַרגינט ניט. ערשט האָט זי געפריידיקט אַז אַלע מיידלעך וועלכע דרייען זיך אַרום האָליוואוד און זעען ניט קיין שטראַל פון האָפנונג, דאַרפן מאַכן אַ סוף צו זיך. זי וועט זיין די ערשטע, האָט זיך סטעלאַ דראַמאַטיש צעלאָזט. האָט זי שוין פאַרגעסן?

סידני איז אויך ניט געוועזן צופרידן מיט סטעלאַ'ן. זי קריכט אים צופיל אין פּנים ווען לינדאַ איז דערביי ניטאָ. זי רעדט ניט קיין קלאָרע רייד: מ'דאַרף האָבן נאָכאַמאָל אַ מבול אָפּצושווענקען אַלץ, פּלאַפּלט זי און אַ מינוט שפּעטער מאַנט זי גרעסערע שכירות, נאָך איידער זי האָט זיך אויסגעלערנט די מלאכה, וואָס ער האָט איר נאַראַיעט — צוגעפּאַסט צו אַזאַ אומרואיקע ווי זי איז. ער האָט לינדאַ'ן גאָרניט געזאָגט און לינדאַ אים אויך

ניט... ער האָט גענומען טראַכטן וועגן אָנשטעלן אַ פּאַרמאַן, כדי סטעלאַ זאָל ניט האָבן קיין אויסרייד קומען צו אים אין אָפּיס מיט יעדער קלייניקייט: גיי דערצייל אַזעלכער וואָס לינדאַ מיינט פאַר אים. זי האָט אין אים דער־וועקט זיינע קינדער יאָרן ווען ער האָט דעקלאַמירט ביי שמחות פון דער משפּחה און אַלע האָבן אים אַפּלאַדירט. אַ זיסער געפיל האָט אים אַרומגע־נומען — ער האָט דערזען די מאַמע אַזאַ אויפגעלייגטע. זיין שאָפּ אַליין וועט אים קיינמאָל ניט באַפרידיקן, דאָס האָט ער נאָך פריער געטראַכט...

סידני האָט טעלעפאָנירט צו דער אַרבעט־ביוראָ: ער דאַרף האָבן אַ שיק־יינגל וואָס זאָל צופירן פּאַרטיקע קליידלעך צו די קראָמען. עס מעג זיין אַ נעגער? פאַרוואָס ניט? — האָט ער געענטפערט אין טעלעפאָן. געהאַט אין זינען, אַז אַ מענטש איז אַ מענטש אַבי ער וויל אַרבעטן. אָבער די ביוראָ האָט שוין מער ניט געוואָלט וויסן. שוין ניט געווען צו וועמען צו רעדן. גע־טראַכט דערנאָך וועגן אַ צושניידער פאַר בייטאָג. אפשר מיט דער צייט אַ שותף אויך.

מעי איז ניט געווען צופרידן ווען דאָס שיק־יינגל האָט זיך באַוויזן. געווען איז ער אַ בחור פון אַ יאָר צוואַנציק מיט אַ בערדל, געטראָגן ביכער אונטערן אָרעם: פאַרוואָס האָט סידני איר ניט געזאָגט אַז ער דאַרף אַ שיק־יינגל. זי האָט אַ פּלימעניק, ער לערנט זיך שפּילן אויף אַ קלאַרענעט און דאַרף נאָך צאָלן פאַרן לערנען. ער איז אַ יתום און זי דאַרף אים אויסהאַלטן. זי האָט אָבער סידני'ן גאָרניט געזאָגט. זי האָט אָפּגעזיפצט און געלערנט דעם בחור מיטן בערדל ווי צו פּאַקן קליידלעך און בלוזקעס. זי האָט צו אים גערעדט ווי אַ מוטער: ער איז צו מאָגער. ער מעג פאַר איר דערציילן וואָס ער קלייבט זיך אויסשטודירן. זי האָט זיך דערוואוסט אַז זיין נאָמען איז פּיטער בראַון, אַז ער שטודירט אויף אַ לערער. ער וואָלט זייער וועלן אַז אַלע נעגער־קינדער זאָלן שטודירן. זי האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און צו־געגעבן אַז די קינדער זאָלן אויך האָבן וואָס צו עסן. מ'דאַרף כוח האָבן צו לערנען...

פּיטער האָט געשמייכלט: זי איז אַ קלוגע פרוי, — האָט ער איר געזאָגט.

מיטאָג־צייט האָט אים מעי איינגעלאַדן צו זיצן לעבן איר און פאַרזוכן אירע „סענדוויטשעס". אויף מאָרגן האָט זי געבראַכט מער עסן פאַר דעם אויסגעצערטן בחור און בעתן עסן פלעגט ער מיט איר רעדן וועגן דער סאַוט, אַז גאָר אינגיכן וועט דאָרט זיין פּונקט ווי דאָ. מעי האָט אויף אים געקוקט

מיט אירע פרומע אויגן און ווי אַ צושפּיל צו אַן אייגענעם ניגון, עטלעכע מאָל אונטערגעזאָגט „אָמען" (אמן) און אים געַעצה׳ט זיך צו היטן פאַר דער סטעלאַ׳ן.

סידני האָט דערהאַלטן אַ בריוו פון זיין מאַמען. ער איז געווען זייער אויפגעלייגט. זי האָט אים אָנגעפרעגט, צי קאָן ער ניט קריגן ערגעץ וואו אַ שטעלע פאַרן טאַטנס דעזאַינערין. ער האָט שוין ענדלעך צוגעשטימט אויפ־געבן זיין מסחר, איז צוליב עוועלין קאָן ער ניט. ער האָט מיט איר אַ קאָנ־טראַקט. „זע באַפריי אים פון איר, וועלן מיר כאַטש אויף די עלטערע יאָרן זיין צוזאַמען — אפשר נאָך מאַכן אַ „לוסטרייזע", — האָט זי געשריבן.

פאַרטיק געוואָרן מיטן בריוו, האָט סידני געטראַכט, צי זאָל ער כאַפּן אַ שמועס מיט לינדאַ׳ן וועגן אָנשטעלן זיין טאַטנ׳ס דעזיינערין. עוועלין איז אַזאַ ווי סטעלאַ, זאָגט ער איר פריער. זי קאָן אָבער אַ סך באַהילפיק זיין צו דעם שאַפ. זי איז איינע פון די בעסטע דעזיינערינס. ער וועט שוין געפינען אַ וועג ווי זיך באַגיין מיט איר. ווי זי אויפנעמען פריינטלעך, ווי אַן אייגענע. זי וועט זיך אָנכאַפּן אין דעם צוליבן גוטן קלימאַט פון קאַליפאָרניע.

עוועלין איז געווען עלטער פון סידני׳ן. געהאַט אַ געליבטן פרענק, וועלכער איז געפאַלן אין שלאַכט קעגן די נאַציס. זי האָט דעמאָלט געגעבן אַ וואָרט מער ניט זוכן קיין באַגעגענישן מיט יונגעלייט. זי איז פאַרשוואונדן פאַר וואָכן לאַנג, געווען אין רוים ביים פויפּסט ער זאָל זי בענטשן. זי האָט זיך שפּעטער געגרויסט, וואָס אירע מאָדעס האָבן אויסגענומען... רובין גראָס, סידניס טאַטע, האָט רחמנות געהאַט אויף דער מויד, וואָס גרויסט זיך מיט איר אַרבעט....

לינדאַ האָט ניט געוואוסט וואָס צו זאָגן סידני׳ן, ווען ער האָט איר דער־ציילט וועגן בריוו וואָס ער האָט אַוועקגעשיקט צו זיין טאַטנ׳ס דעזיינערין. זי האָט איבערגעטראַכט אַז וואָס טיפער ער גייט אַריין אין מסחר, אַלץ שווערער וועט אים ווערן נאָכקומען זיין צוזאָג פאַר אַ סטודיאָ: אפשר איז סטעלאַ גערעכט אַז סידני איז ניט דער מענטש פאַר קונסט?

ערשט ווען זי האָט זיך געטראָפן מיט נעט ברילען, און ער האָט איר דערציילט, אַז סידני האָט אים שוין פאַרגעשטעלט פאַר זיין פריינט דעם צירונג־הענדלער, און אַז אַלע דריי האָבן ערנסט געשמועסט וועגן אַריינגיין אין דער פילם־אינדוסטריע, האָט זי אַרויסגעזאָגט איר מיינונג וועגן אַראָפּ־ברענגען די דעזאַינערין. זי האָט זיך בלויז נאָכגעפרעגט צי איז עוועלין אַ שיינע, צי האָט ער מיט איר קיינמאָל ניט ראָמאַנסירט — דאָס אַלץ וואָס איר גייט אָן...

סידני האָט זי גענומען אונטערן אָרעם און אויסגערופן: זיי ביידן קאָן קיינער ניט צעשיידן. זי איז פון הימל אַראָפּגעקומען צו אים. ער מוז זי האָבן לעבן זיך. ביידע צוזאַמען וועלן זיי אַוועק ווייט־ווייט...

אויפן צווייטן טאָג האָט סידני באַקומען אַ טעלעגראַמע פון עוועלין, זיין פּאַטערס דעזיינערין, אַז זי קומט היינט צו פליען. סידני האָט לינדאַ'ן געוויזן די טעלעגראַמע. ער איז געפאָרן אַליין זי צו באַגעגענען. עוועלין איז געווען אַ הויכע, אַן אויסגעדאַרטע מיט אַ שמאָלער טאַליע, אַ טונקעלע, מיט אַ האַרטן פּנים אַ שטרענגען געשטעל און געהאַט אַביסל אַ הייזעריק קול. זי האָט שוין געוואַרט ביים לופט־פעלד, אָנגעטאָן אין אַ זומער־קליידל מיט גרויסע קווייטן, מיט אַ הויכן ווייסן הוט.

סידני האָט זיך צעקושט מיט עוועלין; איר געגעבן קאָמפּלימענטן, אַז זי זעט אויס גוט, עלעגאַנט. איר געזאָגט, אַז דער קלימאַט איז דאָ אויס־געצייכנט.

אין אַ דערבייאיקן רעסטאָראַן, וואו זיי האָבן גערעדט און געשטיפט: בלויז די מאַמע ווייסט, אַז זי איז געפאָרן צו אים, האָט עוועלין געזאָגט. די מאַמע זיינע האָט אויסגעזען צופרידן דערמיט, און איז שטיל געבליבן. גע־וואָלט הערן וואָס ער האָט צו זאָגן.

די לעצטע פּאָר ווערטער האָבן סידני'ן דערפרייט. דער טאַטע וועט ענדלעך „רעטאיערן". זיין לעבן דער מאַמען. אפשר וועלן נאָך ביידע מאַכן אַ לוסטרייזע? עוועלין האָט איינגעגראָבן אירע בליקן אין דעם פּאָרטראַכטן סידני'ן: דער בחור זעט אויס שענער ווי ווען־עס־איז פריער, האָט זי אים געוואָלט זאָגן, אָבער עס איר ניט אָנגעשטאַנען — ער וועט זיך האַלטן גרויס — האָט זי געטראַכט.

סידני האָט איבערגעריסן די שטילקייט און געפרעגט צי וויל זי נאָך היינט גיין זען זיין שאַפּ, צי אפשר זי צופירן אין דעם נייעם הילטאָן־האָטעל, דאָ ניט ווייט, זיך אָפּרוען. ער וויל ניט אַז זי זאָל אָנהויבן אַרבעטן מיטוואָך.

אַ קאַרגער שמייכל האָט זיך באַוויזן אויף עוועלינס פּנים; ער האָט איר באַלד איינגערעדט, אַז ס'איז בעסער זי זאָל זיך אַביסל אָפּרוען. אָבער זי וויל ער זאָל קומען אין אָוונט און זיי וועלן פאַרברענגען. סידני האָט זי צוגעפירט צום האָטעל. בעת מעשה געטראַכט ווי אַזוי פאָרצושטעלן לינדאַ'ן. ווי אַזוי זיך אויפצופירן. ווען ער וועט זיך געפינען צווישן די צוויי. ער וויל זיין אויפריכטיק מיט ביידן. ער האָט געזאָגט עוועלין, אַז ער איז ניט זיכער

צי ער קען אַריבערקומען אין אָוונט. דערפֿאַר אָבער וועט ער אין סוף־וואָך איר ווייזן וואונדער איבער וואונדער.

ווען זיי האָבן זיך געזעגנט, איז עוועלין געשטאַנען ביי די גלעזערנע טירן אַן אומעטיקע און נאָכגעקוקט ווי ער פֿאָרט אַוועק.

עוועלין האָט זיך מיט גרויס חשק אַ נעם געטאָן צו דער אַרבעט. אירע מאָדעס האָבן אויסגענומען. „סיד ספּאָרטוועאר" האָט באַקומען אַ נאָמען אין דער אינדוסטריע.

דאָס קליינע שאַפּקעלע אויף דער אַכטער גאַס איז זיך צעוואָקסן. סידני האָט גענומען קלערן וועגן אָפּקויפן אַ צוויי־שטאָקיקע געביידע פֿון רויטע ציגל וואָס איז געשטאַנען ליידיק, ווי זי וואָלט זיך געררייצט מיט אים, ווען נאָר ער איז זי פֿאַרבייגעגאַנגען.

סידני האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט, אַז ער וועט זיך בשום אופן ניט לאָזן צורעדן פֿון עוועלין — פֿון קיינעם ניט, און ניט אַרויסגעבן קיין היים אַרבעט אפילו ניט קאָנטשיטאַ'ן, וואָס האָט אויפגעהערט צו אַרבעטן נאָכ'ן האָבן אַ קינד. קאָנטשיטא האָט זיך באַקלאָגט פֿאַר אים ווי הילפֿלאָז זי איז. דער מאַן האָט זי פֿאַרלאָזן. אויב ער, סידני, וועט איר געבן אַרבעט אַהיים וועט זי, פֿאַר זיין גוט האַרץ, אים נאַראַיען נאָך שכנים וואָס קאָנען ניט איבערלאָזן די קליינע קינדער זייערע און גיין אין שאַפּ אַרבעטן. אַלע וועלן אים דערפֿאַר בענטשן.

סידני איז צעטומלט געוואָרן. ער האָט געבעטן קאָנטשיטאַן ניט דערוועגן זיך צו וויסן לאָזן אירע שכנים. וועגן איר וועט ער אַ טראַכט טאָן. ער האָט פֿיינט דעם נאָמען „היים אַרבעט", אַלע זיינע יאָרן, זאָל זי עס וויסן.

עוועלין, וואָס האָט נאָר געוואָלט זיין דערביי, האָט געשמייכלט: סידני איז פֿאַרבליבן דער מאַמעס בחורל — האָט זי כלומרשט געשפּאָסט.

סידני האָט זיך געמאַכט ניט הערנדיק, צוגעפֿירט קאָטשיטאַ'ן צום טיר. דערוויייל ווייסט ער ניט וואָס איר צו זאָגן: אפשר לוינט זיך בעסער אַז אַ שכנה זאָל אַכטונג געבן אויפֿן קינד, און זי זאָל אַרבעטן דאָ אין שאַפּ, וועט זי דאָך בעסער פֿאַרדינען.

ווען קאָנטשיטאַ איז אַוועק האָט עוועלין נאָך אַלץ אונטערגעשמייכלט. סידני האָט געזאָגט שטרענג: אַזוי וועט עס זיין! טאָמער ווערט פֿאַרוואונדעט איר קינד ביים מאַשין ווער וועט ליידן? זי צי ער...

ער האָט ניט געוואַרט אויף איר ענטפֿער, איז אַרויס און אַוועקגעאיילט

צו דער באַנק אויף ספּרינג סטריט, אָנפרעגן זיך וועגן דער ציגל-געביידע, וואָס ווינקט צו אים יעדעס מאָל ווען ער גייט זי פאַרביי.

סידני האָט באַגעגענט אַ מאַן מיט אַ הויכן שטערן וואָס האָט אים באַגריסט:

„העלאָ מר. גראָס ווי גייט עס״?

סידני האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און געשמייכלט. דער מאַן האָט צוריק־געשמייכלט. ער האָט אים אַ גלעט געטאָן אין דער פּלייצע און איז אַוועק. סידני איז נאָכדעם געבליבן שטיין און האָט באַטראַכט די גרויסע לאָמפּן, וואָס זיינען געהאָנגען אויף געגילדעטע קייטן פון דער הויכער סטעליע. אָט דאָ ליגט דער כוח פון דעם גאַנצן אַרום. ס׳דאַכט זיך דיר, אַז דו געפינסט זיך אין אַ קונסט־טעמפּל ווען דו קומסט אַהער אַריין, צום סוף וואַרפן זיך אין די אויגן די שטייגן וואו די אָנגעשטעלטע זיצן און דו ווייסט וואו דו געפינסט זיך, וויפל כבוד מען טיילט אים צו צוליב זיין באַנק־ביכל!...

אָפּגעפּאַרטיקט זיך מיט די געשעפטן וועגן דער געביידע, אַרויס אינ־דרויסן זיינען אים באַפאַלן מחשבות וועגן שאַפּ — עוועלין לערנט אים ווי ער זאָל זיך אויפפירן: „פאַרוואָס ווערט ער ניט פּטור פון די פאַרבלאָנ־דזשעטע מיידלעך״? דאָס איז אַ שאַפּ ניט קיין האָליוואוד־סטודיאָ, טענה׳ט זי. ער ווייסט דאָך וואוהין זי צילט. שפּאַסט ער מיט איר. וואָס אַרט עס איר? דאָ איז זי דאָך דער „סטאַר״ איז צי וואָס דאַרף זי זיך ערגערן? דערווייל האָט זיך אַריינגעמישט דער פּרעסערינס קול, מעי, זי האָט גערופן לינדאַ׳ן צו זיך „האָני פּליז״. עוועלין האָט אים באַלד אַ שטורכע געטאָן מיט אַ פינגער: „געהערט״? וואָס דען, ניט געהערט? מ׳האָט ליב לינדאַ׳ן. — ווייסט נאָך ניט דערפון? — האָט ער ביי איר געפרעגט.

עוועלין האָט אים איינגערוימט אַ סוד אין אויער: „אָט די פּרימאַ־דאָנאַ וועט דערנאָך אָנטאָן צרות. דאָ איז אַ שמייכל גאָר אַנדערש ווי ביי אונדז... סיד, זי איז ניט דיין גלייכן״..

„פאַרוואָס האָט ער ניט געהאַט דעם מוט צו זאָגן צו איר, אַז ער האָט ליב לינדאַ׳ן? אַז ער זאָרגט וועגן איר. וואָס קומט אַרויס אַז דאָס באַנק־ביכל וואַקסט? אַ מענטש דאַרף אויך וואַקסן. אָט די מיידל האָט אין אים אויפ־געוועקט אַ באַגער צו זוכן, אַ באַגער, אַ ציל אין לעבן, וואָס איז ביי אים געלעגן פאַרבאָרגן פון קינדווייז אָן. פאַרוואָס זאָל ער זיך גאָר שרעקן פאַר איר? פאַרוואָס האָט ער זיך צוריקגעהאַלטן פון זאָגן עוועלין, אַז אים אַליין ציט אויך צו דער פילם־אינדוסטריע? זאָל זי וויסן, אַז ער האָט שוין מיט זיך

זיין פריינט אַרני דעם צירונג־הענדלער וועמען עס בענקט זיך אויך נאָך אַ בעסערער באַפרידיקונג, ווי געשעפט, ווי געלט... ווי זיין מאַמען האָט אויך געצויגן צו דער בינע. זי האָט אַזוי שיין געזונגען. אויף אים ליגט אַ חוב צו דערהויבן דעם נאָמען פון זיין משפחה: וואָס האָט עוועלין צו זאָגן וועגן דעם?

אין איין פרימאָרגן האָט עוועלין אַריינגערופן אין אָפיס פּיטער׳ן,גע־וויזן אים דאָס צעטל פון דער קראָם וואוהין ער האָט אָוועקגעטראָגן אַ פּושקע מיט קליידלעך, דאָרט איז געווען פאַרשריבן, אַז עס פעלן צוויי קליידלעך. וואָס זאָל זי זאָגן פאַר אַ תירוץ דעם באַלעבאָס? ס׳ערשטע מאָל אַז ער האָט איר געהייסן זי זאָל אַרויסשיקן פּיטערן מיט דער פּאַרטיקער אַרבעט, זאָל ער האָבן טענות צו איר אַז מ׳קאָן זיך אויף איר ניט פאַרלאָזן — צוליב אים.

פּיטער האָט אויסגעשפרייט די הענט: ער ווייסט ניט פון וואָס צו זאָגן. ער האָט זיך אין ערגעץ ניט אָפּגעשטעלט פאַר אַ מינוט. זאָל עוועלין נאָכאַמאָל אָפּרופן די קראָם, אפשר האָבן זיי דאָרט שלעכט איבערגעציילט? ער האָט די פּושקע אַהין געבראַכט גוט פאַרבונדן. זאָלן זיי לייקענען.

עוועלין האָט זיך צע׳כעס׳ט אויף אים: ער מיינט נאָר אַז אַלע טראַכטן אויס אויף אים אַ שלעכטן שם. זאָל ער זיך בעסער דערמאָנען, צי די פּושקע איז געווען גאַנץ, אפשר האָט ער געהאַט אַ געשלעג מיט עמיצן?

די נייעס איז באַלד פאַרשפרייט געוואָרן איבערן שאָפּ. סטעלאַ האָט דערציילט, אַז זי איז נאַרוואָס געווען אין אָפיס נאָכפרעגן זיך אויף לינדאַ׳ן. זי האָט עס אַביסל צוגעפּעפערט, דערציילט, אַז זי האָט אַליין געהערט ווי עוועלין האָט פּיטערן גערופן גנב.

מעי האָט קיינמאָל פריער אַזוי ניט געקלאַפּט מיט איר פרעס־אייזן ווי היינט: דער בחור האָט איר געלערנט, ווי מען דאַרף העלפן די נעגערס אין דער סאַוט. זי האָט אים ליב באַקומען ווי אַן אייגענעם זון. דורך אים איז געוואָקסן איר מענטשלעכע ווערדע. זי איז איצט אַ מענטש מיט אַלע מענטשן גלייך. און מיטאַמאָל אַזאַ צרה! זי האָט אָבער געוואָרנט פּיטער׳ן אויסהיטן זיך פון דער „דזשיינערין״. זי האָט צו מיר נאָך קיין איין גלייך וואָרט ניט אויסגערעדט. אַ „לאָרד״, זי האָט ניט מורא טאָמער וועט זי פאַרלירן איר דזשאָב, זי קאָן עפענען אַ מויל, איר זאָרג איז פאַר פּיטער׳ס נאָמען. זי האָט ביי זיך באַשלאָסן, אַז ווען סידני וועט אָנקומען, וועט זי אים זאָגן, ער זאָל ניט נעמען עוועלינ׳ס וואָרט. וואו איז ער? וואו איז לינדאַ? עפּעס ווי אויף להכעיס זיינען זיי ניטאָ.

דערזען פיטער׳ן אַרײַנקומען פון אָפּיס אַ צעשויבערטן, אַ דער־שלאָגענעם, איז מעי אים אַקעגנגעגאַנגען, געגלעט זיין פּלייצע און גערעדט צו אים אין דער שטיל:

„בעט גאָט, מיין זון“ — און זי איז ווידער אַוועק צו איר אָרט, ווידער גע־נומען יעכצן מיטן פּרעס איזן.

לינדאַ האָט זיך באַוויזן. סטעלאַ מיט אַ סיגאַרעטל אין איר מויל איז איר אַנטקעגנגעגאַנגען, גערעדט איראָניש: איר דעזאַינערין אין וועלכער סידני שפּיגלט זיך, מאַכט פּיטער׳ן פאַר אַ גנב, זע נאָר ווי אומגליקלעך ער זעט אויס! לינדאַ איז געשטאַנען אומבאַהאָלפן. צוגעקומען צו מעי׳ן, גע־פרעגט ביי איר אַן עצה ווי אַזוי אונטערזוכט מען אין אַזאַ פאַל? צי האָט מען טאַקע אַרויסגעשיקט אַזויפיל קליידלעך וויפל די „פּרינצעסין“ עוועלין גיט אָן?

מעי האָט געקרעכצט: הלוואי וואָלט זי היינט אינגאַנצן דאָ ניט געווען. זי קאָן שווערן פאַר פּיטער׳ן. ער איז אָרנטלעך ווי דער „לאָרד“. ער וויל אַז מענטשן זאָלן זיין מענטשן...

ערשט איצט האָבן צוויי כינעזישע שוועסטער ביי די ניי־מאַשינען אויפגעכאַפּט וועגן וואָס דער טומל אין שאַפּ איז. די צוויי קליידלעך וועלכע פעלן אויס, האָט סידני זיי געגעבן צו פאַרריכטן. עס איז געוואָרן אַ גע־לעכטער אין שאַפּ. אילאַי סטיין, דער איינציקער מאַן ביי די מאַשינען האָט צעשפּרייט די הענט ווי אַ דיריגענט, מען זאָל ניט טומלען. די מיידלעך וועלן נאָך מיינען אַז דאָס לאַכט מען פון זיי. די ענגלישע שפּראַך איז זיי נאָך פרעמד און דערפאַר האָבן זיי זיך דערוואוסט וועגן דעם טומל שפּעטער. איז וואָס?

ווען סידני האָט זיך נאָר באַוויזן, איז לינדאַ אַ בייזע אים אַקעגן געלאָפן, פאַרוואָס האָט ער פּלוצים איבערגעלאָזט דאָס אַרויסשיקן קליידלעך צו עוועלין? אָט וואָס פאַר אַ חתונה זי האָט אָנגעאַרבעט! בחינם באַליידיקט אַ מענטשן!

עוועלין איז אָנגעלאָדן מיט אירע טענות: פאַרוואָס האָט ער איר ניט געזאָגט אַז ער האָט אַוועקגעגעבן צוויי קליידלעך צום פאַרריכטן? סטעלאַ איז געזעסן מיט פאַרלייגטע הענט און הנאה געהאַט פון דעם קבלת־פּנים וואָס סידני האָט באַקומען.

סידני האָט זיך געבעטן ביי לינדאַ׳ן און עוועלין: זיי זעען דאָך איין

אַז עס איז געווען אַ מיספאַרשטענדעניש. ער וועט זיך אַנטשולדיקן, באַלוינען פּיטערן, וואָס נאָך קאָן ער טאָן? עוועלין מעג זיך אויך אַנטשולדיקן, זי האָט ניט באַדאַרפט אַרויסקומען מיט שאַרפע רייד, האָט געדאַרפט וואַרטן ביז ער וועט קומען. ער האָט געמוזט גיין צו דער לוויה פון אַ פריינט.

עוועלין האָט זיך צעלאָזט אויפן הויכן קול אַז עמיצער האָט פאַר־שפּרייט אַ פאַלשן קלאַנג — אַז זי האָט פּיטער'ן גערופן גנב, אוודאי סטעלאַ! זי איז צוגעלאָפן צו איר און אויסגערופן: די „אַקטריסע" איז געווען אין אָפיס ווען זי האָט זיך דורכגערעדט מיט פּיטער'ן. זי וויל הערן פון איר מויל צי האָט זי מיט עפּעס באַליידיקט פּיטער'ן. זי האָט אים בלויז איבערגעגעבן דעם אינצידענט ניט מער...

סטעלאַ האָט זיך ווידער צעלאָזט אויפן קול:

„קוק זי נאָר אָן די פרומע! גאָט די נשמה שולדיק!"

פּיטער האָט זיך דערביי אַרויסגערוקט. ער האָט אפשר געזוכט אַ שטיל ווינקל זיך צו באַרואיקן. צי אפשר האָט ער ניט געוואָלט אַז מ'זאָל זיך איצט נעמען חנפה'נען צו אים, פאַרן חושד זיין אים פריער...

לינדאַ האָט גע'טענהט צו סידני'ן, אַז ער דאַרף אינגאַנצן ניט האָבן אַזאַ ווי עוועלין, וואָס איז אַ מענטשן־פיינט. זי איז איר מוחל דעם דערפאָלג. אָפּטמאָל טראַכט זי איבער אַז זי גייט דורך אָן אומזיסטן טאַראַראַם...

סידני האָט זיך דערפילט דערשלאָגן פון אירע פּעסימיסטישע רייד. ער האָט מורא געהאַט איצט צו זאָגן אַ וואָרט. ער האָט געזאָגט, אַז ער דאַרף אַוועקגיין. מ'וועט זיך אויס'טענה'ן אינדערהיים. ער איז אַרונטער אין אַ שענקל פאַר אַ טרונק צו פאַרגעסן אַלץ וואָס האָט היינט פּאַסירט.

געקומען צו זיך האָט סידני באַשלאָסן גיין זען דאָס מויערל וואָס ער האָט אָפּגעמאַכט אָפּצוקויפן. ער האָט שוין לינדאַ'ן געזאָגט, אַז מ'דאַרף האָבן אַ גרעסערן פּלאַץ מיט אַ צעמענטענעם דיל מיט ברייטע פענצטער. ער וועט אויך אָפּגעבן עוועלין אַ באַזונדער צימער וועט זי זיך ווינציקער מישן אין שאַפּ. דער אַלטער „שאַפּ" איז אַ פייער־פאַסטקע, ווען עס טרעפט אַן אומגליק, וואָלט ער דאָס ניט אויסגעהאַלטן. ער וויל ניט וואַרטן ביז מ'וועט אים צווינגען זיך צו פאַרנעמען. ער האָט געהערט דער מאַמעס קול. אַביסעלע פרייד איז טייערער פון גאָלד און זילבער...

די געביידע פון רויטער ציגל איז געשטאַנען אָן אָפּגעלאָזטע, די פענצ־טער פאַרשטויבטע. פאַר דער טיר— געלע קופּעס פּאַפּיר, דאַרע בלעטלעך

פון ווילד גראָז, שאַלעכצן פון אַלערליי פּרוכטן. סידני האָט זיך דאַרויף ניט אומגעקוקט. ער האָט אויף גיך אָפּגעפּליקט דאָס שילדל „הויז צו פאַרקויפן". וואָס איז שוין אויך געווען פאַרגעלט און מיט טינט־פלעקן פון די רעגנס. באַקומען די שליסלען ביי אַ קרעמער אונטן האָט ער מיט זיי געקלונגען און זיך צעזונגען. ער וועט מער ניט דאַרפן אַרויסגעבן אַרבעט קאָנטשינאַ'ן און זאָגן ליגן פאַר דער יוניאָן. אַן עק, אַ סוף!

באַלד איז ער געשפּרונגען אויף די צעמענט־טרעפּ, אויספּרובירט די פאַרענטשן אויףביידע זייטן צי זיי שאָקלען זיך ניט. ער האָט קיינמאָל ניט ליב געהאַט ווען אַ טיש אָפּילו אָדער אַ בענקל האָט זיך געשאָקלט. נאָר אריין אינעווייניק, איז אים ווידער ניט אָנגעגאַנגען דער אַרום — די קויטיקע ווענט, די אָפּגעשיילטע סטעליעס, דער שפּינוועבס אין די ווינקלען. די פענצטער פאַרבלאָטיקט : דאָס זיינען אַלץ קליייניקייטן, האָט ער געטראַכט. איידער ער וועט אַהיימגיין, וועט ער די זאַכן פאַרצייכענען און ער וועט שוין זען אַז אַלץ זאָל דאָ שפּיגלען. איצט האָט ער וויכטיקערע אַרבעט. ער האָט מיט די פיס געמאָסטן דעם דיל אויפן ערשטן שטאָק, וואו אַלץ אַוועק צושטעלן. געוועדט צו זיך אַליין : אָט דאָ די מאַשינען, און דאָרט פאַר די פראָנט־פענצטער —דער צושנייד־טיש. פּלוצים האָט עס אים אונטערגעטראָגן: ער מוז באַלד גיין צו דער ריעל עסטעיט פירמע : גראַדע היינט קאָן עס אַנטראָגן אַ קאָנקורענט". ער איז באַלד אַהין אַוועק.

פאַרטיק געוואָרן מיטן מקח, איז אים איינגעפאַלן אַ שפּאָגל נייער געדאַנק. דער צווייטער שטאָק זאָל געהערן צו לינדאַ'ן. דאָרטן וועט ער איינשטעלן אַ בינע. זאָל זי צונויפנעמען יונגע שוישפּילער, וועלן זיי דאָ מאַכן זייערע רעפּעטיציעס. באַשטעלן אַ שילדל פון גראָב גלאָז, אויפהענגען ביים אַריינגאַנג : „לינדאַ'ס סטודיאָ". זי האָט דאָך אָנגעהויבן אַלס שוישפּילערין. אפשר וועט ער צום ערשטן כאַפּן אַ שמועס מיט איר רעזשיסער, וואָס האָט ער צו זאָגן וועגן אַזאַ געדאַנק ? איז ער דען נאָר געניוגט צו פילמס ?

ווען סידני איז אַוועק צוריק אין שאַפּ, האָט זיך אים געדאַכט, אַז די גאַנצע געגנט איז פריילעך, אויפגעלייגט. ער גייט גלייך רופן נעט בריל אים דערציילן זיין איינפאַל.

אין אָוונט איז ער נאָך אַלץ געווען אָנגעפילט מיט קוראַזש. ס'ערשטע מאָל אַז סידני האָט זיך אַזוי זיכער אַוועקגעזעצט לעבן לינדאַ'ן אַקסל צו אַקסל, זיך אפילו צוגעטוליעט צו איר. ער האָט איר איצט געזאָגט אָן מורא, וואָס ער האָט פיל מאָל נאָר געטראַכט איר צו זאָגן : אים בענקט זיך נאָך

אַ גרויסער פאַמיליע. ער, דער בן־יחיד איז געווען אַזוי עלנט אין זיינע קינדער יאָרן. וואָס נאָך ? אַ רייזע צו איר שטעטל באַקענען זיך מיט אירע עלטערן, מיט אַלץ אַרום. די סקול וואו זי איז צום ערשטן מאָל באַוואוסט געוואָרן אין שטעטל אַלס אַ שוישפּילערין. דערנאָך וועט מען פאָרן זען זיינע עלטערן.

האָט לינדאַ אַ ציטער געטאָן ביי די לעצטע ווערטער. אירע מחשבות האָבן זי גלייך אַוועקגעטראָגן אין איר שטעטל אַריין. אָט האָט זי אויסגעזען אומעטיק און אָט האָט זיך אַ שמייכל באַוויזן אויף איר פּנים. ס׳לויפט איר אַנטקעגן זייער גרויסער הונט בלעקי. אָט איז די מאַמע אַנגעטאָן אין אַ פאַרטוך, זי פליעסקעט מיט די הענט, זי זעט דעם פאָטער מיט זיין קאָרענער ליולקע,וואָס שאָקלט זיך ביי אים אין מויל — אויף די ליפּן. ער האַלט אין פאַרריכטן די הילצערנע טרעפּ וואָס שאָקלען זיך אַלעמאָל.

סידני האָט איר גוטמוטיק צעפּאַטלט די האָר: זאָל זי אויפהערן זיצן אַ פאַרקלערטע און אים בעסער זאָגן, וואָס פאַראַ סאָרט חתונה זי האָט ליב ? אים מאַכט ניט אויס. איר מיינונג איז ביי אים טייערער, ווי זיין אייגענע... זי וועט אויך באַלד אויסגעפינען וואָס ער האָט פאַר איר אָנגעגרייט..

לינדאַ׳ס פּנים האָט נאָך אַלץ אויסגעזען אומעטיק און פאַרבענקט. „ער האָט ניט באַדאַרפט איצט אַריינפאָרן מיט דער פראַגע" — האָט לינדאַ גע־טראַכט. זי האָט אַ זאָג געטאָן גיך אַז זי האָט ניט ליב קיין גרויסע צערע־מאָניעס. וואָס נאָך וויל ער וויסן ?

סידני האָט זי אַ כאַפּ געטאָן טאַנצן: זייביידע זיינען געבוירן געוואָרן איינער פאַרן אַנדערן:

„יעס מעם! אָט האָסטו אַ מתנה די שליסלען צו אונדזער אייגענער געביידע וואָס איך האָב שוין געקויפט.

סידני איז געבליבן שטיל, ווען לינדאַ האָט די שליסלען אַוועקגע־לייגט. זי האָט פּלוצים אַ זיפץ געטאָן.

סידני האָט זיך צוגעבויגן צו איר: — וואָס באַדייט דאָס ? זיי ביידע דאַרפן זיין פול מיט פרייד, און צום סוף ?

לינדאַ האָט אים געגלעט איבער די באַקן, אים געגעבן צו פאַרשטיין אַז דערווייל ליגט אַ חלום און וואַרט, ביז ווען ? זי קאָן זיך ניט העלפן. איר נשמה מאָנט אַ חוב. ניט צוליב זיך אַליין איז זי געקומען אַהער. זאָל ער זי באַרעכנען...

סידני האָט זי געטרייסט: זי איז נאָך יונג, זי איז נאָך שענער געוואָרן, און ס׳איז איר נאָך אַלץ בעסער ווי אַנדערע פון איר קרייז. צום סוף האָט ער כלומרשט געשפּאַסט: ווי זאָגט שעקספּיר? „די וועלט איז אַ בינע און אַלע אירע מענטשן זיינען אַקטיאָרן״...

לינדאַ האָט אויפן מאָמענט ניט געוואוסט וואָס אים צו זאָגן. זי האָט ניט פאַרשטאַנען צוליב וואָס סידני האָט געמאַכט אַזאַ באַמערקונג. זי גלויבט אים, אַז ער מאַכט פלענער פאַר איר, אַז ער איז ערנסט. זי הערט זיך מער ניט צו צו סטעלאַס רייד. זי איז רואיקער, ווען זי דערזעט ווי די דעזיינערין גראָבט איין אירע אויגן אין אים. אפשר האָט זי באַדאַרפט אַרויסוויזן מער צופרידנקייט פריער? זי האָט אַ שמייכל געטאָן. גענומען די שליסלען אין די הענט און געשפּאַסט אַז דאָס קעלבעלע אין איר פאַרמער־היים ,אויף וועלכן זי האָט אַזויפיל רחמנות געהאַט, מוז שוין אַליין האָבן קעלבעלעך. און וועט זי אפשר שוין ניט דערקענען. ווי דענקט ער?

סידני האָט זיך שטאַרק צעלאַכט, ניט אַזוי פון לינדאַ׳ס שפּאַס ווי פון דעם וואָס זי איז געוואָרן אַביסל אויפגעלייגט, און שוין גענומען די שליסלען אין די הענט. ער וואָלט איר באַדאַרפט שוין אויסזאָגן אַז דער צווייטער שטאָק פון דער מויער, געהערט צו איר. דאָרטן וועט זיין אַ בינע, ס׳איבעריקע וועט איר שוין זאָגן נעט בריל.

ער האָט איר גאָרניט געזאָגט: זי קאָן נאָך מיינען אַז דערמיט ענדיקט זיך זיין צוזאָג. דער רעזשיסער וועט פאַר איר קלאָר מאַכן זיין געדאַנק, בעסער ווי ער אַליין וועט עס טאָן.

ער האָט אויסגעשרעקט אַ פינגער צו די רייכע שטיבער אין די בערג ווייט־ווייט און איר געזאָגט, אַז דאָרטן וועלן זיי וואוינען... אַן אַנצוהערעניש אַז אַהין געהערט זי.

„צופרידן״?

לינדאַ האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

אויף מאָרגן האָבן זיך ביידע ניט געקאָנט רירן פון די געלעגערס.

לינדאַ האָט אפשר אַ שעה גערעדט מיט סטעלאַן, נאָכדעם ווי סידני איז אַוועק. סטעלאַ האָט איר געדאַנקט וואָס זי האָט איר אַרויסגעהאָלפן ווען זי האָט זיך אַזוי שטאַרק געגויטיקט. זי האָט פאַרענדיקט אין אַ אומעטיקן טאָן:

„ביסט אַן ערנסט מיידל, אָבער דו זעסט ניט, ווען מ׳פאַרקויפט דיר שלעכטע סחורה. איך זאָג דיר נאָכאַמאָל, אַז סידני וועט דיר ניט נאָכגעבן

דיינע וועגן... מער קום איך ניט צוריק אין שאַפּ״..

אויפגעהאַנגען דאָס טעלעפאָן־טרייבל, האָט זיך לינדאַ׳ן געדרייט דער קאָפּ זי האָט געוויינט. זי וויל ניט קיינעמס געטריישאַפט צו איר. ביז פאַרטאָג איז איר שווער געווען איינצושלאָפן.

סידני האָט פּלוצים פּונקט פאַרן שלאָפן־גיין אַ טראַכט געטאָן וועגן זיין פּאָטער, וואָס האָט אויף אים געהאַט אַ בייז האַרץ פאַר געבוירן ווערן צו פרי, ווען ער האָט זיך פאַרמאָסטן מיט זיינע רייזע פּלענער... נאָכדעם, זיינען אים אַלע געשעפטן באַפאַלן: מ׳דאַרף דאָס געקויפטע מויערל רעמאָנטירן, פאַרבן; זאָל ער איצט באַשטעלן אַ פאַרמאַן, צי וואַרטן ווען מ׳וועט זיך אַריבערציען אין דער אייגענער היים? פאַרוואָס האָט אים קאָנטשיטאַ שוין עטלעכע טעג ניט געבראַכט קיין אַרבעט?

פאַרוואָס האָט עוועלין איר אַרויסגעגעבן אַרבעט אָן זיין וויסן? ער האָט אויך ניט געקאָנט אַזוי גיך איינשלאָפן. שפּעטער, ווען ער האָט שוין מער ניט געהאַט קיין כוח צו טראַכטן, האָט ער פאַרגעסן אָנצושטעלן זיין וועק־זייגער.

עוועלין די דעזיינערין האָט דעם שאַפּ געעפנט. זי האָט זיך צום ערשטן מאָל צוגעלאָזט צו די אַרבעטער ביי די מאַשינען און כלומרשט געשפּאַסט. אָן סידני און לינדאַ זיינען אוודאי ערגעץ אַנטלאָפן און פאַר איר אַלץ איבערגעלאָזט.

„אויב איר, מיידלעך, ווילט קריגן רייכע בחורים, גייט אין אַ דראַמאַטישער שול אויף אַ ווייל. אָט האָט איר אַ פאַרמער־מיידל: זינט זי איז דאָ האָט מען איר איינמאָל געגעבן אַ ראָלע אויף עטלעכע מינוטן; האָט זי דערמיט אויסגענומען ביי סידני׳ן. דער טאַטע זיינער האָט זיך אויך אַמאָל אַרומגעדרייט צווישן אַקטיאָרן...

עוועלין איז באַלד אַוועק אַ בייזע, געשטאַנען לעבן איר אָנגעשטאָפּטער פיגור, פּלוצים זי געבומען דרייען מיט אַ כעס, און באַלד ווידער צוגעקומען צו די אַרבעטער. נעכטן, האָט זי זיי דערציילט, ווען קיינער פון זיי איז שוין דאָ ניט געווען, האָט אַ פרוי מיט אַ קינד אויף די הענט געבראַכט עטלעכע פאַרענדיקטע קליידלעך. ס׳האַרץ האָט איר וויי־געטאָן פאַר דעם קינד. אַ גאַנצע נאַכט איז זי צוליב דעם ניט געשלאָפן...

„פאַרוואָס לאָזט איר ניט וויסן, וואו מ׳דאַרף? ער וועט אייך קיינמאָל

ניט באַצאָלן ריכטיק, ער האָט זיין טאַטנ׳ס טבע. „אַרבעטער דאַרפן ניט אַזויפיל ווי ער דאַרף צו האָבן — דאַכט אים״.

מער האָט עוועלין ניט גערעדט אַ וואָרט.

זי האָט שוין צופיל גערעדט. איר האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז זי הערט קולות: „דו האָסט דאָך געהאָלפן״. זי האָט געפילט, אַז די באַקן פלאַמען איר, געטראַכט, אַז זי וועט ווייזן לינדאַ׳ן דעם בריוו פון סידני׳ן צו איר. זאָל לינדאַ לייענען זיינע זיסע ווערטער צו איר. ער איז ניט קיין וואָרט־זאָגער. ער איז... דערזען זיי אין טיר, האָט זי אַקעגנגעטראָגן אַ ברוגז׳ן פּנים סידני׳ן און אים דערלאַנגט די שליסלען מיט בייזע פינגער. זי האָט שטיל געמורמלט מיט אַ ציטער אויף די ליפּן, אַז זי פאָרט אַהיים — זאָל ער נאָרן אַן אַנדערע...

סידני איז אַ ווייל געשטאַנען אַ נערוועזער, ס׳פּנים בלייך, און זיך גע־שפּילט מיט די שליסלען. אויף אַזאַ „גוט מאָרגן״ האָט ער זיך ניט געריכט. פון יענער זייט שוועל האָט זיך אים געדאַכט, אַז די גאַנצע שטאָט פרייט זיך דערמיט ,וואָס ער און לינדאַ האָבן שוין זייערע חתונה־לייסענס״. „וואָס האָט די אַלטע מויד קיין צייט ניט געהאַט מיט איר באַשלוס?״ אָט זאָגט ער איר, אַז זי זאָל זיך באַלד פאַרנעמען פון דאַנען. ער האַלט קיינעם ניט צו... ער האָט דאָס אָבער ניט געזאָגט, נאָר גערעדט מיט אַ געבעט אין זיין קול: זאָל זי ניט האַנדלען האַסטיק ער באַשטייט, אַז זי זאָל בלייבן, זיין צו אים ווי אַן אייגענע. זאָל זי אים באַרעכענען... דער קלימאַט איז דאָך פאַר איר אויסגעצייכנט, וואָס נאָך וויל זי?

לינדאַ איז אַוועק אין אָפּיס אויסצושטעלן די נעמען פון די איינגע־לאַדענע געסט צו זייער חתונה. נעט בריל׳ן אַוועקגעשטעלט דעם ערשטן אויפן צעטל .נאָכדעם איז זי געבליבן זיצן מיט דער פען אין האַנט. זי האָט באַקומען גרויס מיטלייד מיט עוועלין. יענע טראָגט אוודאי אַ בייז האַרץ אויף איר .שוין צייט צו האָבן מיט איר אַ האַרץ צו האַרץ געשפּרעך; פאַר־זענלעך איינלאַדן זי צו דער שמחה. זי מוז ניט גלייך פאָרן אַהיים.

סידני איז אָנגעקומען; אויסגעזען דערשלאָגן: עוועלין איז אים צופיל געקראָכן אין פּנים, און ער פאַרשטייט ניט איר פּלאַפּלען, אַז ער האָט איר באַדאַרפט האָבן זי זאָל אים אַרויפאַרבעטן, האָט ער זיך אויף איר אומגעקוקט.

לינדאַ ניט וויסנדיק פון זיינע מחשבות, האָט אים צוגעזאָגט, אַז זי וועט מיט אים גיין איבער די קראָמען און קאָפּירן מאָדעס, ווי זיין טאַטע פלעגט טאָן, איידער עוועלין איז צו אים אָנגעקומען.

סידני האָט אויף איר אָנגעשטעלט צוויי פּאַר׳חידוש׳טע אויגן — ניט געוואָלט גלויבן, אַז די ווערטער קומען פון איר מויל. ער איז געוואוינט געוואָרן צו הערן פון איר נאָר שטראָף־רייד:

„סידני, פאַרוואָס מוזטו זיך באַנוצן מיט היים־אַרבעט?״ ער האָט איר געמוזט צוזאָגן, אַז מער ניט... אים אַליין איז דאָס אויך דערווידער. װועלין האָט עס געטאָן קעגן זיין ווילן.

„פאַרגעס ניט אויסצוהערן נעט בריל׳ן״.

איצט, אַז זי וויל אים העלפן באַגיין זיך אָן אַ דעזיינערין, ענדערט זי זיך. זי וויל מיטהעלפן צו דערגרייכן אירע מיידלשע חלומות. גוט אַזוי — האָט ער געטראַכט.

לינדאַ האָט אים ווידער איבערגעריסן די מחשבות:

זאָל ער געבן װועלין אַ מתנה. ניט שיין צו לאָזן זי אַוועקפאָרן מיט ליידיקע הענט. ער האָט זיך גלייך גענומען צום טשעק־בוך, אָנגעשריבן אַ טשעק, זיך באַרימט פאַר לינדאַ׳ן מיט דער סומע, וואָס ער האָט געשטעלט; אַריינגעלייגט אין דעם קאָנווערט פון אירע שכירות; אַוועקגעטראָגן און גע־רעדט שטיל:

„פאַראַן דאָ אַן עקסטראַ באַלוינונג פון דער פירמע... קוק זיך אום!״ װועלין האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. די ליפּן פאַרשלאָסן, שלאָבערדיק אַריינגעלייגט אין איר טאַש דעם לאַנגן קאָנווערט; אפילו ניט פאַרמאַכט דעם טאַש און זיך אָפּגעקערט פון סידני׳ן. ער איז נאָך אַ ווייל געשטאַנען: אפשר וועט זי זאָגן אַ וואָרט? ער וויל וויסן, וואָס זי טראַכט צו טאָן. אָבער אַז זי האָט נאָך אַלץ געשוויגן, איז ער שנעל אַוועק פון איר אַן אָנגעצונדענער. זי איז נאָך גערעכט! ווינציק צרות אָנגעטאָן.

אויף מאָרגן איז שוין װועלין ניט געווען אין שאָפּ. זי איז אַוועק; ניט געוואָלט, אַז עמיצער זאָל זי באַגלייטן צום עראָפּלאַן. סידני האָט גע־מאַכט גרייט ס׳טישל פאַר לינדאַ׳ן און דערזען אַ סך פּיצלעך פון דעם טשעק, וואָס ער האָט נעכטן געגעבן װועלינ׳ען אַ מתנה. ער האָט שנעל צונויפגע־שאַרט די שטיקלעך פּאַפּיר, איידער לינדאַ דערזעט זיי. ער איז דערנאָך אַריין אין אָפּיס, אויסגעמעקט דעם צעפליקטן טשעק און גערעדט צו זיך:

„ניט איז — ניט״...

די חתונה צווישן לינדאַן און סידני׳ן איז געווען אַ שטילע. דערפאַר — אַ גרויסע „פּאַרטי״ אין אַ וואָך אַרום אין זייער גראַמער וואוינונג, נאָענט צו די בערג. דער יונגער פילם־רעזשיסאָר, נעט בריל, אַ הויכער מיט עט־

וואָס אַ געבויגענער פּלייצע, מיט ברייטע אַקסלען און אַ שוואַרצער טשופּרינע איבער זיינע ברוינע אויגן, מיט אַן ערנסטן פּנים, האָט געשמייכלט קוים־קוים און שנעל געגערעדט. ער איז אָנגעקומען דער ערשטער צו פאַרהאַנדלען אין דער שטיל מיט סידני׳ן: אים אָנווייזן, אַז נאָר די פילם־אינדוסטריע איז פּאַר אים: ווי קומט ער צו אַ שאַפּ? זאָל ער וואָס גיכער צוציען אַ צאָל פּאַסיקע אונטערנעמער און זיין נאָמען וועט אפשר אָפּקלינגען דורך איין איינציקן פייגעם פילם. נאָר אויף דעם אופן קאָן אַזאַ מענטש ווי סידני זיך צופרידנשטעלן.

סידני האָט באַגעגנט בריל׳ן מיט אַ זויער פּנים. ער האָט זיך באַשלאָסן אָנצו׳שיכור׳ן — האָט ער געזאָגט. ער האָט אויסגעפונען אַז עוועלין איז ניט אַהיימגעפאָרן. זי קלייבט זיך אים נאָכטאָן, עפענען אַ שאַפּ, און די צעדרייטע סטעלאַ וועלכע האָט נאָר געבעטן גאָט פּאַר אַ צווייטן מבול אויף דער ערד, איז געוואָרן איר ראַט־געבערין. אַ גאַנצער מבין. עוועלין האָט אים געוואָרנט צו זיין פאָרזיכטיק מיט לינדאַ׳ן און איר קרייז... צום סוף האָט זי זיך געמיינט...

נעט בריל האָט אים איבערגעשלאָגן און געשפּאָסט, אַז ער טרינקט אויס די גאַנצע משקה אויפן טיש, וואָס וועט זיין דער תכלית?

סידני האָט זיך אַנטשולדיקט אָפּטמאָל קומען נאַרישע זאַכן אויפן זינען און מ׳וויל זיי אַראָפּשווענקען. איצט איז ער גרייט אים אויסצוהערן..

לינדאַ האָט פאַרבייגעשוועבט און אָנגעקוואָלן פון ביידע מאַנסבילן וואָס זיינען אזוי פאַרטיפט אין אַ געשפּרעך. זי האָט געטראַכט, אַז זי מעג איצט זיין צופרידן: „זי האָט זיך ניט אָפּגענאַרט. זי האָט געוואוסט, אַז סידני וועט אויפנעמען מיט אָפענע אָרעמס נעט׳ן. זי איז זיי מקנא, וואָס זיי דאַרפן זיך ניט צוהערן צו די ווייבער, וואָס רעדן נאָר וועגן צירונג. און די מענער וויצלען זיך סתם אַזוי. אַבי מ׳האָט פון וואָס צו לאַכן...

נאָך איידער דאָס שמחה׳לע איז געווען פאַראיבער האָט נעט בריל געבעטן מען זאָל אים אַנטשולדיקן. ער דאַרף זייער נויטיק אַוועקגיין. ער האָט גערעדט אין איילעניש צו לינדאַ׳ן,אַז פון היינט אָן, האָט ער זיך געשאַפן אַן אַנדער מיינונג וועגן סידני׳ן. ער גלויבט אין אים. עפּעס גוטס וועט אַרויסקומען פון זייער היינטיקן שמועס... זאָל זי זיך מער ניט צוהערן צו סטעלאַ׳ס פּלאַפּלען זי איז ניט קיין געזעצטער מענטש...

שפּעטער, ווען אַלע געסט זיינען אַוועק, האָט אויך סידני געהאַלטן אין איין לויבן נעט׳ן: שוין איינמאָל אַ מענטש! אפשר האָט ער ניט באַ־

דאַרפט קויפן די ציגל־געביידע? נאָר ער רעכנט אַז אַ פּאָר גוטע סעזאָנען אויף אַ גרויסן פאַרנעם וועט ניט שאַטן. מ׳דאַרף האָבן אַן אוצר מיט געלט פאַר דער פילם־סטודיאָ און ער ווייסט ניט וויפל פון זיינע פריינט וועלן זיין גרייט מיטצוגיין מיט אים. מאָרגן וועט ער ווידער רעדן מיט זיין פריינט אַרני דעם צירונג־הענדלער. מיט דער צייט וועלן זיי אָנשפּאַרן אין האָליוואוד.

לינדאַ האָט אים אַריינגעכאַפּט אין אירע אָרעמס און גענומען קושן. זי האָט זיך מודה געווען, אַז ניט איינמאָל האָט זי געטראַכט אים צו פאַרלאָזן צוליב זיין טאַטנס דעזאינעריין עוועלין... סידני האָט אַרויפגעבראַכט זייער ערשטע באַגעגעניש אין פּאַרק, ווי זי האָט געדרויכערט אין סיגאַרעט נאָכן צווייטן, ווען זי האָט אים דערזען האָט זי זיך אויפגעהויבן אַוועקצוגיין, זי האָט דעמאָלט געהאַט פאַרלוירן איר צוטרוי צו מענטשן — נו, אַבי מען דערציילט עס אין פריידן, — האָט ער פאַרענדיקט אין אַ שלעפערדיקן טאָן. לינדאַ איז שוין אויך געווען אויסגעשעפּט און ביידע זיינען אַוועק זיך אָפּרוען.

אינדרויסן האָט אַ גאַנצע נאַכט גערעגנט. שווערע טראָפּנס, ווי אַ סך פינגער האָבן געגראַבלט אין די שויבן. ביידע, ניט סידני און ניט לינדאַ, האָבן געוואוסט דערפון. ביידע, זיינען געווען איינגעהילט אין אַ טיפן שלאָף.

לינדאַ האָט געשמייכלט פון שלאָף. זי האָט געהאַט אַ זיסן חלום: די מאַמע אירע מיט די קלענערע קינדער זיינען אין אַ קינאָ־טעאַטער. זי דער־ציילט זיי וועגן זייער גרויסער שוועסטער אויפן לייוונט, זיי רופן זי: „לינדאַ קום אַהיים!״ דער טאַטע רויכערט אַ גרויסע ליולקע. זיילן רויך שלענגלען זיך איבערן גאַנצן זאַל. עס באַווייזט זיך סידני און עוועלין. ער פירט זי אונטערן אָרעם. זי האָט זיך צעוויינט.

סידני האָט איר געטאָרעט: וואָס וויינט זי? לינדאַ האָט אים באַ־טראַכט ווען ער האָט ליכטיק געמאַכט. געדרייט איר קאָפּ אַרום אים, און ניט געוואוסט וואָס אים צו זאָגן. ער האָט אויף אַ קינדערשן אופן גערעדט צו איר: „דערצייל מיר דיין חלום, וועל איך דיר דערציילן מיינעם״. ביידע האָבן זיך צעלאַכט ווי צוויי קינדער.

אויף מאָרגן האָט אַ צעשטראַלטע זון געוואַרט אינדרויסן. די בערג קעגנאיבער — מיט אַ דינעם נעפּל, ווי הינטער דורכזיכטיקע ענדלאָזע פאָרהאַנגען. אַ מיסטישער געפיל האָט לינדאַ׳ן אַרומגענומען, ווען זי האָט זיך נאָר באַוויזן אויף דער שוועל פון דער אָפענער טיר, ווי דאָרטן הינטערן נעפּל וואָלט געווען אַ נייע וועלט. אָט אַזעלכע געפילן האָט זי געהאַט קליי־נערהייט, ווען זי איז געשטאַנען אויפן פרייען פעלד. עס האָט זיך איר גע—

דאַכט, אַז דער הימל רירט אָן די ערד. זי האָט זיך געלאָזט גיין אַהין, ביז זי איז מיד געוואָרן און זיך אומגעקערט צוריק.

סידני האָט איר צעשויבערט די האָר אויפן קאָפּ: זי וואָלט גאָר באַדאַרפט שרייבן פּאָעזיע: „אָט אַזוי רעדט אַ דיכטערין". ער האָט זיך מיטאַמאָל געכאַפּט אַז ער האָט זיך איבגאַנצן פאַרגעסן אַז מ'וואַרט אויף אים, אַז ער מוז גיין געוואויר ווערן, פאַרוואָס די שפּאַנישע פרוי קאָנטשיטאַ פאַרהאַלט די אַרבעט. עפּעס האָט דאָרט געמוזט געשעען. אפשר האָט זיך איר יינגעלע צעשעדיקט ביי דער נײ־מאַשין — איז אים דורכגעלאָפן אַ מחשבה אַז ער האָט דערביי אַציטער געטאָן — „ער האָט דאָך איר געוואָרנט, אַז אַ הויז איז ניט קיין שאַפּ". ער האָט זיך אַ יאָג געטאָן אינדרויסן. שוין געוואָלט זיין דאָרטן.

אויפן וועג צום הויז, אויף ביקסל סטריט, האָט סידני געטראַכט אַז ווען ער וועט אַלץ טרעפן אין גוטער אָרדנונג ביי קאָנטשיטאַ'ן און אויך מיט איר יינגעלע האָט גאָרניט געטראָפן, וועט ער דער פרוי געבן צו פאַרשטיין פאַרוואָס ער קאָן ניט אַרויסגעבן מער קיין אַרבעט. ער ציט זיך אַריין אין אַ נייעם שאַפּ, געשלאָסן אַ קאָנטראַקט מיט דער יוניאָן. חוץ דעם טראַכט ער דאָס קינד זאָל ווען עס איז ניט שטופּן די פינגערלעך אין רעדל בשעת זי איז פאַרטאָן אין נייען, שטעפּן: אפשר וועט ער ניט דערמאָנען וועגן קינד, ווייל ער האָט איר שוין איינמאָל געוואָרנט און קאָנטשיטאַ האָט זיך צעלאַכט מיט אַ ביטער געלעכטער „אַלע זייערע קינדער זיינען הפקר"... האָט זי געזאָגט.

אויף די טרעפּ האָט שוין סידני געטראַכט וואָס נאָך צו זאָגן דער אָרעמער פרוי אַז זי זאָל ניט טראָגן אויף אים קיין בייז האַרץ טאָמער גיט ער איר מער ניט קיין אַרבעט אַהיים. מיטאַמאָל האָט ער זיך אויסגעגליטשט, ער האָט אַ שטאַרקן קרעכץ געטאָן אַז טירן האָבן זיך געעפנט און קעפּ האָבן אַרויסגעשטעקט, אַ מאַן איז אָנגעקומען פון גאַס .זיך אָנגעבאָטן אים צופירן צו זיין אויטאָמאָביל.

סידני האָט זיך קוים דערשלעפּט צו זיך אין קיך אַריין, ניט געטראָפן לינדאַ'ן אין שטוב האָט ער זיך אַליין צוגעלייגט קאַלטע קאָמפּרעסן, געטראַכט אַז מענטשן וועלן דערלעבן נקמה, ניט וועלן גלויבן, אַז זיין קאָפּ איז ניט דערביי. ער האָט זיך געטרייסט דערמיט וואָס לינדאַ וועט אים פאַרגעבן

וואָס ער האָט זיך אויף איר פריער געבייזערט ווען זי וועט אים דערזען אַ צעשעדיקטן.

מיטאַמאָל האָט זיך צעקלונגען דער טעלעפאָן. „אַוודאי לינדאַ", האָט סידני געטראַכט. ער וועט איר גלייך זאָגן אַז ער וועט פון היינט אָן איינ־האַלטן זיין כעס. זי איז אַ גוטע, נאָר האָט אַ פאַרבענקטע נשמה... ער האָט אויסגעזונגען דעם העלאָ..

אויפן טעלעפאָן איז געווען סטעלאַ. „זי וויל רעדן צו לינדאַ'ן. לינדאַ איז ניטאָ אינדערהיים — האָט איר סידני שטרענג געענטפערט. איז עס אַ סוד פאַר אים? האָט ער געפאָרשט.

סטעלאַ האָט אויך גערעדט אין אַ ברוגז'ן טאָן: „ער דאַרף ניט פאָרשן!" לינדאַ האָט זיך ביי איר נעכטן נאָכגעפרעגט אויף עוועלינ'ען, וויל זי איר זאָגן, אַז יענע איז שוין אויפן וועג אַהיים און אים דאַרף אויך הנאה טאָן...

אין טיר האָט זיך באַוויזן לינדאַ. איידער נאָך זי האָט אים באַגריסט האָט ער זי געבעטן זי זאָל ביי אים איבערנעמען דאָס טעלעפאָן־טרייבל.

דער געשפרעך צווישן סטעלאַ'ן און לינדאַ'ן האָט זיך פאַרצויגן. זי האָט צופעליק דערזען סידני'ן מיט איין נאַקעטן פוס ווי ער הינקט אונטער זי האָט שוין געוואָרנט עטלעכע מאָל סטעלאַ'ן, אַז זי גייט אויפהענגען דאָס טרייבל. „געענוג גערעדט"! זי האָט געשמייכלט צו זיך וואָס סטעלאַ האָט זיך צום סוף באַקלאָגט, אַז איר מאַן רעדט צו איר קיינמאָל ניט גלייך. וואָס האָט ער צו איר? זי האָט פאַר אים אָנגעגנייט ווינציק קנעפלעך, וואָס האָט זי פון דעם?

סידני האָט דערווייל געטראַכט ווי עוועלין האָט זיך לעצטנס אויפגעפירט. וועגן אירע רייד אַז זי גייט אויך עפענען אַ שאַפּ, אָוועקנעמען זיינע בעסטע קראָמען, וואָסאַראַ גרוס וועט זי פון אים אָפּגעבן אינדערהיים? דער טאַטע וועט אַוודאי זאָגן „כ'האָב פריער געזאָגט", סידני האָט זיך דערמאָנט וואָס זיין פעטער אליהו האָט אים געזאָגט, אַז דער טאַטע רודפ'ט דורך אים אפשר זיך אַליין וואָס ער האָט זיינס ניט דערגרייכט. ער האָט געהאַט חלומות צו ווערן אַ דיכטער, אַ שוישפּילער. ער האָט זיך דערמאָנט אין זיין קינדהייט. בעת זיינעם אַ געבורטסטאָג האָט ער דעקלאַמירט און אַלע האָבן אים אַפּלאָ־דירט חוץ דער טאַטע...

מיטאַמאָל האָט סידני'ן אַרומגעכאַפּט אַ רחמנות אויף זיין פאָטער — ער איז דאָך ניט אַלעמאָל אַזוי געווען. וויפל מאָל האָט ער אים מיט זיך

מיטגענומען אין אַ טעאַטער? אים שיין געקליידט. און ווינטער אין די טיפֿע שנייען אים גענומען אויף אַ שליטעלע, געלאָפֿן מיט אים און געלאַכט אַזוי הילכיק. פֿאַרוואָס געדענקט זיך בלויז דאָס בייזע? אפֿשר האָט אים דער טאַטע געזומען רודפֿ'ן, ווען ער האָט אויך אָנגעהויבן פֿאַנטאַזירן און מורא געהאַט אַז דער זון וועט האָבן דעם זעלבן סוף וואָס ער... פֿאַרוואָס האָט ער דאָס אַלץ ניט דורכגעטראַכט? ער וואָלט אים באַדאַרפֿט שרייבן אַ בריוו: אַז ער און די מאַמע זאָלן אַהער קומען. ס'וועט דעם טאַטן הנאה טאָן. ער וועט זיך פֿרייען מיט זיינע דערגרייכונגען. דער קלימאַט איז דאָ אַזוי גוט.

סידני איז געוואָרן אויפֿגעלייגט פֿון זיין חשבון־הנפֿש. ער וועט אַלץ דערציילן לינדאַ'ן און נעט בריל'ן ווען מ'וועט זיך ווידער טרעפֿן. ער איז געווען אַזוי פֿאַרטאָן אַז ער האָט ניט געהערט ווען לינדאַ מיט אַ פֿריילעך פּנים האָט זיך באַוויזן אין קיך אָנזאָגן אים די גוטע בשורה אַז עוועלין איז שוין אַהיימגעפֿאָרן. געמיינט, אַז ער ווייסט נאָך ניט דערפֿון. דערזען אים מיט אַ קאָמפּרעס אויף אַ פֿוס, האָט זי שוין גאָרניט דערמאָנט סטעלאַ'ן, נאָר אַ פּאַטש געטאָן מיט ביידע הענט און ביי אים געפֿרעגט מיט אַ ציטער־דיק קול:

„ווי אַזוי האָט עס פּאַסירט?

„זיך אויסגעגליטשט.

„אוודאי צוליב דעם וואָס דו ביזט אַוועק אַ בייזער. כ'האָב דאָך בלויז געשפּאַסט, וואָס איז מיט דיר?״ — זי איז באַלד אַוועק, אָנגעטאָן אַ שניי־ווייסן פֿאַרטוך, מיטגעבראַכט אַ מעדיקאַמענט, אַראָפּגענומען דעם קאָמפּרעס פֿון סידני'ס פֿוס און אים גענומען שמירן מיט אַ זאַלב אויף דער וואונד. ביידע האָבן זיך אָנגעטראָפֿן מיט זייערע בליקן און זיך צעלאַכט ווי קינדער ביידע האָבן געהאַט איין געפֿיל: באַפֿרייט זיך פֿון אַלע שטערונגען אין וועג צו נייע דערגרייכונגען אין זייערע חלומות.

# בראוני

אָט וואָס עס האָט זיך געטראָפֿן: אין אַן אָרעמער געגנט מיט גאָר־גאָר אַלטע שטיבער, אַן אַ סימן פֿון אַ בוים אָדער גרין גראָז, האָט זיך ביי אַ פֿאַמיליע געכאָוועט אַ ברוינער הונט צוזאַמען מיט עטלעכע קינדער — מיידלעך און יינגלעך.

ווען מ׳האָט געבראַכט דעם הונט איז ער נאָך געווען אַ פּיצל, געלעקט מילך און געציטערט. ער איז געווען אַ מתנה פֿון אַ רייכער מומע צו אַ געבורטסטאָג פֿונעם קלענסטן יינגעלע. מ׳האָט דעם הינטל אַ נאָמען גע־געבן „בראוני״ און ווי קליין ער איז געווען, האָט ער שוין געוואוסט, אַז דאָס מיינט מען אים.

בראוני׳ן איז דאָ זייער גוט געווען. יעדער קינד האָט זיך פֿאַר אים געזאָרגט אַז ער זאָל האָבן גענוג עסן און טרינקען — אַ גוט געלעגער אויף אַן אַלטער וויכער שטול און וואַרימע הענטעלעך האָבן אַזויפֿיל מאָל דורכן טאָג געגלעט זיין פֿעל. וואָס כאָך האָט ער געקאָנט וועלן?

ווען בראוני איז אונטערגעוואָקסן איז אים נאָך בעסער געוואָרן. ער האָט זיך שוין געשפּילט מיט אַלע קינדער אויפֿן געסל. געלאָפֿן פֿאַר זיי ברענגען די פּילקע אין מויל. און מ׳האָט אים געהאָדעוועט מיט שאָקאָלאַד און וואָס ניט?

איינמאָל אין אַ ביינאַכט, איז בראוני געוואָרן אַ העלד. ער האָט מיט־אַמאָל דערפֿילט, אַז עפּעס סמאַליעט זיך, און אַ רויך קריכט אים אין די אויגן. האָט ער זיך צעלאָזט אויפֿן קול אַז עמיצער זאָל אויפֿשטיין און זען וואָס דאָ קומט פֿאָר. אָבער אַלע זיינען געשמאַק געשלאָפֿן, ניט געהערט אים בילן, און דאָ דערזעט ער שוין אַ רויטן פֿלאַם. איז ער געלאָפֿן פֿון טיר צו טיר, געגראַבלט מיט זיינע לאַפּקעס, זיך צעלאָזט אויפֿן קול מיט אַזאַ קוויטש ביז ענדלעך האָט ער זיי דערוועקט. אַלע זיינען אַרויס אויף דער גאַס, און באַלד זיינען אויסגעוואָקסן פֿייערלייט מיט גרויסע וואַסער־קישקעס. פֿון אַלע הייזער האָבן גענומען אַרויסשטעקן קעפּ. און ווען דאָס פֿייער איז אויס־געלאָשן געוואָרן האָט איין פֿייערמאַן בראוני׳ן אָנגעטאָן זיין היטל און אַ סך קולות האָבן געמאַכט אַ „הוראַ״ פֿאַר אים: בראוני האָט געראַטעוועט אַזויפֿיל מענטשן.

אויף מאָרגן האָבן אים אַלע אין געסל גערופֿן צו זיך, אַז בראוני האָט

ניט געוואוסט צי וועמען פריער צו גיין. און דאָ אינמיטן דערינען שטייט עליע קצב מיט אַ שטיק גערויכערטע צונג אין די הענט, גרייט פאַר אים. „קום אַהער העלד!" איז שוין בראוני פריער אַוועק צו דער יאַטקע... זיינע איי־גענע שטוב־מענטשן האָבן אים אַזויפיל גוטס צוגעטיילט, אַז ער האָט שוין אַזויפיל ניט געוואָלט... מ'האָט אים אַזויפיל מאָל יעדער צו זיך געטוליעט, אַז ער האָט זיך ממש געגומען בעטן: זאָל שוין זיין גענוג.

איינמאָל דערזעט ער אין געסל אַזויפיל טראָקס — מען פאַקט אַריין מעבל, נאָכאַמאָל און ווידעראַמאָל. זעלטן־ווען זעט מען קינדער אין געסל. אין זייך שטוב איז שוין אויך ניט מער וואָס געווען. ער דאַרף פאַררייסן זיין קאָפּ אַרויפצוקוקן צו די קינדער. בראוני לאָסטשעט זיך צו זייערע פיס, נאָר זיי זיינען פאַרנומען מיט זייערע ביכער. אַלע גייען ערגעץ, און ער בעט זיך מ'זאָל אים מיטנעמען, ווילן זיי ניט. קוים וואָס ער בעט אויס אַ גלעט.

דערנאָך איז בראוני'ן נאָך ערגער געוואָרן. די קינדער האָבן זיך אינגאַנצן אַרויסגעצויגן. ער ווייסט ניט פאַרוואָס און פאַר ווען. זעלטן זעט ער זיי אָן פאַר די אויגן. האָט זיך אים צוגעגעסן צו זיין מיט די צוויי אַלטע מענטשן. ער האָט הערקענט אין זיי, אַז מ'וויל אים מער דאָ ניט האָבן: זיי האָבן צו אים ניט קיין געדולד. איז בראוני געשלאָפן טעג און נעכט. ער האָט זיך ממש מחיה געווען ווען אין טונקעלן קאָרידאָר האָבן זיך דערהערט טריט, אַז ער זאָל קאָנען אויפשפרינגען און נעמען בילן פון היימלעכקייט וועגן.

איינמאָל האָט בראוני געפּרואווט נאָכלויפן דעם אַלטן, אים באַגלייטן צו דער סאָבוויי: אַבי עפּעס צו טאָן. האָט דער אַלטער אים צוריקגעטריבן. פונדעסטוועגן האָט ער זיך פאַר'גנבה'ט, געזען וואוהין דער אַלטער גייט אַרונטער.

וויבאַלד אַזוי, איז ער אַביסל שפּעטער געקומען אים באַגעגענען, ווען ער וועט זיך אומקערן פון דער אַרבעט. די ערשטע צייט האָט בראוני באַדאַרפט לאַנג וואַרטן, אָבער דערנאָך — ווי ער וואָלט געקוקט אויפן זייגער.

טרעפט זיך דערנאָך, אַז דער אַלטער הויבט אָן צו גיין צו דער אַרבעט אינמיטן טאָג און איידער וואָס, איז ער שוין דאָ צוריק, איז בראוני צעטומלט געוואָרן. געזעסן אויפן פאַרזשאַווערטן פייער־עסקייפּ, זיך אַרומגעקוקט אויפן אָפּגעליידיקטן געסל: ניטאָ שוין אפילו די יאַטקע. באַלד ווערט אים אומעטיק און ער קערט זיך צוריק אום, זעט וואָס טוט זיך עפּעס אין שטוב. דער אַלטער ליגט גאָר אין בעט אינמיטן העלן טאָג. זיצט בראוני אויף די הינט־ערשטע פיס, קוקט אַרויף צום חולה, דרייט מיטן קאָפּ, אפשר וועט דער

אַלטער אים דערזען. דערנאָך וואַיעט ער אַביסל. דאָס רעדט ער אַזוי. אים ווילט זיך וויסן, וואָס דאָ קומט פאָר.

אינמיטן דערינען קומט אָן די אַלטע, טרעט אים אָן אויף אַ פוס און צעשרייט זיך גאָר אויף אים.

דעמאָלט האָט זיך בראוני אָנגעברוגז׳ט און איז אַרויס פון שטוב, געבליבן שטיין אויפן פוסטן געסל און געטראַכט: וואָס הויבט מען אָן צו טאָן? וואָס פאַר אַ תכלית איז דאָ צו זיין? ער וועט זיך גאָר גיין אָנטרעפן מיט אייגענע, פרעגן אַן עצה, אָבער מען זעט אַזוי זעלטן אָן אַ הונט און אַז יאָ אַמאָל, פירט מען אים אויף אַ קייטל: גיי רעד צו אַזעלכן!...

מיטאַמאָל האָט זיך בראוני געלאָזט לויפן ביז ער איז דערלאָפן צום איסט־ריווער. דאָרטן האָט ער זיך באַזעצט אויף אַ פאַרענטש, געקוקט ווי שיפן קומען אָן, גייען אָפּ: אָט שטייט איינע אַזוי נאָענט צום ברעג. וואָס וועט אים אַרן, אַז ער וועט אַהין אַריינשפּרינגען. ער האָט אַזוי געטאָן און גלייך גענומען שמעקן דאָ, דאָרט. געהערט ווי מענטשן רעדן אין אַ צימער, האָט ער גענומען גראַבלען די טיר מיט די לאַפּקעס, נאָכאַמאָל און ווידעראַמאָל. איידער וואָס איז די שיף אָפּגעגאַנגען און די פאַרענטש, אויף וועלכער ער איז פריער געזעסן האָט זיך דערווייטערט.

ער קאָן שוין מער ניט צוריקשפּרינגען. וואָס וועט איצט זיין? בראוני האָט זיך צעכליפּעט: ער האָט אַזוי מורא צו זיין אויפן וואַסער. און ער האָט פיינט דאָס פייפן פון די קוימענס.

אָט האָט זיך ענדלעך געעפנט די טיר פון דער קאַיוטע, און אַ הויכער מאַן אין אַ טונקל־בלויער אוניפאָרם איז אַרויסגעקומען און שטרענג געפרעגט: ווי אַזוי קומט ער אַהער? אים איז ניט אָנגעשטאַנען כאָטש איין פריינטלעך וואָרט צו זאָגן, נאָר ער האָט שטרענג באַפוילן בראונין אַריינגיין.

אינעווייניק זיינען געווען אויסגעזעצט מענטשן ביי אַ לאַנגן טיש און געגעסן. די רויטע צונג האָט ביי בראוני׳ן גענומען ציטערן. ער האָט אויך געוואָלט עסן, אָבער קיינער האָט אים ניט באַמערקט, און ער האָט זיך נאָך געשעמט צו גיין אויבנאָן. אָבער דאָ האָט ער דערזען, אַז די טיר איז שוין פאַרהאַקט, אָט דאָ מוז ער זיין. האָט ער אַזוי זיך פריינטלעך אָנגעהויבן בילן. און איידער די מענטשן האָבן אים דערהערט, איז צו אים געקומען אַן ענטפער פון נאָך אַ הונט, און באַלד איז ער אויסגעוואָקסן לעבן אים. געשטופּט זיין מאָרדע צו בראוני׳ן:

„ווער ביזטו?

## ברוך מילער

„אַ הונט באַגלייך מיט דיר.

„וואָס ווילסטו?

„איך וויל עסן און זיין צווישן מענטשן.

„לאָמיר זיך פאַרהאַלטן גוט.

„טראָג זיך שוין אָפּ פון דאַנען!

„ווי קאָן איך?

„קאָנסט ניט שווימען?

„ניין.

„וואָס פאַר אַ הונט ביזטו?

„אַזוי האָב איך זיך אויפגעכאַוועט.

„וואו?

„אַט דאָרט.

„דו ווילסט זיך טאַקע ניט אָפּטראָגן?" — האָט דער פרעמדער גרויער הונט אָנגעהויבן שטשירען מיט די ציין, געסטראַשעט אַז ער וועט אים באַלד צערייסן.

די מענטשן ביים לאַנגן טיש האָבן געוואָרפן ביינדלעך, נאָר דער גרויער הונט האָט ניט געלאָזן בראוני׳ן זיך אַ ריר טאָן: אַל׳ץ דאָ געהערט נאָר צו אים.

האָט זיך שוין איין מענטש אויפגעהויבן און אָנגעשריען אויף דעם גרויען הונט און צוגערופן בראוני׳ן צו זיך. ער האָט זיך געטולי׳עט צום מענטשן מיטן פאַרברוינטן פנים, אים געלעקט די הענט, געדרייט פריילעך מיטן עק. פונוואַנען ווייסטו, אַז מיין נאָמען איז בראוני? — האָט זיך אים געוואָל׳ט פרעגן. ער האָט גאָר ניט באַמערקט ווי דער גרויער הונט קוקט און דרייט בייז מיטן קאָפּ. זיינע גרינע אויגן אָנגעפילט מיט רציחה. אָט שרייט ער אויס: ניטאָ דאָ קיין אָרט פאַר צוויי הינט! און באַלד האָט ער גענומען בילן אויף די העכסטע אָקטאַוועס, אַ מין וואָרנונג, אַז אויב דער פרעמדער פאַרנעמט זיך ניט, וועט זיין פעל באַלד ווערן ברוין און בלאָ.

האָט עס שוין די מענטשן אויך פאַרדראָסן: וואָס מיינט ער, דער גרויער הונט, אַז אַל׳ץ קומט נאָר אים? און אַלע האָבן זיך צעשריען אויף אים, ער זאָל אויפהערן האַווקען. עס לעבערט די אויערן. דער קוכער מיטן הויכן ווייסן מיצל האָט אים געדופן צו זיך אין קיך אַריין: ער וויל מיט אים האָבן אַ געשפּרעך.

דער גרויער הונט איז אַביסל שטילער געוואָרן, זיך געלאָזט גיין אין

קיך אַריין און זיך מיטאַמאָל אָפּגעשטעלט, זיך אומגעקוקט, דערזען ווי אויבנאָן שפּילן זיך מענטשן מיט בראונין, האָט ער זיך באַקלאָגט פאַרן קוכער און אַזש געקרעכצט: צי זעט ער דען ניט, וואָס דאָרט קומט פאָר? ווי האַלט מען עס אויס? און האָט זיך גלייך געלאָזט מיט אַן אימפּעט אויף בראוני׳ן: כדי איין־מאָל פאַר אַלעמאָל אים וויזן זיין מאַכט.

מען האָט זיי פאַנאַנדערגעריסן און פאַרשפּאַרט דעם גרויען אין אַ קאַמער. ער האָט געגוואַלדעוועט, געגראַבלט די טיר, זיך פאַרגאַנגען אין אַ געוויין: פאַרוואָס קומט עס אים? פאַרוואָס פאַרשטייט מען אים ניט?

אָנגעקומען אין אַ שטעטל האָט מען באַפרייט דעם גרויען הונט. ער איז אַוועק מיטן קאַפּיטאַן, וואָס האָט געקויפט אַ צייטונג און אים געגעבן אין פּיסק אַריין צו טראָגן. דער הונט האָט שפּאַצירט מיט גדלות: ווער איז צו אים גלייך? באַלד וועט אַלץ זיין ווי פריער. ער וועט ווידער זיין דער איינציקער אויף דער שיף און די מאַנשאַפט וועט זיך מיט אים אָפּגעבן...

פּלוצים האָט ער דערזען דעם קוכער מיט בראוני׳ן. בראוני האָט אויך געטראָגן אַ צייטונג אין פּיסק. דער גרויער האָט גלייך אַ שליידער געטאָן זיין צייטונג אויף דעם קאַפּיטאַנס שוואַרץ־גלאַנציקע שיך און איז אַריבערגעלאָפן אויף יענער זייט טראָטואַר און זיך געוואָרפן אויף בראונין און אים צעביסן, געמאַכט צייכנס. ביז דער קוכער האָט זיך אַרומגעזען און אים אַוועקגעטריבן.

בראוני האָט געוויינט, זיך באַקלאָגט פאַר די מענטשן: דאָרטן, ביי די אַלטע לייט איז אים געווען אומעטיק, אָבער קיינער האָט אים ניט ווי געטאָן...

מיט אַ צייט שפּעטער, ווען די שיף האָט זיך צוריק אומגעקערט און בראוני האָט דערזען דעם פאַרענטש איז ער שטאַרק פריילעך געוואָרן און איז גלייך אַראָפּגעשפּרונגען אויף דער טריקעניש און איז אַוועקגעלאָפן צו די אַלטע לייט אין דער אַרעמער געגנט. געטראַכט אַז די שטוב־מענטשן ביי וועלכע ער איז אויסגעוואַקסן אינאיינעם מיט די קינדער, בענקען שוין אוודאי נאָך אים. ער וועט זיך לאַסטשען צו זיי און זיי וועלן זיך מיט אים פרייען.

געקומען צוריק אין געסל איז ער געבליבן שטיין אַ צעטומלטער. זיך געקראַצט מיט אַ פוס דעם קאָפּ: וואָס טוט זיך דאָ? אַלע שטיבער אויף דער גאַס זיינען אַראָפּגענומען געוואָרן. בערג מיט מיסט, אַזויפיל רויטע לאָמפּן צעשטעלט. שאַ, אָט איז אַ קעמערל. ער וועט אַהין אַריינגיין אויס־

געפינען. די טיר איז גראד געווען אָפן. בראוני האָט זיך אַהין אַריינגעכאַפּט און דערזען זיצן אַ מאַן פאַרטיפט אין בלויע פאַפּירן און רויכערן אַ ליולקע. בראוני האָט זיך געטוליעט צו זײַנע פיס: קוק זיך אום אויף מיר, מענטש! וואוהין זיינען אַהינגעקומען מיינע אַלטע לייט? און אַז דער מאַן האָט זיך אויפגעהויבן און געשריען אויף אים, געוויזן בראוני׳ן די טיר, האט זיך אים ניט געוואָלט אַוועקגיין. דער מאַן האָט אָבער געהאַט אַ שטעקן און בראוני האָט קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט ווי אַוועקצוגיין. דער מאַן האָט גלייך פאַרהאַקט די טיר און בראוני האָט אַ ווילע געגראַבלט די טיר, איינמאָל און צוויי מאָל ביז ער האָט באַשלאָסן אַז מען דאַרף זיך אָפּטראָגן. דער מאַן קאָן נאָך ווערן בייז און אים דערלאַנגען אויף די נאָך ניט פאַרהיילטע וואונדן, וואָס דער גרויער האָט אים געמאַכט.

בראוני האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן אַ טעלעפאָן סלופּ. ער האָט זיך דערמאָנט ווי אַ קאַץ האָט ביי אים אַוועקגעכאַפּט אַ שטיקל געקאָכטע לעבער, וואָס עליע דער קצב האָט אים געגעבן, ווי ער איז איר נאָכגעלאָפן און ווי זי האָט זיך געדראַפּעט אויפן סלופּ און ער — נאָך איר. ער האָט עס אָבער ניט געקאָנט באַווייזן. איז ער געשטאַנען און געוואַרט אויף דער קאַץ, זי גערופן מיט גוטן און מיט בייזן און אַז ער האָט זיך פאַרקוקט איז זי אַראָפּ און גיך אַנטלאָפן. ער האָט זי ניט געקענט דעריאָגן.

בראוני האָט זיך אויך דערמאָנט אַז דאָ ניט ווייט איז דאָ אַ סאָבוועי־סטאַנציע. דאָרטן פלעגט ער טרעפן דעם אַלטן און ער איז אַהין אַוועק.

עס איז געווען אַ קאַלטער פאַרנאַכט. ס׳האָט געגאָסן אַ רעגן, אָבער בראוני האָט געזוכט וואו איבערצונעכטיקן די נאַכט. ער האָט געשמעקט צו יעדן איינעם וואָס איז אַרויסגעקומען פון דער סאָבוועי, נאָר דער אַלטער איז ניט געווען. בראוני האָט זיך צעכליפּעט. פאַרבייגייער האָבן זיך אַראָפּ־געבויגן צו אים, באַדויערט וואָס ער האָט פאַרבלאָנדזשעט און יעדער איז זיך אַוועק זיין וועג, וואָס וועט איצט זיין? וואוהין וועט ער אַהינטאָן זיין געביין?

מיטאַמאָל איז פאַרבייגעגאַנגען דער פייערמאַן, וואָס האָט אים אַמאָל גערופן העלד צוליב זיין וועקן די מענטשן בעת דער שריפה. דער פייערמאַן האָט אים דערקענט.

„וואָס טוסטו דאָ, בראוני?״ האָט אים דער פייערמאַן געפרעגט און אים געווישט די נאַסע פעל, אים גענומען אַהיים און געגעבן עסן. בראוני איז

געוואָרן פריילעך, אויפגעלייגט, זיך געהאַלטן אין איין טוליען צום פייערמאַן און אים נאָכגעטאַנצט אין אַלע צימערן. דערזען אַ בעטעלע האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אויף די הינטערשטע פיס און געקוקט אויפן קינד אין בעטעלע, און געדרייט מיטן עק פון הנאה. ער האָט ליב געהאַט קליינוואַרג, ליב געהאַט זיך צוהערן צו די וויגלידער פון די מאַמעס. ער האָט געדענקט די לידער פון יענער צייט.

און אַז אין שטוב איז געווען פינצטער און די מענטשן זיינען געווען פאַרזונקען אין טיפן שלאָף, האָט בראוני פלוצים דערהערט ווי מען פאַרעט זיך ביי אַ פענצטער. מיטאַמאָל איז ליכטיק געוואָרן פון אַ שטראַל וואַרפער. בראוני איז אויפגעשפרונגען און אויפגענומען דעם גנב מיט אַזאַ בילעריי אַז ער האָט אויפגעוועקט אַלע שכנים, דעם פייערמאַן און אפילו דאָס קינד אין וויגעלע האָבן זיך איבערגעוועקט. דער רויבער האָט זיך אָפגעטראָגן. בראוני איז שוין געבליבן אין פייערמאַנס שטוב אויף שטענדיק...



# די צוויי משפחות

עס איז געווען סוף זומער. די נאַכט אַ שיינע. אַ בלויער הימל מיט אַן אַ צאָל שטערנדלעך, ווי אַ סך אויגן וואָלטן באַטראַכט די ערד. צייטנווייז האָט אַ שטערנדל אַ פינקל געטאָן און איבערגעטאַנצט אויף אַן אַנדער אָרט. אַ קיל ווינטעלע האָט געיאָגט פאַרדאַרטע בלעטלעך אויף קאַלטע טראָטוואַרן, וועלכע זיינען דורך די טעג פון דיביימער געפאַלן און מער ניט געהאַט קיין רו. טייל זיינען פאַרטראָגן געוואָרן אויפן גרויסן גאַניק פון מאַקס הוירש, געשאַרכט דאָרט און איבערגעשראָקן די פרוי, וואָס האָט געוואָלט שווערן, אַז לעבעדיקע באַשעפענישן פאָרען זיך ביי דער דרויסנדיקער טיר; אפשר זענען זיי געקומען ווי אַ דעלעגאַציע פאַרקלאָגן זיך פאַר די מענטשן אינע־ווייניק, וואָס קלייבן זיך צו בויען הייזער, אַז זיי זאָלן האָבן איינזעעניש מיט די זיידע־ביימער, וועלכע וואַקסן דאָרט אַרום פון קדמונים...

ביי מאַקס הוירש האָט זיך געלויכטן אין אַלע פענצטער. דאָרטן האָבן זיך געפונען: זיין ברודער בערקע, אַן עלטערער פון אים, אַן אומגעדולדיקער. שוין געזעסן אויף אַלע בענקעלעך אין שטוב; פיליפּ לינדער, זייער מחותן, וואָס האָט ניט אויפגעהערט צו בייסן זיין ליולקע קוקנדיג אויף בערקען; פיליפּס זון, דזשעק, אַן אַרכיטעקטאָר, איז געזעסן אויבנאָן און געהאַלטן אין איין צייכענען. די פיר מאַנסבילן זיינען ערשט ניט לאַנג צוריק געוואָרן שותפים צו בויען הייזער אין דער נייער געגנט. זיי זיינען געזעסן אַרום אַן אַלטמאָדישן קיילעכדיקן טיש, וואָס האָט זיך געהאַלטן אויף איין גראָבן פוס. אויפן טיש — אַ זילבערנע טאַץ מיט געטראַנקען און צובייסן. געלאָזט זיך וואוילגיין, דערנאָך גענומען זיך צו זייער פּלאַן פאַר אַ גאַנצן בלאָק הייזער אויפצובויען, און גלייך האָט מען זיך גענומען אַמפּערן: זאָל מען בויען פון ציגל, צעמענט, אָדער גאָר פון ברעטער.

בערקע האָט אויסגעפירט. ער האָט געגעבן צו פאַרשטיין, אַז די געגנט איז אָרעם, דאַרף מען מאַכן צוגענגלעך, אַז זיי זאָלן קאָנען באַצאָלן, דערפאַר איז די בעסטע זאַך הילצערנע הייזער... דער מחותן, מר. לינדער, האָט גע'טענה'ט: לויט זיין מיינונג, וואָלטן זיי באַדאַרפט בויען גראַד ציגל־הייזער, אַן אָרעמאַן קויפט אַ הויז, זאָל ער הנאה האָבן... מאַקס הוירש האָט כאָטש געוואָלט צעמענט הייזער, אָבער בערקע האָט זיי ביידע אָנגערופן מלמדים: שיין וועלן זיי אויסקוקן, אויב זיי וועלן זיך באַצייטנס ניט אַרויס־

קלאַפּן פון די קעפּ צו זאָרגן זיך פאַרן קויפער! זיי מעגן באַצייטנס איינפּאַקן.

דזשעק לינדער, דער אַרכיטעקטאַר, האָט זיך גלייך געשטעלט אויף דער זייט פון צוקונפטיקן פעטער, בערקע, אַנגעוויזן, אַז דער ווינטער רוקט זיך אָן, איז דאָך דער שכל אַ פּשוטער: הילצערנע הייזער נעמען ווייניקער צייט... מען מוז גלייך זען רעזולטאַטן!

ווי באַלד אַזוי, האָט מען זיך שוין אויפגעהערט צו שפּאַרן: אַן עק זאָל עס נעמען! — זאָל זיין ווי בערקע וויל! זאָל זיין ווי בערקע וויל!

בערקע האָט זיך צופרידן געגלעט זיין פאַרבלויעטן קאַרק, און דזשעק האָט זיך באַלד צעלייגט מיט זיינע בלויע פּאַפּירן, צעוויקלט זיי ווי פאַר־צייטיקע מגילות, זיך געגרויסט קעגן די אַנדערע שותּפים, וועלכע האָבן מיט גרויס דרך־ארץ אַהין אַריינגעבליקט.

מיני הוירש, די כּלה זיינע, וואָס איז געזעסן ביי זיין רעכטער האַנט, האָט אַנגעקוואָלן פון אים. געוואונקען מיט אַן אייגל צום פאָטער: שוין איינ־מאָל אַ בחור, האַ? ווען זי שעמט זיך ניט פאַר די אַרומיקע, וואָלט זי אים גלייך אין שטערן אַ קוש געטאָן... באַשלאָסן, אַז ער זעט אויס ווי אַ האָלי־וואוד־אַקטיאָר, דער נאָמען ליגט איר אויף דער צונג, באַלד וועט זי זיך דערמאָנען...

שפּעטער האָט מיני פאַראיבל געהאַט אויף דזשעקן, וואָס ער האָט זיך צופיל געהאַט פאַרטאָן אין די בלויע פּאַפּירן, אַז ער האָט זיך ניט פאַרגונען אפילו איין קוק צו־טאָן אין איר זייט. דערפאַר אַפּנים האָט זי פּלוצים אַרונטערגענומען איר שמאָל הענטל פון זיין אַקסל: זאָל ער וויסן, אַז ער דאַרף אין איר קיינמאָל ניט פאַרגעסן...

די עלטערע פרויען, וואָס זיינען געזעסן קעגנאיבער אויף אַ דיוואַן, האָבן אין די ערשטע וואָכנדיקע שעה׳ען גערעדט וועגן זייערע קינדער, אָנ־געהויבן פון סאַמע אָנהייב, ווען זיי זענען נאָך געווען פּיצלעך. די איינציקע, וואָס האָט ניט אָנטייל גענומען אין דעם געשפּרעך, איז געווען בערקעס פרוי. זי האָט ביי זיך אין האַרצן דער שוועגערין פּעני פּשוט געשאָלטן: יענע האָט אוממישנע פאַרפירט אַזאַ געשפּרעך, כּדי איר ווי טאָן... וואָס אַ שטייגער איז זי שולדיק, אַז גאָט האָט זי געשטראָפט ניט צו פילן דעם טעם פון אַ מאַמען? פאַרוואָס זאָל זי, אַן אייגענע, זיין אַזוי גראָב צו איר? ס׳פעלט אויס וועגן וואָס צו רעדן?...

אַביסל שפּעטער האָט דאָ און דאָרט איינע געכאַפּט אַ דרעמל. בערקעס פרוי האָט זיי אַלעמען איבערגעשטיגן, געשנאָרכעט, ווי ביי זיך אין בעט. בערקע האָט זיך פאַרשעמט און זי אַ טאַרקע געטאָן: „ס׳טייטש! זי וועט קיין צייט ניט האָבן אינדערהיים צו ווייזן איר טאַלאַנט?

זי, אַביסל ברוגז:

„אַז איר מאַנסבילן ווערט גאָרניט מיד צו טומלען אַ גאַנצע נאַכט! אפשר וואָלט שוין געווען גענוג פאַר היינט?"

בערקע האָט אָפּגעשטעלט דעם פּלימעניק, מאַקס הוירשס בן־יחיד, וואָס איז נאָרוואָס געהאַט אַריינגעקומען פון גאַס אַ צעפּלאָמטער, געדרייט זיינע פּיצלעך בלאָנדע וואָנסן, געוואָלט אַפּנים זיי אויסציען, ער האָט אויסגעזען זייער פאַרחידושט. ניט געדענקט צו טרעפן אַזוי שפּעט אַ פולע שטוב מיט מענטשן, בערקע האָט אים אפילו דעם אָטעם ניט געלאָזט אָפּכאַפּן:

„סעי, ווילי, פיר אַהיים דיין טאַנטע! זי וויל נעבעך שלאָפן, ס׳איז אַ צער בעלי חיים...

זי, כלומרשט מיט אַ שמייכל:

„קוק אים נאָר אָן ווי ער וויל שוין פון מיינע פטור ווערן! דו מעגסט שוין אויך גיין שלאָפן!"...

בערקע האָט אויף איר אַ זייטיק קוק געטאָן. איר געוואָלט זאָגן: "אָט זיצן נאָך פרויען און שווייגן, שווייג אויך"...

האָבן אָבער יענע פרויען אויך ניט געשוויגן:

„וואָס ווען די מאַנסבילן מאָרגן טאָן? צי מוזן זיי טאַקע אַלע געשעפטן אין איין נאַכט באַזאָרגן"?

ווי באַלד אַזוי, האָבן זיך שוין די מאַנסבילן אָנגעהויבן רירן.

"שוין טאַקע צייט צו גיין אהיים" — האָט מר. לינדער געזאָגט. — „אַ מבין ווי דער זייגער לויפט? אַך, האָט ער זיך דאָס אַביסל צעיאָגט!"

דזשעק האָט זיך דער ערשטער אויפגעשטעלט, באַגעגנט זיך מיט מיניס ברוגז׳ע בליקן, אַרומגעגאַרטלט זיך מיט אירע הענט און סודותדיק געזאָגט: — „כ׳האָב געדענקט, שלאָפסט שוין! קום מיך אונטערפירן! ס׳אַראַ שיינע נאַכט!

מיני האָט זיך „געבערעקלט": נישקשה, ער מעג זי עטלעכע מאָל בעטן... ער האָט גענוג געזינדיקט קעגן איר...

דזשעק האָט זי אַ צי געטאָן פאַר די הענט, און ווען ביידע זיינען שוין

געשטאַנען אויף דער טיר גרייט אַרויסצוגיין, האָט ער אויסגעדרייט דעם קאָפּ און לפּנים געפרעגט:

"איאָ, מרס. הוירש?" יענע האָט שוין אָבער קוים אויפגעהאַלטן דעם קאָפּ אויף אירע אַקסלען. אירע אויגן זענען שוין געווען האַלב צוגעמאַכט. נאָך איידער זי האָט עפּעס געוואָלט זאָגן, זענען שוין אַלע מאַנסבילן געווען פון יענער זייט טיר, און מיני צווישן זיי.

דאָס פּאָרל איז געבליבן פאַר אַ ווײַלע הינטערשטעליק, דערנאָך געגאַנגען ווי קליינע צוויי קינדער. דזשעק האָט דערציילט מיניך, אַז בשעת ער האָט געקוקט אין די בלויע פּאַפּירן, האָט ער דאָרט געזען איר פּנים, און איצט, אַז ער טוט אַ קוק אויף דער לבנה ווען זעט ער? און צו באַווייזן איר, אַז זיינע רייד זיינען לויטער אמת, האָט ער זי גלייך צוגעצויגן נאָענט צו זיך און זי געקושט מיטן פולן מויל, אַזוי, אַז די קלאַנגען האָבן זיך אַזש דערטראָגן צו די פאַראויס־מאַרשירנדיקע מאַנסבילן. יענע האָבן זיך אומ־געקוקט בליקן האָבן געפרעגט:

„געהערט?"

געהערט!"

ווען זיי האָבן זיך צעשיידט, האָט שוין ווייט אין הימל דער מאָרגנ־שטערן זיך גע׳חנדלט...

אויף מאָרגן איז מען זיך ווידער צונויפגעקומען. דאָס מאָל שוין אינמיטן העלן טאָג. זיך איינגעטיילט מיט די אָמטן פון דער נייער געגרינדעטער פירמע „הוירש בראָדערס קאָנסטראַקשאָן קאָמפּאַני". בערקע איז באַשטימט געוואָרן צו זיין דער פּרעזידענט. ער וועט דאַרפן באַזאָרגן די פירמע מיט אַרבעטער. מאַקס, דער ברודער זיינער, האָט זיך געקווענקלט, ניט אַזוי גיך איינגעגאַנגען אויף דעם, אַז בערקע זאָל דאַרפן האַנדלען מיט אַרבעטער: אים ליגט אין די ביינער זיין אויפפירונג אין זייער הויזן־פאַבריק... צוליב בערקעס כעס זענען אַפּטע שטרייקן געווען. ער איז אָבער דאָ געווען אומ־באַהאָלפן, די אַנדערע צוויי שותפים האָבן זיך גאָר צעלאָזט מיט לויב־געזאַנגען וועגן בערקען: ער איז דער מאַן! האָט שוין מאַקס גאָרניט ניט געקאָנט זאָגן. פאָרט אַ ברודער!...

דערפאַר אַביסל שפּעטער, ווען מר. לינדער האָט אַ זאָג געטאָן!

„די הויפּט־זאַך איז שלום! אויף שלום שטייט די וועלט" — האָט שוין מאַקס געקראָגן מוט און אַ טאָרע געטאָן דעם נאָר־וואָס באַשטימטן פּרעזידענט: — „בערקע, דו הערסט"?

און בערקע האָט מיט אַ שמייכל אויף זיינע דיקע וואָנסן געענטפערט:
„שלום, „עני טאים״, אָבער געלט — פּאַוואָליע!״

אין געגנט איז אַ גערודער געוואָרן. ביימער טיף פאַרוואָרצלטע, האָבן ווי זקנים געקרעכצט. דאַרע בלעטלעך האָבן זיך צו די פיס פון די העקער געטוליעט און זיך ווי געבעטן: לאָזט צורו אונדזער שטאַם! נאָכן ווינטער קומט דער פרילינג, און מיר וועלן ווידער בליען... און די זעגן מיט די העק האָבן געענטפערט ציוויליזאַציע! ציוויליזאַציע!...

פאַרבייגייער האָבן ניט אויפגעהערט צו באַדויערן די צעלייגטע ביימער, ווי געפאַלענע העלדן אויף אַ שלאַכטפעלד. אומעטיקע קולות האָבן זיך געלאָזט הערן:

׳וואו וועט מען זיך אַהינטאָן אין די הייסע זומער טעג?
„אַ שאָד אַ שאָד! ס׳איז דאָך געווען אַ רעגעלע פּאַרק״...

מיני איז געקומען באַגעגענען דזשעקן, איז זי אויך געבליבן שטיין אַ פאַרציטערטע, ווי זי וואָלט אויף אַ בית־עולם פאַרבלאָנדזשעט. עס האָט איר פאַרקלעמט ביים האַרצן, ווען זי האָט פּלוצעם דערזען די צעלייגטע ביימער וועלכע זיינען אָט־ערשט דער שטאָלץ פון געגנט געווען. ערשט אָ אין די נעכט גערוישט, און איצט ליגן זיי רירן זיך ניט פון אָרט. זי האָט זיך פּלוצים אַ פּאַטש געטאָן מיט ביידע הענט אין די היפטן און כמעט אויסגע־שריגן:

„דזשי!״

מער האָט זי ניט געקאָנט רעדן...

בערקע, דער פעטער אירער, האָט קאַלט געלאַכט:

„קוק זי נאָר אָן! אפילו אויף שטיקער האָלץ האָט זי אויך רחמנות!״
ער האָט אַ צי געטאָן דעם ברודער פאַרן אַרבל. — „זאָג נאָר, מאַקס ווי קומט אין אונדזער משפחה אַזאַ צעווייקטע צדקניות״?...

מיני איז נאָך אַלץ געשטאַנען אַ פאַרקלעמטע. דזשעק האָט זי געגלעט איבער די אַקסלען און געטרייסט:

„דערפאַר, מיין טייערע, וועלן דאָך מענטשן דאָ געפינען זייער גליק...
„וועסט דאָס מעגן פאַרמאָגן אין אַ יאָר אַרום, וויפל מיר וועלן דאָ אויס־צאָלן „פיידע״ — האָט בערקע אונטערגעכאַפּט. — ״איי וועט מען צאָלן „פיידע״, ס׳וועט אַזש גיין אַ רויך״...

און אַז מען איז פּאַרטיק געוואָרן מיטן אויסהאַקן דיביימער, האָבן זיך גלייך באַוויזן גראַב־מאַשינען די ערד צעאַקערט, די גאַנצע געגנט פאַרשריען. יונגע מוטערס זענען צו ווייטע קרובים געלאָפן, זייערע פּיצלעך קינדער מנוחה צו געבן. פאַרשיידענע מאַטעריאַלן זיינען פול מיט רחבות געוואָרן צעשפּרייט איבער דעם גאַנצן אַרום. דאָ קופּעס מיט שטיינער, דאָרט ברעטער, און אַביסל ווייטער, זעקלעך מיט צעמענט. ביים עק פון טראָטואַר אַ הילצערן שטיבל פאַרן שומר ביינאַכט, וואָס שטעלט אַרויס רויטע לאַמטערנס אַז די נאַכט פאַלט צו, כדי די פאַרבייגייער, אָדער פאַרבייפאָרער, זאָלן זיך ניט צעממית׳ן. איבער דעם הילצערנעם שטיבל — אַ גרויסע שילד: „הוירש בראָדערס קאָנסטראָקשאָן קאָמפּ.״

אַלע פיר שותפים זיינען אַרומגעלאָפן פאַרשמייעט. אָט אָנגעקומען, אָוועקגעשטעלט זיך ביי די אָפענע גריבער, געשושקעט זיך אַ ווײַלע, און באַלד זיך אַ שאַף געטאָן. דאָ מיט דעם אַרבעטער, דאָ מיט אַן אַנדערן, און באַלד ווידער אָוועקגעפאָרן. בלויז בערקע איז אַלעמאָל געבליבן אויפן פּלאַץ, געקוקט מיט פאַרגאָסענע פריילעכע אויגן, זיך געטראַכט: ׳גאָטס וואונדער. באַלד וועלן דאָ הייזער אַרויסשפּראָצן״...

אַ שניי האָט אַ גאַנצן מעת־לעת ניט אויפגעהערט. אַלץ אַרום ווי מיט ווייסע מלבושים באַקליידט. אַ ביטערע קעלט האָט ווי מיט בייטשן אין פּנים געשמיסן. דער דרויסן האָט אויסגעזען ווי אַ מדבר, זעלטן ווען האָט מען אַ לעבעדיקן נפש געזען. מענטשן זיינען געלעגן פאַרקילטע אין בעטן. פאַרשלאָפּעֵנע דאָקטוירים האָבן קוים מיט די פיס געפּלאָנטערט. אייגענע זיינען דערווייל לעבן די חולאים געשטאַנען מיט ציטערדיקע ליפּן, ווי תפילה געטאָן: זאָל כאָטש קיין מגפה ניט זיין...

ביי „הוירש בראָדערס קאָנסטראָקשאָן קאָמפּ״. איז געווען פריילעך. זיי האָבן שוין געזען רעזולטאַטן. פאַרטיקע הייזער זיינען שוין געשטאַנען גרייט צו פאַרקויפן. אויסגעזען ווי פון איין פורעם, בלויז אַ נומער וועט זיי אונטערשיידן. אינעווייניק זענען זיי נאָך געווען רוי. נאָך ניט געפאַרבט. אָט וועגן דעם ענין האָבן טאַקע די שותפים גערעדט: „וואו נעמט מען פעינטער אין גלייכן געלט?״

בערקע, דער פּרעזידענט פון דער פירמע, האָט זיך דערטראַכט צו אַ פּלאַן: ער אַליין וועט קיין פּיינטערס ניט אָנשטעלן, בשום אופן ניט! וואָס דען? ער האָט אַ לאַנדסמאַן, אַ גוטער פּיינטער, וועט ער אים רופן אַהער און אים זאָגן אַזוי: הער זיך איין, הירשקע! כ׳האָב באַשלאָסן צו מאַכן

פון דיר אַ לייט... וואָס, פרעגסטו? אָט, אַזוי און אַזוי איז די מעשה...

זאָל ער זיך אָנשטעלן מענטשן וועמען ער וויל נאָר אַליין, און זאָלן זיי שמירן. ער, בערקע, וויל האָבן צו טאָן בלויז מיט אים אַליין. דאָס האָט ער געלערנט נאָך פון זיין הויזן־פּאַבריק, אַז כל־זמן ער האָט געהאַט צו טאָן מיט אַ סך באַלעמעלאַכעס, האָט ער געהאַט אַ סך „טראָבל״, ווען ער האָט אָבער באַשטעלט קאָנטראַקטאָרס, האָבן זיי זיך שוין אָנגענומען די קריוודעס פון דער פירמע... געזאָגט און געטאָן!

אָט איז שוין זיין לאַנדסמאַן דאָ. אַ מיטליאָריקער מאַן מיט קאַליע אויגן. ער ווישט זיך די פאַרהוכקעטע ברילן זיינע און רעדט זייער שטיל. דערצו פאַרהוסט ער זיך ווי אַ קינד, וואָס האָט דעם קייך־הוסט. יאָ, וואָס האָט ער געוואָלט זאָגן?

„אָבער איך בין דאָך קיינמאָל ניט געווען קיין „באָס פיינטער״. איר קענט דאָך מיך ניט פון היינט! איר ווייסט דאָך, אַז ס'איז ניט אין מיין נאַטור.

בערקע:

„כ'ווייס, כ'ווייס! אויב דו וועסט אָבער איצט־אָ, אין דער פּראָספּעריטי ניט פאַרבייגיין דיין פּרינציפּ...״ — דאָס איבעריקע האָט ער שוין גערעדט צו דער פרוי, וואָס האָט זיך נאָר־וואָס באַוויזן, איז געבליבן שטיין ווי אַ שעמעוודיק מיידל פאַר אַ שדכן... „וואָס זאָגט איר מרס. בריל, בין איך גערעכט, צי נישט!?

בריל האָט זיך דערווייל שטאַרק פאַרהוסט, צוגעהאַלטן זיין ברוסט־קאַסטן, שוין געוואוסט פון פריער, אַז ער איז נאָך ניט פאַרטיק מיט זיין הוסטן. ער האָט אַרויסגענומען פון אַ קעשענע אַ שניי־ווייס טיכעלע, געקוקט אויף דעם ווי עס וואָלט אים געווען אַ שאָד דאָס קויטיק צו מאַכן, זיך גע־ווישט זיין פאַרשוויצט פּנים, דעם שטערן...

די פרוי מיט באַדויערונג:

„איר זעט שוין, אָט דאָס איז דאָס לעבן פון אַ פּעינטער... קאָן דורך די נעכט ניט שלאָפן.

בערקע:

„אָט טאַקע דערפאַר האָב איך אים גערופן! זאָל ער אָננעמען דעם גאַנצן פּאַדריאַד און אַליין ניט דאַרפן אַרבעטן שווער.. זאָל אַ לאַנדסמאַן אויך הנאה האָבן...

בעת מאַן און ווייב האָבן זיך אין דער שטיל דורכגעשמועסט, האָט

בערקע זיך מסוכן פאַרטראַכט: ׳איגענטלעך, וואָס גייט אים אַזוי אין לעבן זיך אָנצוהייבן מיט אַזאַ חלוש ווי אָט דער לאַנדסמאַן איז״? באַלד זיך אַליין פאַרענטפערט: „פאַרשטייסט, בערקע? אָט אַזאַ מין מענטשל גלויבן אַר־בעטער... זאָל איך זאָגן, כ׳קאָן אייך ניט באַצאָלן, איז באַלד אַ שטרייק! אָבער ווען בריל וועט זיך פאַרהוסטן און זאָגן שטיל: „באַיעס, די פירמע קאָן ניט באַצאָלן,״ וועט מען אים גלויבן! ס׳וועט זיין תורת לאָקשן... פאַר־לאָז זיך אויף בערקען!״

און ווען ער האָט געזען, אַז בריל קווענקלט זיך, ס׳וועט באַלד גאָרניט ווערן פון זיין פּלאַן, איז שאַ! ער האָט נאָך עפּעס אויסגעלאָזט:

בערקע:

„מרס. בריל, האָט איר געזען דאָס ערשטע הויז, רעכטס? מיר דאַרפן עס האָבן פאַר אַ סעמפּל, איר פאַרשטייט? איז, ווייסט איר גאָר וואָס, „מופּט״ אַהין אַריין, און פאַמעלעך וועט איר עס מיר אויסצאָלן...״ וואָס נאָך האָט ער געוואָלט זאָגן? יאָ, דעם „פראָנט־רום״ דאַרף די פירמע האָבן פאַר אַן אָפיס, וועט זיי שוין קאָסטן אַ שיבוש...

ברילס פאַמיליע איז טאָקע אַ קליינע — ער, זי און אַ בת־יחידה, וואוינען אין דריי צימערן. דאָך האָט זיך מרס. בריל שטאַרק אָנגעכאַפּט אין בערקעס פאַרשלאַג. געטראַכט: „שוין צייט צו האָבן אַן אייגן ווינקל...״

אינדערהיים האָט זיך דאָס עטלעכע מאָל איבערגעחזרט. מרס. בריל האָט געטענהט:

„אויב מיר וועלן איצט ניט אָפּשפּאָרן עפּעס, ווען־זשע?״

בריל, וואָס האָט ניט געזען פאַר זיך קיין וועג ווי אַזוי אַרויסצודרייען זיך פון דער שווערער לאַגע, האָט זיך מיטן קלענסטן פינגער געקראַצט אין שרונט פון קאָפּ און אַזוי געזאָגט:

„ווייסט וואָס, טאָבי? איכל צונויפרופן די באַלעמעלאָכעס אַהער אין שטוב אַריין, זיי וועיזן דעם קאָנטראַקט און זיי זאָגן: אָט דאָס קריג איך לאָמיר זיך צעטיילן!...״

זי:

„לויט מיין ווייבערשן שכל קומט אויס אַזוי: גאָט האָט דיר באַשערט, מעגסטו פאַרדינען אַביסל מער...״

בריל האָט אויף איר אַ זייטיקן קוק געטאָן, געקלאַפּט אין טיש אַריין מיט עטלעכע בייז־געוואָרענע פינגער:

## ברוך מילער

'אַט האָסטו דיר, אַ!!! — — — —

די זון איז גלייך אינדערפרי אַרויסגעקומען מיט גרויס פּאַרנעם, אַ ברי געטאָן די משופּעדיקע, מיט שניי באַדעקטע דעכער, און באַלד האָט אָנגעהויבן שלאָגן פון זיי אַ פּאַרע. די זון האָט זיך אַ שפּיל געטאָן מיט די אייז־ליכטלעך, וואָס זיינען געהאָנגען ביי די ברעגן אַרום, זיי וואָס אַמאָל דינער געמאַכט, האָט פון זיי ווי טרערן געקאַפּעט גלייך אַרונטער אויפן קלאָרן שניי און דאָרט געבויערט געלע לעכלעך. באַלד האָבן זיי זיך אינגאַנצן אָפּגע־טשעפּעט, אַרונטער געפאַלן און צעשמעטערט געוואָרן.

פלוצים האָט זיך ביים ראָג אָפּגעשטעלט אַן אָנגעלאָדענער טראָק מיט ברילס מעבל. דריי פּאַרשוויצטע מענער האָבן אַראָפּגעטאַנצט און ווי מרגלים אַריינגעבליקט אין דעם נייעם געסל אַריין, זיך געקראַצט אין די קעפּ, איינער האָט אַ גרויסן פייף געטאָן. אַלע דריי האָבן אויסגעזען שטאַרק באַזאָרגט! ווי אַזוי פּאַרט מען אַריין מיט אַזאַ משא, אַז דער שניי איז דאָ אַזוי טיף! זיי וועלן דאָ פּאַרגרוזנעט ווערן!

בעת די „עקספּרעסלייט" האָבן געפּלאָנעוועט ווי אַרום צוצוקומען צו דעם הויז מיטן טראָק, זענען שוין דאָרטן אויפן גאַניק געשטאַנען די צוקונפ־טיקע באַוואוינער: מרס. בריל און איר טאָכטער קלאַרע, אַ מיידל פון אַ יאָר צוואַנציק, מיט אַ הויכן האַלדז און אַביסל אַ פּאַרריסן נעזל. אירע פריי־לעכע אויגן האָבן דאָס נייע געסל באַוואונדערט. דער זעלטן באַטראַכטענער שניי, וואָס האָט שימערירט אין די אויגן, האָט איר דערמאָנט ווען זי איז נאָך אַ קינד געוועזן. דער פּאָטער אירער האָט זי אויף אַ שליטעלע געפירט און זי האָט נאָר געשריגן, אַז ער זאָל לויפן שנעלער, שנעלער... זי האָט פלוצים אַרומגעכאַפּט די מוטער קושן:

„מאַ, ס'איז דאָך דאָ אַזוי שיין ווי אין אַ קאַונטרי!

ווילי הוירש איז די גאַנצע צייט געשטאַנען אויף אַ גאַניק קעגנאיבער, מיט אַ פּאַק ביכער אונטערן אָרעם, פּשוט געחלשט, אַז קלארא זאָל אַ קוק טאָן אין זיין ריכטונג: ער וועט אין קאַלעדזש ניט גיין, ביז וואַנען דאָס וועט ניט פּאַסירן! אַז אים הויבט ניט אָן צו אַרן, אויב ער וועט פּאַרשפּעטיקן...

אָבער קלאַרע, ווי אויף צו־להכעיס, האָט זיך פּאַרדבהקט אויפן שניי: וואָס, אַ שטייגער, וואָלט איר געאַרט, ווען זי טוט דאָס שפּעטער אַביסל? שאַ, אַט לאָזט זי זיך שוין גיין אין הויז אַריין!

ווילי האָט זיך אַ יאָג געטאָן זיינע לאַנגע פיס האָבן אים איינס־און־צוויי אָוועקגעשטעלט פּנים אל פּנים מיט קלאַראַן. ער האָט גראַציעז אַרונטער־גענומען זיין הוט און זיך פאַרנויגט, געשטאַנען אַ ווײַלע און באַלד גע־גאַנגען זיין וועג: ער האָט דעם טאָטן זיינעם דערזען. דאָך האָט ער עטלעכע מאָל אויסגעדרייט דעם קאָפּ אויף צוריק, געוויזן איר אויף די פינגער, ווען ער וועט זי קאָנען זען ,געוויזן אויף די ביכער: אַזאַ אַנשיקעניש...

קלאַראַ האָט אים נייגעריק נאָכגעקוקט: ווער זאָל דאָס זיין, אָט־דער יונגערמאַן? זי האָט געוויזן מיט די פינגער אויף זיך. געמיינט צו זאָגן, אַז זי איז אים שוין איינמאָל מקנא, וואָס ער גייט לערנען! זי אליין האָט געמוזט אויפהערן...

ווילי איז דעם גאַנצן וועג געווען אויפגעלייגט פון זיין זיג: אַ קליי־ניט, דאָס ערשטע מיידל פון זיין טאַטנס געסל האָט מיט אים געפלירטעוועט! ער וועט שוין כאַפּן מיט איר אַ ברייטן שמועס: זי און ער וועלן זיך נאָך וואַרפן קוילן שניי, פאַרלאָז זיך אויף ווילין...

דעם זעלבן טאָג נאָך איז אויף בערקעס באַפעל געבראַכט געוואָרן אַ גלאַנציקער ׳מאַהאָגאַני דעסק״, וואָס איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן ביי די ברילס אין „פראָנט רום״. אַביסל שפּעטער האָט שוין אַ טעלעפאָן געקלונגען, און קלאַראַ, אַ פריילעכע, איז געלאָפן ענטפערן. ביי אַ סלופּ פון גאַניק איז שוין פון פריער געהאָנגען אַ שוואַרץ שילדל מיט ווייסע בוכשטאָבן: „אָפיס״.

די שותּפים האָבן זיך דורכגעשמועסט: ווער, אַ שטייגער, זעצט מען אַוועק ביים דעסק? אַז בסך הכּל האָט קיינער פון זיי ניט קיין צייט צו זיצן אויף אַן אָרט, און בעלנים קויפער פרעגן זיך שוין היפּשלעך נאָך, איז וואָס טוט מען?

בערקע:

„פאַרוואָס טאַקע ניט מיני? מירן באַצאָלן! עלעהיי אַ פרעמדע! ס׳עט איר צונויץ קומען ס׳ביסל מזומן... הא, וואָס זאָגסטו, מאַקס?

דזשעק:

„אַנקל, אפשר גאָר ווילי? ווען איך בין געגאַנגען אין קאַלעדזש, האָב איך אויך געהאַט זייטיקע אַרבעט... איך וועל מיט אים אַ שמועס טאָן!

מאַקס האָט זיך אַביסל אַנגעבלאָזן:

„לאָז דאָס שוין צו מיר!״

ווילי איז בעת מעשה געזעסן אין דער יורידישער שול, געטראַכט

וועגן קלאַראַן און געהאַט גרויס פאַראיבל אויפן טאַטן, וואָס וויל נאָר אַז ער זאָל ווערן אַ לאָיער: פאַרוואָס לאָזט ער אים ניט פירן זיין אייגן לעבן? אים זענען אַזוי צוגעגעסן די אַלע פנימער דאָ, אַז אים ווילט זיך אינמיטן לערנען פשוט אויסשרייען... די היים־אַרבעט מאַכט גאָר אַ תל פון אים. ער מוז כאַפּן אַ שמועס מיטן טאַטן וועגן דעם...

אין אָוונט, בעתן וועטשערע עסן, האָט מאַקס הוירש גענומען רעדן וועגן דעם, ווער עס זאָל זיצן ביי דעם „מהאָגאַני דעסק״. ער האָט זיך גע־ווישט זיין פאַרשוויצט פנים מיט אַ קלאָרער סערוועטקע, און פאַרבייגייענדיק געגעבן אָנצוהערעניש, אַז מיני איז די איינציקע ביי אים אין מוח, וועלכע דאַרף טאָן די אַרבעט. דער אָנקל בערקע איז גערעכט! למאי זאָלן זיי דאַרפן אָנשטעלן אַ פרעמד מיידל? מיני האָט זיך געקווענקלט: זי איז דאָך אַזוי פאַרנומען! יעדן טאָג לויפט זי אין די דעפּאַרטמענט סטאָרס „שאָפּן״, אַ קלייניקייט, וויפל זאַכן זי האָט דאָס איצט אויפן קאָפּ... די מאַמע מיט אירע געשוואָלענע פיס קאָן דאָך איר גאָרניט באַהילפיק זיין... אַזאַ קורצע צייט פאַרבליבן צו איר חתונה.

דער פאָטער האָט אַ שליידער געטאָן די שוין קויטיקע סערוועטקע, און גערעדט אין זיין טעלער אַריין:

„אַ מאָדנע שטוב! מען וועט ניט אויסרעכענען די ביזנעס פון דאַנען אַהין״. — ער האָט באַלד אויפגעהויבן דעם קאָפּ, געקוקט אויף ווילין, וואָס איז געזעסן פאַרטראַכט: צי וואָלט ניט געווען דער פּאַסיקער מאָמענט גלייך איצט, ווען עס איז שוין אַ דוחק אין מענטשן, צו פאַרפירן אַ געשפּרעך מיטן טאַטן וועגן קאַלעדזש?

דער פאָטער האָט זיך באַגעגנט מיט זיינע בליקן:

ווילי, אפשר וואָלסטו זיך וויניקער אַרומגעשלעפּט מיט דיינע חברים? ווערסט פאַרטיק, קום, און העלף אַרויס דער שוועסטער!

נאָך איידער ווילי האָט צוזאַמענגעשטעלט אַ פּאָר ווערטער ביי זיך אין מוח, האָט מיני כמעט זיך אָנגעהויבן בייזערן:

„פאַ, אים לאָז צורו! ער האָט גענוג היים־אַרבעט!״

ווילי איז געבליבן שטעקן מיט אַ גרויסן ביסן אין האַלדז. געמאַכט מיט די הענט: איר גליק וואָס ער וואַרגט זיך, אַז ניט, וואָלט ער איר פאַר־ווערט, אַז זי זאָל פאַר אים רעדן. קלאַראַ האָט זיך גלייך באַוויזן פאַר זיינע אויגן...

דער פּאָטער האָט זיך דערווייל אָנגעצאַפּט אַ גלאָז סעלצער, געקוועטשט מיט צאָרן דאָס בלייענע קעפּל פון דעם פלעשל: זאָל ער שוין, דער תכשיט, שנעלער צעקייען דעם ביסן און געבן אים אַן ענטפער! דאָס גלאָז איז שוין געהאַט איבערגעגאָסן און ער האָט נאָך אַלץ געצאַפּט און שוין געהאַט אפילו באַשפּריצט דער פרויס זיידן קלייד. זי האָט אַוועקגענומען דאָס פלעשל און געטראַכט זיך אַזוי: מיט יאָרן צוריק וואָלט ער דאָס פון איר געכאַפּט אַ גאָב פאַר אַזאַ זאַך, אָבער היינט, גיי בייזער זיך אויף אַ 'בילדער'! ס'איז ניט דער מאַקס וואָס אַמאָל... דער הויזן-מאַנופעקטשורער...

פונדעסטוועגן האָט זיך איר ניט געוואָלט טאַקע אינגאַנצן פאַרשווייגן: ער'ט דאָך מיינען, אַז ער האָט אויפגעטאָן מי יודע וואָס פאַר אַ גוטע זאַך... האָט זי כלומרשט מיט אַ שמייכל אויף אירע דיקלעכע ליפּן אַ זאָג געטאָן:

„איר מענער זענט ווי קליינע קינדער" — געטראַכט: זאָל אים פאַר־דריסן! זי איז אויך ניט אַבי ווער...

„אַ מבין? אַ גלאָז וואַסער דאַרף מען פאַר זיי אפילו אָנצאַפּן, אַז ניט אָט האָסטו דיר אַ זיידן קלייד, ערשט אָנגעטאָן"!

מאַקס האָט גאָרניט געהערט וואָס זי האָט גערעדט. ער האָט נאָך אַלץ געוואַרט אויף אַ תשובה פון ווילין.

מיני האָט זיך ווידער אַריינגעמישט: איר מיינונג איז, אַז די פירמע זאָל אָנשטעלן קלאַראַן. זי האָט מיט יענער גערעדט בלויז איינמאָל, און זי איז פון איר אַנטציקט: אַזאַ קלוגע! אַזאַ באַלעזענע! אָט האָט זי טאַקע ערשט אַ בוך ביי איר אַנטליען. זי קלייבט זיך קלאַראַן אַריינצונעמען צווישן אירע חברטעס. אַ שאָד, וואָס אַזעלכע האָט באַדאַרפט אויפהערן צו גיין אין קאַלעדזש, זי איז זיכער געווען צווישן די בעסטע סטודענטקעס...

ווילי:

„זע נאָר, ווי זי האָט זיך דאָס צעלויבט! דו רעדסט עמיצן אַ שידוך?"

מיני:

„הלוואי קריגסטו אַזאַ כלה!"

דער פּאָטער:

„וואָס ביסטו אַריינגעפּאָרן מיט אַ זייטיקן ענין?" — געוואָלט האָט ער זאָגן, אַז ער וויל אַזעלכע רייד פון איר ניט הערן. „זי דאַרף וויסן ווער זי איז, און ווער קלאַראַ איז", ער האָט זיך אָבער גלייך געכאַפּט, אַז ער רעדט שוין ניט מער צו דער מינין פון אַמאָל. באַלד וועט זי דאָך ווערן זיין

שותפס פרוי... געטראַכט זיך, אַז צווישן פיר אויגן וועט ער איר געבן אַ ביסל מוסר: „זאָל זי מער ניט ברענגען אויף אירע ליפּן, אַז קלאַראַ, דעם פּאַרבערס טאָכטער, פּאַסט זיך פּאַר איר ברודער, אויף וועלכן עס וואַרט אַזאַ גאָלדענע צוקונפט"...

ווילי האָט ענדלעך צוגעשטימט אַרויסהעלפן מינין אין אָפּיס. געטראַכט זיך, אַז דער שריט וועט אים געבן אַ מעגלעכקייט צו באַקענען זיך גאַנץ נאָענט מיט קלאַראַן. וואָס נאָך: דער טאַטע וועט אויף אים האָבן אַ גוט האַרץ, וועט ער דאַן קאָנען זאָגן, אַז אים איז דערעסן צו זיין אַ סטודענט. ער וואָלט גע־שוואוירן, אַז דער טאַטע קוקט אַרויס אויף דעם... ס'איז דאָך אַ מאַנגל אין מענטשן...

דער פּאָטער ווידער, אַז אַלץ איז שוין געווען אין אָרדנונג, דעם אָפּיס פּאַרזאָרגט, האָט ער זיך אַ צופרידענעם גרעבץ געטאָן, זיך געטראַכט, אַז נאָך אַלעמען האָט ער וואוילע קינדער... פּאָרט אייגן בלוט און פלייש...

ווילי האָט זיך ראַפּטעם אַ הייב געטאָן פונעם בענקל, זיך דערמאָנט, אַז ער דאַרף זיך באַגעגענען מיט אַ פריינט, שוין געדאַרפט זיין דאָרט. ער האָט זיך געלאָזן לויפן. די מוטער האָט אים נאָכגעשריגן:

„וואוהין לויפטו שוין? האָסט דאָך נאָך קיין קאָמפּאָט ניט געגעסן! אירע ווערטער האָבן אָבער שוין ניט דערגרייכט זיינע אויערן. די טיר איז שוין געווען פאַרמאַכט. מ'האָט שוין געהערט זיינע פעסטע טריט אויף די טרעפּ. די מוטער האָט געלאָזט הענגען אירע באַזאָרגטע בליקן אויף דער צוגעמאַכטער טיר, געוואָלט זאָגן דעם מאַן אירן, אַז זי נעמט אָפּ שלעכטע גרויסן פונעם בן־יחיד זייערן, אָבער ווי אַזוי קאָן זי אים דאָס זאָגן, אַז אַ טאַטע איז עפּעס אַ מאָדנע באַשעפעניש... זאָל ער וויסן וואָס זי ווייסט, וואָלט ער זיך צעלאָזט מיט זיינע הענט ווי אַמאָל, ווען ווילי איז נאָך געווען אַ שנעק... זי וועט בעסער שווייגן...

מאַקס הוירש האָט שוין געכאַפּט אַ דרעמל, אַזוי זיצנדיקביים טיש. מיני איז זיך געגאַנגען איבערטאָן. זי דאַרף באַלד באַגעגענען דעם אַרכיטעקט־טאָר, „אויסגייען" מיט אים. די מוטער האָט אָפּגעראַמט פון טיש, זיך גע־טראַכט, אַז נאָכדעם ווי אַלע עסן זיך אָן, ווערט זי אָן איבעריקע, מ'דאַרף זי שוין מער ניט האָבן... זי האָט אָנגעהויבן רחמנות האָבן אויף זיך: ניטאָ פאַר וועמען אַ וואָרט אויסצורעדן! ווי באַלד אַזוי, וועט זי שוין וואַשן דאָס געפעס שפּעטער! זי וועט זיך גלייך אַריינכאַפּן צו דער שכנה, וואו אַ צאָל

פרויען קומען זיך אָפּט צונויף מאַכן „אַ גיימקע״, געשוואוירן זיך, אַז זי איז ניט אויסן צו גיין געווינען דאָרט געלט, בלויז פאַר צייט־פאַרטרייב... זי איז עלנט! יענע פרויען אויך...

שפּעטער, ווען אַלע פון הויז זענען געהאַט אַוועקגעגאַנגען, האָט מאַקס הוירש געהאַט אַ זיסן חלום. אַט ערשט די מינוט האָט ער אונטערגעשריבן אַ נייעם קאָנטראַקט פאַר אַ צאָל „לאָטס״ טאַקע גאָר אין גלייכן געלט... אַט בויט מען שוין אַ נייע גאַס מיט הייזער! דאָס מאָל האָט ער, מאַקס, אויס־געפירט, די הייזער ווערן געבויט פון צעמענט, ניט פון ברעטער: כי־כי־כי! בערקע איז געבליבן מיט אַ נאָז... ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז ער געבליבן זיצן אַ באַטריבטער: אַ חלום זאָל אים אַזוי פאַרפירן...

מר. בריל איז אַהיים געקומען אַ צעווירענער. ער האָט גלייך געוואָלט, אַז די פרוי זאָל וויסן וואָס אים טוט וויי. זי וועט אים טאַקע ניט קאָנען העלפן. דאָס ווייסט ער אויך, אָבער ער מוז זיך אַראָפּרעדן פונעם האַרצן, אַז ניט וועט ער דאָס ניט אויסהאַלטן. ער איז איר נאָכגעגאַנגען אין קיך אַריין, גערעדט צו איר פּלייצע:

„טאָבי, ניט געדאַרפט מאַכן אַזאַ נאַרישן שריט!״

די פרוי האָט אַ ציטער געטאָן ווי ער וואָלט אַ שפּריץ געטאָן אויף איר קאַלט וואַסער. זי האָט זיך צעבייזערט:

„דיין פּרינציפּ האָט זיך שוין ווידער אויפגעכאַפּט?״

ביידע זיינען געשטאַנען פּנים אל פּנים אין שמאָלן דורכגאַנג. בריל האָט איר געגעבן צו פאַרשטיין וועגן וואָס ס׳האַנדלט זיך, גערעדט מיט אַ טרויעריק קול:

„די ׳פּענטערס׳ זיינען אויסער זיך, נאָר מען מאַטערט מיך, למאי בין איך אַריינגעקראָכן אינדערמיט. דורך מיר קאָנען זיי ניט קריגן וואָס זיי קומט... טאָבי, זיי זיינען גערעכט! איך ווייס דאָס זייער גוט. ווי קום איך צו זיין אַ פאַרמאַן?״ — אין אַ ווײַלע אַרום האָט בריל זיך שטאַרק פאַרהוסט. די פרוי „האָט געוואָלט אים זאָגן: „אַט וואָס דו האָסט אָפּגעשפּאָרט פון אַלע דיינע פריערדיקע יאָרן!״ זי וואָלט אים אויך געוואָלט פרעגן וואָס ער קלייבט זיך צו טאָן. ניין זי וועט אים גאָרניט פרעגן! זאָל ער ניט מיינען, אַז זי הייסט אים עפּעס טאָן... אפשר וואָלט זי אים געראָטן צו בעטן די פּיינטערס, אַז זיי זאָלן דערווייל האָבן איינזעעניש מיט אים אין נאָמען פון

אַמאָל? ווען די פירמע וועט בויען אַנדערע הייזער אין אַן אַנדער געגנט, זאָלן זיי דאַן טאָן ווי זיי פאַרשטייען"...

בריל האָט זיך שוין געהאַט "גוט" אויסגעהוסט, און ווידער גערעדט:

"טאַבי, צו וואָס האָב איך זיך אַריינגעשטופּט אין מיטן, אַ פּאָדריאַד־טשיק געוואָרן? אַרבעטער ווילן זיך די הענט צופירן, דאַרף איך זיי אָפּהאַלטן" זי:

"נאָך מיין שכל נאָך דאַרפן דיר אַלע פאַרגעבן... האָסט גענוג אויפ־געטאָן פאַר זיי... פאַרבער מיינער, שוין צייט צו זאָרגן זיך אַביסל פאַר דיין אייגענער פאַמיליע!"

בריל האָט געהאַלטן אין איין טענהן, ער האָט ניט געהאַט קיין רעכט צו פאַרבעסערן זיך זיין לאַגע אויף דעם חשבון פון די אַרבעטער, איז אָבער קלאַראַ אָנגעקומען אַ צעפּלאַמטע, אַ צעשמייכלטע און אים איבערגעשלאָגן. די מאַמע האָט שוין געהאַט אָפּגעקערט אירע בליקן פון אים, אָקעגן גע־טראָגן זיי קלאַראַן.

און קלאַראַ האָט זיך געטראַכט, אַז טאַטע־מאַמע האָבן זיכער גערעדט וועגן איר מיט ווילין. זי וואָלט זייער וועלן וויסן זייער מיינונג... דערווייל האָט זי זיך דערמאָנט, אַז בערקע הוירש האָט איר נאַרוואָס געזאָגט אויפן גאַניק, איידער ער איז אַריינגעגאַנגען אין "פראָנט רום", אַז ער דאַרף זייער געניטיק זען דעם טאַטן אירן. זאָל ער גלייך אַריינקומען. זי וואָלט איצט געשוואוירן, אַז דער בייזער בערקע רעדט שוין צו איר ווי צו אַן אייגענער. שאַ נאַר! איידער זי פאַרגעסט, דאַרף זי לאָזן וויסן דעם טאַטן!

בריל איז בלייך געוואָרן, אַ ציטער איז דורכגעלאָפן זיין גוף. געקוקט אויף דער פרוי, אויף קלאַראַן, אַפּנים זיי חושד געווען, אַז ביידע ווייסן וועגן וואָס דאָ האַנדלט זיך... געטראַכט: ווי קומט בערקע צו שאַפן זיך מיט קלאַראַן? ער האָט זיך יאושדיק געלאָזט גיין צו בערקען. די פרוי האָט זיך מיט איר פאַרטעך אַרומגעווישט איר פאַרפּאַליעט פּנים און איז אויך מיט־געגאַנגען. געבליבן שטיין ביי די ברייטע טירן מיט די קליינע שייבעלעך, אָנ־געשפּיצט איר רעכטן אויער צו הערן: וואָס אייגנטלעך פאַר אַ נייעס האָט שוין בערקע פאַר איר מאַן? זי האָט אויסגעזען שטאַרק באַזאָרגט: עפּעס איז ניט גלאַטיק...

בערקע הוירש איז שוין געזעסן אויבנאָן ביי דעם "מאַהאָגאַני דעסק", צעשפּיליעט דאָס לעצטע קנעפּל פון זיין אויבערהעמד, וואָס האָט געדריקט דעם גרויסן קנאָפּ פון זיין גאָרגל. ער האָט פיינט, אַז עפּעס מאַטערט אים.

דערזען ברילן, האָט ער ארונטעגענומען דעם טעלעפאָן־טרייבל פונעם פלאַץ, אַוועקגעלייגט אויפן דעסק און מיט אַ שמייכל געזאָגט:

„אַז איך רעד ביזנעס, האָב איך פיינט, אַז סע גרילצט מיר אינמיטן דערינען!

בריל האָט אויסגעזען ווי אַ פאַרזינדיקטער אין אַ געריכט־הויז, וואָס וואַרט אויף זיין אורטייל. ער האָט אפילו ניט געפרעגט צוליב וואָס ער איז אַהער גערופן געוואָרן, ווי געוואוסט פון פריער, אַז ס׳איז ניט פון זיין טובה וועגן. בערקע האָט אָן הקדמות געלאָזט וויסן ברילן, אַז די פירמע האָט באַשלאָסן ניט צו פאַרבן די צימערן פון אינעוויייניק, גענוג אַז זיי פאַרבן פון דרויסן: ס׳איז ברילס גליק, וואָס ער, בערקע, האָט אויסגעפירט ביי זיינע שותפים צו בויען „פרעים הייזער״... איז וואָ־זשע וועט זיין מיט די רויע ווענט אינעוויייניק? זאָל ער, בריל, גלייך באַשטעלן פאַפיר־הענגער! אָט צוליב דעם איז ער דאָס ספעציעל געקומען רעדן מיט אים...

בריל האָט געפילט, אַז אים איז ענג געוואָרן אין האַלדז. ער האָט אויסגע־שפרייט זיינע הענט. די פינגער האָבן אַזש געציטערט. ער האָט קוים אַרויסגערעדט:

„סטייטש״!!!

„אָט אַזוי האָט די פירמע באַשלאָסן!״ — האָט בערקע מיט זיכערקייט אין זיין טאָן געזאָגט. שוין געשטאַנען אויף די פיס גרייט צו גיין: אייגנטלעך וואָס נאָך האָט ער דאָ צו טאָן?

בריל האָט אים אָבער צוריקגעהאַלטן: וואָס מיינט ער מיט דעם? ער קאָן ניט מאַכן פון זיין מויל אַכאַליעווע.

דאָ איז שוין בערקע אַריינגעפאַלן אין כעס. געוואָלט אים זאָגן: אַז בסך־הכל וואָלט ער מיט אים אויך באַדאַרפט מאַכן אַ סוף... וואָס גייט ער שטענדיק אַרום צעגראַטשעט... אַ פאַרמאַן פרעגט ניט קיין שאלות... ער האָט אָבער קיין צייט ניט געהאַט אַצינדערט אויסצוטענהען זיך מיט אָט־דעם חלוש. ער איילט זיך איצט אָפּצוקויפן „לאָטס״ האַלב אומזיסט! דעם פאַר־קויפער „טוט ווי דער קאָפּ״. זאָל זיך עמיצער אַנדערש פון דעם ניט דער־וויסן... אפילו ניט זיינע שותפים, זיי וואָלטן אים אַלעמאָל „געמאַכט גליק־לעך״... מאָרגן וועט ער דעם חלוש געבן אַ גאָב! שאַ זאָל זיין! בריל נאָר וואַרט דאָך אויף אַן ענטפער!

האַלטנדיק שוין די קילאָמקע פון דער דרויסנדיקער טיר פעסט אין זיין

האַנט, האָט בערקע כמעט מיט אָפּקומעניש געזאָגט:

„מיר האָבן קיינעם קיין יאַריד ניט קאַליע געמאַכט! דיינע פּעינטערס האָבן דאָ זייער באַבעס ירושה ניט דערלייגט! דערווייל האָבן זיי נאָך געגנוג דרויסנדיקע אַרבעט!" — מער האָט ער ניט גערעדט. גלייך פאַרשוואונדן.

בריל, ניט אַרונטערנעמענדיק די בליקן זיינע פון דער צוגעמאַכטער טיר האָט זיך אָנגעהויבן צו באַקלאָגן:

„טאַבי, דער אומגליק איז נאָך גרעסער געוואָרן!

„וואָס?"

„וואָסי, פרעגט זי נאָך! איצט וועלן די באַלעמעלאָכעס זאָגן, אַז ס'איז מיין קאָפּ דערביי... איך האָב באַווירקט די פירמע אַזוי צו טאָן, כדי זיי זאָלן זיך „צעקריכן"... הער נאָר אַ מעשה! גיי הויב זיך איצט אָן מיט „פּעיפּער־הענגערס"!

די פרוי האָט זיך צעפינטלט מיט די אויגן, געמאַכט מיטן מויל, ווי זי וואָלט דעם ענין ניט געקאָנט צעקייען. זי האָט געטראַכט: טאַקע אַ פלאָנטער! דעם מענטשן איז שוין באַשערט... באַלד האָט זי אים אָנגעהויבן צו טרייסטן:

„אָבער דו ביסט דאָך פאָרט ניט שולדיק!

„ווי אַזוי וועל איך זיי קאָנען איבערצייגן?"

די פרוי איז געבליבן שטיין אַ פאַרלוירענע: טאַקע, ווי אַזוי וועט ער איבערצייגן די פרעמדע מענטשן? אין האַרצן האָט זי געשאָלטן בערקען: דער רוח האָט אים אָנגעטראָגן פונקט פאַרן עסן! ניט געהאַט קיין צייט מיט דער ‚גוטער בשורה"! זי האָט געזוכט ביי זיך אין צעשראָקענעם מוח וואָס ווייטער צו זאָגן איר מאַן: „שאַ, זי האָט אַ פלאַן!"

„הירשקע, ווייסט וואָס? זאָל בערקע „עקספּלעינען" צו די פּעינטערס".

בריל האָט זיך פאַרקרימט, אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט דאָס האָט געזאָלט מיינען, אַז אַ פרוי בלייבט אַ פרוי... זאָל אפילו די גאַנצע שטאָט קומען צו גיין און וועלן זיי איבערצייגן, וועלן די באַלעמעלאָכעס ניט גלויבן! די שולד פאַלט אויף אים...

מיט טעג שפּעטער, זענען אַלע פיר שותפים געזעסן ביי בערקען אין הויז. אַלע האָבן זיך גע'כעס'ט. מיני, וואָס איז געקומען באַגעגענען דאָ דזשעקן, האָט געמוסרט: צי ווייסן זיי כאָטש, אַז מענטשן אינדרויסן שטעלן

זיך אָפּ, זיי מיינען, אַז מען שלאָגט זיך דאָ. צי קאָנען זיי ניט רעדן מיט אַ טאָן נידעריקער? אַלע פיר האָבן צוגעגעבן, אַז זי האָט רעכט: נו, טאַקע, מען קאָן דאָך רעדן שטילער אַביסל! אָבער באַלד האָבן זיי זיך אָפּנים פאַרגעסן, און באַלד פונדאָסניי געשריגן, נאָך העכער ווי פריער...

„זע נאָר די ראַיעלע ביזנעס־לייט! וואָס הערט זיך עפּעס מיט די „סאיד־וואָקס, טראָטוואַרן, וואָס דער מחותן זאָגט יעדן, אַז אַז מיר האָבן שוין באַצאָלט פאַר זיי? די „קאָסטימער" וועלן זיך דערנאָך „גוט קראַצן! זיי וועלן אונדז ניט בענטשן פאַר דעם.

דאָס האָט שטאַרק אויפגערעגט דעם מחותן לינדער. ער האָט אָנגע־הויבן צו טופּן מיט די פיס: ס'איז ניט אמת! ער האָט נאָך קיינעם ניט גע־זאָגט, אַז ס'איז שוין באַצאָלט...

בערקע פאַלט אַריין אין די רייד ווי אַן אַדוואָקאַט:

„האָט איר וועמען פון זיי אפשר געזאָגט, אַז מיר האָבן נאָך ניט באַ־צאָלט?" — לינדער צעשרייט זיך הויך אויפן קול: ער זאָגט ניט יאָ, ער זאָגט ניט ניין...

בערקע חוזקט:

„פאַרוואָס טאַקע ניט זאָגן דעם אמת"?

די פרוי בערקעס, וואָס האַלט אין איין דערלאַנגען הייסע גלעזער מיט טיי צום טיש און נעמט אַוועק די קאַלט־געוואָרענע, מישט זיך פלוצים אַריין:

„בערקע, דו פאַרגעסט זיך, אַז דער דאָקטאָר האָט דיר אָנגעזאָגט, וועגן דיין בלוט 'פּרעשער'"!

בערקע האָט זי אָפּגערוקט פון טיש ווי מען רוקט אָפּ אַ בענקל: זי וועט שוין פון אים קריגן! אַן אייגענע פרוי זאָל אים ניט וועלן אויס־רעכענען, אַז ער איז טאַקע אַריינגעפאַלן, אָבער ער מוז אַרויס דער גערעכטער, ווי אַלעמאָל...

לינדער:

„איר געדענקט מיינע רייד? איך האָב זיך געבעטן, איך וויל שלום!"

בערקע:

„איז פאַרוואָס־זשע, מחותן, נאַרט איר אָפּ די „קאָסטימער"?

מאַקס האָט שוין מער ניט געקאָנט הערן דעם ברודער בערקעס רייד.

ער האָט אַ זעץ געטאָן מיט אַ פויסט אין טיש אַריין, אַז עטלעכע גלעזער האָבן אַזש אַוועקגעטאַנצט פון זייערע ערטער. זיך צעשריגן מיט אַן אומנאַטירלעכן קול:

„בערקע, הער שוין אויף! הער שוין אויף! אין וואָס אַ מענטש טשעפּעט זיך אָן! די מעשה מיט די „סיידוואָקס" איז דאָך גאָר אַ צווייטער ענין. מענטשן וועלן דאָך קאָנען אָפּצאָלן צו דער שטאָט אין אַוועלכע צען יאָר צייט".

לינדער האָט זיך פרייליך געהויבן פונעם בענקל:

„אַוודאי, אוודאי, ס'אַ משל!"

בערקען האָט ניט געשמעקט, וואָס זיין ברודער מאַקס האָט זיך געשטעלט אויפן מחותן לינדערס זייט. ער קאָן נאָך אים באַלד פרעגן, פאַרוואָס האָט ער, בערקע, ניט געפונען פאַר נויטיק צו באַראַטן זיך מיט ברילן וועגן אַנשטעלן פאַפּיר־הענגער? געטראַכט זיך, אַז מאַקס איז אים שוין אַ פאַר מאָל „געשפּרונגען אין פנים אַריין". ער וואָלט אים באַדאַרפט „אָפּבאָדן אַ ביסל", זאָל ער וויסן, אַז בערקע איז מער ווי אַ ברודער. ער איז דער פירמע געטריי ווי אַ מאַמע... די פראַגע איז נאָר ביי בערקען: וואָס זאָל מען עפּעס מאַקסן אַזוינס, אַז ער זאָל פאַרזאָגן אַ צענטן ניט צו מישן זיך... זאָל ער אַקאָרשט אַ טראַכט טאָן....

דזשעק, דער אַרכיטעקטאָר, וואָס האָט זיך געאיילט אַוועקצוגיין אין טעאַטער מיט מינין, האָט באַשלאָסן אויסצוגלייכן זיינע שותפים: ווי אַזוי קאָן ער אַוועקגיין און איבערלאָזן זיי אין אַזאַ קריגערישן צושטאַנד? און אַז דער פעטער בערקע איז פּלוצים שטיל געבליבן, איז דאָס זייער ניט קיין גוטער סימן... דערוויל האָט נאָך ניט פּאַסירט, אַז ער זאָל עמעצן אָפּשווייגן. דאָס מיינט, אַז ער וועט באַלד „אויסשיסן", איז, ווי זאָגט זיין טאַטע? זאָל זיין שלום! ער האָט אַ וואונק געטאָן צו מינין: אָט וועט זי באַלד האָבן נחת פון אים! ער האָט אָנגעהויבן זיין רעדע אַזוי: דער אָנקל בערקע האָט דאָך ניט געמיינט קיין שלעכטס. דאָס וועלן דאָך אַלע צוגעבן, היינט צו וואָס זיך קריגן? אויב עמעצער וועט וועלן געפּאַרבטע צימערן, איידער מען פּעיפּערט אויס, וועט דאָך יענעם קאָסטן אַ קלייניקייט, און אַלע וועלן זיין צופרידן... נו, זאָלן זיי זאָגן צי ער איז אומגערעכט!

ביי בערקען האָבן די אויגן אָנגעהויבן צו פינקלען. ער האָט אַרויפגעלייגט אַ וואַרעמע האַנט אויף דזשעקס אַקסל און פריילעך אויסגערופן:

'אַט דאָס זענען רייד פון אַ ביזנעסמאַן! מיני, ער האָט זיך כשר פאַרדינט אַ קוש! שעם זיך ניט!"...

דאָס פאָרפאָלק האָט זיך אָנגעהויבן צו רויטלען. לינדער האָט בעת מעשה שאַרף געקוקט אויף דזשעקן. ער הייבט אים ניט אָן צו פאַרשטיין! אַלעמאָל שטעלט ער זיך אויף בערקעס זייט... געטראַכט: דער זון איז אַריינגעראַטן אין דער מאַמעס משפּחה... פאַר קיין פאַל ניט אין זיינער!!!

עס איז געווען אַ פּראַסטיקע נאַכט. אַ גאַנצע לבנה האָט דעם אויבנאַן אין הימל פאַרנומען, באַלויכטן אַלע וועגן און פאַרבאַרגענע ווינקעלעך, ווי מיט מיליאָנען לאַמטערנס. דער שניי האָט געסקריפּעט אונטער די פיס, ווי געבייזערט זיך וואָס מען מאַכט אים קריטיק .די געגנט איז שוין לאַנג געווען איינגעדרימלט. זעלטן ווען האָט מען אַ מענטשלעכן אָטעם געהערט.

זענען זיך טריט ביי טריט געגאַנגען ווילי מיט קלאַראַן, אויסגעזען ווי צוויי שיכורים, כמעט געהאַנגען איינער אויפן צווייטן. ווילי האָט פון צייט צו צייט קלאַראַן אַרומגעכאַפּט, ווי ער וואָלט זי ערשט די מינוט באַגעגנט. זיינע צעגליטע ליפּן האָבן זיך ווי צוגעקלעפּט צו איר הויכן האַלדז... קלאַראַ מיט פיבערדיקע אויגן, האָט אים כלומרשט געמוסרט:

„בעד באַי" גענוג שוין! גיי שלאָפן, זאָג איך דיר!"

„איך וואָלט מיין גאַנץ לעבן ניט מיד געוואָרן צו שטיין לעבן דיר!

ווילי:

„„זאָל איך. ."

קלאַראַ האָט אים דאָס מויל פאַרשטעלט! זי האָט שוין די ווערטער עטלעכע מאָל געהערט...

שפּעטער האָט ער פאַר איר דערציילט, אַז ער איז זייער דאַנקבאַר דעם פאָטער זיינעם, וואָס האָט זיך דערטראַכט צו ווערן אַ „בילדער", ניט אַנדערש, אַז דער פאָטער איז אויסן געווען זיין טובה, צו באַגעגענען זיך מיט איר, זיין באַשערטע... דערנאָך האָט ווילי אויסגעדריקט אַביסל פאַר־איבל אויפן טאַטן: למאי ווילן עלטערן ניט פאַרשטיין דעם יינגערן דור! וואָס זאָל ער טאָן, אַז ער האָט מער ניט קיין חשק צו גיין שטודירן? צו וואָס לוינט זיך אים צו ווערן אַ לאָיער! זאָל זי טאַקע אַליין זאָגן! אַט איז ער מיט אַ פּאָר טעג צוריק זיך געשטאַנען אַזוי לעבן די נייע הייזער, קומט אָן איינער: ער וויל קויפן אַ הויז! האָט ער דעם קויפער אַרומגע־

פירט, געוויזן דאָ, געוויזן דאָרט, אָבער ניט אומזיסט, מען האָט אים געמוזט באַצאָלן פאַר זיין טרחה, „קאָמישאָן“, הייסט עס... וואָס האָט ער אָבער פון די שעה׳ן, וואָס ער זיצט אין לאָ־סקול?

קלאַראַ, וואָס האָט די גאַנצע צייט געגלעט זיינע צעפלאָמטע באַקן, האָט אים פלוצים אָפּגעשטעלט: זאָל ער מער ניט רעדן אַזוי! דער טאַטע זיינער איז גערעכט! זי וויל אויך ניט אַז ער זאָל איבעררייסן דאָס לערנען.

ווילי האָט זיך געדונגען מיט איר: צי ווייסט זי, אַז אים טראַכט זיך שוין באַצייטנס פון אַ תכלית? אַז זי און „ריעל עסטעיט“ זענען גענוג אויף זיין קאָפּ?

קלאַראַ האָט באַשלאָסן מער ניט צו פאַרציען דעם געשפּרעך. זי האָט אָנגעכאַפּט די קאַלטע קליאַמקע און ווילין ווי אַ סוד איינגערוימט:

„מיין טייערער, גיי שלאָף זיך אויס! אַ גוטע נאַכט!“

מר. בריל איז ווידער אהיים געקומען אַ באַטריבטער. גלייך אויפן שוועל האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, אַריינגעבליקט אין פראָנט רום, צי איז דאָרט קיינער ניטאָ, און אַז ער האָט דאָרט שוין קיינעם ניט געזען, האָט ער ווי אויסגעשריגן:

„טאָבי, ווער איז געווען גערעכט? — די בעסטע פריינט מיינע האָבן מיך פאַרלאָזט: זיי ווילן מיך מער ניט קענען. די „פּראָספּעריטי“ האָט מיך אויס מענטש געמאַכט, זאָגן זיי, אפשר זיינען זיי טאַקע גערעכט?“

די פרוי האָט אויף אים געקוקט מיט גרויס מיטלייד: זי וואָלט אים וועלן זאָגן אַ פּאָר גוטע ווערטער, אָבער זיי קומען ניט אַזוי אָפּט... אַ פרוי צו אַ מאַן איז דאָך ווי אַ מאַמע צו אַ קינד, זי דאַרף טרייסטן... אין קאָפּ ביי איר האָבן זיך גראַד געדרייט ווערטער, זי איז אָבער ניט געווען זיכער צי טויגן זיי צו עפּעס: הירשקען, אַז זי וועט ניט געבן די ריכטיקע ווערטער, נאָר סתם עפּעס זאָגן, וועט זי אים נאָך מער וויי טאָן...

בריל, ווי ער וואָלט וועלן פאַרגעסן אין זיך, האָט פלוצים אַ פרעג געטאָן:

„וואו איז ערגעץ קלאַראַ? זי שלעפּט זיך שוין ווידער אַרום מיט דעם תכשיט? ער וואַקסט אַ פּרי, ווי דער פּעטער בערקע... נאָך דאָס פעלט מיר, צו ווערן זיין מחותן. אַ מענטשן ווי צו טאָן, איז דאָך ביי דער דאָזיקער פאַמיליע אַ שפּיל אַזאַ... פּע, כ׳האָב זיי אַלע פיינט!“

דאָ האָט שוין די פרוי געקראָגן לשון. זי וואָלט געקאָנט רעדן און רעדן: לויט איר מיינונג, האָט זייער ווּיסטער מזל גאָרניט צו טאָן מיט די קינדער! זיי האָבן זיך ליב, איז וואָס קאָנען היינט טאַטע־מאַמע טאָן צו דעם? און וועגן ווילין, האָט זי סיי ווי סיי אַן אַנדער מיינונג. זי וואָלט געשוואוירן, אַז ער איז אַ וואוילער בחור...

בריל האָט זיך געטראַכט, אַז ער וואָלט באַדאַרפט דערציילן, ווי אַזוי דער וואוילער בחור נאַרט שוין באַצייטנס אויס געלט פון די אָרימע קויפער, ער פאַרלייקנט זיך, אַז ער איז איינער פון דער פירמע, ער איז אַ „בראוקער" און פאַרטיק... זי מיינט, אַפּנים, אַז שיינע רייד מאַכן אַ מענטשן פאַר אַ שיינעם מענטשן, זיין פרוי וואָלט דאָס שוין גראַד באַדאַרפט וויסן...

קלאַראַ איז אַריין ווי אַ וויכער. אירע בלויע אויגן האָבן געגלאַנצט. זי האָט גלייך אויסגעזונגען:

„העלאָ פּאַ! העלאָ מאַ!" — איר האַרץ איז געווען אָנגעפּילט מיט פרייד. זי האָט ביידע אויף אַמאָל אַרומגעכאַפּט קושן. דעם פאָטער נאָך מער.. געטראַכט: ווען ניט ער, וואָלט זי דאָך ניט געווען באַקאַנט מיט ווילין...

בריל האָט אַ וויַיל פאַרהאַלטן זיין בליק אויף איר: ווי שיין זי איז אויסגעוואַקסן! מיטאַמאָל געקראָגן רחמנות אויף איר. געטראַכט: דער קאָנטראַקט וועט זיך ענדיקן, וועט ער זיך באַפרייען פון דער פאַמיליע הוירש, אפשר וועט ער דאָס הויז גלייך פאַרקויפן... ער האָט איבער גע־געטראָגן דעם בליק אויף זיין פרוי, פאַראיבל געהאַט אויף איר, וואָס זי האָט זיך געלאָזט פון בערקען אַהער אַריינגאַרן, זי האָט געמיינט, אַז ס'איז פון זייער טובה וועגן...

קלאַראַ האָט בשום אופן ניט געקאָנט פאַרשטיין ווי אַזוי מענטשן קאָנען דאָס איצט זיין אומעטיק. דערצו נאָך אירע אייגענע. דער טאַטע אירער, וואָלט זי געשוואוירן, האָט ערשט, די סעקונדע, אַ זיפץ געטאָן. זאָל ער איר באַלד זאָגן וואָס דאָ קומט פאָר!

בריל האָט געווישט זיינע פאַרהוכקעטע ברילן און כמעט מיט אַ קרעכץ אין זיין טאָן גערעדט:

„קינד מיינס, ס'אַ פאַסקודנע וועלט!..."

קלאַראַ האָט זיך כמעט אָן איר וויסן צעלאַכט הויך אויפן קול. אַפּנים ניט געוואָלט איינשטימען מיטן פאָטער: צי ווייסט ער כאָטש, אַז זי פילט ווי צו גיין טאַנצן? אָט גייט זי דאָך באַלד מיט ווילין אין טעאַטער.

איז דאָס אַ פּאַסקודנע וועלט? זי האָט אָבער באַלד חרטה געהאַט, וואָס זי האָט זיך אַזוי צעלאַכט. זיך דערמאָנט, אַז דער טאַטע איז אַ קראַנקער מענטש, אַזאַ האַנדלונג וועט אים ווי טאָן. איז וואָס־זשע זאָל זי אים זאָגן? אפשר אים זאָגן, אַז דורך איר ווילין וועט זי פּועלן, אַז די פירמע זאָל מיט אים מטיב זיין? ניין, ניט צו איר פאָטער קאָן מען אזוי ריידן...

די מוטער האָט זיך אַריינגעמישט:

„לאָם איך דיר זאָגן, טאָכטער, וואָס דיין טאַטן קוועטשט!"

בריל האָט אויף איר אָנגעשטעלט זיינע קלאָרע ברילן, דורכגעפינטלט מיט זיינע מאטע אויגן, געצויגן מיט זיינע אַקסלען, געמיינט צו זאָגן: "איז דאָס עטיש, טאָבי, אַריינצושפּרינגען ווי אַ ציג אין גאָרטן?"

די פרוי האָט זיינע תנועות גאָר אַנדערש פאַרשטאַנען: דאָס איז ער אַפנים צופרידן וואָס זי רעדט פאַר אים, אויסערדעם, איז ביי איר אויך ניט געווען קיין גאַנצקייט אין אירע געדאַנקען: צי ווייסן יונגע קינדער וואָס זיי ווילן? צי דענקט ניט קלאַראַ, אַז מען דאַרף זיך אַמאָל באַראַטן מיט אַ מאַמען?...

דאָ האָט זיך שוין קלאַראַ צעוויינט: זי האָט זיך קיינמאָל ניט פאַר־געשטעלט אַז אירע טאַטע־מאַמע זאָלן זיין אַזוי אַלטמאָדיש... דערנאָך האָט זי זיך געסוד'עט מיט דער מוטער: זאָל זי וויסן, אַז ווילי האָט איר ערשט נעכטן געזאָגט: אויב עמעצער וועט זיך אים שטעלן אין וועג, וועט ער זיך סמען...

די מוטער האָט אַ ציטער געטאָן. געבליבן זיצן מיט אַ פאַרוואָרפענעם קאָפּ. אָט־אָט חלשט זי אַוועק!

בריל האָט נערוועז געלאָזט טאַנצן זיינע נייגעריקע בליקן דאָ אויף דער פרוי און דאָ אויף קלאַראַן: וואָס פאַר אַ סודות אינמיטן דערינען?

די מוטער האָט באַלד אונטערגעיאָגט קלאַראַן:

„נו, גיי שוין, גיי, קינד מיינס און אַמוזיר זיך!" — אפילו ניט אָנ־געזאָגט איר צו קומען אהיים אין צייט. אַז זי קאָן ניט איינשלאָפן ביז זי זעט ניט צוריק אינדערהיים קלאַראַן. די מוטער האָט באַצייטנס באַשלאָסן ניט צו מישן זיך... ניט געקאָנט טראַכטן אפילו צו זאָגן דער טאָכטער אַנדערש...

ווען קלאַראַ איז שוין געווען פון יענער זייט טיר, האָט זי באַשלאָסן: נשקשה, אַ טאַטע מעג אויך וויסן וואָס עס קומט פאָר מיט דער טאָכטער.

זי וועט זיך שוין מער ניט מישן. זי וויל ניט טראָגן אויף זיך אַזאַ אומגלק... נאָך דאָס פעלט איר, אַז ווילי זאָל זיך סמען און מ'זאָל וואַרפן אויף איר די שולד.

בריל איז געבליבן זיצן גלייכגילטיק, נאָכדעם ווי די פרוי האָט פאַר אים דעם סוד אַנטפּלעקט. זי האָט אים שטאַרק מקנא געווען וואָס ער, אַזאַ חלוש, איז שטאַרקער פון איר. אַז בסך הכל ציטערן איר נאָך די קני...

ער, בריל, האָט געזאָגט גאַנץ געלאַסן:

„טאָבי דער בחור איז שוין אַ פאַרסמטער"...

די פרוי האָט זיך געבייזערט:

„וואָס רעדסטו מיר עפּעס פילאָזאָפיע אין אַזאַ צייט!"

בריל האָט זי געגלעט איבער די פּלייצעס און אין אַ חוזק-טאָן געזאָגט:

„פאַרשטייסט, אַז מען האָט אַזאַ טאַטעלע, מיט אַזאַ פעטערל, טוט מען בלויז יענעם ווײ! די מענטשן האָבן זיך צופיל ליב..."

וויבאַלד אַזוי, האָט שוין די פרוי אָנגעהויבן כאַפּן וואָס דער מאַן מיינט אַרויסצוברענגען. זיך געטראַכט, אַז דער מאַן האָט דאָס בכיוון דערציילט, כדי צו טרייסטן זי. אפשר איז ער טאַקע גערעכט? אַ בחור וואָס האָט פון אַלעם גוטן, וועט זיך ניט גיין סמען איבער אַן אָרעם מיידל...

שפּעטער, ווען זי איז שוין געלעגן אין בעט, און ניט געקאָנט אַנט-שלאָפן ווערן, האָבן זי בייזע געדאַנקען ווידער געמוטשעט: ס'טרעפן דאָך פאַרט אַזעלכע זאַכן! ניט איינמאָל שוין געלייענט אין די צייטונגען. אַז אַ מאַמע דאַרף הערן און זען און שווייגן... זי האָט דערמאָנט זיך אין די גלייכגילטיקע ווערטער פון איר מאַן, צו שטילן אירע מרה-שחורה'דיקע געדאַנקען.

יענע נאַכט זענען ווילי און קלאַראַ אַהיים געקומען שפּעטער ווי אַלעמאָל. עס איז שוין באַלד געווען טאָג. ווען זיי זיינען אַרויס פון טעאַטער, זענען זיי גראַד גליך געפאָרן אַהיים, נאָר שלאָפן גיין האָבן זיי זיך ניט גע-איילט. געזעסן שעהן נאָכאַנאַנד אויפן גאַניק, מויל צו מויל, און סודותדיק געשמועסט. ווילי האָט איר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז פון איצט אָן און ווייטער דאַרף זי זיין אויף זיין זייט... ער איז דאָך שוין מער ניט קיין יינגעלע, ער קאָן פאַרדינען געלט באַגלייך מיט אַלעמען. אויב טאַטע-מאַמע וועלן זיך אים שטעלן אין וועג, זאָל זי מיט אים אַנטלויפן פון דער היים און קיינמאָל ניט קומען צוריק.

קלאַראַ האָט אים לייכט געפּאַטשט מיט אירע שפּיץ פינגער איבער זיינע פּוכקע באַקן און גערעדט מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם, קוים צו הערן: וואָס זיינען אירע עלטערן שולדיק אין דעם? פאַרוואָס רעכנט ער זי ניט אויס? וואָס איז די איילעניש? זיי האָבן נאָך גענוג צייט צו גיין חתונה האָבן!

ווילי איז בייז געוואָרן: שוין צום צווייטן מאָל, אַז זי צעשטערט זיינע פּלענער. האָט ער איר געזאָגט, אַז ער וועט זיך סמען אויב עמעצער וועט זיך אים שטעלן אין וועג, האָט זי אים געענטפערט, אַז ער זאָל מער אָט־די ווערטער אויף זיינע ליפּן ניט ברענגען. אַזוי רעדט אַ שוואַכלינג... לערנען מוז ער אויך, נאָר צוליב איר! ער וועט איר שוין מער גאָרניט דערציילן, וואָס ער קלייבט זיך צו טאָן...

אויפן וועג אַהיים האָט ווילי באַשלאָסן ביי זיך, אַז גלייך מאָרגן וועט ער זאָגן זיינע עלטערן, אַז קלאַראַ איז זיינע און קיינער וועט אים פון איר ניט שיידן, קיינער!....

מאַקס הוירש האָט לכתחילה ניט געקאָנט איינשלאָפן, צוליב דעם וואָס זיינע געשעפטן גייען ניט אויפן ריכטיקן וועג. ער האָט געטראַכט: ניט געטאָרט דערלאָזן, אַז בערקע זאָל האָבן צו טאָן מיט אַרבעטער, ער וועט זיכער דערפירן צו אַ סטרייק. דערנאָך: וואָס הייסט זיין בן־יחיד זאָל זיך חנדלען צו אַ קבצנישער טאָכטער! און אַז מאַקס האָט דערפילט, אַז די פרוי זיינע איז אויך וואַך, האָט ער זיך אַליין געפרעגט: למאי שלאָפט זי ניט? טאַקע כדאי צו וויסן!

„ווי אַזוי קאָן איך איינשלאָפן, אַז ווילי איז נאָך ניט אַהיים געקומען. צי ווייסט ער ניט אַז ביז ער וועט קומען, קאָן זי מיט קיין אויג ניט צומאַכן?

מאַקס האָט שוין אינגאַנצן פאַרגעסן אין זיינע עסקים. געלעגן און אַריינגערעדט אין קישן:

„אַ מאַמע דאַרף אַכטונג געבן אויף קינדער! איך בין דאָך אַלעמאָל פאַרנומען אַז דער רוח זאָל דאָס נעמען פאַר וועמען האָרעווע איך, אויב ניט פאַר זיי! קינדער אין אַמעריקע! לערנען וויל דאָס ניט, נאָר אַרומשלעפּן זיך מיט מיידן, דאָס יאָ! ער וואָלט אַ בעלן געווען צו וויסן, צי האָט זיך אים אָט־די קלאַראַ נאָך ניט צוגעגעסן...

די פרוי האָט אָפּגעזיפצט. וויבאַלד אַזוי, האָט שוין מאַקס דערקענט

אין איר זיפצעלע, אַז זי ווייסט פון אַלץ און לאָזט אים ניט וויסן. האָט ער זיך גלייך אויפגעזעצט, געסטראַשעט, אַז ער וועט ווילין אויף שטיקער צערייסן; וואָס מיינט ווילי, ער איז אַ יתום? ביים טאַטן זיך ניט אַנצופרעגן איז דאָך אין אונדזער גראַד ניט געהערט געוואָרן...

ביי דער דרוסנדיקער טיר האָט ווילי בעת מעשה פאַמעלעך געדרייט מיטן שליסל, אַפּנים ניט געוואָלט קיינעם אויפוועקן. באַשלאָסן זיך אַריינ־צושאַרן שטיל, זיך לייגן אין בעט אַריין, גלייך ס'האָט גאָרניט פּאַסירט.

דער פאָטער האָט זיך אים געלאָזט גיין אַנטקעגן: ער וועט דעם תכשיט מכבד זיין מיט אַ פּאָר פּראַסק! זאָל ער וויסן ווי אַרומצושלעפּן זיך מיט דער מויד...

די פרוי האָט זיך שוין אויך געהאַט אויפגעזעצט און אים דעם וועג פאַרשטעלט: זאָל זי שטאַרבן אויב ער וועט איצטער מאַכן אַ סקאַנדאַל! שפּעטער מיט געבעט:

„מאַקס, טו מיר צוליב און האַלט איין דעם כעס דיינעם ביז אינדערפרי! קוק אים נאָר אָן! ער מוז זיך שוין קילן דאָס האַרץ! דו ביסט דאָך ניט בערקע... גיי לייג זיך צוריק, זאָג איך דיר!"

„מאַקס:

„וואָס אַרט דיך, אַז ער וועט אונדז אַריינשלעפּן אין אַ בלאָטע? מ'וועט נאָך דאַרפן צאָלן אַ "בריטש אָוו פּראָמיס". דו האָרעוועסט דען אויף אַ דאָלאַר ווי איך! איך וויל ניט וואַרטן ביז ס'וועט זיין צו שפּעט!"

ביי די ווערטער האָט זיך שוין די פרוי צעוויינט:

„גיי, גיי, טו וואָס דו ווילסט! מאַך אַ סקאַנדאַל!"

מאַקס האָט מיט זיין גאַנצן כוח אַ זעץ געטאָן אין פּאַרענטש פון בעט און זיך גלייך צוריקגעלייגט. שוין מער ניט גערעדט. געלעגן מיט כלומרשט צוגעמאַכטע אויגן און געטראַכט ווי אַזוי צו פאַרפירן אַ געשפּרעך מיט ווילין גלייך אינדערפרי: אָט לויפט ער צו און דערלאַנגט אים דעם ערשטן פּאַטש. „נישקשה מיין טאַטע האָט מיר דערלאַנגט פּעטש ווען איך בין געווען עלטער פון ווילין. פאַר וועמען רייס איך איין וועלט?" — האָט ער זיך אין דער מחשבה באַקלאָגט. דערווייל איז ער געלעגן באַלאָדן מיט צאָרן, געשטופּט שטיקער נאַכט. אַ מבין ווי זי קריכט! די היינטיקע נאַכט? ווי אים אויף צו להכעיס...

די פרוי ווידער, האָט פּלוצים גרויס רחמנות געקראָגן אויף ווילין: וואָס

וויל מען האָבן פון אים? געוואָלט דערמאָנען איר מאַן, אַז בסך הכל האָט מען אים, ווילין, מיט אינסטרומענטן פון איר בויך אַרויסגעשלעפּט. ער האָט דאָך גאָרניט געהאַט קיין חשק צו קומען אויף דער וועלט... זי און ער דאַרפן זיך פילן גליקלעך, ווען ער איז אַזוי שיין אויסגעוואָקסן. ער האָט דאָך שוין איצט אייגענעם שכל. ער איז אַ גרויסער שטיפער, נו, מיט דער צייט וועט ער ווערן אַ געזעצטער...

פון דרויסן האָט זיך שוין דערהערט דאָס קאָמאַנדעווען פון דעם מילך־מאַן מיט זיין פערד. פלעשער מילך האָבן דורך פאַרמאַכטע טירן דעם ערשטן גוט־מאָרגן אריינגעזונגען. ווילי איז שוין לאַנג געהאַט איינגעשלאָפן. אויף זיין פּנים איז געווען אויסגעשפּרייט אַ שמייכל. ער האָט געהאַט אַ זיסן חלום. קלאַראַ האָט אין זיינע אויערן אַריינגעלאַכט...

גאַנץ פרי האָט אָנגעהויבן קלאַפּן אַ שטורם־רעגן אין די פענצטער. די משפּחה איז געזעסן ביים קיך טיש און געגעסן פרישטיק. ס׳איז געווען שאַ שטיל. קיינער האָט קיין וואָרט ניט גערעדט, ווי זיך צוגעהערט צום רעגן. פון צייט צו צייט האָבן עטלעכע מיילער אויפאַמאָל געגענעצט. דער פאָטער האָט די גאַנצע צייט געהאַלטן אין איין אַרומשמעקן ווילין מיט זיינע שטע־כעדיקע בליקן. ער וואָלט שוין דעם קריג אָנגעהויבן, האָט אים אָבער די פרוי באַשוואוירן, אַז צום ערשטן זאָל ער לאָזן די קינדער רואיק אָפּעסן, אַז ניט, וועט מען זיך נאָך צולויפן אַן עסן. ער האָט אויף איר געהאַט פאַראיבל. „דער שכל פון אַ יידענע! נאָכן עסן, וועט מען זיך דאָך אוודאי צעלויפן". ער וויל אַן עפּן טאָן דאָס מויל, באַגעגענט זי אים גלייך מיט אַ פינגער. „ניט איצט", מיינט דאָס.

ווילי איז געווען מיט זיך צופיל פאַרנומען, ער האָט ניט אָנגעהויבן צו וויסן, אַז צאָרן לויערט איבער אים, פאַרקערט, ער האָט שוין עטלעכע מאָל געמאַכט אַ פאַרזוך אַ שמועס צו טאָן וועגן קלאַראַן: שוין צייט, אַז זיי זאָלן וויסן! און פּונקט ווען ער האָט שוין געהאַט די ווערטער אויפן צונג, איז דער פעטער בערקע אַריין אַ פאַרסאָפּעטער, טיילווייז אַן אויסגעווייקטער. פון זיין צוגעמאַכטן שירעם האָט אַ ריטשקעלע געראָנען. די שווערגערין האָט זיך גלייך אויפגעשטעלט, געוואָלט ביי אים צונעמען דעם שירעם פון די הענט. ער האָט זיך אָבער געווערט:

„פּעני, באַדער זיך ניט! מיר מוזן באַלד גיין!"

די פרוי האָט מיט גרויס עגמת נפש געקוקט אויפן אָפּגעוואָקסטן דיל, אויפן ריטשקעלע, וואָס האָט זיך געשלענגלט. געטראַכט: פֿאַרפֿאַלן! זי וועט מיט איר שוואָגער בערקע ניט אָנהויבן! ער קאָן איר באַלד „אָפּשפּילן" אַ „גוט־מאָרגן", אַז איר וועט באַנג טאָן... זאָל שוין דער דיל אַ תּל ווערן!

בערקע איז געבליבן שטיין אָנגעשפּאַרט אויף זיין שירעם און גע־שטראָפט: — „מענטשן זאָלן דאָס שלאָפן אַזוי שפּעט! מיך טראָגט דאָס פּשוט אונטער"...

„וואָס־זשע איז פֿאַר אַ נייעס, בערקע?" — האָט זיך מאַקס אויפגעשטעלט, געבליבן שטיין מיט אויסגעבלייכטע באַקן, דערוואַרט אַ שלעכטע בשורה. באַלד איז ער צוגעקומען גאַנץ נאָענט:

„נו, זאָג שוין, וואָס האָט פּאַסירט?"

„אַז מען שלאָפֿט ביז 13 אַזייגער, ווייס מען פֿון גאָרניט!" — האָט בערקע ניט אויפגעהערט צו שטראָפן.

„נו, נעם מיר ניט אַרויס די נשמה, ברודער מיינער!" — האָט זיך מאַקס געבעטן ווי אַ קינד.

בערקע האָט אויסגעצויגן זיין ציינג־פֿינגער, ווי אַ פֿאָטער צו אַ זון, וואָס האָט זיך ביי אים פֿאַרזינדיקט:

„כ'האָב זיך געבעטן, לאָמיר אָפּקויפן די „לאָטס" ביי דער עוועניו, מ'דאַרף האָבן אַ שול, אַ מאַרקעט, אָדער גלאָט סטאָרס, האָסטו געזאָגט: מען דאַרף ניט! נו, זענען געקומען פֿרעמדע רוחות, נייע „בילדערס" אויף אונדזערע קעפּ! דערווייל זיינען מיר נאָך קיין מיליאָנערן ניט געוואָרן..."

„איז וואָס־זשע ביסטו געקומען, זיך רייצן מיט מיר?" — האָט זיך מאַקס שיעור־ניט צעוויינט — „כ'האָב מיר מיינע צרות"... — בעת מעשה געקוקט אויף ווילין. באַלד האָט ער חרטה געהאַט, אַז ער וויל גאָרניט בערקע זאָל וויסן וואָס ביי אים אין הויז טוט זיך איצט... ער האָט זיך צוריקגע־קערט צו זייער געשפּרעך:

„בערקע, האָסט שוין אַפּנים פֿאַרגעסן, אַז מ'האָט געמאָנט צוויי מאָל אַזוי פֿיל, ווי פֿאַר די ערשטע „לאָטס"? ס'איז דאָך הימל־שרייענד"?

בערקע, ווי ער וואָלט געוועזן צוגעגרייט צו אַזעלכע רייד, האָט מאַקסן גלייך אַריינגעשריגן אין פּנים אַריין:

„וואָס הייסט עפּעס, מען קאָן ניט? דו צאָלסט דיין געלט? דערלאַנג נאָר איצט די סחורה, פֿאַרשטייסט? אַלזאָ, טו זיך שוין אָן! דער מחותן

וואַרט אויף אונדז! מיר גייען אָפּקויפן אַלע לײדיקע לאַטס אַרום"...

„האָסט דאָך נאַרוואָס געזאָגט, אַז די נייע 'בילדערס' האָבן שוין"...

בערקע האָט אים ניט געלאָזט פאַרענדיקן, ווי ער וואָלט זיך מיט אים וועלן אָפּרעכענען וואָס ער, מאַקס, האָט אים פריער ניט געלאָזט אויסרעדן. גע־געבן צו פאַרשטיין, אַז יענע האָבן טאַקע געגעבן האַנט־געלט, אָבער ער קאָן זיך שוין פאַרלאָזן אויף זיין ברודער בערקע, ער האָט שוין אָנגעשמעקט, אַז ס'איז דאָ אַ מעגלעכקייט אויסצוקויפן...

ביידע זענען גליך אַוועק. מאַקס האָט זיך שוין געהאַט פאַרגעסן וועגן דעם ענין פון ווילין. בערקע האָט אַלץ ביי אים אין מוח פאַרלייגט מיט לײדיקע „לאַטס", וואָס זיי גייען שוין אויסקויפן. זיי האָבן זיך שטאַרק געאײלט. בערקע האָט שוין באַצייטנס שווער געסאָפּעט, דאָך, געלאָפן פאַר־כאַפּן די „לאַטס" פון שונאים, די נייע 'בילדערס', געהאַלטן אין איין באַ־קלאָגן זיך: אַלץ איז אויף זיין קאָפּ! ווען ניט ער! ווען ניט ער...

מאַקס האָט זיך געטראַכט: אַז ער באַרימט זיך שוין יאָ, מוז ער אים טאַקע זאָגן, אַז קיין גרויסן נחת פון דעם, וואָס בערקע האָט אָנגעשטעלט דעם לאַנדסמאַן, האָט ער ניט... איצט איז די צייט דאָס אים צו זאָגן...

בערקע האָט זיך גליך אָפּגעשטעלט, אָנגעהויבן קאָרטשען מיטן שטערן:

„וואָסי, אפשר ווייניק געלט אונדז איינגעשפּאָרט? זאָל ער זיך עסן זיין האַרץ מיט די שמירער!

„ס'איז ניט דאָס!" — האָט מאַקס געגעבן צו פאַרשטיין.

„וואָס־זשע דען"? — האָט שוין בערקע מאָדנע אָנגעהויבן צו פינטלען מיט די אויגן, געטראַכט: אוודאי אַ גנבהלע! איי, וועט ער דעם חלוש דערלאַנגען.

און אַז מאַקס האָט זיך גאָר אָנגעהויבן צו באַקלאָגן אויף קלאַראַן: „זי האָט געוואָרפן אַן אויג אויף ווילין", און ער האַלט זיך אין איין אַרומ־שלעפּן מיט איר, האָט זיך בערקע פריי צעלאַכט. זיך פּשוט געהאַלטן ביי די זייטן: „כע־כע־כע, זע נאַר, זע! וואָס דעם ביזנעסמאַן ליגט אין קאָפּ!"

מאַקס האָט זיין שטאַרק באַליידיקט. געטראַכט: אַ מענטש ווי בערקע, הייבט ניט אָן צו פאַרשטיין, וואָס עס מיינט אַזוינס צו זיין אַ טאַטע ביי דער היינטיקער צייט... צו וואָס האָט ער פאַר אים „געעפנט" זיין האַרץ?...

# די צוויי משפחות

בערקע איז באַלד געוואָרן „טויט" ערנסט. געקראַצט זיך אונטערן האַרטן קאַפּעליוש און אָנגעהויבן צו טרייסטן מאַקסן:

„דו נאַר, זאָלן מיר אַזאַ דאגה האָבן פּטור צו ווערן פון די נייע בילדערס ווי מיר האָבן אַ דאגה פּטור צו ווערן פון דער מויד... דו זאָג נאָר דיין שוועגערין, און זי וועט מאַכן אויס ליבע. מ'וועט זיך פיינט באַקומען. אַז מיינע וויל, קאָן זי... מיר האָבן ניט קיין צייט צו "באַדערן" זיך מיט אַזעלכע זאַכן. די פּרויען וועלן שוין צו דעם „טענדען"...

און אַז די „ברידער הוירש קאָנסטראַקשאָן קאָמפּ." איז געלונגען אויסצוקויפן די „לאָטס" און פאַרטרייבן זייערע שונאים, די נייע „בילדערס" האָט זיך מיסטער לינדער מישב געווען און צוזאַמענגערופן אַן עדה יידן צו זיך אין הויז אַריין און צו דער עדה אַזוי געזאָגט:

„יידן, גאָט איז טאַקע איבעראַל, דאָך ליגט אויף אונדז אַ הייליקער חוב צו בויען אַ מקום קדוש, אַ תלמוד תורה, ווי ס'פּאַסט פאַר אונדז יידן... געטראַכט: אַז בערקע וועט דאָס אויסגעפינען, וועט ער זיך ווייניקער באַרימען,, אַז בלויז ער איז דער גרויסער אויפטוער...

יידן האָבן זיך געשושקעט: מר. לינדער איז גערעכט! דאָרט וואו יידן וואוינען דאַרף זיין אַ מקום קדוש, דאַרף זיין...

אַנדערע האָבן געאויקעט: דערווייל זענען זיי נאָך ניט פאַרטיק מיט זייערע מאָרטגעדזשעס, איז ווי קאָנען זיי זיך אונטערנעמען אַזאַ עול?

וויבאַלד אַזוי האָט מר. לינדער מיטיב געווען מיט זיי: זאָל מען טראַכטן. די הויפּט־זאַך: דער ווילן..

נאָך אַ פּאָר שטילע מיטינגען, אַז די שותּפים זיינע זאָלן ניט וויסן, אפילו ניט דער אַרכיטעקטאָר, זיין זון, איז אים ענדלעך געלונגען צו קריגן אַ מאַיאָריטעט יידן אויף זיין זייט. דאָס פּנים האָט ביי אים געפלאַמט בעת ער האָט געשטעלט כיבוד צום טיש. ער האָט דער ערשטער ווי אויסגעזונגען:

„לחיים. יידן. לחיים! זאָלן מיר גאָר אינגיכן זוכה זיין צו בויען דאָס

בית המקדש אין אונדזער אייגענעם לאַנד"... — געטראַכט: איצטער אַרט אים שוין ניט אַז די שותּפים זאָלן אָנקומען. זאָל בערקע זען, וואָס ער, לינדער, האָט אויפגעטאָן...

קעגן דער פרילינג-זון האָבן ווידער געבליאָסקעט שאַרפע העק, שאַרפע ציין פון זעגן האָבן זיך געגראָבן אין דיקע גופים פוןביימער, און זיי האָבן, ווי לעבעדיקע באַשעפעניש געקרעכצט. אָט ערשט האָבן גרינע צווייגן זיי באַצירט מיט ווייסע בלומען. מענטשן האָבן ווידער באַדויערט. און העק און זעגן האָבן ווידער אומעטיק אָפּגעענטפערט: ציוויליזאַציע! ציוויליזאַציע...
גראָב-מאַשינען זענען אַלץ טיפער און טיפער געזונקען אין דער פייכטער ערד, פון וואַנען אַ פּאַרע האט זיך געטראָגן, און פאַרשלונגען געוואָרן פון דעם זייענדיקן רויך וואָס דער ווינט האָט פון ערגעץ אַ הויכן קוימען צו דער ערד געגנידערט. דאָ און דאָרט זענען שוין באַצייטנס ליידיקע הענט געמערקט געוואָרן. הונגעריקע אויגן האָבן אויף דער גראָב-מאַשין מיט קנאה געקוקט, ווי אויף דעם גרעסטן שונא: די גאַנצע אַרבעט ביי זיי אַוועקגענומען...

די שותפים פון דער פירמע „הירש בראָס. קאָנסטראַקשאַן קאָמפּ.“ האָבן זיך בעת מעשה מיט גרויס קנאה אַרומגעדרייט, אויסגעזען ווי היימישע פּריצים, באַזיצער פון שטעטלעך, וואו אַן אויג גיט אַ בליק, איז אַלץ זייערס. זיי האָבן שטאַרק הנאה געהאַט צו שטיין און צוקוקן זיך ווי אַלץ באַוועגט זיך גיך, לטובת זיי.

מאַקס הירש איז גאַר צעגאַנגען געוואָרן פון נחת, ערשט מיט עטלעכע טעג צוריק חתונה געמאַכט זיין טאָכטער מיני. דער יונגער אַרכיטעקטאָר, דזשעק איז שוין זיין איידעם געוואָרן. געטראַכט: שוין איינמאָל אַ חתונה געווען! אַ שאָד נאָר וואָס די שטעטלדיקע מענטשן פון דער אַלטער היים זענען דאָ ניט געווען צו זען, וויפיל כבוד מ׳האָט אים צוגעטיילט, בעת ער האָט חתן-כלה דערלאַנגט אַ טשעק אַלס דרשה-געשאַנק, דאָס פליעסקעריי פון די געסט קלינגט נאָך אַלץ אין זיינע אויערן. מיני האָט אים געקושט מער ווי דעם חתן...

ער האָט זיך צעשמייכלט: מאַקס, ס׳איז גאַרניט שלעכט צו זיין אַן עושר... בערקע האָט אָנגעהויבן מוסרן די אַרבעטער: אַז מען בויט אַ מקום קדוש, מעגן זיי האָבן איינזעעניש... אין זיין קעגנוואַרט האָבן אַלע געשוויגן, געזעסן מיט די קעפּ געבויגן ווי ביי אַ תפילה. רייד האָבן אין העלדזוער געשטיקט, זיך געבעטן מ׳זאָל זיי פריי לאָזן: אויב בערקע גייט ניט אַוועק, וועלן זיי זיך מיט גוואַלד אַרויסרייסן...

ווען בערקע איז אַוועק, איז געוואָרן אַ טומל. אַלע האָבן גערעדט.
„וואָס מיינען זיי, און אַז מען בויט אַ מקום קדוש, ווערט מען שוין זאַט?
„גוט איז זיי צו רעדן, ווען מ׳האָט זיך פאַר אַ רעגנדיקן טאָג באַוואָרנט.

׳מיר האָבן ניט געטאָרט שווייגן!
„פאַרוואָס האָסטו געשוויגן?"

ווילי איז אַרומגעגאַנגען אַ צעדולטעטער שוין עטלעכע טעג אַז ער האָט ניט געזען קלאַראַן: ווי אַזוי קאָן ער זיך באַגעגענען מיט איר פּנים אל פּנים, ווען ער וויס שוין ווער זי איז? אַז בעת ער מאַטערט זיך איבער די ביכער אין לאָ־סקול, שלעפּט זי זיך גאָר אַרום מיט אַנדערע בחורים.. פונוואַנען ווייסט ער דאָס? די מומע האָט דאָס אַליין געזאָגט. זי וועט אים ניט גיין אָפּנאַרן. זי איז אים געטריי! די מומע איז גערעכט! קלאַראַ וועט אים קיינמאָל ניט זיין קיין געטרייע פרוי! זי איז אַ פאַלשע...

אין הויז איז ער געזעסן אַ פאַרטראַכטער. מיט קיינעם ניט געוואָלט רעדן. געטראַכט: „ס׳איז מיין אומגליק און פּאַרטיק"...

די מוטער האָט צייטנווייז געשפּאָסט:

„זע נאָר, זע! אַ יקרות אויף מיידלעך ביי אים"....

האָט שוין ווילי אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש און זיך צעשריגן:

„מאַ, וועסט אַמאָל אויפהערן?" — „אָט האָסטו דיר אַן אייגענע מאַמע, און ס׳טוט איר גאָרניט ווי ס׳האַרץ פאַר אים"...

דער פאָטער האָט זיך כמעט ניט געמישט, געלאָזט דאָס פאַר די ווייבער, ווי בערקע האָט אים געצהט. דאָך, ביי אַזאַ געלגנהייט, האָט אים אויך געקאָרטעט עפּעס צו זאָגן. איז ער צוגעקומען נאָענט צו ווילין, גע־גלעט אים דעם רעכטן אַקסל, און אַזוי געזאָגט:

„וועלוועלע, האָסט געזען דאָס טשעקל וואָס כ׳האָב דער שוועסטער דיינער געגעבן דרשה־געשאַנק? איז ווי מיינסטו, ווען זי האָט חתונה קעגן מיין ווילן, קריגט זי דאָס? אַ פייג וואָלט איך איר געגעבן! — אָט וואָס!"

ווילי האָט כמעט מיט אַ געוויין אין זיין קול געפרעגט:

„אַקעגן וואָס זאָגסטו דאָס, פּאַ?

„וואָס הייסט קעגן וואָס? אַ בחור ווי דו מעג זיין פּראַקטיש. וואָס קאָן היינט אַ מענטש אויפטאָן אָן געלט?

„די קבצנים ווילן דיך אַריינ־נאַרן" — האָט די מאַמע זיך אַריינגעמישט, — זאָל איך אַזוי זען נחת אין דיר, ווי זיי ווילן...

"די מאַמע איז גערכט!" — האָט דער פאָטער אונטערגעכאַפּט.

ווילי האָט געקראָגן מער רחמנות אויף זיך: אַז דער טאַטע זאָגט, אַז

די מאַמע האָט רעכט, איז ער שוין אין אַ ריכטיקער בלאָטע... אַך, ווען ער קאָן זיך ריכטיק אויסטענהן מיט זיינע עלטערן! זיי דערציילן, אַז ער איז טאַקע מסוכן בייז אויף קלאַראַן. דאָך קאָן ער אָן איר ניט לעבן. זאָלן זיי אים אויפקלערן, פאַרוואָס איז דאָס אַזוי? אָבער ניין, צו זיינע עלטערן קאָן ער אַזוי ניט רעדן... אין דעם מאָמענט איז ער מקנא קלאַראַן וואָס זי קאָן איר פאָטער אַלץ דערציילן... אַזאַ חלוש — דאָך איז ער מער וועלטלעך פון זיין טאַטן...

דער פאָטער האָט זיך איבערגעוואונקען מיט דער מוטער. ביי אים איז געווען אַזאַ געפיל, אַלע עוולות אַרויסצוברענגען אויף דער אויבערפלאַך. עס מוז געטאָן ווערן נאָך איצט ווען ווילי איז שוואַך און לאָזט זיך רעדן. האָט מאַקס כלומרשט דערציילט פאַר דער פרוי, אַז דער לאַנדסמאַן בריל איז דאָך פון די חברה וועלכע קוקן שוין אַרויס אויף דעם טאָג אַוועקצונעמען די פאַרמעגנס ביי די רייכע.. און צו מאַכן זיכער, אַז די רייד גייען אַריין אין ווילס אויערן, האָט ער ביי אים געפרעגט: אַדרבא, זאָל ער טאַקע זאָגן צי דאָס איז יושר׳דיק? און אַז ווילי האָט געזאָגט מיטן האַרבן וואָרט, אַז אַזעלכע וואָלט ער די הענט אָפּגעהאַקט, האָט מאַקס צופרידן געשמייכלט. געטראַכט: וויבאַלד אַזוי, איז ער מיט ווילין אויף אַ דרך... אַ שאָד צו רעדן מער! ער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט צו דער פרוי, אַ צייכן אַז זי מעג שוין אויך שווייגן. דער ענין מיט דער „מויד" איז שוין אַ דערליידיקטער...

און אַז ווילי האָט זיך פּלוצים אויפגעהויבן און פאַרלאָזט דאָס הויז, האָט מען אפילו ביי אים ניט געפרעגט וואוהין ער גייט. דער פאָטער וואָלט געשוואוירן, אַז דאָס לויפט ער אויסלאָזן זיין ביטער האַרץ צו די קבצנים. „גוט אַזוי"! — האָט ער זיך געטראַכט.

ווילי האָט זיך לאַנג געדרייט פאַר קלאַראַס הויז און ניט געקאָנט באַשליסן ביי זיך צו עפענען די טיר און אַריינגיין: ווי אַזוי קאָן ער דאָס טאָן, אַז ביי אים אין מוח טאַנצן נאָך אַלץ דער מאַמעס ווערטער ,אַז מ׳וויל אים אַרייננאַרן? איצט פאַרשטייט ער שוין פאַרוואָס קלאַראַס עלטערן זענען אַזוי פריינטלעך צו אים: „ער וועט זיי אַלעמען דאַרפן שטעלן אויף די פיס, און קלאַראַ וועט אים אויך דערפאַר אפילו קיין געטרייע פרוי ניט זיין"... ער וואָלט געשוואוירן, אַז אַזאַ מאַרטירער ווי ער, איז אויף דער גאַנצער וועלט ניטאָ... בערקע האָט גלאַט אַזוי זיך אַ שמועס געטאָן מיט ברילן, געזאָגט, אַזוי זיך, פאַרבייגייענדיק, אַז ער זאָל זאָגן דער מויד, אויפהערן

מאַכן אייגעלעך צו זיין פּלימעניק. ס'איז אומזיסט! ווילי האָט דאָס אים אַליין געזאָגט"...

בריל האָט דאָס אויך פאַרבייגייענדיק דערציילט פאַר זיין פרוי טאָבי, און זי טאָבי, האָט דאָס גלייך דערציילט קלאַראַן.

"ט'האָסטו דיר היינטיקע בחורים! דיר האָט ער געזאָגט, אַז ער וועט זיך סמען אויב מען וועט זיך אים שטעלן אין וועג, אָבער וואָס האָט ער געזאָגט צו זיין פעטער בערקע"?...

קלאַראַ האָט געשוויגן, זיך געטראַכט, אַז אויף ווילין איז אַ גרויסער רחמנות: זי קאָן זיך פאַרשטעלן, וואָס ער שטייט אויס צוליב איר. זי האָט געטראַכט: אפשר איז ווילי קראַנק? זי וועט אים גלייך גיין אָפּרופן אויפן טעלעפאָן!

"ווער איז דאָס?" — האָט ווילים מוטער מיט איר גאַנצן כוח אַריינגעשריגן אין טעלעפאָן — "אַהאַ, קלאַראַ! ווילי איז ניטאָ אינדערהיים! ניין, ניטאָ! זאָל זי אַזוי גוטס האָבן... יאָ, ער איז, דאַנקען גאָט, געזונט!" געטראַכט: קוק זי נאָר אָן ווי זי פרעגט זיך דאָס נאָך...

ווען ווילי איז אַריינגעקומען פון אַ צווייטן חדר, האָט שוין די מוטער געהאַט אויפגעהאַנגען דאָס טעלעפאָן־טרייבל. זי האָט אַזש אַ ציטער געטאָן ווען זי האָט אים דערזען... ער האָט איר שטרענג אַריינגעבליקט אין די אויגן:

"מאַ, ווער האָט גערופן?"

די מוטער איז געבליבן שטיין אַ צעטומלטע, ניט געוואָלט אים אָפּנאַרן און מורא געהאַט זאָגן דעם אמת. ווילי איז צוגעקומען גאַנץ נאָענט, אָנגעהויבן צו שאָקלען אירע אַקסלען, ווי זי וואָלט אַ פרעמדע צו אים געווען. ער האָט זיך פּלוצים אויף איר צעשריגן:

"ווער האָט גערופן?"

די מוטער האָט זיך אויך צעשריגן:

"דו ווייסט שוין ווער"...

ווילי האָט אָנגעהויבן צו שליידערן מיט זאַכן, וואָס זיינען אים נאָר צו די הענט געקומען: ער וועט דאָס ניט אויסהאַלטן! ער קאָן שוין לענגער אין שטוב ניט פאַרבלייבן. ער וועט אַנטלויפן וואוהין די אויגן וועלן אים טראָגן...

די מוטער האָט אָנגעהויבן צו וויינען:

"זע נאָר, זע! די מויד שטייט ביי אים העכער פון דער מאַמען! שעמען

מעגסטו זיך! געגוג נעכט צוליב דיר ניט געשלאָפן... ווען דער טאַטע זאָל דאָ זיין...

ווילי האָט זיך צעוויינט. דער מוטער אַריינגענומען אין זיינע לאַנגע אָרעמס. זי שוין איבערגעבעטן: ער האָט ניט געמיינט איר ווייצו טאָן.. ס'איז אים ניט גוט אויפן האַרצן, זייער ניט גוט...

די מוטער האָט זיך אַביסל געפּיעשטשעט פאַר אים, נאָכאַמאָל דערציילט וועגן אירע שלאָפלאָזע נעכט. נאָר אַז זי האָט דערזען ווי די נאָז זיינע הייבט זיך אָן צו קאַרטשען, ער פאַרלירט דאָס געדולד צו איר, האָט זי אים געזאָגט מיטן האַרבן וואָרט, אַז זי איז אים מוחל: אָט אַזוי איז שוין אַ מאַמע! ! זי וויל אָבער, אַז ער זאָל גלייך דערציילן, פאַרוואָס גייט ער אַרום אַזאַ פאַרוויסטער...

ווילי האָט געקלערט: אויב קלאַראַ וועט נאָכאַמאָל אָפּרופן, איז וואָס וועט ער איר זאָגן? אפשר זאָל ער גאָר גיין זי רופן צום טעלעפאָן?

בעת ווילי האָט צו קיין טאָלק ניט געקאָנט קומען מיט זיינע לויפנדיקע געדאַנקען, נאָך אַלץ געקלערט אין וואָס פאַר אַ טאָן ער זאָל רעדן צו קלאַראַן, האָט קלאַראַ זיך גאָר געפונען אין הויז ביי זיין פעטער בערקע. די מומע האָט זי פאַרבעטן צו זיך. געזאָגט: זי האָט איר זייער וויכטיקס צו דערציילן...

די מומע האָט אָנגעשטעלט אַ סך פרוכטן אויפן טיש, געמאַכט טיי, אויפגענומען קלאַראַן ווי גאָר אַ חשובן גאַסט, געזאָגט איר מיטן האַרבן וואָרט, אַז זי וואָלט איר זייער וועלן האָבן פאַר אַ פלימעניצע: אַזאַ יאָר זאָל זי האָבן וואָס פאַר אַ גוטער פריינט זי איז איר. זאָל קלאַראַ וויסן פון דער משפּחה... הלוואי וואָלט זי זיך ניט געווען פאַרבונדן מיט בערקען! זי שעלט דעם טאָג, וואָס זי האָט זיך מיט אים באַגעגנט. בערקע האָט זי אויך אַרויסגענומען פון אַן אָרעם הויז, נו, נו, זאָל זי שוין גאָר ניט פרעגן, אַלעמאָל וואַרפט ער איר אויף — „כ'האָב דאָך דיך גענומען אָן שיך און אָן זאָקן"...

אַז זי, די מומע, האָט דערפירט דעם געשפרעך ביז אַהער, איז זי שטיל געבליבן, געטראַכט: קלאַראַ איז ניט קיין נאַריש מיידל, זאָל זי שוין אַליין אַלץ צעקייען...

קלאַראַ האָט געפילט, אַז דאָס גאַנצע בלוט האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי איר אין קאָפּ, געפילט ווי אויסשרייען הויך אויפן קול, אַז זי וויל שוין

מער גאָרניט הערן. זי מוז האָבן פרישע לופט, גלייך די מינוט! זי האָט זיך ראַפּטעם אויפגעהויבן פונעם בענקל, דערפילט אַ מאָדנע שווערקייט אין איר גאַנצן קערפּער, ווי מיט בליי אָנגעפילט. אויפן וועג אַהיים, האָט זי ביי זיך אין מוח צוזאַמענגעשטעלט אַ שטרענגן בריוו צו ווילין: אַן עק זאָל דאָס נעמען!

אינדערהיים ביי מאַקס הירשן זיינען אַלע פיר שותפים געזעסן אַרום דעם קיילעכדיקן דעמבענעם טיש, מיט וועלכן די אַרויפגעאַרבעטע פאַמיליע האָט זיך נאָך אַלץ ניט געוואָלט שיידן: אַ שאָד אַרויסצוואַרפן אַזאַ שטאַרקן טיש. ער איז געווען מזלדיק, אַלץ וואָס מ'האָט לעבן אים באַשלאָסן, איז געווען אַ דערפאָלג... גערעדט האָבן די שותפים וועגן דעם, אַז ס'רוקט זיך אָן אַ סטרייק אויף זיי. וואָס נאָך: דער שטילער לאַנדסמאַן בריל, דער חלוש, וואָס דאַרף זיין אויף זייער זייט, איז אַן אינטריגאַנט, לויט בערקעס באַריכט. דעריבער איז זיין מיינונג, אַז מען זאָל זיינע פּטור ווערן און אַז דער אָפּיס זאָל זיך מער ניט געפונען ביי ברילן אין הויז. ער טאָר ניט וויסן וואָס ביי זיי קומט פאָר. זאָל דער קבצן גלייך דערפילן, אַז מען פאַרשטייט זיינע פאַלשע שטיק... בערקע האָט דערביי אָפּגעזיפצט און געזאָגט:

„אָט אַזוי זענען זיי, אָט די לייטע! גיב זיי פּרנסה און זיי צאָלן דיר אָפּ מיט שטיינער...

מאַקס הירש האָט גלייך צוגעשטימט, אַז מען זאָל דעם אָפּיס איבערפירן. ער האָט צו זיך אַזוי געטראַכט, אַז בערקע ווייס זיך זיינס, אָבער אים ליגט אין קאָפּ עפּעס אַנדערש: עס וועט זיין געזונטער פאַר אים, ווען זיין ווילי וועט מער ניט האָבן קיין אויסרייד צו גיין צו ברילן אין הויז אַריין, טרעפן זיך מיט זיין טעכטערל...

מיני, וואָס האָט געוואַרט אויף איר דזשעקן, האָט ניט געקאָנט פאַרליידן, וואָס מען רעדט אַזויפיל אָן אויף ברילן. זי האָט זיך אַריינגעמישט. געזאָגט, אַז עס איז זייער ניט שיין אָנצורעדן הינטער יענעמס פּלייצעס. זי האָט זיך אויסגעדרייט צו בערקען:

„אָנקל, מיין מיינונג איז, אַז מיסטער בריל איז אַ פיינער מענטש. ער קאָן דאָך ניט צאָלן די אומצופרידענע פון זיינע פאַרדינסטן. פאַרוואָס קאָן מען זיך ניט פאַרגלייכן באַצייטנס, און אויסמיידן אַ סטרייק?"

בערקע האָט זיך באַגעגנט מיט דזשעקס בליקן: איז דאָס שיין צו דערציילן סודות פון די ביזנעס פאַר אַ פרוי? אָט איז ער שוין אַ מאַן אין

די זעכציקער. נו, ווייסט זיינע עפּעס ביי אים? ווי קומט אַ פּרוי צו פאַרשטיין דעם סאַמע יסוד פון ביזנעס... אויב אַן אַרבעטער קומט אָן לייכט זיין פּאָדערונג, וועט ער קומען יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק מיט עפּעס אַנדערש. דזשעק האָט די גאַנצע צייט געשמייכלט. נאָר ווען בערקע האָט אים אָנגעהויבן צו מוסרן אויפן קול: פאַרוואָס ער ענטפערט ניט זיין ווייבעלע? האָט עס אים שוין פאַרדראָסן. ער איז דאָך שוין מער ניט דער בחור, ווי בערקע פלעגט אים אויפוואַרפן. איצט איז ער אַ מאַן מיט פאַראַנטוואָרטלעכקייטן נאָך מער ווי ער. נאָר וואָס־זשע דען? אַז געשעפטן זענען ניט צום פאַרזינדיקן, דאַרף מען ניט אַרויסשטעלן די אַרבעטער אַ פייג, אַז זיי זאָלן ניט האָבן קיין אַנדער ברירה ווי אַרויסגיין אין אַ סטרייק. ער האָט זיך באַלד אויפגעשטעלט און געזאָגט אין אַ בייזן טאָן:

„אַנקל, איר ווייסט מיין מיינונג! איך גלויב ניט אין צונעמען אַ מענטשן, אָנשטעלן אים פאַר אַ פאָרמאַן און אים זאָגן: נאַ, שלאָג זיך קאָפּ אין וואַנט! מיסטער בריל איז ניט דער מענטש, וואָס וויל קריג..."

וויבאַלד אַזוי, איז שוין בערקע אויך געוועזן אויף די פיס. זיין קול אויף דער העכסטער אָקטאַווע. זיין גאַנצער וועזן האָט געציטערט:

„איר האָט כאָטש געהערט דיבורים? ווי עס זעט אויס, וויל אים דזשעק האָבן פאַר אַ מחותן! זאָל ער אַרויסקומען אָפן און זאָגן!

„מיר זיינען זיך ניט צונויפגעקומען אַהער צו רעדן וועגן שידוכים. די צייט שטייט ניט..."

מיני האָט זיך געווישט אירע פאַרוויינטע אויגן און זיך באַקלאָגט אויפן פאָטער, אַז אים אַרט ניט וואָס זיין זונדל טוט אָפּ; צי האָט ער שוין פאַרגעסן, וואָס ווילי האָט אָפּגעטאָן צו איר בעסטער חברטע? די טרערן אין יענעם אומגליקלעכן הויז זיינען נאָך ניט פאַרטריקנט געוואָרן... אַבי מען וואַרפט די גאַנצע שולד אויף מר. ברילן..

די מוטער האָט זיך ווי פון שלאָף אויפגעכאַפּט:

„זאָלסט מיר נאָר געזונט זיין, טאָכטער מיינע! אַזוי צו רעדן וועגן דיין אייגענעם ברודער איז גאָר ניט שיין! ער איז דאָך דעמאָלט געווען אַ שנעק, וואָס האָט ער געוואוסט וועגן מיידלעך? חוץ דעם, זאָלסטו וויסן זיין, מיין קינד, אַז דאָס מיידל איז אַלעמאָל מער שולדיק.

„העלן שולדיק?" — האָט מיני אויסגעשריגן אויפן קול. „מאַ, ווי קאָנסטו דאָס זאָגן? אפילו אירע עלטערן... אַנדערע וואָלטן אייך אויסגעבראַכט, פאַר אָרעמע לייט געמאַכט... אפשר ניט"?

## די צוויי משפחות

דער פאָטער האָט געקלאַפּט אין טיש מיט זיין גאַנצער גבורה:

„איך האָב שוין איינמאָל געזאָגט, אַז מיר רעדן ניט וועגן שידוכים צי אַנדערע נאַרישע זאַכן, נאָר וועגן דעם 'שיינעם' לאַנדסמאַן בריל, וואָס איז אונדזער שונא"...

„איך ווייס, אַז דו מיינסט זיין טאָכטער קלאַראַ, אָבער דו ווילסט עפּעס הערן? אַדאַנק איר לייען איך אויך אַמאָל אַ בוך. זי קאָן געבן צו פאַרשטיין, גלייך זי אַליין וואָלט געווען די שרייבערין".

בערקע האָט זיך פּלוצים צעלאַכט אויפן קול:

„איר האָט כאָטש געהערט: דעם פאַרבערס טאָכטער איז ניט אַבי ווער! זי לייענט ביכער, דרך ארץ! געוויס, הייליקע ספרים! ווײַבאַלד אַזוי, מינעלע, דאַרפסטו טאַקע זען, אַז זי זאָל לאָזן צורו דיין ברודער, ווייל ער איז ווייט פון ביכער לייענען. ער איז ניט אַזאַ ווי זי איז און דער טאַטע זיינער איז אויך ניט אַזאַ ווי אירער"...

דער פאָטער אַליין האָט אויך חשק געהאַט אַריינצוזאָגן מינין, אָבער ער האָט נאָך ניט געהאַט צוגעטראַכט די פּאַסיקע ווערטער. ער האָט דער־וויל געטראַכט: וואָס קינדער זענען... ערשט איר דערלאַנגט אַ טשעק, אַ חתונה־מתנה,אַלע מחותנים האָבן אַזש געגאַפט, אָבער זי האָט שוין פאַרגעסן. אַ מאָדנע לאַנד דאָ! זייער אַ מאָדנע לאַנד! טאַטע־מאַמע ווערן דאָ ניט אָפּגעשאַצט ווי אין דער אַלטער היים. וואָס האָט אים זיין טאַטע, ווען ער האָט חתונה געהאַט געגעבן? פונדעסטוועגן, אַז ער האָט עפּעס געזאָגט, איז עס געווען ווי אַ באַפעל, איצט האָס ער שוין געהאַט וואָס צו זאָגן מינין נאָר ווילי איז אינמיטן אַנגעקומען און האָט אים צעטומלט. ער האָט זיך מיט אַ האַלב מויל באַגריסט און איז אַוועק צו זיך אין צימער. אַלע האָבן אים נאָכגעקוקט.

בערקע האָט צום ערשטן מאָל אין דער שטוב געערעדט שטיל:

„ווי געפעלט איך ווי באַזאָרגט דער בהור זעט אויס? די שיפן זיינען אים אפשר אונטערגעגאַנגען. ווען ער דאַרף האַרעווען אויף אַ דאָלאַר ווי מיר, וואָלט ער ניט געהאַט אין זינען אלערליי נאַרישקייטן...

„מיינע רייד!" — האָט דער פאָטער דערביי יאושדיק צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. די מוטער האָט איבערגעלאָזט אַ זיפץ ביים טיש און איז אַוועק צו ווילין אויספאָרשן: פאַרוואָס ער איז צעטראָגן? אין עטלעכע מינוט אַרום

האָט זי זיך צוריקגעקערט און געצויגן מיט אירע אַקסלען:

„שוין!

„וואָס שוין? — האָט דער מאַן ביי איר פאַרוואונדערט געפרעגט.

„ער וויל שוין מער ניט גיין אין לאָ־סקול אויס אַדוואָקאַט!

„וואָס דען וויל ער?

„פון וואַנען זאָל איך וויסן?

׳גיי זאָג אים, אַ פייג וועט ער קריגן אויף זיינע אויסגאַבן. מיר וועלן קריגן לאָיערס צען פאַר איינעם! נו, ברודער בערקע, דו זעסט כאָטש וואָס מען שטייט זיך אויס פון קינדער? דו דענקסט ווער ווייס וואָס דו האָסט אָנגעוואוירן...״

בערקע האָט זיך צו אים צוגעבויגן און געענטפערט שטיל:

„מאַקס, דיר איז נאָך אַלץ בעסער פון מיר! און מיינער אַ זון וואָלט אַזוי ניט געהאַנדלט... אָבער וואָס טויג דיר די רייד, אַז איך האָב ניט״...

בערקע איז דערנאָך געבליבן זיצן אַן אָנגעכמורעטער באַלד דער ער־שטער זיך אויפגעהויבן און אַוועק אַהיים. די טאָכטער, דער איידעם און דער מחותן זיינען נאָך געבליבן פאַר אַ ווײַלע, אַז עס זאָל ניט הייסן, אַז בערקע איז דער קאָפּ — ער גייט אַוועק, דאַרפן אַלע גיין, אָבער צו לאַנג פאַרזאַמען זיך דאָ האָבן זיי ניט געקאָנט, ווייל מאַקס הוירש און זיין פרוי האָבן זיך ווי געבעטן, אַז מען זאָל זיי צורו לאָזן, און באַלד זענען זיי געבליבן אַליין. די פרוי האָט איבערגעריסן די שטילקייט:

„מאַקס, אויב דו וועסט מיר צוזאָגן צו זיין געלאַסן, וועל איך אַרונטער־רופן אונדזער זון זאָלסטו זיך מיט אים דורכרעדן, נאָר הער־אויף צו סטראַשען, אַז דו וועסט אים מער קיין געלט ניט געבן! איך האָב מורא, אַז ער זאָל ניט גיין אויף שלעכטע וועגן... ווייסט דאָך אַז יונגעלייט דאָ זיינען ניט ווי אין דער אַלטער היים. איך דאַרף עס דיר דערציילן?״

דער מאַן האָט זיך אויף איר געבייזערט:

„פעני, דיין שולד! אַלעמאָל ציטערסטו נאָר איבער אים! איך האָב דיר אַלעמאָל געזאָגט, אַז מיט גוטן וועסטו ווילין ניט איבערצייגן! לאָז אים צו מיר!״

ווילי איז געלעגן אויסגעצויגן אויף זיין בעט, האָט באַשלאָסן, אַז דערפאַר וואָס קלאַראַ האָט אַזויפיל חוצפה אַרויסגעוויזן, אים ניט געוואָלט זען, וועט זי אים האָבן צו געדענקען אויף איר גאַנץ לעבן...

## די צוויי משפחות

יענעם אָוונט נאָך איז בערקע הוירש געזעסן ביי זיך אינדערהיים אויף אַ געבעטער שטול מיט אַ געפליגלטן קאָפּ־שטיק איבער זיך און ניט אויפגעהערט צו באַקלאָגן זיך:

„דער רוח ווייסט פאַרוואָס ער לויפט אַזוי אַרום און לייגט איין וועלטן! פאַר זיינע קינדער? די פרוי האָט זיך צעהוידעט אין איר וויגשטול. גאָרניט גערן געוועזן צו הערן רייד פון איר מאַן. בערקע האָט זיך אויף איר געבייזערט: זאָל זי אויפהערן צו סקריפּען מיט איר שטול. זי מעג אים אויסהערן וואָס ער האָט ווייטער צו זאָגן...

די פרוי האָט זיך גענומען בעטן ביי אים:

„בערקע, דו האָסט שוין פאַרגעסן וואָס דער דאָקטאָר האָט דיר אָנגעזאָגט? דאַרפסט געניטיק האָבן, אַז דיין בלוט־דרוק זאָל אַרויף? איך זאָג דיר, אַז דו האָסט ניט וואָס זיך צו באַקלאָגן. דיין היים איז אַזוי ציכטיק און שטיל...״

„אָט־די ציכטיקייט און שטילקייט מאַכט מיר דעם טויט. קיין זאַך באַוועגט זיך ניט! אַלץ שטייט אַלעמאָל אויפן אָרט וואו דו האָסט עס אַוועקגעשטעלט...

ביי די יאָרן האָט ער זיך דערמאָנט! בערקע, ביסט אפשר מקנא דיין ברודער? דער בחור ווילי האָט דאָך אים פאַרשעמט ס׳פּנים, אַז ער דאַרף זיך שעמען צו קוקן אַ מענטשן אין די אויגן. אפשר ניט?

„אָבער מיני״ — האָט זיך בערקע ווי געדונגען.

„בין איך אפשר שולדיק, וואָס עס איז ניט געקומען קיין קינד?״ — האָט די פרוי געפרעגט אין אַ וויינענדיק קול.

„מיט וואָס בין איך זיכער, אַז ניט?״ — האָט בערקע קאַלט געזאָגט.

די פרוי האָט מיטביידע הענט אַ פּאַטש געטאָן אין די פּאַרענטשן פון דעם שטול, אויף וועלכן זי איז געזעסן, און אויסגעשריגן:

„ווי איז מיר! עס איז שוין אויס וועלט! וואָס מאַנסבילן זענען! ביי פיר דאָקטוירים מיט אים אויסגעוועזן און אַלע האָבן געזאָגט וואָס מיט אים איז... איצט מאַכט ער זיך תמעוואַטע!״

בערקע האָט דערווייל געטראַכט, צי זאָל ער נאָך עפּעס זאָגן, צי ניט. די פרוי האָט ווייטער גערעדט:

„הער זיך איין, בערקע, כ׳וועל דיר אַלץ מוחל זיין און אַנטלויפן אין

דער וועלט אַריין, אויב דו ווּעסט נאָכאַמאָל יאַדען. איך בין עלנטער פון דיר און שוויַיג״...

דאָס קיך־גלעקל האָט זיך מיטאַמאָל צעקלונגען. בערקע איז געלאָפן עפענען. די פרוי איז נאָך אַלץ געשטאַנען מיט אַן אָפן מויל. געפילט, אַז זי האָט נאָך אַלץ ניט געזאָגט, פאַרוואָס האָט זי אים ניט דערמאָנט, וואָס דער באַרימטער ספּעציאַליסט האָט געזאָגט, אַז ער באַדויערט זי פאַר דעם, וואָס זי פאַרבלייבט אַן עקרה: זאָל ער אַדאָפּטירן אַ קינד...

אין טיר האָט זיך באַוויזן די שוועגערין, ווילים מוטער. זי האָט ווי דערשמעקט, אַז עפּעס גייט פאָר צווישן מאַן און ווייב. איבערהויפּט האָט זי דערקענט אויף דער פרוי, וואָס האָט פאַרגעסן אויסווישן אַ טרער אין ווינקל פון איר רעכטן אויג...

בערקע האָט געלאָזן דעם ענין צורו: זאָל די שוועגערין פון גאָרניט וויסן! זאָל זי ניט פאַרלירן פאַר אים דעם דרך־ארץ און זאָגן צו אים: זער נאַר, וואָס דעם גרויסן בילדער ליגט אין קאָפּ! אַ יורש גאָר! שוין אַלע לאַטס אויסגעקויפט? די פרוי זיינע האָט גראד יאָ געוואָלט, אַז די שוועגערין זאָל וויסן וואָס דאָ גייט פאָר. זי האָט זיך צעכליפּעט און דערציילט, די ווערטער זיינען ניט געווען אינגאַנצן פאַרשטענדלעך, אָבער די שוועגערין האָט ביסלעכווייז געהאַט אַלץ פאַר זיך, וואָס זי האָט געוואָלט וויסן. געקוקט אויף בערקען מיט בייזע אויגן און געטראַכט: „ווער, ווער, אָבער איך ווייס דאָך דעם סוד פאַרוואָס דו ביסט ניט קיין טאַטעלע, וואָס מאַכסטו דעם אָנשטעל?״ זי האָט געפילט, אַז איצט איז די צייט געקומען זיך אָפּצורעכענען מיט איר שוואָגער פאַר אַלעמאָל און פאַר אַנומלטן, ווען זי האָט געהאַט אָפּגעוואַקסט דעם דיל, אָנגעהאָרעוועט זיך ווי אַן אייזל און ער איז געקומען צוגיין מיט אַ פּיטש־נאַסן שירעם און איר אים ניט געוואָלט געטרויען: ער דאַרף גלייך אַוועקגיין! דערווייל האָט ער אַ תל געמאַכט פון דיל. ביז ווי לאַנג נאָך וועט מען אויסשטיין זיינע קאַפּריזן? איצט האָט זי דעם העכט ביי זיך אין די הענט! קוק אים נאָר אָן!

בערקע האָט זיך גענומען פאַרענטפערן: עס איז אים גלאַט אָנגעפאַלן אַזאַ מין בענקשאַפט. ער האָט ניט קיין טענות צו זיין פרוי! די שוועגערין האָט אָנגעקוואָלן פון די עטלעכע ווערטער: אַ קליינינקייט, בערקע פאַר־ענטפערט זיך...

זיין פרוי האָט אים ווייטער אָנגעהויבן צו פאַרקלאָגן:

׳עס איז ניט דאָס ערשטע מאָל, אַז ער פּראָוועט אַזעלכע שטיק! ווען ער הייבט מיך אָן צו גריזשען, וואָלט איך זיך דורך אַ פענצטער אַרויסגעוואָרפן גלייך איך האָב ניט געוואָלט זיין קיין מאַמע״...

בערקע האָט זיך געלאָזט גיין צו דער טיר, אָבער די שוועגערין האָט אים דעם וועג פאַרשטעלט. זי האָט זיך דערפילט תקיפדיק אַקעגן אים. זי האָט אים באַפוילן, אַז ער זאָל זיך גלייך אַוועקזעצן און זי אויסהערן. זאָל ער ניט מיינען, אַז גאָט האָט אים געגעבן די גאַנצע חכמה... און אַז בערקע האָט זיך אונטערגעגעבן, האָט זי זיך אויך אַוועקגעזעצט און אים געראָטן, אַז די בעסטע זאַך פאַר אַזאַ פאַרפאַלק, איז צו געבן אַ ספר־תורה אין דער נייער שול... בערקעס פרוי האָט אָנגעשטעלט אַ פּאָר גלאַנציקע אויגן:

„כ׳לעבן אַ פיינער איינפאַל! וואָס זאָגסטו, בערקע? מיר וועלן טאָן אַזאַ גרויסע מצווה און ווען ס׳וועט פאַרטיק ווערן, וועלן מיר די ספר־תורה באַקליידן מיט מלבושימלעך, וועט זיך אונדז דעמאָלט אויסדאַכטן, אַז עס איז אונדזער קינד״...

בערקע איז געזעסן שטאַרק פאַרטראַכט: פאַרוואָס איז אים אַליין אַט־דער איינפאַל ניט געקומען אין קאָפּ אַריין? עס קאָן דאָך אים געבן אַזויפיל כבוד. די גאַנצע געגנט וועט דאָך אים רימען און קיינער וועט זיך צו די אַרבעטער ניט וועלן צוהערן, וואָס זייריידן אָן אויף אים, אַז ער שניידט שכירות. די סימפּאַטיע וועט אינגאַנצן זיין אויף זיין זייט... אָבער פאַרוואָס האָט אים אַזאַ פּראָסטע פרוי ווי זיין שוועגערין באַדאַרפט צו ברענגען אַזאַ גאָלדענעם פּלאַן? ער קאָן זיך עס ניט פאַרגעבן. דערפאַר האָט ער ניט געקרן צוגעשימט. די שוועגערין מעג שוין גלייך גיין אַהיים! ער מיט זיין פרוי וועלן דעם ענין באַטראַכטן.

דער באַפעל אַריבערצופירן דעם אָפיס פון ברילס הויז איז פּינקטלעך דורכגעפירט געוואָרן, אַרויסגענומען דעם מאַהאָגאַני דעסק, די פּאָר שטולן, דעם טעלעפאָן און פּאַפּירן, איבערגעפירט אַלץ אין אַ ליידיק הויז, וואָס איז דערווייל נאָך ניט געוואָרן פאַרקויפט, ווייל בערקע האָט עס געוואָלט האָבן פאַר זיך: אַז ער וועט וואוינען אין געסל, וועט ער בעסער קאָנען האַלטן אַן אויג אויף זיין האָב און גוטס... ער האָט זייער געוואָלט זיין דערביי, ווען אַלץ ווערט פון ברילס הויז אַרויסגעפירט, זען זייערע גרימאַסן...

בריל איז דאַן ניט געווען אין דער היים, אַפּנים אויסגעפונען וועגן דעם פּלאַן. מרס. בריל איז געווען אַזוי אויפגעבראַכט ווען מ׳האָט אַלץ

אַרויסגענומען פון פראָנט־רום. זי האָט זיך געטראַכט, אַז איצט וועט שווערער ווערן נאָכצוקומען די צאָלונגען אויפן הויז. זיך באַקלאָגט פאַר דער טאָכטער אויף דער אומגערעכטער האַנדלונג און געטראַכט, אַז איר מאַן איז געווען גערעכט, ווען ער האָט איר אַלעמאָל געזאָגט, אַז די הוירש־ברידער זענען זיינע שונאים. קלאַראַ איז געווען גלייכגילטיק צו דער מוטערס רייד: איר אַרט ניט, אַז מען זאָל זיך אינגאַנצן אַרויסציען פון דאַנען, ערגעץ ווייט, ווייט. זי וויל זיך קיינמאָל מער ניט באַגעגענען מיט ווילין, קיינמאָל ניט! זאָלן זיך די שכנים אויף די גאַניקעס אויפהערן סודען וועגן איר, האָבן מיטלייד וואָס ווילי האָט זי פאַרלאָזט. אָט וועט זי אים שרייבן אַ בריוו, לאָזן ויסן, אַז ער איז פריי.

קלאַראַ איז אַוועק צו זיך אין צימער. גענומען שרייבן דעם בריוו. פון צייט צו צייט איז איר האַנט געבליבן הענגען, די געדאַנקען צעפאַלן: זי קאָן זיך ניט פאַרשטיין! פאַרוואָס האָט זי ווילין אי ליב, אי פיינט? ווען זי דערציילט פאַר אַ לעבעדיקן מענטשן, וואָלט מען זי באַטראַכט פאַר אַ משוגע־ענער. אָבער עס איז דאָך פאַרט אַזוי! זי האָט גלייך אַריינגערופן די מאַמען, געבעטן איר זיך אַוועקצוזעצן: זי האָט איר אַזויפיל צו דערציילן, נאָר פריער וויל זי, אַז די מאַמע זאָל איר דערציילן וואָס זי האָט אַמשטאַרקסטן איבער־געלעבט ווען זי איז געווען אין אירע יאָרן.

די מוטער האָט גלייך דערשמעקט, אַז דער טאָכטער דריקט עפּעס, און זי האָט איר דערציילט פון אירע אייגענע אַמאָליקע איבערלעבונגען. קלאַראַן האָט זיך געגומען אויסדאַכטן, אַז לעבן איר זיצט אירע אַ חברטע: וויבאַלד אַזוי, האָט זי אויך עפּעס צו דערציילן. דער מאַמעס איבערלעבונגען זיינען דאָך אַזוי ענלעך צו אירע...

בריל איז אָנגעקומען און ער האָט אויך געמוזט האָבן פאַר וועמען זיך אָפּ־צורעדן פון האַרצן. דערהערט די רייד אין קלאַראַס צימער, האָט ער זיך געלאָזט גיין אַהין און דערציילט וואָס עס האָט געטראָפן: בערקע האָט געלאָזט וויסן, אַז אויף די איצטיקע פּעינטערס, וואָס ער האָט געבראַכט, קאָן מען זיך ניט פאַרלאָזן. די קויפער ווילן האָבן בעסערע אַרבעט און דאָס איז ניט פאַר זייערע פינגער... ער אַליין וועט באַשטעלן אַ נייע קאָפּעליע. אים גייט ניט אָן, וואָס די אַלטע באַלעמעלאָכעס וועלן אַרויסגיין סטרייקן: זיי וועלן פאַרזאָגן אַ צענטן...

קלאַראַ און איר מוטער זיינען געבליבן זיצן פאַרקלעמטע. זיי האָבן

זיך איינע די אַנדערע אָנגעקוקט: ווי אויסגעבלייכטביידע זיינען געוואָרן!
מ'האָט זיך פאַרשעמט פאַרן פרנסה־געבער מיט זייערע איבערלעבונגען:
וואָס זיי ליגט אין קאָפּ אין אַזאַ ערנסטער שעה... — — — — —

בערקע איז געזעסן אין דעם נייעם הויז און געטראַכט וועגן דער ספר־תורה, וואָס ער האָט שוין באַשטעלט: אָנגעטאָן זיך אַלטע קליידער, אַוועק דאָרטן טאָון, אַז מען זאָל אים ניט באַרייסן. ער האָט אויסגעזען צופרידען, וואָס ער האָט געזאָגט דער שוועגערין פאַר אַלעמען אין די אויגן, אַז מיט דעם געדאַנק צו געבן אַ ספר־תורה פאַר דער נייער שול האָט ער זיך שוין פון לאַנג אַרומגעטראָגן. זאָל זי אויפהערן זיך צו באַרימען, אַז אַדאַנק איר איז ביי אים געוואָרן שלום בית. ס'הייבט זיך גאָרניט אָן: ביי אים איז אַלץ אין אָרדנונג. ער מיט זיין פרוי לעבן זיך ווי צוויי טייבעלעך... אים האָט הנאה געטאָן, וואָס די קרובים האָבן אים אַלץ געגלויבט... אַז בערקע זאָגט...

דערנאָך האָט ער געטראַכט וועגן פאַראַד מיט דעם ספר: די גאַנצע געגנט וועט אים מקנא זיין. ער וועט באַשטעלן הימישע קלעזמער זיי זאָלן שפּילן הימישע ניגונים, אַז מען זאָל דעם טאָג אַ לאַנגע צייט ניט פאַרגעסן. עס האָט אים אַרומגענומען אַ רחמנות־געפיל אויף זיין פרוי: וואָס אייגנטלעך איז זי שולדיק וואָס זיי האָבן ניט קיין יורש? ער ווייסט דאָך דעם אמת? אַז ער איז געווען אַ בחור אַ ברען! פאַרשייטע בילדער פון דער יוגנט האָבן גענומען שוועבן פאַר זיינע אויגן. ער האָט דערפילט, אַז זיינע באַקן בריען אים... ניין, מער וועט ער וועגן יענע יאָרן ניט טראַכטן! יענעם טאָג, ווען ער וועט געבן די ספר־תורה, וועט ער פאַסטן, זאָגן תהילים און גאָט וועט אים פאַרגעבן... אויב די צייט וועט אַזוי אָנהאַלטן, וועט ער מיט דער צייט בויען אַ יידישן שפּיטאָל, און אויף די מאַרמאָר־ווענט, גלייך ביים אַריינגאַנג, וועט זיין אויסגעקריצט זיין נאָמען און דער נאָמען פון זיין פרוי מיט גאָלדענע אותיות. ווען ער וועט קומען אַהיים וועט ער עס איר דערציילן: זאָל די פרוי באַצייטנס אָנהייבן טראַכטן וועגן זיינע מעלות... — —

קלאַראַ האָט ענדלעך דערהאַלטן אַ בריוו פון ווילין. זי האָט די שורות געלייענט עטלעכע מאָל און אויסגעזען שטאַרק באַזאָרגט וועגן אַזוי־פיל אויסגעמעקטע ווערטער אין דעם בריוו: וואָס זאָל עס באַדייטן? זי האָט ערשט ניט לאַנג צוריק געלייענט אַ בוך וועגן אַט־די זאַכן, אַז גאַנץ אָפט זענען די אויסגעמעקטע ווערטער די אויפריכטיקסטע. ווען מיר רעדן עפּעס אַרויס ניט געקלערט, קומט דאָס פון האַרצן, אָן דיפּלאָמאַטיע. זי

איז ניט צופרידן מיט די געפליגלטע ווערטער: ווי קומט עס צו ווילין? עס זעט איר אויס ווי עמעצער האָט אים אַרויסגעהאָלפן. פאַרוואָס זיינען די אויסגעמעקטע ווערטער אַזוי פאַרדעקט מיט שוואַרצן טינט? וואָס ליגט הינטער זיי באַהאַלטן?

ווילי האָט קלאַראַן געגעבן צו וויסן, אַז ער פאַרט אַוועק אין אַן אַנדער שטאָט: ווען ער וועט דאָרט זיין, וועט ער איר שרייבן. זיינע פריינט מאַכן פאַר אים אַן אָפּשייד־אָוונט. זאָל זי וועגן דעם קיינעם ניט דערציילן! שבת שפּעט ביינאַכט וועט דאָס פאָרקומען אין דעם הויז, וואו דער אָפּיס געפינט זיך איצט. ער וויל זי זען. ער מוז זי זען...

קלאַראַ האָט דעם בריוו פאַרזיכטיק באַהאַלטן און באַשלאָסן צו גיין זיך טרעפן מיט ווילין. זי וועט אים זאָגן מיטן האַרבן וואָרט, אַז צוליב איר דאַרף ער ניט אַוועקפאָרן. ער איז פריי! זי אַפּעלירט צו אים אין נאָמען פון נעכטן, איצערעכטן... זי וויל ניט, אַז מען זאָל אויף איר טייטלען מיט די פינגער: זייביידע זיינען ניט קיין פּאָר. זאָל ער זיך אָפּזוכן אַ מיידל דאָ, זיין גלייכן, און ניט ווי טאָן זיינע עלטערן...

יענעם אָוונט ווען קלאַראַ האָט זיך באַדאַרפט גיין טרעפן מיט ווילין, איז געווען אַ ליכטיקער. די לבנה, אַ פולע, האָט יעדן איינעם אויף די גאַסן באַלויכטן ווי מיט מיליאָנען לאַמטערנס, צוגעפירט יעדן ביז דער טיר און ווי געוואַרט, אפשר וויל מען נאָך ערגעץ גיין? אַ פאַרשייט ווינטל האָט זיך לוסטיק געמאַכט איבער הפקרדיקע פּאַפּירלעך און פאַרדאַרטע בלעטלעך פוןביימער אַרום, באַפוילן צו כאַפּן אַ טענצל און זיי האָבן געפאָלגט, זיך געדרייט אַ קיילעכדיקן טאַנץ. אויף גאַניקעס זענען יונגע פּאָרלעך געזעסן און זיך געסודעט. פון צייט צו צייט האָט זיך דערהערט אַ פרייער געלעכטער.

די לעצטע מינוט איז קלאַראַ געוואָרן אומרואיק. אַליין ניט געוואוסט פאַרוואָס. אפשר איז עס געווען דערפאַר, וואָס זי האָט פאַרלוירן איר צוטרוי צו זיך, אַז זי וועט ניט קאָנען פועלן ביי ווילין, אַז ער זאָל דאָ בלייבן. זי האָט באַצייטנס באַדויערט די מוטער: וואָס זי וועט זיך דאַרפן אויסשטיין פון זיין משפחה! אַלץ צוליב איר! געטראַכט, אַז צום ערשטן מאָל אין לעבן דאַרף זי דער מאַמען אָפּנאַרן, ניט זאָגן איר דעם אמת וואוהין זי גייט... באַשלאָסן צו זאָגן, אַז זי גייט אין די מאָוויס. די מאַמע האָט איר דאָך שוין עטלעכע מאָל געבעטן ניט צו זיצן אין שטוב, נאָר גיין ערגעץ־וואו זיך

אַמוזירן. זאָל איר דערוייל הנאה טאָן! מאָרגן וועט זי איר דערציילן דעם אמת...

אין הויז, וואו דער אָפיס האָט זיך געפונען, איז געווען ליכטיק אין אַלע פענצטער. ווילי איז געווען צערודערט. ער האָט שפּאַצירט הין און צוריק, געריכערט איין סיגאַרעט נאָך אַ צווייטן: קלאַראַ וועט ניט קומען! ער וועט געפינען אַן אַנדער וועג ווי אַזוי זיך מיט איר אָפּצורעכענען, ווי אַזוי האָט זי, דעם פאַרבערס טאָכטער, אים געוואַגט צו שרייבן, אַז ער איז ניט איר גלייכן? פאַרוואָס האָט זי אים ניט געענטפערט, צי זי האָט פאַרבראַכט מיט אַנדערע בחורים ווען ער איז געווען אין שפּיטאָל? זיין מומע וועט ניט זאָגן קיין ליגן. זי האָט קעגן אים אַזויפיל מאָל געזינדיקט, אַז ער מוז זיך מיט איר אָפּרעכענען אויף אַזאַ אופן, אַז זי זאָל אים האָבן צו געדענקען!

אויף די ערשט לעבעדיקע גאַסן און גאַניקעס, האָט אָנגעהויבן שטילער און שטילער ווערן. ליכט אין די פענצטער האָבן גענומען אויסגיין. דאָ און דאָרט האָט זיך אַרויסגעשטעקט אַ קאָפּ פון אַ פענצטער, אונטערגעאיילט פאַרשפּעטיקטע פאָרלעך אויף די גאַניקעס צו געזעגענען זיך און גיין שלאָפן. פאָרלעך האָבן זיך ניט גערן אויפגעהויבן און אָפּגעזעגנט זיך מיט שטילע קושן.

קלאַראַ איז געגאַנגען איר וועג. זי האָט גאָרניט געזען און גאָרניט געהערט. זי איז געווען פאַרטראַכט: וואָס וועט זיין, אַז ווילי וועט איר ניט וועלן פאָלגן? ווען זי איז געשטאַנען פאַרן הויז וואוהין זי איז געווען פאַרבעטן, האָט זי זיך אַרומגעקוקט און לייכט אַרויפגעשטיגן די פּאָר טרעפּלעך, געעפנט פּאַמעלעך די טיר אויפן גאַניק און אַט איז זי געווען אינעווייניק. אַ שאַרפער גערוך פון ווייַן און בראָנפן האָבן צו איר גלייך אַ שפּאַר געטאָן. אויף דעם גוט-באַקאַנטן „מאַהאָגעני דעסק" וואָס האָט זיך ביז ניט לאַנג צוריק געפונען אין איר שטוב, זענען שוין באַצייטנס געשטאַנען אויסגעליידיקטע פלעשלעך. אויסער ווילין האָט זי דאָרט געטראָפן נאָך צוויי בחורים, איינער אַ בלאָנדער מיט קאָסאָקע אויגן, וועלכע האַלטן אין איין פינטלען, דער צווייטער אַ ברונעט מיט האַרטע וואָנסן. ער האָט אויף איר גלייך אָנגעשטעלט זיינע וואָסערדיקע אויגן. קלאַראַ האָט די צוויי קיינמאָל פריער ניט באַגעגנט און ווילי האָט זיי אפילו ניט פאָרגעשטעלט פאַר איר. זי איז געבליבן שטיין צעטומלט, געזוכט נאָך געסט. עס איז דאָך ניט מעגלעך, אַז זי איז דאָ די איינציקע מיידל!

זי האָט זיך צעציטערט פון דעם אַרום און באַמערקט אין אַ ברוגז׳ן טאָן:

„וואָס איז עס פאַר אַ שטיק? עס איז מיר ווינציק די רכילות וואָס דיין משפחה האָט פאַרשפּרייט״.

ווילי האָט זי אַ צי געטאָן מיטן בייזן:

„קום, מלאכטע נעענטער. זאָג מיר צנועה, דו דערקענסט גאָרניט די צוויי פּריינט וואָס זיינען דיך געקומען זען? פאַרוואָס האָסטו זיי. אפילו ניט באַגריסט, געשעמט זיך פאַר מיר?

„ביסט טויט שיכור און דו פלאַפּלסט נאַריש. פאַר דיר וואוהין דו ווילסט. הער אויף צו מאַטערן. שרייב מיר ניט ווייל איך וועל דיר ניט ענטפערן.

דערביי איז זי אַוועק אַהיים און ער האָט איר נאָכגעשריגן.

אויף מאָרגן האָט מען אין געסל גערעדט אויף די גאַביקעס אַז ווילי האָט פאַרנאַרט קלאַראַן, און ווען זי האָט זיך געכאַפּט און אַוועק פון אים, האָט ער זי געזידלט מיט די ערגסטע נעמען. ווען ניט די מענטשן וואָס זיינען דעמאָלט אָנגעקומען פון ערגעץ, וואָלט דער צעדרייטער ווילי ניט אויפגעהערט צו זידלען דאָס מיידל.

אין הויז ביי בערקע הוירש איז געווען זייער פריילעך. אַלע צימערן פול מיט מענטשן פון נאָענט און ווייט. מען האָט געטרונקען בראָנפן און וויין. געוואונטשן בערקען און זיין פרוי לאַנגע יאָרן — שוין איינמאָל אַ קינד — האָבן זיי שוין שיכורלעך געזאָגט. בערקע מיט זיינע פאַרגאַסענע אויגן האָט געקוקט אויף דער ספר־תורה, וואָס האָט זיך געפונען אויף אַ גרויסן טיש באַקליידט מיט זיידנס, גרייט פאַר דעם פאַראַד פון זיין הויז ביז דער נייער שול.

די פרוי בערקעס איז געשטאַנען ביי זיין זייט מיט פאַרוויינטע אויגן: ווען זי שעמט זיך ניט, וואָלט זי די פאַרזאַמלטע געזאָגט דעם אמת, אַז זי וואָלט צופרידענער געווען מיט אַן אַנדער קינד — פון בלוט און פלייש, אַ טייל פון איר. . די ספר־תורה וועט מען באַלד אַוועקשטעלן אין אָרון־קודש און דאָס הויז אירס וועט בלייבן פּוסט..

מאַקס הוירש און זיין פרוי זענען געזעסן אין אַ ווינקעלע פאַרטרויערטע. זיי זענען אַהער געקומען פון יוצא וועגן. ווי קאָן זיי קריכן אין די קעפּ אַ שמחה, אַז זייער בן־יחיד ווילי איז אַנטלאָפן און קיינער ווייסט ניט וואוהין די פרוי האָט זיך אין אירע מחשבות געווערטלט מיט מרס. בריל: „אַזאַ

חוצפּה! געקומען אַ פּרעג טאָן ביי איר טעכטערל וועגן זון, האָט זי זיך צעשריגן און ניט געלאָזט אַריבערטרעטן די שוועל אפילו. באַגלייט זי מיט זידל־ווערטער, אַז איר טאָכטער האָט מער ניט צו טאָן מיט „פאַרדאַרבענע מענטשן"... דער מאַן, מאַקס הוירש, האָט זיך דאָ זיצנדיק געכאַפּט, אַז מר. בריל איז שוין עטלעכע טעג ניט געקומען צו דער אַרבעט. וואָס נאָך? ער זעט דאָ קיינעם ניט פון די באַלעמעלאָכעס: דער ברודער האָט זיי דאָך אַלע איינגעלאַדן. ער האָט דאָך אַליין געגעבן צו פאַרשטיין ווי דיפּלאָמאַטיש אַזאַ שריט איז... עפּעס הענגט אין דער לופטן!

בערקע איז אונטערגעקומען און זיך צעבייזערט, וואָס זיי זיצן אָפּגעזונדערט און פאַרקלערט:

„דער תכשיט וועלוועלע וועט זיך אָפּזוכן! גיט נאָר אַ קוק ווי מיין טעלעלע שיינט" — ביידע האָבן לפנים געשמייכלט און מאַקס האָט געפרעגט ביי בערקען אין דער שטיל פאַרוואָס מען זעט ניט קיין איינציקן אַרבעטער פון זייערע, האָט ער דאָס ביז אַהער ניט באַמערקט? בערקע האָט זיך צעלאַכט אויפן קול: וואָס אים ליגט היינט אינזינען?

„אונדזער שטעל־פאַרטרעטער בריל איז אויך ניט געקומען, וועל איך זיך גיין זאָרגן?" — האָט בערקע געפרעגט. מאַקס האָט אים פאַרוואונדערט נאָכגעקוקט און אים ברוגז׳לעך אָפּגעענטפערט: זאָל ער זיך נאָר דערמאָנען, וואָס זיי האָבן אים געזאָגט! אויב ער וועט ביי עמעצן פון די שכירות אַרונטערנעמען איין סענט, וועט אים באַנג טאָן.

האָסטו זיך מיט זיי נאָך ניט פאַרגלייכט?

„היינט איז ביי מיר אַ יום־טוב!" — האָט בערקע אויסגערופן אויפן קול — „דו, מאַקס, ביסט אַלעמאָל אַ קלאָג־יידענע! שטענדיק דאַכט זיך דיר אויס שלעכטע זאַכן... ווער שרעקט זיך אָפּ פאַר ברילס חברה? איך וועל זיי אַלע געבן דעם וועג מיט דעם חלוש צחאַמען! איך האָב פאַר זיי קיינעם ניט קיין מורא! מיין נאָמען איז בערקע הוירש! לאָמיר טרינקען לחיים:"

„לחיים" — האָט מאַקס פון יוצא וועגן אַ זופּ געטאָן דעם וויין ווי אַ מעדיצין — „הלוואי זאָל אַלץ אָפּגיין גלאַטיק..." — האָט ער אויסגעלאָזט מיט אַ זיפץ.

דער פאַראַד האָט זיך אָנגעהויבן, געצויגן זיך איבערן נייעם שמאָלן געסל. מוזיק האָט געשפּילט און פיס האָבן מאַרשירט צום טאַקט. די חופּה

פּאַראויס. אַ מערץ־ווינטל האָט זי ביי די פיר טרעגער פון די הענט געריסן. די אויסגעפּוצטע ספר־תורה מיטן פּליושענעם מענטעלע מיט דער זילבער־נער קרוין איז געגאַנגען פון האַנט צו האַנט. די קליינע גלעקלעך אויף דער קרוין האָבן ניט אויפגעהערט צו קלינגען, זיך באַרימט, ווי קליינע קינדער, אַז זיי זיינען אמתדיק זילבער! יידישע פּאָנעם האָבן געפלאַטערט. בערקע האָט מיט גרויסקייט געקוקט אויף זיין פרוי און זי אויף אים. ער האָט איר געזאָגט אין דער שטיל:

„אַלע זיינען אונדז מקנא! זעסט שוין ווי נויטיק די קלינגערס זיינען?" זי:

„ווּעסט מיר שוין ניט דערגיין די יאָרן? גיב מיר דיין וואָרט!"

בערקע האָט אַ ברייטן שמייכל געטאָן. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז ער האָט פאַרגעסן איר צו זאָגן, אַז ער קלויבט זיך צו בויען אַ יידישן שפּיטאָל אין געגנט און זייערע נעמען וועלן זיין אויף אַ טאָוול אויסגעקריצט מיט גאָלדענע אותיות, גלייך ביים אַריינגאַנג. אַ שאָד וואָס ער האָט איר ביז אַהער ניט דערציילט. אָבער אַז זי האָט אים שוין יאָ געשטעלט אַ באַדינג, וועט ער איצט ניט דערציילן. די נייעס וועט ניט אַלט ווערן ביז זיי וועלן אַהיים קומען...

גאָר פּלוצים האָט בערקע קוים געקאָנט אַרויסריידן אַ וואָרט. קוים געפּלאָנטערט מיט די פיס. ער האָט אַזוי מאָדנע געסאָפּעט.

די פרוי האָט זיך דערשראָקן. זי האָט געטאָרעט מאַקסן:

„קוק נאָר אָן בערקען — צופּל פאַר זיין הויכן בלוט־דרוק — האָט זי געטראַכט.

די שותפים האָבן זיך געהאַלטן אין איין סוד'ען וואָס צו טאָן מיט בערקען. צי וועט ער אויסהאַלטן ביז צו דער שול, אַז מ'זאָל אים ניט איבער רייסן דעם פּאַראַד.

די פרוי האָט זיך צעלאָזט אויפן קול, אַז גלייך זאָל מען רופן אַן אַמבולאַנס.

ביי הירשקע בריל אין שטוב איז אויך ניט געווען פריילעך. קלאַראַ האָט ניט געקאָנט צו זיך קומען פון דעם וואָס ווילי האָ טזי אַזוי פאַרשעמט. פון דער רכילות. זי האָט זיך געבעטן אַז מען זאָל זיך אַרויסציען פונעם בעסל ווייט, ווייט.

הירשקע האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און גענומען טרייסטן אַז זיי וועלן נאָך אויפגעריכט ווערן: „ווען עס ווערט שטאָק פינצטער, קומט דער־נאָך אָן דער מאָרגנשטערן, די זון, און עס ווערט ליכטיק אין אַלע ווינקעלעך". ער האָט ניט אַראָפּגענומען די אויגן פון דער פרוי. ווי אַ תל זי איז געוואָרן! ווען ער האָט זיך מיטאיר באַגעגנט, האָט זי פאַרמאָגט אַזעלכע שיינע וואַרעמע אויגן, און איצט, וואָס פון איר איז געוואָרן; זי עסט זיך אָפּ ס'האַרץ אוודאי וואָס זי האָט צוגערעדט אַז ער זאָל זיך אַהער אַריינפּלאָנטערן. זי האָט זיך ניט געקענט פאָרשטעלן אַז די משפחה הוירש איז אַזוי רשעות'דיק. ער האָט איר דערלאַנגט די האַנט. געגעבן צו וויסן אַז אַזוי בלייבט עס — ער גייט זוכן אַ דירה און זאָל זי דאָ דערוויל דערציילן אַ פּאָר מעשהלעך פון איר שטעטל וואו די מערסטע האָט מען געהאַלטן פאַר גרויסע לצים. קלאַראַ וועט זיך אַמוזירן. זאָל זי אויפלעבן אירע מיידלשע פאַנטאַזיעס. אויך צוליב זיך אַליין. דער אַמאָל האָט אים ניט איינמאָל אויפגעלעבט ווען ער איז געווען שווער געשטימט. דערביי איז ער אַוועק זוכן אַ דירה.

טאָבי האָט געגלעט הירשקעס רייד. זי האָט געפּילט מער ליכט איי אירע אויגן. ער איז גערעכט. מ'דאַרף דער בת יחידה אויפלעבן מיט עפּעס.

זי האָט אָנגעהויבן בלעטערן דעם פאַמיליע־אַלבאָם. דערזען פאַר זיך קלאַראַן אַלס קליין מיידעלע ווי זי זיצט אויף אַ שליטעלע אין דעם פאַרשנייטן אַרום. דערציילט קלאַראַן ווי דער טאַטע אירער האָט איר דעמאָלט געקויפט אַ ליאַלקע מיט אַ ראָזעווען קליידעלע און אַ ראָזעווע היטעלע און אַוועק צוריק צו דער אַרבעט, אַריינגעלייגט די ליאַלקע אין דער קעשענע פון אַ צווייטן אַרבעטער. ווי דער טאַטע האָט דעמאָלט שוין געוואָלט דער טאָג זאָל אַוועק און ער זאָל קאָנען געבן זיין קינד די מתּנה.

ענדלעך איז ער געקומען אַהיים, געזוכט אין די קעשענעס, געצויגן מיט די אַקסלען און געמאַכט אַ שווייג. . .

דאָרטן ביים צווייטן אַרבעטער, ביי וועמען די ליאַלקע איז גראד יאָ געווען אין קעשענע, איז אויך ניט געווען פריילעך. זיין ייִנגעלע האָט אָנגע־בלאָזן זיינע בעקעלעך און זיך אַ ברוגז געוואָרענער אָפּגעקערט פון זיין טאַטן.

דערציילט דאָס אַלץ צו קלאַראַן, האָט זי לכתחילה באַקומען רחמנות אויפן ייִנגעלע: זי זעט אים ממש פאַר די אויגן. שפּעטער האָט זי שוין געשמייכלט און זיך געבעטן צו דערציילן איר נאָך און נאָך פון אירע קינדער־יאָרן. . .

די מוטער האָט זיך געפילט ווי צו כאַפּן אַ טענצל, דערפאַר וואָס זי האָט דער טאָכטער ענדלעך אַריינגעבראַכט אין אַ בעסערער שטימונג: וואו נעמט מען נאָך אַזעלכע גוטע ווערטער? קלאַראַ איז ווי איר טאַטע, רייד מוזן ביי זיי האָבן אַ טעם זי האָט דערווייל געהאַלטן אַרומגענומען קלאַראַן און געהאַט פאַרקלערט זיך אַ ווײַלע. זי האָט דערהערט טריט און גלייך איז מר. בריל אָנגעקומען. ביידע פרויען האָבן אים אויפגענומען זייער גערן. ער האָט דערפילט אַ וואַרעמקייט אין זיינע אברים: די אויגן זייערע ניט אַזוי מאַט ווי נעכטן און אייערנעכטן. וואָס האָט דערצו געבראַכט? די פרוי האָט זיך אָפּגערופן:

„הירשקע אונדזער טאָכטער האָט אויף מיר אויסגעטראַכט! ניט אַנדערש אַז איך בין ניט אַבי ווער...

„פאַ, האָסט געמעגט הערן איר דערציילן מיר מעשהלעך" — האָט קלאַראַ געזאָגט.

„האָסט שוין איינמאָל אַ מאַמע!" — האָט בריל געשפּאַסט — „און וואָס זי האָט געזאָגט, בין איך מיט איר פולקאָם איינשטימיק.

די פרוי האָט זיך פאַררויטלט און געזאָגט, אַז איצט וועט מען הערן וואָס ער האָט עפּעס גוטס צו דערציילן.

בריל האָט זיך אַוועקגעזעצט און דערציילט, אַז ווי ס'קוקט אויס, וועט זיך דער סטרייק באַלד ענדיקן. דזשעק לינדער האָט אַלץ איבערגענומען און ער איז ניט בערקע. ווי עס זעט אויס, האָט ער מער שכל פאַר דער גאַנצער פאַמיליע הוירש. ער פאַרשטייט, אַז אַרבעטער קאָן מען ניט מאַכן אויס אַרבעטער. דאָס האָט ער געלערנט ניט פון זיין פעטער... דאָ שכירות גע־שניטן, דאָרט געגעבן אַ ספר־תורה... ווען ער ווייסט וואָס דאָרט שטייט געשריבן? יאָ, ער האָט שוין אַ קונה פאַרן שטיבל. געזען שוין אַ דירה. מאָרגן וועט מען אים רופן. קלאַראַ האָט געפּליעסקעט מיט די הענט...

דעם טאָג ווען די פאַמיליע בריל האָט זיך אַרויסגעצויגן פון געסל איז כמעט אויף יעדן שכנה'שן גאַניק געשטאַנען אַ פרוי כדי צו כאַפּן אַ קוק אויף קלאַראַ'ן, וועמען די משפחה הוירש האָט אַזוי באַרעדט און דערצו, ווילי וואָס האָט זי אַזוי געזידלט אין אַ שבת שפּעט ביינאַכט:

„אַ גאָט'ס רחמנות...

„אומזיסט און אומנישט!

„וואָס האָט דער פּוסט און פּאַסניק געהאַט צו איר?

## די צוויי משפחות

„אַזאַ טייערע נשמה.

„מען זאָגט אַז דער תכשיט איז גאָר אַראָפּ פון זינען"...

אַ מיטליאָריקע פרוי האָט איינגעשטילט. זי האָט ניט ליב באַשולדיקן אין צד: „פאַרוואָס האָט זיך די בהמה מיט אים אַרומגעפירט?

„ווען איער חתן האָט אייך ערגעץ גערופן, נו?" — האָט מען איר איבערגעשלאָגן.

„וואָס ווייסט מיסעס טיש פון ליבע; אפשר איז זי אַ קרובה פון מאַקס הוירש"? האָט זיך דערהערט אַ דראַבנער געלעכטער.

מר. בריל האָט זיך באַוויזן אויפן גאַניק, אָפּגעשעטלט אַ פאַרביילופיקע טעקסי און אַריינגעשריגן אין טיר אַז קלאַראַ און זיין פרוי זאָלן שוין קומען.

דערזען דער מאַמען מיט דער טאָכטער, האָבן זיי די שכנות נאָכגעשיקט ברכות: זאָל זיי דאַרטן זיין מער מזל'דיק ווי דאָ! זאָל מען שוין אויפגעריכט ווערן

בערקע הוירש, וועלכער האָט זיך אָוועקגעלייגט אין בעט גלייך נאָכן פאַראַד, ווען ער האָט די ספר תורה געגעבן אין דער בייער שול, האָט זיך נאָך אַלץ ניט געקאָנט רירן פון אָרט. דער הויז־דאָקטאָר האָט גלייך געראָטן דער פרוי צו לאָזן נעמען אים אין אַ פּריוואַטן סאַנאַטאָריום. ווער קאָן וויסן ווי לאַנג עס וועט דעם חולה נעמען ביז ער וועט זיך קאָנען שטעלן אויף זיינע פיס? די פרוי האָט ניט דערלאָזט. זי וועט אַליין ווערן זיין נורס און אים שטעלן אויף זיינע פיס. זי האָט גענוג צייט. און בערקע האָט אַלע זיינע קאַפּריזן געלאָזט אויף דער פריי. ווען זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אָפּרוען אַביסל, האָט ער איר דערלאַנגט שטעך־ווערטלעך:

„עטל, איך וועל באַלד אויסציען די פיס, וועט קומען אַ פרעמדער רוח, פאַרנעמען מיין פלאַץ און בערקע וועט פאַרגעסן ווערן, גלייך ווי גאָרניט געווען אויף דער וועלט"...

וואָס מער עטל האָט זיך ביי אים געבעטן ניט צו רעדן אַזעלכע רייד, אַלץ מער האָט ער עס געטאָן. האָט זי צוגעשטימט, אַז מען זאָל דעם מאַן נעמען אין אַ סאַניטאַריום: זי קאָן שוין מער ניט אויסהאַלטן! דער דאָקטאָר איז פון אָנהויב־אָן געווען גערעכט. ער איז זייער אַ שווערער פּאַציענט. בערקע אַליין האָט אויך צוגעשטימט. אים האָט זיך די אויסגעפוצטע היים צוגעגעסן און די זעלביקע וואָך האָט מען אים פון הויז אַרויסגענומען.

אין דעם פּריוואַטן סאַנאַטאָריום האָט מען בערקען באַזעצט אויף אַ

צווייִרעדלדיקן פּאַרשטױל. מ׳האָט אַװעקגעלייגט ציַיטונגען און זשורנאַלן לעבן אים. אָבער ער האָט זיך אויף זיי אפילו ניט אומגעקוקט. ער האָט בײַז געגלאָצט מיט זײַנע מאַטע ברוינע אויגן אַרום זיך אַן אַ זינען. ער האָט צו קיינעם ניט גערעדט, נאָר געכליפּעט אין דער שטיל און זיך באַדויערט: אַזאַ ווי ער זאָל זיך געפינען צווישן נוצלאָזע מענטשן. אַז זײַנע בליקן האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ שכן אַ פּאַציענט, האָט ער זיי גלייך צוריק געכאַפּט און איז געבליבן זיצן מיט צוגעמאַכטע אויגן, ווי ער וואָלט געוואָלט אָנ־לערנען זײַנע בליקן, אַז זיי זאָלן מער ניט אַרומטאַנצן: זאָלן זיי וויסן, אַז ער האָט דאָ מיט קיינעם קיין שייכות ניט...

די ערשטע צײַט האָט זיך בערקע געבייזערט אויף די דאָקטוירים: זיי טוען פּאַר אים גאָרניט, אויף ווען וואַרטן זיי? ער האָט נאָך אַלץ געהאַט אַ געפּיל, אַז די געזונטע וועלט קאָן זיך אָן אים ניט באַגיין. אָבער דער עלטסטער האָט אים איינמאָל געזאָגט מיטן האַרבן וואָרט, אַז ער זאָל אויפ־הערן צו האָבן טענות: ער האָט זיך אַלץ אַליין גענומען און זאָל ער זיך באַצייטנס צוגעוואוינען, אַז דאָס איז עס! אָט מיט די מענטשן וועט ער פון היינט־אָן פאַרברענגען. ער מוז זיך צו אַלץ צוגעוואוינען, ווערן איינער פון זיי. האָט בערקע אויפגעהערט מיט זײַנע טענות, מער געשוויגן ווי גערעדט. אויף אים האָט זיך אָנגעזעצט אַ חשבון הנפש: פּאַר וועמען איז ער אַזוי געלאָפן? דערזען פּאַר זײַנע אויגן דעם לאַנדסמאַן בריל, געהערט זײַנע שטראָף־רייד: „בערקע, די וועלט איז ניט הפקר! פּאַכע ניט אַזוי מיט דער בייטש!”... וויבאַלד אַזוי, וועט ער זיך איצט דערלעבן אַ נקמה. זע נאָר, ווי סטאַטעטשנע בערקע זיצט אויף אַן אָרט! דער חלוש בריל וועט אים נאָך איבערלעבן... וויבאַלד אַזוי איז טאַקע די וועלט ניט הפקר! ער וואָלט זייער וועלן געזונט ווערן. ער וואָלט דעם הימל געשוואוירן צו זײַן אַנדערש...

פון צײַט צו צײַט האָט ער אָנגעהויבן צו ווערן פרום. געזאָגט תהילים אפשר וועט ער פּאַרט עפּעס אויסבעטן? דער טאַטע זײַנער איז דאָך ניט געווען קיין נאַרישער ייִד און געגלויבט אין די זאַכן, מסתמא איז דאָך עפּעס פאַראַן אין דעם. ער איז אַלעמאָל געווען אַזוי פאַרנומען. געזאָרגט פּאַר פּרנסה, צו האָבן פון וואַנען צו געבן צדקה...

בײַ דעם לעצטן געדאַנק האָט זיך בערקע לאַנג אָפּגעשטעלט: ער וועט מאַכן אַ צוואה און ניט רעכענען זיך מיט זײַן פרוי עטל. ער איז אין

געפּאַר, ניט זי. אויב זי וועט אים אָפּרעדן, וועט ער נאָכאַמאָל האָבן די מעגלעכקייט צו ווייזן איר, אַז ער לעבט: זיצנדיק אויף זיין פּאָרשטול וועט ער געבן אַ באַפעל: אַזוי זאָגט בערקע! און קיינער וועט זיך אים ניט שטעלן אין וועג. זאָל זיך עטל ניט פרייען, אַז בלויז זי וועט אים ירשנען...

די שותפים האָבן זיך ניט געאײַלט צו גיין בערקען מבקר חולה זיין. זיי זענען געווען פאַרנומען אָפּצושטופּן דעם קריזיס, וואָס האָט זיך פון דער העלער הויט אויף זיי אָנגערוקט. געבליבן שטעקן אין מיטן בויען אַ גרויס אַפּאַרטמענט-הויז, ווייל מען וויל ניט באָרגן די סומע וואָס זיי דאַרפן האָבן. יעדע באַנק גיט זיי איין ענטפער: „אונטערוואַרטן" ביז עס וועט זיך איינשטעלן, וואָס, ווער, ווען, הויבן זיי ניט אָן צו וויסן. אויף ווען מען דאַרף מען וואַרטן צו געבן דעם צייכן, אַז זייער קרעדיט איז גוט? אויב ס'זיעט דויערן לאַנג דער קריזיס, וועלן זיי ניט אויסהאַלטן. אַז זיי וועלן זען בערקען, וועט ער זיך מיט זיי רייצן: אָן אים איז מען פאַרלוירן! זיי פעלט דער קאָפּ. ווען ער איז געזונט, וואָלט קיין באַנק ניט אָפּגעזאָגט צו לייען געלט וויפל ער דאַרף נאָר: נו, גיי טענה זיך איצט אויס מיט אים.

אָבער די פרוי עטל האָט זיי יעדן טאָג דערמאָנט, אַז עס איז שוין צייט צו גיין באַזוכן איר מאַן. כלומרשט דערציילט, אַז בערקע האַלט זיך אין איין נאָכפרעגן. אָט-די עטלעכע ווערטער האָבן שטאַרק באַווירקט די שותפים צו גיין וואָס גיכער, און זיי האָבן אָנגענומען אַ באַשלוס אים גאָרניט צו דערציילן. אַלע זאָלן שמייכלען! פאַר בערקען איז אַלץ אין אָרדנונג..

בערקע האָט זיך באַצויגן זייער קאַלט צו זייער באַזוך. די שותפים האָבן געקוקט אויף עטלען מיט גרויס פּאַראיבל: זי האָט אָפּגעוואוינט מיט אַ מאַן אַזויפיל יאָרן און קען אים ניט! זיי האָבן גוט געוואוסט, אַז בערקע איז ניט דער מענטש פון סענטימענטן, אָבער וואָס פאַר אַ פּנים האָט עס פאַר פרעמדע מענטשן אַזוי זיך אויפצופירן? ער זאָל עפּעס פרעגן! גלאָצט מיט די אויגן און שאָקלט מיטן קאָפּ. די פרוי האָט אים גענומען גלעטן:

„בערקע, וועסט נאָך זיין מיט אונדז, זאָג איך דיר! איך האָב געהאַט אַ גוטן חלום וועגן דיר... זאָל איך דערציילן? אַלע מעגן הערן אַזאַ חלום!"

בערקע האָט זי ניט געלאָזט אויסרעדן. ער איז ניט קיין קינד. בערקע האָט פיינט, אַז מען האָט אויף אים רחמנות. ער האָט געפילט ווי אויסצושרייען, אַז ער האָט פיינט די חולאים דאָ און נאָך מער פיינט האָט ער די געזונטע. וואָס זיינען זיי געקומען? זיך רייצן מיט אים, אַז זיי קאָנען גיין און ער ניט? וואָס וועט עטל זאָגן, ווען ער וועט איר לאָזן וויסן וועגן זיין

צוואה? זי וועט אים מער ניט וועלן דערציילן וועגן איר גוטן חלום. ווען עס איז וועט ער זאָגן דעם הויפּט?דאָקטאָר, אַז ער וויל ניט מען זאָל אים קומען מבקר חולה זיין. אין דער קעגנוואַרט פון די געזונטע, זעט ער זיך אַ פאַרלוירענעם...

ווען די שותפים האָבן זיך געלאָזט גיין, האָט ער אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אַ פאַרגליווערטן שמייכל געטאָן צו דער פרוי. אַ זיפץ האָט זיך ביי אים אַרויסגעריסן, אָבער ער האָט זיך צוריקגעהאַלטן ביז די באַזוכער האָבן אים געהאַט פאַרלאָזן...

אויפן וועג אַהיים האָבן די שותפים צוערשט גערעדט וועגן בערקען: אַ מבין, וואָס פון אים איז געוואָרן? אַלעמאָל נאָר גערעדט וועגן די ביזנעס, קיין זאַך האָט אים ניט אינטערעסירט, און איצט ער זאָל כאָטש אַ וואָרט געוועזן לאָזן פאַלן!

„אפשר ווייסט ער שוין, וואו מיר האַלטן אין דער וועלט״? — האָט מאַקס הוירש געזאָגט, דערנאָך אַ זיפץ געטאָן.

„ווער האָט אים געקאָנט דערציילן?״ — האָט דזשעק לינדער געפרעגט.

„אַוודאי עטל!״

די פרוי האָט זיך ווי פון שלאָף אויפגעכאַפּט. זי האָט געטראַכט וועגן איר מאַן, וואָס אפילו איצט, אין אַזאַ מצב, האָט ער הנאה זי צו פייניקן. דער הויפּט־דאָקטאָר האָט איר דערציילט, אַז בערקע וויל צעטיילן זיין ירושה ביים לעבן. ער איז געוואָרן פרום און וויל געבן אַ סך צדקה. זי איז געוועזן וועגן דעם זייער פאַרביטערט: מיטאַמאָל אַ גרויסער בעל צדקה גע־וואָרן! ווי לאַנג איז עס, אַז ער האָט זי געמוסרט: זי זשאַלעוועט ניט געבן טשאַריטי, ווייל זי אַרבעט ניט אויפן געלט... אַלע מחשבות זיינע, וואָס קומען אים אין קאָפּ אַריין זיינען אויסן איר ווי צו טאָן; ער וועט נאָך אפשר זי איבערלעבן און פלוצים ווילט זיך אים אַ צוואה. אפשר וועט זי עפּעס זאָגן קעגן, וועט ער זי קאָנען יאָדען און יאָדען: איר הייבט ניט אָן צו אַרן: זאָל ער טאָן וואָס ער וויל! דערהערט, אַז דער שוואָגער מאַקס הוירש באַשולדיקט איר, אַז זי האָט דערציילט בערקען וועגן דעם, אַז די ביזנעס גייט באַרג־אַראָפּ, האָט זי אויסגעלאָזט איר האַרץ צו אים:

'ווער, ווער, דו, מאַקסעלע, ווייסט די ראַליע, וואָס איך האָב געשפּילט ביי דיין ברודער... ווי אַ שטייגער ביי דיר מיסטער בריל. הלוואי וואָלט איך אייך קיינעם ניט געקענט! אַ געלעכטער, איך מיט בערקען האָבן גערעדט וועגן די ביזנעס.

פיליפ לינדער האָט געהאַלטן מיט עטלען: זי איז גערעכט. אַלע קענען זיי בערקען! אָט וועט ער גיין רעדן מיט איר וועגן זיינע אינטערעסן! גע־טראָפן דעם ריכטיקן העכט. וואָס נאָך? ווען בערקע ווייסט וואָס עס טוט זיך, וואָלט ער דאָך זיך אויסגעלאַכט פון אַלעמען: וואָס הייסט, מען זויל איך ניט לייען קיין געלט? וואָס הייסט, מען קויפט ניט קיין הייזער? מ׳דאַרף וויסן ווי אַזוי צו רעדן צו אַ קויפער... און וואָס הייסט, די קליינע לענדלאָרס פון געסל מאַכן ניט זייערע איינצאָלונגען אין צייט? מען זאָגט זיי: חברה, מיר וועלן אייך מאַכן אויס קאַפּעליושמאַכערס! סטייטש, מיר האָבן דאָך שוין אַוועקגענומען אַ הויז פון איינעם, וואָס־זשע קומט אַרויס? מ׳דאַרף נאָך האָבן אַ מענטשן אַרום דעם. אַז קינדער זאָלן פון דעם ניט וועלן מאַכן קיין שפּיל־פּלאַץ, און אַז די ברעטער זאָלן ניט פוילן, דאַרף מען פאַרבן. ווען מען נעמט צו נאָך אַ פּאָר הייזער, ווערן מ י ר אויס קאַפּעליושמאַכער... אָט די אַלע זאַכן וואָלטן בערקען ממש אַריינגעשפּילט אין די הענט אַריין אָפּצוחזקן פון זיי אַלע. אויב ער האָט עס ניט געטאָן, איז דאָס דער בעסטער באַוויז, אַז ער ווייסט גאָרניט! לחלוטין ניט...

עטל האָט אַ בייזן קוק געטאָן אויף מאַקס הוירש, אָפּגעזעגנט זיך צו גיין אַליין אַהיים. זי האָט ניט קיין געדולד צו זיי, האָט זי געטראַכט. דזשעק לינדער האָט איר נאָכגעקוקט דער ערשטער און געזאָגט:

„די מומע זעט אויס ברוגז!

„וואָס האָט זי צו אונדז?“ — האָט מאַקס געפרעגט — איר מאַנס פּאַליסיס זענען ניט פאַרמשכונט ווי אונדזערע...

„עטל האָט גאָר ווינציק נחת געהאַט ביים פעטער בערקע...

„און איך האָב גרויס נחת?“ — האָט די שוויגער געפרעגט.

„איך מיין, אַז זי האָט ניט געהאַט ביי אים קיין שלום־בית, צוליב זיינע קאַפּריזן“ — האָט דזשעק זיך פאַרענטפערט פאַר דער שוויגער. מאַקס הוירש, דער שווער, האָט זיך צעלאַכט:

„אַבי איך האָב געדענקט, אַז מיין ברודער איז ביי דיר דער קלוגסטער און דער בעסטער אָנקל.

„איר טרייבט אַביסל איבער! איך האָב זיך געשטעלט אויף זיין זייט, ווייל איך האָב געוואָלט אחדות כדי צו האָבן דערפאָלג. בערקען האָט מען געמוזט נאָכגעבן ווי אַ קינד“...

מאַקס הוירש האָט אַ זיפץ געטאָן:

„דו גייסט מיר דערציילן וועגן אים? זאָל ער זיין געזונט און שטאַרק,

מײן שותף װעט ער שױן מער ניט זײן! װי עס זעט אױס, װעט שױן ריל עסטעיט אַזױ גיך ניט געבן אַ לעבן צו מאַכן״...

פון דאַן־אָן איז מען בערקען געגאַנגען זײער זעלטן באַזוכן. דער דאָקטאָר האָט געזאָגט:

„פרעגט ניט בײ מיר זײן צושטאַנד. איר זעט אַלײן. קײן ביסים באַװײזן קאָן איך ניט... ער שװײגט אָפּ גאַנצע טעג, װײל ער האָט צופיל געשטורעמט. מיר טוען דאָס בעסטע װאָס מיר קאָנען אונטער די אומשטענדן...

„אפשר אים נעמען אַהײם״? — האָט די שװעגערין פעני געפרעגט גלאַט אַזױ אַ שטאָך צו טאָן עטלען, װאָס לױט איר מײנונג דערלעבט זי אַ נקמה אין איר זון װילי, װאָס קאָן צו זיך ניט קומען. װער װײסט צי װעט זי נאָך האָבן נחת פון אים?

עטל האָט אַ ציטער געטאָן. זי האָט געשװיגן. געקוקט מיט מורא אין האַרצן דעם דאָקטאָר אין מױל אַרײן: זײן אורטײל קאָן באַשטימען צי זי זאָל לעבן, צי ניט. זי האָט זײער געװאָלט זאָגן דעם דאָקטאָר אַלץ אין פּאַראױס. אַז מיט בערקען צו זײן אונטער אײן דאַך, מײנט, אַז ער זאָל זי איבערלעבן. אָבער זי האָט זיך צוריקגעהאַלטן. פעני האָט עס דאָך אומישנע געזאָגט צו פאַרנאַרן איר אין אַ פּאַסטקע. זי װעט באַלד לױפן צו דער משפחה מיט איר קלאָגערײ: „זעט איר שױן, װער זי איז? אַרױסגעפּטרט דעם מאַן פון הױז און װיל אים מער ניט האָבן צוריק... אַזאַ מרשעת!״

דער דאָקטאָר האָט געזאָגט נײן, פאַר קײן פאַל ניט! בערקע װעט אינדערהײם לאַנג ניט געדױערן. דאָ זעט ער אַז עס זײנען פאַראַן נאָך גע־שטראָפטע. ער לעבט איבער אַ פעריאָד, װאָס ער קאָן ניט אָנקוקן קײן געזונטע מענטשן...

„לײדיס, אפשר דאַרף איך ניט זײן מיט אײך אַזױ אָפנהאַרציק, אָבער עס איז דער רײנער אמת! װען דער מענטש איז בכוח, װאָלט ער אַלעמען אומגעבראַכט... אָט האָט ער גערעדט װעגן אַ צװאה, און שפּעטער אַביסל: „דאָקטאָר, איך פיל װי נעמען מײן גאַנצע האַרעװאַניע און װאַרפן אין װאַסער אַרײן. איך האָב ניט קײן אײן־אײנציקן פרײנט״.

פעני האָט זיך געטראָגן מיט אַ געדאַנק צו זאָגן איר מאַן, אַז ער זאָל גײן אין דער שול אַרײן װאוהין בערקע האָט געגעבן אַ ספר־תורה און זאָל ער זען, אַז די ײדן זאָלן זאָגן תהילים, בעטן אַ רפואה פאַר בערקען, װײל ער האָלט שמאָל, זײער שמאָל...

די צוויי שוועגערינס האָבן זיך אָפּגעקערט. יעדע אין אַן אַנדער ריכטונג. עטל האָט באַשלאָסן, אַז פון היינט אָן וועט זי צו איר שוועגערין פעני מער ניט רעדן, איר שוועל מער ניט אַריבערטרעטן: הלוואי וואָלט זי די פאַמיליע קיינמאָל ניט דערקענט. אָפּגעוואוינט מיט אַ מאַן אַזויפיל יאָרן, צוליב וואָס?

ווען פעני איז אַהיימגעקומען, האָט זי אין הויז געטראָפן דעם לאָיער, מר. קליין, בײדע לינדערס און איר מאַן מאַקס הוירש. אַלע זיינען זיי געזעסן אַרום דעם קיילעכדיקן טיש אויף איין פוס, וועלכער איז ערשט ניט־לאַנג צוריק זיי אַלעמען געווען אַזוי מזלדיק. אויף דעם טיש האָט דזשעק לינדער צעוויקלט זיינע ערשטע בלויע פּאַפּירן, די צייכענונגען פון די הייזער, וואָס מ'האָט אין דער בייער געגנט אויפגעבויט. אַרום דעם טיש איז געשלאָסן געוואָרן די שותפות צווישן די לינדערס און די ברידער הוירש. ביי דעם טיש האָט בערקע אַלע זיינע קאַפּריזן אויסגעפּירט. איצט זיינען אַלע געזעסן אומעטיקע און יעדער האָט געטראַכט וועגן זיך אַליין. מר. קליין האָט געטראַכט וועגן דער פאַמיליע בריל, וועלכע האָט שוין ניט קיין שאַנס צו לאַדן מאַקס הוירשן אין געריכט, ווייל אַלץ איז באַנקראָט. הוירש ברידער און קאָמפּאַניע איז געבליבן שטעקן אינמיטן. דער חלום פון בויען גרויסע הייזער איז אויס. דזשעק לינדער האָט געטראַכט וועגן דער נייער שטעלע, וואָס מ'האָט אים אָנגעבאָטן. דער פאָטער זיינער האָט אויף אים געקוקט מיט קנאה: זיך אויסגעבראַכט פאַר אים, אַז ער זאָל זיין אַן אַרכיטעקט, צי וועט ער אינזינען האָבן דעם אַלטן טאַטן? און מאַקס הוירש האָט זיך ניט אויפגעהערט צו רייבן דעם שטערן. געטראַכט: אַז אים איז ערגער פון אַלעמען: ער האָט אַ זון, וואָס איז אַ לאַסט אויף זיין קאָפּ, ווער ווייסט אויף ווי לאַנג? ווען ער ווייסט ניט וואָס ער קאָן אָנהויבן צו טאָן וועגן פרנסה. זיין חלום איז געווען, אַז ווען ער וועט ווערן זעכציק יאָר, ציט ער זיך צוריק פון געשעפט און וועט לעבן אויף גרייטן, אַרומרייזן אַביסל. צום סוף אַזאַ נידערלאַגע! ער האָט דערנאָך אויסגעלאָזט זיין האַרץ צו מר. קליין:

„איך האָב געדענקט, אַז איר זענט אַ לאָיער, אָבער איצט בין איך איבערצייגט, אַז ניט... איר האָט אונדז באַדאַרפט וואָרענען אין צייט צו מאַכן עפּעס אַ דריי, ניט וואַרטן מיר זאָלן אַרויס מיטן בייטשל"...

קליין האָט זיך אויפגעשטעלט אַ דערצאָרנטער:

„איר מעגט זיך שעמען אַזוי צו רעדן מיט מיר! מיסטער פיליפּ לינדער איז מיין עדות, אַז איך האָב געגעבן עצות, אָבער איר זענט צופיל פאַרנומען

צו דערקוועטשן דעם אָרעמען בריל! איר פון אייער זייט און אייער זינדל פון דער צווייטער זייט... און דער פרעזידענט בערקע האָט געוואָלט די אַרבעטער מאַכן אויס אַרבעטער... איצט ווייסט איר שוין?״

מאַקס האָט געמאַכט מיט די הענט: ער קאָן ניט הערן אַזעלכע רייד! קליין האָט נאָך עפּעס געוואָלט זאָגן, אָבער מאַקס האָט אים מער ניט געלאָזט רעדן, געהייסן גיין. שוין צופיל געזאָגט...

קליין האָט זיך צוגעשאַרט צו דער טיר, געבליבן שטיין אַ ווײַלע און אויסגעשריגן:

„מיסטער מאַקס הירש, איר זענט נאָך מיט מיר ניט פאַרטיק!״ דערנאָך ערשט האָט ער אַ פּראַל געטאָן מיט דער טיר, אַז דער אַרום האָט אַזש אַ ציטער געטאָן און איז אַוועק.

ווען מר. קליין איז אַוועק, האָט אַ ווייל געהערשט אַ שטילקייט, ווי מען וואָלט דערוואַרט, אַז ער זאָל זיך נאָך אומקערן צוריק. פּעני איז געזעסן מיט אַ נעבעכדיקן אויסזען און געטראַכט: גיי דערצייל מאַקסן, ווי עס האָלט מיט זיין ברודער בערקע, אַז ער אַליין זעט ניט אויס בעסער... זי וועט אים צורו לאָזן!

דער ערשטער איבערצורייסן די שטילקייט איז געווען פיליפּ לינדער. ווי זיין שטייגער איז אַלעמאָל געווען, האָט ער גערעדט גאַנץ געלאַסן:

„דער לאָיער האָט גראַד געוואָרנט, אַז מיר קריכן צו הויך און אַז עמעצער וועט אונדז דאָ נאָך אונטערשטעלן אַ פיסל.

״וואו זענט איר געווען, מחותן? איר האָט דאָך געזען מיט אייערע אייגענע אויגן וואָס אין מיין הויז האָט זיך אָפּגעטאָן. מיין קאָפּ צעדולט. דאָ מיין זון, דאָ מיין ברודער! איך האָב אין איין צייט געדענקט, אַז איך וועל עס ניט אַריבערטראָגן״ — האָט מאַקס הירש גערעדט אין אַ טאָן, וואָס האָט זיך געבעטן אויף אים רחמנות צו האָבן.

„מיר זיינען אַלע שולדיק!״ — האָט דער איידעם געוואָלט פאַרגלייכן — „מען האָט געזען אַזויפיל געלט פליט, האָבן מיר געוואָלט כאַפּן וואָס מער! ווער האָט געזאָלט וויסן, אַז עפּעס האָט געשטעקט אין דעם?

„מיר וועלן נאָך אַריינכאַפּן גענוג דאָלאַרן!״ — האָט דער פאָטער געטרייסט. — „מיר וועלן נאָך מיט גאָטס הילף זיין צוריק אויף דעם לייטער! די הויפּטזאַך, לאָמיר זיך ניט קריגן. ווען בערקע זאָל מיך געווען פאָלגן, וואָלט ער אויך איצט דאָ געווען מיט אונדז צוזאַמען...״

פּעני האָט אָפּגעזיפצט: איצט גייט זי דערציילן ווי שמאָל עס האָלט

מיט בערקען, אַז עס איז יאָ געקומען צו רייד. אָבער גלייך האָט זיך פיליפ לינדער אויפגעשטעלט, נאָך אים — דער זון און בײדע האָבן אַרויסגערעדט אויפאַמאָל:

„שוין צייט צו גיין אַהײם!"

„איך גיי אײַך באַגלייטן!" — האָט מאַקס הוירש געזאָגט — „איך מוז האָבן אַביסעלע פרישע לופט, אַז ניט וועל איך עס ניט אויסהאַלטן"...

די מענער זיינען אַלע אַוועק. פעני איז איבערגעבליבן איינע אַליין.

אויף מאָרגן איז אָנגעקומען אַן איינלאַדונג פון ביל זאַן, פעניס אַ פלימעניק, צו זיין זילבערנער חתונה. זי האָט זיך געפרייט: דאָס הויז איז אָנגעפילט מיט אומעט, צייט פאַר אַן איבעררייס. מאַקס הוירש האָט זיך געקווענקלט, געצויגן מיט די אַקסלען:

„וועמען ליגט איצט אין קאָפּ חתונה־פּאַרטיס? לאָמיר שיקן אַ טעלעגראַמע און פּטור אַן עסק!"

די פרוי האָט פּראָטעסטירט: זי גייט מיט אים אַלעמאָל צו אַלערליי שמחות פון זיינע קרובים און קרימט זיך קיינמאָל ניט, נאָר ווען עס קומט אַמאָל אין אַ יובל צו גיין אויף אַ שמחה פון אירן אַ קרוב, מאַכט ער פוילע שטיק. זאָל ער וויסן זיין, אַז אויב ער וועט זיין אַן עקשן, וועט זי גיין אַליין! זי וועט איר בערעלען ניט מבייש זיין. . זי איז גענוג באַלאָדן מיט צרות פונקט ווי ער, אָבער מ'דאַרף זיך אַליין אַביסל אויפלעבן, אַז עס האָט זיך יאָ געמאַכט אַזאַ געלעגנהייט. נאָך עפּעס: ער קאָן ניט הערן אַזעלכע רייד וועגן איר פלימעניק, וואָס איז גראַד איצט רייכער געוואָרן. ווען נאָך האָט ער אַזאַ געלעגנהייט?

דערהערט די לעצטע עטלעכע ווערטער, האָט שוין מאַקס הוירש צוגעשטימט: עס וועט אפשר אים צונויץ קומען. ער האָט געזאָגט צו דער פרוי:

„פעני, האָסט מיך שלעכט פאַרשטאַנען! שוין צייט זאָלסט וויסן, אַז דיינע קרובים זיינען אויך מיינע... אַן עק זאָל עס נעמען! זע אַז מיין בלויער סוט זאָל זיין אויסגעפּרעסט.. אפשר דאַרפן מיר זיך טאַקע אַביסל פאַרגעסן אין אַלץ.

ביי דער שמחה האָט זיך מאַקס הוירש שטאַרק אַרומגעכאַפּט מיט מר. און מרס. זאַן. ער האָט זיך ברייטלעך געוואָרפן מיט קאָמפּלימענטן, אַז דאָס פּאָרפּאָלק זעט אויס ווי ערשט פון אונטער דער חופּה. די פּאַרהייראַטע

קינדער ווי שוועסטער און ברידער זייערע... מרס. הוירש האָט געקוקט זייטיק אויף איר מאַן: ער טרייבט איבער. עס איז ניט אין זיין נאַטור צו רעדן אַזעלכע ייד אָבער זאָל זיין אַזוי, אַבי ער איז ניט צעיורן ווי זיין טבע איז אין דער אמתן. נאָך עפּעס האָט פּאַסירט: ער האָט זיך גאָרניט געאײַלט צו גיין אַהיים; וואָס איז די אײַלעניש? — האָט ער געטענהט.

דערפאַר האָט דער קרוב ביל אים אָוועקגערופן אין אַ זייט און אים געלאָזט וויסן, אַז ער ווייסט וואָס ביי אים טוט זיך: זאָל ער ניט מיינען, אַז אים גייט ניט אָן וואָס זיין פּעטער און מומע לעבן איבער.

„אָנקל מאַקס, מיין קראָם איז פאַר דיר אָפן! דו דאַרפסט ניט האָבן קיין קאַפּיטאַל! נעם סחורה און לאָז זיך אַרויס אין די אָרעמע געגענטן. קלאַפּ אין טירן ווי איך האָב, ניט היינט געדאַכט, געטאָן, און דו וועסט האָבן ברויט מיט פּוטער. איצט איז די צייט! מענטשן זיינען פאַראָרעמט, קויפן זיי אויף וועכענטלעכע צאָלונגען. זיי וועלן דיר נאָך זיין דאַנקבאַר! און ווען דער קריזיס וועט אַריבער, וועסט וועלן צוריק נעמען זיך בויען הייזער, וועל איך דיך ניט אָפּהאַלטן.“ — ער האָט מיט אַ פינגער צוגערופן מרס. הוירש און מיט גרויסקייט אין טאָן דערציילט איר וואָס ער האָט פאָרגעשלאָגן איר מאַן. די פרוי האָט מיט גרויס באַגייסטערונג געזאָגט:

„בערלע, זאָלסט לעבן הונדערט און צוואַנציק יאָר! דער בעסטער פּלאַן פאַר אים. ווען זיין ברודער בערקע איז געזונט, וואָלט ער זיך אין דעם אָנגעכאַפּט מיטביידע הענט“...

מאַקס הוירש האָט ניט אַזוי גיך צוגעשטימט צום פּלימעניקס פאָרשלאָג. ער האָט געפילט ווי אויסשרייען: איך מאַקס הוירש האָב אַ בייע געגנט אויפגעבויט, אַ שול אפילו, וואו יידן זאָלן קאָנען צו גאָט בעטן, זאָל איך זיך דאַרפן אַרומשלעפן מיט שמאַכטעס איבער די הייזער! איז דאָס מיין באַלוינונג?

אינדערהיים איז ער געזעסן אַ פאַרלוירענער, זעלטן־ווען אַ וואָרט אַרויסגערעדט. די פרוי האָט עס ניט געקאָנט פאַרליידן און זי האָט זיך צו אים גלייך גענומען: זאָל ער אויפהערן זיך האַלטן גרויס! מען האָט שוין געהערט פון אַזעלכע זאַכן. צי האָט ער שוין פאַרגעסן, אַז ווען זי האָט זיך מיט אים באַגעגנט, איז ער געווען ניט מער ווי אַן אַרבעטער און ניט פון די גרויסע פאַרדינער. זיי האָבן אַ זון אין אַן אַנשטאַלט און מען דאַרף פאַר אים צאָלן און צאָלן, אַז ניט וועט מען אים ערגעץ אַוועקשיקן איבערן

וואַסער און זיי וועלן אים מער קיינמאָל ניט זען... זאָל ער אויפהערן מיט זיינע קאַפּריזן. איז ער אַוועק אין אַן אַנדער צימער, ניט געוואָלט הערן, וואָס זי האָט אים צו זאָגן, איז זי אים נאָכגעגאַנגען: אפשר וויל ער, אַז זי זאָל גיין אַרבעטן? וואָס שווייגט ער?

נאָך עטלעכע טעג אַזעלכע איז מאַקס הוירש אַ נעבעכדיקער אַוועק צו ביל זאַן, זיין פּלימעניק, און אים געלאָזט וויסן מיט אַ געמאַכטן שמייכל, אַז זיין מומע האָט געוואונען. ער האָט באַשלאָסן צו טאָן דאָס וואָס „קליגערע הייסן אים". ביל האָט אים געדריקט די האַנט און אים נאָכאַמאָל פאַרזיכערט אַז קיינער וועט אים דאָ ניט צוריקהאַלטן, ווען ריעל־עסטעיט וועט זיך בעסערן, דערווייל האָט ער פאַר אים איינגעפּאַקט אין אַ וואַליזע פאַרשיידענע הויז־אַרטיקלען, אויסגעלערנט וואָס ער דאַרף צו־זאָגן ווען ער איז נאָך פון יענער זייט טיר, און ווי אַזוי דער טאָן דאַרף זיך בייטן, ווען ער איז אינע־וויניק; ווי אַזוי צו דערקענען ווען אַ פרוי איז גרייט צו קויפן... אַמאָל איז נויטיק צו געבן אַ קאָמפּלימענט, אַז די פרוי איז אַ בריה; ווי ציכטיק זי האַלט די וואוינונג! אַט־דערפאַר איז טאָקע וויכטיק פאַר איר אָט־דער אָדער יענער אַרטיקל... מאַקס הוירש האָט זיך מיט איין אויער צוגעהערט וואָס דער פּלימעניק האָט אים געלערנט און בעת־מעשה געוואויגן אין די הענט די פולע וואַליזע צי וועט ער זיך קאָנען מיט דעם דערטראָגן אויף די שטיגן...

גלייך יענעם פרימאָרגן האָט זיך מאַקס הוירש אַוועקגעלאָזט מיט זיין גלאַנציקן אויטאָמאָביל, וואָס איז אים פאַרבליבן פון די גרויסע גע־שעפטן און וועלכן ער האָט אַזוי געשאַנעוועט די גאַנצע צייט, אַרויסגענומען די וואַליזע און ווידער געוואויגן אין די הענט, צי עס וועט ניט זיין צו־שווער פאַר אים צו קלעטערן דערמיט אויף די שטיגן. דערנאָך איז ער מיט געמאַכטן קוראַזש אַריין אין דעם ערשטן גרויסן אַפּאַרטמענט הויז, און באַלד מיט ציטערדיקע פינגער גענומען קלאַפּן אין פרעמדע טירן. גלייך ביי דער ערשטער איז ער געבליבן שטיין אָן לשון, ווען אַ פרוי האָט עטוואָס די טיר געעפנט אויף אַ קייטל. זי האָט ביי אים שטרענג געפרעגט וואָס ער וויל. ער האָט אָנגעהויבן זאַהיקען זיך, פאַרגעסן צוליב וואָס ער איז אַהער געקומען, און ווען ער האָט זיך ענדלעך דערמאָנט, איז שוין די טיר געווען פאַרמאַכט. ביי דער צווייטער טיר האָט ער שוין אויסגעזען אַזוי דערשלאָגן, אַז מען האָט אים דערלאַנגט אַ נדבה...

האָט זיך מאַקס הוירש שטאַרק באַליידיקט און מער יענעם טאָג ניט געקלאַפּט אין די טירן. ער איז באַלד געפאָרן אַהיים, דערציילט פאַר זיין ווייב וועגן דער שאַנד וואָס מ׳האָט אים אָנגעטאָן.

„גיי האַנדל מיט אַ קבצנישער געגנט! נאָר בעטלער דאַכט זיך זיי אויס! נו, וואָס דען, אַז איך קום אַהין קלאַפּן אין זייערע טירן. עס איז ניט פאַר מיר!

„אויב ס׳איז מיין בערעלען אָנגעשטאַנען און ער איז אַזאַ גביר, ס׳זאָל אים ניט פאַרשטערט ווערן, מעג דיר אויך אָנשטיין" — האָט אים די פרוי מיט כעס אָפּגעענטפערט. זי איז אָבער באַלד ווייכער געוואָרן. זיך געטראַכט: וואָס טוט זי, אַז ער שפּאַרט זיך איין? אָדער ער קומט מאָרגן צוגיין מיט אַן אַנדער פּזמון, אַז דער עולם קויפט ניט, וועט זי גיין אויסגעפינען צי ער איז דאָרט געוועזן? זי האָט זיך אַוועקגעזעצט לעבן אים, זיך אַנטשולדיקט:

„ווייסט דאָך, מאַקס, אַ שווער האַרץ מאַכט פאַרביטערט דאָס לעבן. זאָג מיר, איך בעט דיך, צי ווייסטו ניט, אַז דאָס אַלץ וואָס דו טוסט איז אויף דערווייל? מיר וועלן נאָך אינגיכן אַלץ אין פריידן דערציילן ,וועסט זען."

מאַקס הוירש, וואָס האָט קיינמאָל זיך ניט צוגעהערט צו אירן אַ וואָרט, האָט זיך איצט זייער אויפמערקזאַם צוגעהערט, ווי זי וואָלט מיטאַמאָל געוואָרן אַ גאַנצע ווייסערין. די פרוי האָט דעם טאָן אָנגעהאַלטן די גאַנצע צייט ביים עסן, און נאָכן עסן אים פאָרגעשלאָגן צו גיין מיט איר אויף אַ שפּאַציר. ער האָט זי געפאָלגט. די פרוי האָט אים געלאָזט ער זאָל זיך אַביסל פּיעשטשען: ביי די יאָרן דאַרף ער אַרבעטן, האָט ער זיך באַקלאָגט, און זי האָט אים געטרייסט, אַבי עס איז געבליבן אויף דעם אופן ווי זי האָט געוואָלט.

מאַקס הוירש האָט זיך ווידער אונטערגעגעבן. געוואָרן צוריק אַ פּעדלער פון שטוב־זאַכן, אַוועקגעלאָזט זיך אין אַ ווייטער געגנט, וואו קיינער ווייסט ניט וואָס פאַר אַ ראָלע ער האָט געשפּילט און זיך געטרייסט, אַז עס איז דאָך בלויז אויף דערווייל: עס טרעפט מיט אָנגעזעענע מענטשן אַז מען ווערט אַ יורד פאַר אַ שטיקל צייט. מ׳טאָר ניט אויפעסן ביז דעם לעצטן דאָלאַר... אַ שיין פּנים וואָלט ער געהאַט ווען זיין פרוי גייט ביי אים אַרבעטן. זי וואָלט געוואָרן די הערשערין. ניין, איינמאָל ניין! אָט גייט ער שוין איר זאָגן, אַז פון מאָרגן־אָן איז ער צוריק דער וואָס ברענגט פּרנסה. דער פּלימעניק ביל זאָגט וועט אים נאָך וועלן האָבן אינגיכן פאַר אַ שותף...

# ברוך מילער

מיט אַ צייט שפּעטער האָט מאַקס פֿאַרבלאָנדזשעט צום הויז, וואו די פֿאַמיליע בריל האָט געוואוינט. דער פֿרימאָרגן איז אים גראָד ניט שלעכט אַוועק, אָבער מיטאַמאָל האָט ער שוין מיט דערפֿאַרונג אָנגעקלאַפּט אין איין טיר און מרס. בריל האָט געעפֿנט. ווען זי האָט נאָר דערזען זיין פּנים, האָט זי אַ געשריי געטאָן, גלייך ער וואָלט אַ מעסער פֿאַר אירע אויגן געוויזן. שכנישע טירן האָבן זיך צעפּראַלט. פֿרויען זענען איר געקומען צו הילף, אָבער זי איז געזעסן ביי איר קיך־טיש אַ פֿאַרשטייפֿטע. געגלאָצט אויף זיי מיט אירע צעשראָקענע אויגן און ניט געקאָנט רעדן. און מאַקס איז אָן אָטעם אַרונטער די שטיגן. פֿאַר זיינע אויגן: מר. בריל, די טאָכטער און די פֿרוי. אָט וועלן זיי אים אַרומרינגלען און אים דערווערגן. די וואַליזע האָט זיך דערווייל געפּלאָנטערט פֿאַר זיינע פֿיס און דער בייכיקער מאַקס הוירש האָט זיך גענומען אַרונטערקייקלען ביז דעם לעצטן טרעפּ. ער איז געבליבן ליגן אַ ווײַלע און געכליפּעט: ברודער בערקע, דו וועסט מיך אויך באַלד האָבן אין סאַניטאַריום... דערנאָך האָט ער זיך שנעל אָפּגעטראָגן.

מ'האָט אין הויז ניט אויפֿגעהערט צו רעדן וועגן דער מאָדנער פּאַסירונג. פֿאַרוואָס האָט זיך מרס. בריל אַזוי דערשראָקן פֿאַר דעם פּעדלער? פֿאַרוואָס וויל זי גאָרניט דערציילן? זי זיצט אַזוי דערשלאָגן! אפשר דאַרף מען עפּעס טאָן? מרס. בריל האָט זיך מיט טרערן אין אירע אויגן געבעטן, אַז זיי זאָלן איר צורו לאָזן. ס'וועט קומען אַ צייט, ווען זי וועט זיי קאָנען דערציילן... דערווייל נאָך ניט.

מר. בריל איז גראָד יענעם טאָג געווען זייער אויפֿגעלייגט: די אַרבעטער איבער וועלכע ער איז געווען דער פֿאָרמאַן ערשט ניט־לאַנג צוריק, האָבן אים פֿאַרגעבן. ער האָט זיי געגעבן אַ שבועה, אַז מער וועט ער עס ניט טאָן אויף זיין גאַנץ לעבן. זיי האָבן צוזאַמען מיט אים געמאַכט אַ לחיים, גערעדט וועגן זייער באַלעבאָס בערקע הוירש, וועלכער האָט זיך געהנדלט צום הימל מיט זיין ספר־תורה און וואָס פֿון אים איז געוואָרן. אויפֿן וועג אַהיים האָט בריל אַ סך געטראַכט וועגן זיין טאָכטער קלאַראַ: זי האָט זייער גוט געטאָן וואָס זי האָט אָנגעהויבן נאָכאַמאָל צו גיין אין קאַלעדזש, ווען זי וועט האָבן אויסגעשטודירט פֿאַר אַ לערערין, וועט זי בעסער פֿון אַנדערע לערנען די אָרעמע קינדער. ניט נאָר פֿון די ביכער אַרויס, נאָר פֿון איר גוטן קאָפּ אַרויס, פֿון אירע אייגענע דערפֿאַרונגען... אין זיינע אויערן האָבן געזונגען אירע רייד פֿון ערשט ניט לאַנג צוריק: „פּאַ, איך האָב אַלעמאָל גע־

פילט, אַז דו ביסט גערעכט ווען דו האָסט עפּעס דערציילט וועגן אָרעם און רייך, אָבער היינט פאַרשטיי איך דיך". און צו דער מוטער: 'דו האָסט אַלעמאָל געמיינט גוט, און טאָמער האָט זיך אויסגעלאָזט אַנדערש, ביסטו ניט שולדיק. מיר האָבן דיך ליב סיי ווי סיי..." די פרוי איז געווען זייער צופרידן פון דער באַמערקונג. זי האָט געקוקט צו אים און ווען ער האָט מיט זיין קאָפּ באַשטעטיקט, האָבן זיך ביי איר די באַקן גערויטלט און זי האָט אַ ברייטן שמייכל געטאָן.

ער האָט אויך געטראַכט וועגן זיין בייעם דזשאַב: ער האָפט צו האָבן פרנסה און צו זען די פרוי זיינע אַלעמאָל אין אַ גוטער שטימונג. זי האָט זיך גענוג אָנגעפּלאָגט... אַזאַ וואוילע, עס קומט איר אַ בעסער לעבן! איר וועט געוויס הנאה טאָן, וואָס די אַרבעטער האָבן אים מוחל געווען. ער איז ווידער געוואָרן איינער פון זיי.

ווען בריל איז אַריין אין שטוב, האָט ער געטראָפן די פרוי ליגן אויפן דיוואַן, אַזאַ אויסגעבלייכטע, אַז אַ קעלט האָט דורכגענומען זיינע אברים. אין איין־איינציקער סעקונדע האָבן אים באַפאַלן אַזויפיל בייזע מחשבות, טאָמער האָט זיך אָנגעהויבן אַ ביסעלע נחת, קומט שוין ווידער עפּעס אַ צרה. ער האָט מיט אַ ציטער אין קול געפרעגט:

„טאָבי, וואָס האָט פּאַסירט? שאַנעווע מיך ניט! דערצייל מיר גלייך!"

די פרוי האָט זיך אויפגעזעצט און אים געגלעט איבער זיין הויכן האַלדז און אים גענומען באַרואיקן:

„הירשקע, עס האָט גאָרניט געטראָפן קיין שלעכטס זאָג איך דיר! איך האָב זיך ווי אַ קליין מיידעלע דערשראָקן...

„דערשראָקן? פאַר וועמען?

„דו ווייסט ווער עס האָט היינט געקלאַפּט אין מיין טיר? מאַקס הוירש! זאָלן מיר אַזוי ביידע האָבן אַ גוט יאָר.

„מאַקס הוירש? וואָס האָט ער געוואָלט?" — האָט מר. בריל אויסגעשריגן.

„הירשקע, כ'האָב דאָך דיר ערשט געזאָגט, אַז דו זאָלסט זיך באַרואיקן. ער פאַרקויפט קאַרפּעט־קלינערס אַוודאי, ווייסט אים דער רוח! אַז איך האָב אים דערזען, זאָלסטו שוין גאָרניט פרעגן. דאָס בלוט איז מיר גלייך געקומען אין קאָפּ אַריין, איך האָב געגעבן אַזאַ געשריי, אַז אַלע שכנים זיינען זיך צונויפגעלאָפן, מיך גענומען מוטשען: איך זאָל זיי דערציילן צי

האָט ער מיר געוואָלט שלעכטס טאָן... זיי וועלן אים זיכער דערקענען! גיי דערצייל זיי!

„זאָל שוין די אומזיסטע שרעק זיין אַן אַפּקומעניש! און איצט וועל איך דיר דערציילן פריילעכערע זאַכן...״

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט לעבן איר, גענומען איבערגעבן מיט גרויס באַגייסטערונג וואָס מיט אים האָט פּאַסירט. די טאָכטער קלאַראַ איז אָנגעקומען מיט אַ פּאַק ביכער אונטערן אָרעם, אַ זינגענדיקע.ביידע האָבן זיך איבערגעשמייכלט. פריילעכע אויגן האָבן איר נאָכגעקוקט בעת זי איז גע־גאַנגען צו זיך אין צימער. טאַטע־מאַמע האָבן אין אַלץ פאַרגעסן. ביידע האָבן זיך צעחלומט וועגן דער טאָכטער, וועגן אירע מאָרגנס און איבערמאָרגנס.

דער פרילינג איז אָנגעקומען אומגעריכט. מענטשן אויף די גאַסן זענען נאָך געווען אָנגעטאָן אין זייערע ווינטער־מאַנטלען. איידער מ׳האָט זיך אַרומגעקוקט, האָבן די יונגע ביימלעך אין דעם געסל, וואו ווילי און קלאַראַ האָבן געפירט די ערשטע ליבע, גענומען בליען. דאָ און דאָרט האָט ווייסער צוויט באַשיינט די נעבעכדיקע הילצערנע הייזער, וועלכע האָבן שוין באַ־צייטנס אויסגעזען אָפּגעטראָגן. אין אַ צאָל הייזער האָבן די טרעפּ אונטער־געסקריפּעט און די פּאַרב איז געווען אָפּגעבליאַקעוועט פון די רעגנס און שנייען.

קינדער קליין און גרויס האָבן פאַרפּלייצט די טראָטואַרן, געשריגן אויף אַ קול פאַר פרייד: ענדלעך זיך באַפרייט פון שווערע קליידער. די מאַמעס וועלן זיי מער ניט נאָכטראָגן די שאַרפעלעך און באַפעלן צו פאַר־קנעפּלען זיך אַלע קנעפּלעך פון די רעקלעך, אפילו קיין איינציקס ניט פאַר־פעלן! אויס מיט דער שרעק, אַז מ׳וועט זיך פאַרקילן. טירן זיינען צעפּראַלט. אַריין, אַרויס!

מיטאַמאָל איז אָנגעפאָרן אין געסל אויף אַ הויכן וועליסאָפּעד אַ בחור אין אַ טונקל גרינעם אוניפאָרם און אַ האַרט היטל מיט אַ געל קנעפּל איבערן דאַשעק. פון איין זייט האָט אַרויסגעקוקט אַ בליישטיפט. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן אַ גרופּע קינדער און זיך נאָכגעפרעגט וואו עס וואוינט מאַקס הוירש. די קינדער האָבן זיך אַלע אויפאַמאָל אָפּגערופן, אָנ־געוויזן מיט די הענטלעך, וואו ער וועט זיך דאַרפן נעמען לינקס. דערנאָך האָבן זיך אַלע פאַרקוקט אויף דעם גלאַנציקן וועליסאָפּעד, מקנא געווען דעם

בחור, וואָס פאַרמאָגט אַזאַ אייגנטום. זיי האָבן אים ניט אָפּגעלאָזט פון אויג, ביז ער האָט זיך געהאַט פאַרקערעוועט. ערשט דאַן האָבן זיי זיך צוריק גענומען שפּילן.

מאַקס הירש האָט זיך צו יענער צייט גענומען אָנטאָן צו גיין זען באַקאַנטע. ער האָט אויסגעזען צעטראָגן. אַלע גיבן אים עצות ווי אַזוי צו מאַכן אַרבעטן אַ דאָלאַר. אָבער אים בענקט זיך נאָך דער בוי־אינדוסטריע. ווי קומט ער צו ווערן אַ קרעמער? מיטאַמאָל האָט ער דערהערט דאָס טיר־גלעקל קלינגען. ער האָט זיך אַביסל געקרימט וואָס די פרוי זיינע איז פאַר־נומען אין קיך און ער דאַרף זיך מטריח זיין אַליין, אָבער ער איז גלייך געגאַנגען צו דער טיר, געעפנט און דערזען דעם בחור מיט דער גרינער אוניפאָרם, וועלכער האָט אים דערלאַנגט אַ טעלעגראַמע דערנאָך געגעבן אים אַ בליישטיפט ער זאָל אונטערשרייבן. מאַקס הירש האָט זיך צום ערשטן מאָל זינט ער געדענקט זיך, דערפילט אומבאַהאָלפן אין דער קעגנ־וואַרט פון אַ יינגל. ער האָט פּינקטלעך אויסגעפאָלגט זיין באַפעל, דערנאָך געגראַבלט זיך אין איין קעשענע און אין אַ צווייטער, געזוכט אַ קליינע מטבע צו געבן טרחה־געלט דעם בחור, וואָס האָט געקוקט דאָ צו זיין וועל־ליסאָפּעד, דאָ מאַקס הירשן אין די הענט אַריין. פאַרטיק געוואָרן, האָט מאַקס הירש גענומען נאָכקוקן די לויפנדיקע גומענע רעדער פון דעם וועלי סאָפּעד. ער האָט געוואָלט איבעררייסן די שרעק וואָס אים איז באַפאַלן: וואָס פאַר אַ טעלעגראַמע אינמיטן דערינען?

דער טעלעפאָן אינעווייניק האָט זיך צעקלונגען. מאַקס הירש האָט אַ כאַפּ געטאָן שנעל ס׳גלעזערן הענטל פון דער דרויסנדיקער טיר און איז גיך אַריין אין שטוב. די פרוי איז אים אַקעגן געגאַנגען מיט פאַרוויינטע אויגן, קוים גערעדט:

„קום מאַקס, לאָמיר צוגיין צו דער שוועגערין! ס׳איז אויס מיט דיין ברודער בערקע"...

ערשט איצט האָט ער געעפנט דעם קאָנווערט און איבערגעלאָפן מיט זיינע טונקל־גרויע אויגן די קורצע טעלעגראַמע. ער האָט אַ כליפּע געטאָן און איז אַוועק מיט דער פרוי צו דער שוועגערין.

גלייך ביים אַריינקומען האָט די פרוי אַרויסגעשאָסן אַ געוויין, ניט צו דערלאָזן, אַז די נאַרוואָס געוואָרענע אלמנה זאָל זיין די ערשטע צו פאַרגיסן טרערן נאָך בערקע הירש. זי האָט זיך דערנאָך אַרומגעקוקט איבער דער

שטוב, דערזען די פאַרדעקטע שפּיגלען און זיך ווידער צעכליפּעט. מאַקס הוירש האָט זיך געפּיעשטשעט פאַרביידע פרויען, זיך באַקלאָגט, אַז אויך ער פילט ווי צו וויינען, אַז ס'האַרץ זיינס גייט אים אויס, אָבער קיין טרערן קומען ניט...

ביידע פרויען האָבן זיך געהאַלטן אַרומגענומען און יאושדיק זיך גע־הוידעט הין און צוריק. קוקנדיג אויף זיי, האָט מאַקס הוירש געכאַפּט אַ שפּאַציר איבער דער שטוב און זיך געריבן די הענט, ווי אים װאָלט מיטאַמאָל געװאָרן קאַלט. דערנאָך האָט ער אַרויסגעצויגן זיין ווייס טיכל פון קעשענע, טאָמער וועלן טרערן פאָרט קומען...

נאָך בערקעס לוויה, ווען אַלע נאָענטע קרובים זענען געפאָרן אַהיים אין איין גרויסן שוואַרצן אויטאָמאָביל, האָט עטל פלוצים אַרויסגעשאָסן אין אַ געוויין און איבערגעריסן די שטילקייט. זי האָט דערנאָך זיך צערעדט מיט אַ ציטער אין איר הייזעריקן קול:

"מ'האָט צופיל געפּאָכעט מיט דער לאַנגער בייטש! געטראָטן אויף מענטשן און מיין בערקע האָט דערפאַר טייער באַצאָלט... אַ מבין ס'אַרא אָרעמע לוויה? פון דעם געסל, וואָס ער האָט געבויט, איז רבקה געווען די איינציקע. ווער וועט ס'גאַנצע יאָר נאָך אים זאָגן קדיש?"

מאַקס הוירש האָט מיט אַ פינגער געגעבן אַ צייכן, אַז קיינער זאָל איר ניט אָפּענטפערן: ער וועט עס פאַר זיי טאָן. ער האָט באַלד צוגערוקט זיך נאָענט צו דער אלמנה, געגלעט איר פלייצע:

„עטל, זאָרג זיך ניט! מ'וועט שוין זאָגן קדיש נאָך דיין מאַן אַ גאַנץ קיילעכדיק יאָר! זאָלסט אויך וויסן זיין, אַז דו פאַרבלייבסט איינע פון דער פאַמיליע, גלייך ווי בערקע וואָלט געלעבט"...

עטל ווידער, אַבי זי האָט זיך אַביסל אַראָפּגערעדט פון האַרצן און אַריינגעזאָגט די קרובים, האָט שוין געשוויגן. דערצו נאָך איז זי געוואָרן פּשוט איבערראַשט פון איר שוואָגערס וואַרעמע רייד: ווען האָט זי פון מאַקסן געהערט אַ גוט וואָרט?

מאַקס הוירש האָט איר געהאַט נאָך עפּעס צו זאָגן: פאַרוואָס טאַקע ניט זיין אַ פּאָר וואָכן ביי אים? אַזויפיל ליידיקע צימערן. ער האָט זיך אויס־געדרייט צו זיין פרוי, אַז איצט קאָן זי האָבן ס'וואָרט. און עטל האָט זיך גלייך צעכליפּעט:

„אַ דאַנק דיר, מאַקס! מיר פעלט ניט קיין פלאַץ. איך קאָן זיך אפילו

אויסציען... איך בין שוין צוגעוואוינט צו זיין אַליין... גייט איך געזונטער־הייט, יעדער צו זיך אַהיים!

אַז עטל איז יאָ אַזוי איינגעשפּאַרט, האָט די שוועגערין פּעני איר גענומען צורעדן:

„פאָלג מיך, קום צו אונדז! וואָס וועט דיך אַרען? איך וועל דיר צו־טיילן פון דעם שענסטן און דעם בעסטן"...

עטל האָט זיך דאָס מאָל שוין געבייזערט: זאָל מען זי לאָזן צורו! זי וויל אויף קיינעם ניט זיין קיין לאַסט.

ווי באַלד אַזוי, האָט שוין קיינער גאָרניט געזאָגט, ביז דער אויטאָמאָביל האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן הויז און עטל איז אַרויס. דעמאָלט האָט מאַקס הוירש געזאָגט

„אַזאַ מאָדנע פרוי!

„זי איז פאַרקלעמט!" — האָט דער מחותן פיליפּ לינדער זי פאַרענט־פערט. — „מיר זיינען אַלע פאַרקלעמט", — האָט זיך מרס. הוירש אָפּגערופן און זיך געבעטן ביים מאַן ער זאָל זיך מער ניט אויפרעגן, ווי גאָט איז ליב! זאָל ער גלייך גיין זיך אַביסל צולייגן. איצט האָבן שוין אַלע געהערט, אַז צו עטלען לוינט זיך ניט צו זיין געטריי...

פיליפּ לינדער האָט נאָך עפּעס געוואָלט זאָגן, אָבער דער זון האָט אים איבערגעשלאָגן:

„קום, פּאַ, דו דאַרפסט דיך אוודאי ניט אויפרעגן"...

דערביי האָבן זיי זיך צעשיידט. פיליפּ לינדער מיטן זון זיינען אַוועק — מרס. הוירש האָט באַלד נאָכגעשריגן דעם איידעם, אַז ער זאָל לאָזן גריסן דער טאָכטער מיטן קינד און מאַקס הוירש איז געגאַנגען פאַרטראַכט: ער האָט געמאַכט אַן אָנהויב צו זיין פריינטלעך צו דער שוועגערין און זי איז עס ניט געוען. זי האָט אירס אויסגעפירט, פאַרבליבן מיט אַזאַ ירושה, וואָס זי אַליין האָט זיך דערויף ניט גערעכט, וויל זי זיך באַציִטנס דערוויטערן. ווען די טרויער־טעג וועלן אַריבער, וועט ער מיט איר דאַרפן רעדן קלאָרע דיבורים! אויב זי וויל, אַז דער נאָמען בערקע זאָל ניט פאַרגעסן ווערן, האָט ער פאַר איר שוין איינמאָל אַ פּלאַן...

עטל איז געזעסן אויף אַ נידעריק בענקל איינגענורעט אין זיך און געקוקט שטאַר אויף אַלץ אַרום. אָפּגעגעבן זיך חשבון הנפש: וואָס האָט זי מיט איר לעבן אויפגעטאָן? וואָס האָט דער מאַן פון איר געמאַכט? געקומען

איינמאָל אַ פּאַרסאָפּעטער און געזאָגט: „עטל, דו מוזט פּאַר מיין ברודער צעשטערן די נאַרישע ליבע צווישן ווילין און דעם פּאַרבערס טאָכטער אײדער ס׳ווערט צו שפּעט...״ פּאַרוואָס האָט זי אים געפאָלגט? זי קאָן זיך דאָס קיינמאָל ניט פּאַרגעבן! וואו איז געווען איר שכל? איידער זי ווערט אַוועקפאָרן צו אירע קרובים אין קאַליפאָרניע זיך באַזעצן, ווערט זיביידן מוזן דערציילן דעם אמת. זי האָט שטאַרק געזינדיקט און בעט אַ פּאַרגעבונג, אַז ניט וועט זי עס ניט אויסהאַלטן וואו זי שטייט און וואוהין זי גייט זעט זי דאָס אויסגעבלייכטע פּנים פון קלאַראַן. זאָל זי איר אויספּאַטשן, אַבי איר פּאַרגעבן...

אין די אויערן האָט איר איצט געקלונגען בערקעס קול: „איך וועל ניט דערלאָזן אַז אַ פּרעמדער רוח זאָל פּאַרנעמען מיין אָרט! דו ווערסט מיך אַלעמאָל האָבן צו־גאַסט... אַלץ איז מיינס, מיינס, דו האָסט מיט זיך גאָרניט געבראַכט..״

עטל האָט אויפגעציטערט. איר האָט שוין באַנג געטאָן, וואָס זי האָט אָפּגעזאָגט דעם שוואָגער צו זיין ביי אים. די שטוב איז אָנגעפילט מיט שרעק, ווייל דאָ איז קיינמאָל ניט געווען קיין פרייד. אפשר אָפּרופן מינין זי זאָל אַהער קומען? ניין, ניין! זי וויל באַצייטנס אַלעמען דערוויטערן פון זיך! זי וועט אַריינגיין צו אַ שכנה, דינגען אַ צימער, ביז זי וועט אַלץ האָבן אין אָרדנונג און זיין גרייט צו פּאַרלאָזן...

דער טעלעפאָן האָט זיך מיטאַמאָל צעקלונגען. זי האָט אויפגעלעבט: כאָטש פילן אַן אָטעם פון דערווייטן. עטל איז צוגעלאָפן מיט אימפּעט. „העלאָ״!

„אַ דאַנק דיר, מאַקס, פּאַר אָפּרופן. וואָס איך מאַך, פרעגסטו? איך טראַכט אַ סך... איך צי אונטער חשבונות״ — זי האָט זיך צעשמייכלט — „ניין, מאַקס, איך מיין ניט די חשבונות וואָס דיר ליגט אין קאָפּ אַלעמאָל... וואָס שרייבט דיר ווילי? אַזוי! ניט געהערט פון אים נאָך?״

דער געשפּרעך האָט זיך אויף אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט. מאַקס הוירש האָט געבעטן עטלען אונטערצוװאַרטן אַביסל. ער האָט דערהערט די פּרוי זיינע אָנקומען און ניט געוואָלט, אַז זי זאָל זיך דערוויסן וועגן דעם טעלעפאָן־געשפּרעך. ווען די פרוי איז געווען אין קיך, האָט מאַקס פּאַרגעזעצט דעם טעלעפאָן־געשפּרעך. זאָל זי וויסן, אַז ער וועט זיין ביי איר אַזוי שנעל, ווי ער וועט מעגן אַרויסגיין פון הויז, אַז מענטשן זאָלן אויף אים ניט טייטלען

מיט די פינגער. — ער האָט איר געהייסן ניט טראַכטן צופיל און דערביי אויפגעהאָנגען דאָס טעלעפאָן־טרייבל.

עטל האָט זיך דערנאָך שטאַרק פאַרקלערט וועגן דעם טעלעפאָן־געשפרעך מיט איר שוואָגער: וואָס זאָל דאָס באַדייטן זיין פאַראינטערעסירן זיך אין איר מיטאָמאָל? היינט, גיי שאַץ אָפּ אַ מענטשן! ניט אַנדערש, אַז בערקעס טויט האָט אַזוי שטאַרק געווירקט אויף אים, אַז ער הויבט זיך ענדלעך אָן צו באַדענקען. זי וועט נאָך אפשר קריגן אַרויסגעצאָלט דעם חלק, וואָס איר קומט פון די לאַטס, וואָס ער האָט איבערגעשריבן אויף זיין נאָמען, ווען בערקע האָט זיך געפונען אינעם סאַניטאַריום. ווי באַלד אַזוי, וועט איר שוין מער ניט דאַרפן באַנג טאָן, וואָס זי האָט וועגן דעם די גאַנצע צייט געשוויגן...

אַרום יענער צייט איז גערעדט געוואָרן וועגן בערקען אויך ביי די ברילס. מאַן און פרוי זיינען געזעסן אויף אַ שפּאָגל־נייעם דיוואַן, וואָס מ׳האָט אַריינגעקויפט צוליב קלאַראַן. דער געשפרעך איז געגאַנגען דאַן אַזוי: די טאָכטער גייט אַרום מיט אַזאַ פּיינעם בחור, זאָל זי זיך ניט רויטלען, ווען זי דאַרף אים אַהער אין שטוב איינלאַדן. אַ שאָד נאָר וואָס מ׳קאָן דערווייל ניט בייטן דאָס גאַנצע מעבל פון הויז... שוין צייט!

דער געשפרעך איז אויך אויך געווען וועגן אייגענע ענינים. נאָר פּלוצים, ווען הירשקע האָט עפּעס געהאַט באַמערקט וועגן זיין נייעם באַלעבאָס, האָט די פרוי אַ זיפץ געגעבן. האָט דער מאַן גענומען פאַרשן ביי איר: וואָס גאָר זיפצן? גלאַט אַזוי, האָט אים די פרוי געענטפערט. אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט, ביז זי האָט אים דערציילט, אַז בערקע הוירש איז אויס...

„דער מאַן האָט געקערט וועלטן און האָט דיר! ער וואָלט נאָך געקאָנט לעבן און לעבן, ווען ער דערגייט ניט יענעם די יאָרן...

„וויסטו שוין אויך!“ — האָט זיך הירשקע אָפּגערופן אין אַ טרויעריקן טאָן. — „וואָס מיינסטו אויך?“ — האָט די פרוי געוואָלט וויסן.

„פאַרשטייסט, טאָבי,„ כ׳האָב דיך געוואָלט שאַנעווען און ניט דערציילן דיר“ — ער האָט אַ קרעכץ געטאָן. — „אַ מאָדנער מענטש געווען! בערקע האָט איבערגעשטיגן זיין טאָטן דעם פּאַסעסאָר. יענער האָט כאָטש געהאַט אַביסל דרך־ארץ פאַר דער יידישער סביבה, דער זון, בערקע אָבער, האָט געוואָלט, אַז אַלע זאָלן גייך אין זיינע וועגן.

ביידע זיינען געבליבן זיצן פאַרקלערטע. הירשקע בריל האָט זיך

# ברוך מילער

דערמאָנט אין זיינע גרינע יאָרן, אײדער ער האָט אַראָפּגעבראַכט אָהער די פרוי. ער האָט ניט געהאַט וואו זיך אַהינצוטאָן, זיך קוים דערפרעגט צו דעם פּאַראיך פון די לאַנדסלייט. ווען מען האָט ער געטראָפן אויף דעם פּרעזידענט־שטול? בערקע הוירש!

לאַנדסלייט האָבן אים אַרומגערינגלט און געפרעגט: „הירשקע, געדענקסט בערקען פון דער היים? ער איז דער פּאַראיך! לאָזט קיינעם דעם קאָפּ ניט אויפהייבן. שלאָגסטו עפּעס פּאַר, וואָס איז ניט לויט זיין גוסט, וועט ער אַלעמען אויסמאַטערן ביז פּאַרטאָג און ס'וועט בלייבן ווי ער וויל.

האָט ער ביי זיי געפרעגט: „פאַרוואָס קלייבט איר ניט אויס אַן אַנדערן פאַר פּרעזידענט?" האָבן זיך אַלע צעלאַכט. ווען ער וועט זיין אַביסל לענגער דאָ אין לאַנד, וועט ער שוין אויסגעפינען... זאָל ער ניט פאַרגעסן, אַז בערקע איז אַ באַלעבאָס און כמעט יעדער לאַנדסמאַן דאַרף אַמאָל צו אים אָנקומען...

די פרוי ווידער האָט זיך דערמאָנט, ווען זיי האָבן זיך געוואוינט אין זייער אייגן הויז, וואָס זיי האָבן געקויפט ביי בערקען. זי האָט געזען פאַר אירע אויגן דאָס הויפּט־צימער, וואו עס איז איינגעאָרדנט געוואָרן דער אָפיס פון דער „הוירש קאָנסטראַקשאָן קאָמפּאַני", דעם מאַהאָגעני דעסק, לעבן וועלכן בערקע איז געזעסן און געוואַרט אויף הירשקען צו געבן אים נייע אינסטרוקציעס. אָט איז איר מאַן אַן אויסגעבלייכטער. ער הערט זיך צו. זי שטייט ביי די ברייטע פאַרמאַכטע טירן, בליקט אַריין דורך אַן אָפּגעדעקט שייבל, שטעלט אַן אַן אויער.

הירשקע זאָגט מיט געבעט:

„ווי קאָן איך אָפּזאָגן די פאַרבער און פּלוצים גיין אָנשטעלן פּאַפּירהענגער? די אַרבעטער וועלן דאָך אויף מיר וואַרפן די גאַנצע שולד?

בערקע שטעלט זיך אויף אַ בייזער און שרייט אויס: „אַזוי ווילן די קויפער! זיי זיינען אַלעמאָל גערעכט! וואָס ווילסטו, אַז איך זאָל זיך פאַר דיר אויך דרייען דעם קאָפּ? דו ביסט דאָך עפּעס אַ פאַרמאַן!

„איך בין ניט קיין פאַרמאַן..."

בערקע האָט זיך שטאַרק צעלאַכט.

טאָבי האָט זיך פּלוצים אַ טרייסל געטאָן זיצנדיק אויפן נייעם דיוואַן לעבן איר מאַן. איר האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז זי הערט איצט דאָס געלעכטער.

# די צוויי משפחות

קלאַראַ האָט זיך באַלד באַוויזן אין טיר, אַוועקגעלייגט דעם לעדערנעם טאַש אירן און פאַרוואונדערט געפרעגט:

„וואָס זיצט איר מיר עפּעס מיט אַראָפּגעלאָזענע קעפּ? פאַראַן היינט אויף דער ראַדיאָ אַזויפיל שיינע מוזיק און דאָ איז אַזוי שטיל!"

זי האָט זיך אַוועקגעזעצט קעגנאיבער און ווידער גענומען פאַרשן: האָט דער פאָטער פאַרלוירן דעם דזשאָב? האָט שוין די מאַמע ווידער זיך באַ־געגענט מיט איינעם פון דער משפּחה הירש? מערקווירדיק ווי איר קומט ניט אויס קיינמאָל מיט זיי זיך אָנטרעפן... ס'טייטש, זי האָט געבראַכט פאַר זיי גוטע נייעס, און דאָ טרעפט זי אַזאַ אומעט אין הויז! זי וועט זיי שוין דערציילן אַן אַנדערש מאָל...

„דערצייל, דערצייל, טאָכטער, דו וועסט אונדז מחיה זיין" — האָט זיך די מוטער געבעטן ביי קלאַראַן.

„וויבאַלד אַזוי, האָב איך געטראָפן, אַז עפּעס איז ניט גלאַטיק דאָ" — האָט קלאַראַ אויסגערופן.

„עס האָט גאָרניט פּאַסירט צו אונדז!" האָט דער פאָטער אויסגערעדט קלאַראַן און געגעבן אַ צייכן דער פרוי, אַז זי זאָל ניט 'פּאַראַטן".

די פרוי האָט אים פאַרשטאַנען און מיט געמאַכטער פריילעכקייט אָנגע־

הויבן צו רעדן:

„פאַרוואָס זאָלן מיר זיין באַזאָרגט, ווען מיר האָבן אַזאַ טאָכטער. אַ קלייניקייט, דעם פאַרבערס טאָכטער אַ לערערין! אַנו, צי האָט עס די פאַמיליע הירש געקאָנט באַווייזן? הירשקע, פאַרוואָס טאָקע שטעלסטו ניט אָן די ראַדיאָ?"

הירשקע האָט געצויגן מיט די אַקסלען, געהאָט אַביסל פאַראיבל אויף דער פרוי, וואָס זי האָט ביי דעם מאָמענט דערמאָנט די פאַמיליע הירש. נאָר געטראַכט: פאַרפאַלן, זי האָט דאָך שוין געזאָגט. אָבער די ראַדיאָ אָנשטעלן איז ער ניט געגאַנגען. ער האָט געזאָגט:

„איך מוז צום אַלעמערשטן הערן וואָס קלאַראַ האָט אונדז צו דער־ציילן. די ראַדיאָ וועט ניט אַנטלויפן"...

קלאַראַ האָט זיך פאַרויטלט, אַביסל געטראַכט ווי אַזוי די גוטע נייעס זיי איבערגעבן: אַז זי אַליין איז איבערראַשט געוואָרן, ווען זי האָט עס געהערט פון דעם בחור לואיס. באַקענט זיך מיט אים אין אַ שטאָטישער ביבילאָטעק, דערוואוסט זיך, אַז ער קומט פון אַ קליין שטעטל אַרום און איז

אַ מוזיק־לערער. עטלעכע חדשים אַז זיי האָבן זיך באַקענט און אַלעמאָל גערעדט, דאַכט זיך, וועגן מוזיק, וועגן שטעטל זיינעם, וואו אַלע קענען זיך ביי די נעמען. פרימאָרגן באַגריסט מען זיך. ביימער וואו מען גייט און וואו מען שטייט. האָט זי אים מקנא געווען. מיטאַמאָל ער באַגעגנט זי און זאָגט איר, אַז אים געפעלט ניט איר פּראָסט זייגערל. ער האָט פאַר איר אַ גאָלדנס... פאַר טאַטע־מאַמע האָט זי עס דערציילט אַביסל אַנדערש, און גאָר פאַרענדיקט מיט ווייזן דאָס פאָטאָגראַפישע בילד פון דעם בחור...

„אָט דאָס איז ער! איר וועט באַלד אים ליב באַקומען, ווען איר וועט זיך באַקענען". — זי האָט באַלד אַוועקגעכאַפּט ס׳בילד, מורא געהאַט אַז עמעצער פון זיי זאָל ניט מאַכן אַ באַמערקונג, אַז ער איז ענלעך צו ווילין. און אפשר וועט מען ביי איר גאָר אַ פרעג טאָן צי איז זי פאַרליבט ווי געווען? וואָס וועט זי דערויף ענטפערן?

אָבער אַנשטאָט וועלכע עס איז באַמערקונג, האָט זיך די מוטער אַרומגעכאַפּט און זי לאַנג,לאַנג געקושט, און מאַמעס טרערן פון פרייד האָבן זיך באַוויזן אויף דער טאָכטערס באַק. דער פאָטער, אַן אויפגעלייגטער, איז אַוועק אָנשטעלן די ראַדיאָ. עס האָט זיך דערהערט אַ געזאַנג פון אַ סאָפּראַנא. די פרוי האָט זיך אויפן מאַן גוטמוטיק געבייזערט:

„הירשקע, אַזאַ בשורה האָט זיך פאַרדינט אַן אַנדער סאָרט מוזיק!"

און נאָך איידער דער מאַן האָט געהאַט געביטן די סטאַנציע אויף דער ראַדיאָ, האָבן מוטער און טאָכטער שוין געשוועבט איבערן דיל. דער מאַן האָט זיי נאָכגעקוקט און ער האָט געפילט ווי זיין האַרץ וואַקסט און וואַקסט...

גלייך נאָך די טרויער־טעג נאָך בערקען האָט זיך מאַקס הוירש אַוועקגעלאָזט צו זיין שוועגערין עטל. ער האָט אויפסניי געטראַכט ווי אַזוי פאָרצולייגן פאַר דער אלמנה זיינע פּלענער, וועלכע האָבן אים ביז אַהער געמאַטערט: אפשר דאַרף ער ענדערן זיין צוגאַנג? מאַכן אַלץ בקיצור, אַז זי זאָל ניט פאַרלירן ס׳געדולד צו אים. ער מוז זיין פאָרזיכטיק! ווייל אין דעם געשפּרעך הענגט אָפּ זיין מאָרגן און איבערמאָרגן...

ווען עטל האָט אים דערזען, האָט זי פון יוצא וועגן געמאַכט אַ ווען פון זיין באַזוך. געטראַכט האָט זי אַנדערש: עפּעס לייגט זיך איר ניט אויפן שכל, אַז מאַקס הוירש זאָל גאָרניט מיינען, חוץ זי קומען טרייסטן. דער מחותן פיליפ לינדער האָט אַריינגעבראַכט אַ צעטומלעניש אין אירע גע־

דאַנקען. זי האָט גראַד געדענקט, אַז ס'איז מעגלעך אַז אַ מענטש זאָל זיך ענדערן אונטער געוויסע אומשטענדן... זי וועט שוין באַלד אַליין אויסגע־פינען... זי האָט זיך באַלד צוגעלאָזט צו אים און געפרעגט:

„מאַקס, ווילסט אפשר עפּעס איבערכאַפּן?

„אַ דאַנק, אַ דאַנק! איך בין ניט הונגעריק" — האָט מאַקס הירש זייער פריינטלעך איר געזאָגט.

האָט זיך עטל באַזעצט אויף אַ געבעטן שטול פונקט אַקעגן אים. זי האָט געזאָגט, אַז זי איז שוין גענוג געזעסן אויף אַ האַרט בענקל. זי האָט אים באַטראַכט אַ ווײַלע און געפרעגט:

„דערקלער מיר, מאַקס, וואָס האָט דיך עפּעס געמאַכט צו קומען אַן פּעניג? זי טאָר ניט וויסן?"

מאַקס איז פון דער פראַגע צעטומלט געוואָרן. ער האָט זיך דערויף ניט גערירט. אַזאַ פּראָסטער פרוי זאָל איינפאַלן אַזוינס צו פרעגן?

„אפשר גאָר צוליב ביזנעס?" — האָט עטל אָנגעהויבן ביי אים פאָרשן.

„געטראָפן!" — האָט מאַקס הירש צוגעגעבן און דערביי געשמייכלט.

„זאָל איך אפשר אָנהויבן צו שפּעקולירן אויף דער בירזשע, ווי דו?" האָט עטל גערעדט זייער ערנסט.

„ניין, ניין! דאָס וואָלט איך דיר אַליין ניט געלאָזט טאָן! פאַרוואָס פאַלט דיר ניט איין, אַז איך האָב אינזינען לעגיטימע ביזנעס? דיין געלט מוז זיין געזיכערט!" — האָט מאַקס הירש דראַמאַטיש אויסגערופן.

„מאַקס, האָסט מיך שוין געמאַכט נייגעריק" — האָט עטל פּרובירט אים געבן מוט, אַז ער זאָל זיך וואָס גיכער אַרויסרעדן. איר ווילט זיך איינמאָל פאַר אַלעמאָל וויסן, צי האָט דער מחותן פיליפּ לינדער מאַקסן ריכטיק אָפּגעשאַצט.

מאַקסן האָט זיך געגומען אויסדאַכטן, אַז ער האָט איבער עטלען די אויבערהאַנט און ער האָט צום ערשטן גענומען לויבן זיינע לאָטס אויף ראָאַי עוועניו. זיי האָבן די ווערט פיר מאָל אַזויפיל, ווען ער וויל פאַרקויפן...

„אַקעגן וואָס דערציילסטו מיר דאָס?" — האָט אים עטל איבערגעשלאָגן.

„איך וויל, עטל, אַז מיר זאָלן בויען אַן אַפּאַרמענט־הויז — אַ מאָנומענט פאַר בערקען גלייך ביים אַריינגאַנג וועט זיין אויסגעקריצט זיין נאָמען..."

ער האָט זיך דערביי אויפגעשטעלט און גענומען שפּאַנען איבערן צימער הין און צוריק זאָל זי זאָגן, צי עס איז ניט אַ גוטער איינפאַל...

עטל האָט מאַקסן נאָכגעקוקט, ווי ער שטעלט זיך אָפּ, ווען ער דער־הערט נאָר אַ שאָרך פון יענער זייט טיר. זי האָט אים געהייסן ער זאָל זיך אַנידערזעצן. ער מאַכט זי נערוועז מיט זיין גיין הין און צוריק. ער האָט זיך גלייך אַוועקגעזעצט. איצט אַרט אים שוין ניט מער, אַז זי וועט אים קוקן אין די אויגן אַריין. ער האָט שוין זיינס אָפּגעטאָן... איז וואָס־זשע איז איר ענטפער?

עטל האָט אים געלאָזט וויסן קורץ און שאַרף, אַז זי האָט שוין איינמאָל געזאָגט, אַז זי פאָרט זיך באַזעצן אין קאַליפאָרניע. אירע קרובים ווילן זי דאָרט האָבן. שוין גענוג געווען אָפּגעריסן פון זיי. ווען זי וועט אַהין קומען אין אַ גוטער שעה, וועט זי שוין זען, וואָס זי האָט צו טאָן... אַבי זי האָט געדענקט, אַז די לאַטס האָבן אויך געהערט צו בערקען...

דאָס האָט שוין מאַקסן מסוכן פאַרדראָסן: אַקעגן וואָס האָט זי באַמערקט, אַז זי האָט אַ חלק אין די לאַטס? ווער האָט עס איר געקאָנט אויפ־קלערן? זאָל עס מעגלעך זיין, אַז דאָס האָט געטאָן דער מחותן, וועלכער גייט אַריין צו איר אַזוי אָפּט? ער שדכנט זיך אוודאי צו איר, דער אַלטער... אַ שיין פּנים! עטל זאָל נאָך ווערן זיין טאָכטערס שוויגער.

מאַקסן איז גאָר איינגעפאַלן צו מאַכן זיך כלא ידע. ער ווייסט פון גאָר־ניט. אפשר וויל אים אָט־די פּראָסטע פרוי אָנציען, אַז ער זאָל זיך אַרויס־פּלאַפּלען? וויבאַלד אַזוי האָט זי געטראָפן ס׳אָרט... וואָס איז, זי האָט וויניק?

געפרעגט האָט ער זי, צי ווייסט זי כאָטש, אַז ווען ניט ער, וואָלט זי געווען פאַרבליבן מיט גאָרניט? בערקע האָט געוואָלט אַלץ איבערשרייבן אויף אינסטיטוציעס און ער, מאַקס הוירש, האָט געזאָגט ניין! „בערקע ברודער, האָסט אָפּגעוואוינט מיט אַ פרוי עטלעכע און דרייסיק יאָר, איז זי איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר צו אַלץ באַרעכטיקט". דערפאַר טאַקע וויל ער זען, אַז די ירושה זאָל גאָר איינגיכן האָבן אַ דאָפּלטן ווערט און אַז זיין ברודער בערקע, וועלכער האָט זיך צו אים צוגעהערט, זאָל ניט פאַרגעסן ווערן. יעדן טאָג אין יאָר זאָלן פאַרבייגייער לייענען די אויסגע־קריצטע ווערטער איבער דער טיר פון דעם הויז: „בערקע הוירש". ער איז דאָך געווען מיט לייב און לעבן פאַר בויען הייזער... צי וויל זי דען ניט פאַראייביקן זיין נאָמען?

עטל איז געוואָרן אָנגעפילט מיט צאָרן פון די אַלע רייד, וואָס דער שוואָגער האָט פאַר איר אַוועקגעלייגט. זי האָט מער ניט געקאָנט איינזיצן אין דעם וויינן שטול. זי האָט זיך אויפגעשטעלט און געפרעגט, צי איז ניט

שענער, אַז דער נאָמען פון איר מאַן זאָל זײַן אויף אַ טאָוול אין דעם סאַניטאַריום, וואו ער האָט אַזויפיל טעג און חדשים פאַרבראַכט און דאָרטן אויסגעהויכט זײַן נשמה... זי וועט עס באַזאָרגן!

מאַקס הירש איז רויט געוואָרן: וואָס זאָל ער איר דערויף ענטפערן? ער האָט זיך באַלד שפּאַרעוודיק צעשמייכלט:

„אַ שײנער פאַרגלײַך! ווער וועט דאָרטן לייענען? געצײלטע מענטשן, וועלכע האָבן אים אַפילו ניט געקענט. אָבער אויף ראַי עווניו?

ווען עטל איז נאָך אַלץ געבליבן אײַנגעשפּאַרט, אַז זי וויל דאָ מער ניט וואוינען, איז שוין מאַקס הירש אַרויס פון געדולד: אַזוי דאַנקט זי אים אָפּ — כאַפּט ס׳פּעקל און אַנטלויפט! צי האָט זי פאַרגעסן בערקעס מורא אין זײַנע לעצטע טעג, אַז זי וועט באַלד חתונה האָבן און אַ ווילד־פרעמדער וועט באַלעבאַטעווען איבער זײַן פאַרמעגן?

עטל האָט זיך געכאַפּט ביים קאָפּ און זיך צעשריגן אויף מאַקסן:

„וויפל מאָל דאַרפסטו מיר איבערחזרן דײַן ברודערס קראַנקע רייד?"

זי איז צוגעקומען נאָענט צו אים, גערעדט ממש אין זײַן פּנים אַרײַן:

„איצט וועל איך דיר זאָגן דעם אמת, מאַקס, אַז דער הויפּט־דאָקטאָר פון סאַניטאַריום האָט מיר אַנדערש דערציילט. אַז דאָס האָט ער בערקען באַווירקט ניט צו באַנאַרישן זיך מיט זײַן ירושה"...

„מאַכסטו מיך, הייסט עס, פאַר אַ ליגנער?" — האָט מאַקס הירש זיך צעבייזערט.

‚איך מאַך דיך ניט! האָב איך דיר געשלעפּט פאַרן צונג צו דערציילן מיר אַזאַ געשיכטע? דערצו נאָך צוויי מאָל מיר איבערגעבן דײַן ברודערס שטעך־ווערטלעך... וואָס מײנסטו, מײנע נערוון זײַנען פון אײַזן?

„הייסט עס, אַז איך בין באַגאַנגען אַ חטא וואָס איך בין געקומען דיר געבן אַן עצה..." — זײַן קול איז איצט געוואָרן שוין אַביסל הייזעריק. ער האָט געזאָגט מיט אַ געבעט:

„זאָל כאָטש די גאַנצע שטאָט פון דעם ניט וויסן"...

ער האָט שוין באַצייטנס געקוקט צו דער טיר.

„גיי דיר געזונטערהייט, מאַקס! איך וועל פאַר קײנעם ניט רעדן אַ וואָרט. קײנער וועט אַפילו ניט וויסן, אַז דו האָסט איבערגעשריבן די לאָטס אויף דײַן נאָמען, חוץ די וואָס ווייסן שוין. אַבי לאָז מיך צופרידן! דאָס שטיקל צייט, וואָס איך וועל נאָך דאָ זײַן, וויל איך ניט פּטרן מײַן געזונט

צום איבעריקן. גיי, מאַקס, איך בין דיר אַלץ מוחל. שיער האָב איך זיך אָפּגענאַרט אין דיר... אָ, נייך, מאַקס הוירש קאָן ניט זיין אַנדערש...

מאַקס הוירש איז שוין געשטאַנען ביי דער טיר, געזוכט ס'גלעזערנע הענטל. באַלד איז ער אַרויס און גענומען שפּאַנען זייער גיך. עטלס לעצטע ווערטער האָבן אים שטאַרק באַאומרואיקט..

ווען דאָס ווייב האָט אָנגעטראָפן מאַקסן אויפן גאַניק, האָט זי זיך דער־שראָקן פאַר זיין אויסזען. ער האָט שווער געסאָפּעט, געוואָלט זען זיך שוין אין שטוב צו דערקוויקן זיך מיט עפּעס. עטלס רייד האָבן אויף אים געהאַט אַזאַ מאָדנע ווירקונג, ווי זי וואָלט אין אים אַריינגעגאָסן אַ כוס מיט סם. ער האָט זיך געשאַרט צו דער טיר און די פרוי האָט אים פאַרשטעלט דעם וועג:

„מאַקס, האָסט שוין פאַרגעסן, וואָס איך האָב ביי דיר געבעטן, אַז זאָלסט זיך אָפּהיטן? בערקע איז שוין זיינס איבערגעקומען... אים איז איצט בעסער ווי זיצן און גלאָצן מיט די אויגן, וואַרטן אויפן טויט... אפשר ניט? דו שטאַרק זיך. וועל איך דיר דערציילן גוטע נייעס. אונדזער ווילי איז שוין פאַלקאָם געזונט. מ'האָט אָפּגערופן פון סאַנאַטאָריום צו קומען אים אַהיים נעמען.

„אַזוי, אַזוי?" — האָט מאַקס הוירש אויף גאָר ניט קיין נאַטירלעכן אופן געפרעגט און גלייך אַריין אין קיך עפּעס אַ טרונק טאָן.

מיטאַמאָל האָט זיך מאַקס אומגעקערט אַ געביטענער מענטש, זיך צעלאָזט גאַרניט ווי זיין שטייגער, אַז די פרוי זיינע זאָל זיך אָנטאָן יום־טובדיק, אפילו די פּערל וואָס ער האָט פאַר איר געקויפט מיט יאָרן צוריק. ער האָט מיטאַמאָל געפילט ווי גיין און גלייך אָפּרופן די שוועגערין וואָס האָט אים ערשט פריער געמאַכט צו גאַרניט ,איר פרעגן: ווער האָט געטריבן רכילות צווישן ווילין און דער מויד? זאָל זי אויפהערן האָבן אַ גרויס מויל. זי איז ווייט, ווייט פון אַ צדיקת... עס איז ניט קיין תירוץ, אַז בערקע האָט געהייסן..

די פרוי האָט אים אַ טאַרע געטאָן:

„מאַקס, וואָס שטייסטו פאַרטראַכט? מיר הייסטו זיך אָנטאָן יום־טובדיק, און אַליין רירסטו זיך ניט פון אָרט, און ווען דו וועסט זיך אָנטרעפן מיט דיין בן־יחיד, רעד צו אים ווי אַ טאַטע ביי לייטן..." — זי האָט זיך

צעכליפעט, דערמאָנט דעם מאַן, אַז ווילי האָט ניט געוואָלט קומען אויף דער וועלט און מ׳האָט אים ביי איר גענומען מיט צוואַנגען...

דער מאַן האָט זי אפילו ניט אויסגעהערט. ער איז אַוועק זיך איבערטאָן, דערנאָך אַרויס דורך דער הינטערטיר נאָכן אויטאָמאָביל זיינעם און די פרוי האָט דערפון אפילו ניט געוואוסט. ווען זי איז אַרויסגעקומען אויפן גאַניק אָן אויסגעפוצטע מיט די פערל אויפן האַלדז, האָט זי פּלוצים דערזען אָנקומען אַ יונגנמאַן מיט אַ וואַליזע אין די הענט פונקט אַזאַ ווי איר זונס. זי האָט אים באַקוקט און אויסגעשריגן:

„ווילי, ווילי מיין זון!“

זי איז אים געלאָפן אַקעגן און אים אַרומגענומען, ניט געקאָנט דערגרייכן אים צו קושן און ער איז געשטאַנען אויסגעצויגן ווי אַ סאָלדאַט. זי האָט אים גוט באַטראַכט: ווי אַנדערש ער זעט אויס! ניטאָ מער קיין סימן פון זיינע בלאָנדע וואָנסן, מיט וועלכע ער האָט זיך אַזוי געגרויסט. אויס מיט זיינע רויטע באַקן. גאָר אַ לענגלעך פּנים באַקומען. ווילי האָט קאַלט געפרעגט:

„וואָס ביסטו אַזוי אויסגעפּוצט? מאַ, דו גייסט צו אַ חתונה?

„וואָס רעדסטו, מיין זון? איך מיטן טאַטן האָבן זיך געקליבן צו פאָרן דיך ברענגען אַהיים אין אַ גוטער שעה?“

ווילי האָט זיך צעלאַכט:

איך בין שוין אַ גרויסער בחור, מאַ און איך ווייס אַליין דעם וועג“....

מיטאַמאָל האָט זיך דערטראָגן אַ פייפעריי. מאַקס הוירש איז געשטאַנען מיט זיין אויטאָמאָביל פאַרן הויז, די פרוי האָט אים גערופן אויפן קול:

„אָט דאָ זיינען מיר, מאַקס! קום אַהער און גיב נאָר אַ קוק!“ — מער האָט זי ניט געקאָנט רעדן. טרערן האָבן זי געשטיקט אין האַלדז...

מאַקס הוירש האָט געהערט איר קול, האָט ער אַרויסגעשטעקט זיין קאָפּ רעכטס, דערנאָך לינקס, ביז ענדלעך איז ער אַרויס אַ בייזער: וואָס רופט זי אים?

דערזען די פרוי און ווילין, איז ביי אים דער כעס אַוועק. ער האָט זיך מיט אימפּעט אַ לאָז געטאָן צו זיי און מיט אַ פאַרשטיקט קול אויסגעשריגן:

„וועלוועלע, מיין וועלוועלע!“

ער האָט אים אַרומגעכאַפּט. ערשט איצט האָט די מוטער דערזען, אַז

# ברוך מילער

די גאַנצע צייט איז ווילי געשטאַנען מיט דער וואַליזע אין די הענט אַן אַ ברעקל באַגייסטערונג.

שכנים האָבן אָנגעהויבן באַגריסן. דאָ און דאָרט האָבן נייגעריקע אויגן אַרויסגעקוקט דורך צעשפּרייטע פֿאָרהאַנגען. גרעסערע ייִנגלעך האָבן אויפֿגעהערט שפּילן באַל און אַרומגערינגלט די פֿאַמיליע, באַטראַכט ווילין און געצויגן מיט זייערע אַקסלען. אָפּנים ניט געגלויבט זיך, אַז דאָס איז ער. ווען דער ערשטער געוואַגטער בחור האָט אויסגערופֿן זיין נאָמען, איז ווילי אַוועק, איבערגעלאָזט טאַטע־מאַמע, אַריין אין הויז דורך דער הינטערטיר. באַלד זיינען טאַטע־מאַמע נאָכגעגאַנגען. ביידע זיינען אַריין צו ווילין אין צימער. די מוטער האָט זיך נאָכגעפֿרעגט ביי אים וואָס ער וויל פֿאַר סאָפּער.

„אַזאַ אָנגעלייגטער גאַסט האָט זיך אפֿילו פֿאַרדינט אַ באַנקעט" — האָט די מוטער אַ צעטומלטע גערעדט, געשטורכעט דעם מאַן, ער זאָל זיך באַצייטנס צולאָזן צום זון...

מאַקס הוירש האָט זיך אַוועקגעזעצט לעבן אַן אָנגעוואָרפֿענעם טישל מיט פֿאַרשיידענע זשורנאַלן און באַפֿוילן דער פֿרוי צו גיין צו איר אַרבעט און ער מיט ווילין וועלן קאָנעןריידן וועגן וויכטיקערע זאַכן...

ווילי האָט געשמייכלט. ער האָט אַרויסגענומען פֿון טיש־קעסטל אַן אויסגעקרימטע ליולקע און פֿאַררויכערט. גערעדט צו ביידן אויפֿאַמאָל, אַז זיי זאָלן אים איצט צורולאָזן. ער דאַרף געוויסע זאַכן ברענגען אין אָרדנונג...

„גלייך היינט מוזטו עס טאָן ?" — האָט די מוטער געפֿרעגט.

ווילי האָט פֿאַרצויגן דעם רויך, אַ ווײַלע געשוויגן און דערנאָך געזאָגט שטרענג, אַז ער וויל ניט מען זאָל זיך מישן אין זיינע געשעפֿטן ער האָט שוין געהאַט גענוג!

מאַקס הוירש האָט פֿאַרענטפֿערט די פֿרוי:

„די מאַמע האָט דאָך געמיינט דייך טובה... זי וויל זאָלסט זיך פֿריער אויסרוען. מענטשן וועלן דאָך דיך קומען זען...

„איר האָט אַלעמאָל געמיינט מיין טובה, אָבער ס'האָט זיך אויסגעלייגט צו מיין קאָפּ... און איך וויל ניט זען אייערע מענטשן. איך האָב זיי ניט וואָס צו דערציילן.

ביידע זיינען אַרויס פֿון צימער און ווילי האָט גלייך פֿאַרמאַכט די טיר, ביידע האָבן אַ ווײַלע געשוויגן, דערנאָך האָט דער מאַן איבערגעריסן דאָס שטילשווייגן מיט גאַנצע טענות צו דער פֿרוי:

„נו, פּעני, וואָס זאָגסטו איצט? קאָן איך זיך צולאָזן צו אַזאַ טיפּש?

„האָסט שוין פאַרגעסן, מאַקס, וואָס איך האָב דיר דערציילט, אַז בלויז די ערשטע צייט וועט ער זיך אַזוי מאָדנע אויפפירן ביז ער וועט זיך דער־וואַרעמען לעבן אונדז. אַזוי האָט מיר דער דאָקטאָר געזאָגט און איך האָב עס דיר איבערגעגעבן".

מאַקס הוירש האָט אָנגעהויבן נאָכאַמאָל צו רעדן מיט צעשפּרייטע הענט:

„איך טראָג זיך אַרום מיט גאָלדענע פּלענער וועגן זיין צוקונפט. אפשר מאַכן פון אים אַן אַרכיטעקטאָר? דזשעק קאָן זיך שוין באַגיין אָן מיר. ער האַלט זיך שוין אַביסל צו גרויס סיי־ווי, ווי דער טאַטע זיינער... איך האָב גערעכנט, אַז אונדזער זון וועט ווערן אַזוי נייגעריק צו הערן וואָס דער „שלעכטער" טאַטע זיינער דענקט פאַר אים צו טאָן, אַז ער וועט זיך אָנכאַפּן אין דעם. צום סוף, גיט ער מיר אַזאַ פּאַר אָפּ"...

די פרוי האָט אָפּגעזיפצט. ער האָט זיי ביידן אָפּגעפאָרן — האָט זי ביי זיך געטראַכט און באַלד ווילין גענומען פאַרענטפערן אויף איר אופן:

„אפשר איז ער גערעכט? מיר האָבן זיך ניט באַדאַרפט געוועזן מישן. אַ בחור האָט זיך פאַרליבט אין אַן אָרעם מיידל, האָט אפשר באַדאַרפט אַזוי צו זיין"...

מאַקס האָט זיך אויפגעשטעלט און זיך אויף איר צעבייזערט, אַז זי ווייסט ניט וואָס זי רעדט און וואָס האָט זי זיך פּלוצים דערמאָנט?

„ווייל איך האָב זיך אָנגעטראָפן מיט דיין קוזינע רבקה, האָט זי זיך פון דעם מיידל ניט געקאָנט אָפּלויבן. ווי שיין, ווי געראָטן! זי איז אַ טיטשערין" — האָט פעני מיט דרך־ארץ אין קול אויסגעלאָזט.

„אַזוי: האָסט אָנגעוואוירן אַזאַ מציאה!" — האָט מאַקס אָפּגעחוזקט — „דיין זון וועט קריגן עפּעס בעסערס. דאָס וועל איך שוין זען. און דו הער־אויף צו „אַדווערטייזן" די מויד! דו הערסט וואָס איך זאָג דיר! זאָל עס ניט אָנקומען צו ווילין!

„איך האָב דיר בלויז געזאָגט פאַרוואָס ער האָט אויף אונדז געוואָרפן אַזאַ אומחן" — האָט זיך די פרוי שוין ווי פאַרענטפערט.

„זאָל זיין גענוג ווייבערשע פילאָזאָפיע!" — האָט מאַקס הוירש איר איבערגעשלאָגן — „איר ווייסט, אַז מ'דאַרף אָדער זיפצן אָדער פלאַפּלען..."

די פרוי האָט אָנגעהויבן זיך פאַרנעמען מיט צוגרייטן עסן. זי האָט אומישנע געמאַכט טומל מיט די טעפּלעך אַלס פּראָטעסט אויף די רייד,

וואָס מאַקס האָט אַרויסגעבראַכט. ער האָט זיך אויפגעהויבן און איז אַרויס דורך דער הינטערטיר בלומרשט צו באַטראַכטן זיין קליינעם גאָרטן, געקוקט אויף די שפּראָצונגען און ציטענוייז אויסגעדרייט זיך צו כאַפּן אַ קוק אין ווילים צימער. געטראַכט: כדאי צו זען, מיט וואָס דער מענטש איז אַזוי פאַרנומען! ניט געוואָלט אפילו אויסהערן דעם פּאָטער. ער זיצט און רויכערט זיין ליולקע, אַזוי ברענגט ער דאָס זיינע געשעפטן אין אָרדנונג. שוין איינמאָל אַ וועלטעלע...

ביים עסן האָט מאַקס הוירש אַ פרעג געטאָן ווילין, צי ער האָט שוין אַלץ געבראַכט אין אָרדנונג. ווילי האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

„קאָן איך מיט דיר איצט רעדן?" — האָט דער פּאָטער געפרעגט.

„אַז דו ווילסט רעדן, זאָל איך דיך ניט לאָזן"? — האָט ווילי געענטפערט און אריינגעבליקט אין זיין צייטונג.

„דו הערסט כאָטש, פּעני? דער זון וועט מיך לאָזן רעדן ביי מיר אין הויז. ביי מיין טיש. ניט פיין פון זיין זייט?

„וואָס דאַרפטו אַזויפיל צערעמאָניעס, מאַכן אַזאַ אָנשטעל? דו ביסט דאָך עפּעס אַ טאַטע! האָסט עפּעס גוטס פאַרצולייגן דיין זון, קום גלייך אַרויס דערמיט.

„די מאַמע האָט רעכט!" — האָט זיך ווילי אָפּגערופן.

האָט שוין מאַקס הוירש דערפילט זיך אין אַ מאָדנער לאַגע. אים האָט באַנג געטאָן אויף זיין פּאַררעדע. ער האָט גלייך אָנגעהויבן ווילין פאָרלייגן זיינע פּלענער: וויל ער, קאָן ער גיין אויסשטודירן פאַר אַן אַדוואָקאַט. אויב ניט, וועט ער אים מאַכן פאַר אַן אַרכיטעקטאָר און גאָר אינגיכן וועט מען וועט ווידער זיך קאָנען נעמען בויען הייזער, וועט דער זון ווערן זיין שותף. ער וועט קוקן אין די בלויע פּאַפּירן, און הייזער וועלן אויסוואַקסן... וואָס נאָך? מאַקס הוירש האָט זיך אביסל פאַרטראַכט און באַלד אויסגערופן:

„יאָ, שיער ניט פאַרגעסן. דערווייל האָב איך בדעה צו קויפן אַן אַפּאַרט־מענט הויז, וועסטו זיך דערמיט אָפּגעבן. הכלל, וועלוועלע, וועגן פרנסה דאַרפסטו זיך ניט זאָרגן. וואָס זאָגסטו צו דעם אַלעמען?"

טאַטע־מאַמע האָבן אַוועקגעלייגט די גאָפּלען און געקוקט ווילין אין מויל אַריין. ווילי האָט גראָד איצט זיך גענומען צום עסן מיט גרויס אַפּעטיט. אָבער ווען ער האָט דערפילט אויף זיך די בליקן, האָט ער אויפגעהערט צו עסן, אַוועקגעלייגט לייכט זיין גאָפּל, ווי ער וואָלט ניט וועלן איבערשלאָגן

די שטילקייט, אַ ווילע געטראַכט ווי אַזוי אָפּצוּענטפערן דעם פאָטער און זיך באַלד דערמאָנט וואָס דער דאָקטאָר האָט אים אין אינסטיטוט איינמאָל געזאָגט: אַז ער זאָל זיך לאַנג ניט האַלטן מיט צאָרן אין האַרצן. עס פאַר־דריסט אים עפּעס, זאָל ער אַרויסזאָגן... וואָס הייסט דער טאַטע לייגט פאַר אים אַוועק אַ צוקונפט?

ווילי האָט זיך אָפּגעווישט זיין מויל מיט אַ ווייסער סערוועטקע און גלייך געגעבן דעם ענטפער, אַז ער איז געקומען אַהער אין שטוב אַריין אויף דערוויילע... קיינער דאַרף זיך פאַר אים ניט זאָרגן. ער וועט שוין אליין באַשליסן וואָס צו טאָן. אים ווילט זיך אַליין זוכן זיין גליק... ערגעץ ווייט, ווייט איבער ימים. אים ציט גאָר צו אַרבעטן אויף אַ שיף ער וויל בייטן דעם קלימאַט...

"וואָסערע שלעכטס האָט דיר די שטוב געטאָן?" — האָט די מוטער געפרעגט און אירע אויגן האָבן גענומען טרערן. — "וואָס פאַר אַ רייד? אַנטלויפן אין דער וועלט אַריין...

"זיך ווינציק אויסגעבראַכט?" — האָט דער פאָטער צוגעגעבן.

"דאָ בלייבן, מיינט נאָכאַמאָל קראַנק ווערן. און פרעגט מיך ניט פאַר־וואָס, ווייל איך האָב ניט די ווערטער, אַז איך זאָל אייך געבן צו פאַרשטיין" — האָט זיך ווילי געבעטן. ער האָט צוריק גענומען דעם גאָפּל אין האַנט. אַ צייכן, אַז טאַטע־מאַמע מעגן אויך פאַרענדיקן ס'עסן: דער געשפּרעך איז געענדיקט...

מאַקס הוירשן איז אַריינגעפאַלן אַ געדאַנק: גלייך מאָרגן פאָרט ער צום אינסטיטוט. ער וועט כאַפּן אַ שמועס מיט דעם הויפּט־דאָקטאָר, אים זאָגן, אַז ער האָט געגנוג באַצאָלט, אַז מען זאָל אים שיקן בעסערע סחורה, ער וויל האָבן איינס פון דיביידע...

ווילי האָט דער ערשטער אָפּגעגעסן און איז אַוועק צו זיך אין צימער, גלייך ער וואָלט דאָ געווען אַ קוואַרטיראַנט. מאַקס הוירש האָט אָפּגעביסן דעם שפּיץ פון אַ ציגאַר, פאַררויכערט און זיין קיילעכדיק פּנים איז באַלד פאַרהילט געוואָרן פון אַ זייל רויך. פּעני האָט זיך מיט אַ שטורעם אויפ־געהויבן פון טיש, איז אַריין אין קיך און אָנגעהויבן צו טראַסקען מיטן געפעס זיך צו פאַרטומלען.

שפּעטער אַביסל, ווען זי האָט זיך אומגעקערט צום טיש, האָט שוין דער מאַן אירער געדרימלט, זי האָט אַ שליידער געטאָן פון זיך דעם פאַרטוך

און איז אַוועק צו אַ שכנה, וואו מען שפּילט אין קאָרטן אַלע אויפדערנאַכט...

אינדרויסן האָט זיך אָנגעהויבן צו זיפּן אַ זומערדיקער רעגן. פון טראָטוואַרן האָט זיך געטראָגן אַ פּאַרע. די פלאַנצן אין געגנט, וואו הירשקע בריל האָט די לעצטע טעג געאַרבעט, האָבן אויפגעלעבט. די ביימלעך, וואָס האָבן זיך שוין אַ צייט ניט באַוועגט, האָבן זיך גענומען שאָקלען, געגעבן צו וויסן, אַז זיי זיינען געראַטעוועט געוואָרן. אַ שאָד, וואָס טייל בלעטלעך זיינען געל געוואָרן און זיך אָפּגעריסן פון זייער שטאַם. אָבער איצטער וועלן אַרויסשפּראָצן גרינע, פרישע, צאַפּלדיקע. בריל האָט אַלץ אַרום באַטראַכט. אים האָט אַרומגענומען אַ בענקעניש נאָך דעם געסל, וואו ער האָט געוואוינט אין זיין געבורט־שטעטל, וואו אַלץ איז אין דער צייט געווען אַזוי באַגרינט וואו דאָס אויג האָט נאָר אַ בליק געטאָן. ער פלעגט עסן זיין אָרעם מאָלצייט ביי אַ קליין פענצטערל, דורך וועלכן ער האָט געזען שטיקער פעלד דורך דעם. אים האָט זיך איצט אַזוי ניט געגלוסט פאַרלאָזן דעם ברייטן גאַניק, וועלכן ער דאַרף מאָרגן אָנהויבן פאַרבן.

באַלד האָט ער אויפגעוואַכט, זיך דערמאָנט אַז ער האָט זיין פרוי פון נעכטן אָן ריכטיק ניט אָנגעזען. ער איז ביז שפּעט ביינאַכט געווען ביי אַ יוניאָן־מיטינג, זיך געטראָפן מיט אַ ליבלעכן לאַנדסמאַן צום ערשטן מאָל דאָ, און זי ווייסט נאָך ניט דערפון. ער האָט דאָך אים איינגעלאַדן צו זיך אין שטוב אַריין אויף זונטיק נאָכמיטאָג. ער האָט זיך געלאָזט גיין אַ פריי־לעכער: דאָ אַנומלטן האָט ער איר פאַרשטערט אַן אָוונט מיט די נייעס וועגן בערקען, וועט ער איצט אַלץ גוטמאַכן. זי וועט זיך באַקענען מיט אַ לאַנדס־מאַן, וואָס אים גייען בלויז אָן יענעמס אינטערעסן...

גלייך אויפן שוועל האָט זיך הירשקע בריל צעלאָזט:

„הער זיך צו, טאָבי, דעם זונטיק וועלן מיר האָבן אַ טייערן גאַסט"...

די פרוי האָט אים גוט באַטראַכט און צו זיך געשמייכלט: דער מאַן פלעגט אַלעמאָל קומען אַהיים מיט צרות, ווען ער איז געווען אַ פאָרמאַן. ניט אומזיסט האָט ער זיך אַזוי גוט געוועדט. איצט איז אַ מחיה צו קוקן אויף אים. זאָל ער אַלץ דערציילן, וועט ער האָבן מער אַפּעטיט צום עסן, האָט זי זיך געוויצלט.

הירשקע האָט גענומען רעדן מיט באַגייסטערונג:

„געקומען נעכטן צו אַ מאַסן־מיטינג. האָט זיך אויף דער בינע באַוויזן

אַ מאַן אין מײַנע יאָרן, געהאַלטן אַ רעדע, אַז דער זאַל איז געגאַנגען כאַדאָראַם. מיטאַמאָל געפֿין איך אויס, אַז ער איז מײַנער אַ לאַנדסמאַן. זײַן טאַטע, באַריס װײַזער, האָט געעפֿנט די ערשטע אַפּטייק, וואו מ׳האָט ניט באַדאַרפֿט אַראָפּ־נעמען ס׳היטל, וואָס איז געווען צוגעפּאַסט צו די אָרעמע מענטשן. אים דערציילט וועגן מײַן טאַטן, האָט ער זיך אַביסל צעלאָזט:

„אַ שאלה אַביסל צי איך געדענק יוסף בריל דעם פֿאַרבער. איך געדענק, ווען דער טאַטע אײַערער האָט אויסגעפּאַרבעט ביי אונדז די שטוב... די מוסטערן שטייען מיר נאָך פֿאַר די אויגן“.

„ווי דו זעסט, טאַבי, האָב איך אַן אַרבעטער־פֿירער אויך צווישן מײַנע לאַנדסלײַט... אַרט דיר ניט וואָס איך האָב אים פֿאַרבעטן אַהער אַן דײַן וויסן?

„געוויס ניט! שוין צײַט צו האָבן ביי זיך אין הויז אַ לײַטישן לאַנדסמאַן“.

שפּעטער אַביסל ביים עסן האָט הירשקע שטיל געזאָגט צו דער פֿרוי, אַז איצט וועט ער האָבן פֿון וועמען עפּעס צו לערנען. מיט יאָרן צוריק האָט אים קלאַראַ געהאַלטן פֿאַר אַ גאַנצן װײַסער, אָבער זי האָט אים שוין לאַנג איבערגעיאָגט. פֿונדעסטוועגן קומט זי נאָך אַלץ פֿרעגן ביי אים פֿאַרוואָס און פֿאַר ווען. אים ווילט זיך אַלעמאָל וויסן וואָס איר צו ענטפֿערן. די מאַמע אַליין וואָלט אויך געמעגט געפֿינען צײַט זיך צו גיין לערנען...

די פֿרוי האָט זיך צעשמייכלט:

‚זאָלן מיר אַזוי גוטס האָבן ,ווי איך האָב דערפֿון געטראַכט... אײַן קלייניקייט ,די מאַמע פֿון אַ לערערין!“...

יענע נאַכט זענען ביידע, מאַקס הוירש און זײַן פֿרוי, זייער ווינציק געשלאָפֿן. מאַקס האָט נאָך אַלץ ניט געקאָנט פֿאַרגעסן די רייד, וואָס דער דאָקטאָר באָרד אין אינסטיטוט האָט פֿאַר אים אָוועקגעלייגט. פּשוט אָפּ־געחוזקט פֿון דער פֿאַמיליע: מ׳איז אַזוי פֿאַרנומען מיט מאַכן געלט, אַז אַ קינד כאָווען באַצאָלט זיך זיי ניט. אָט אַזוי איז ווילי שיער ניט צעריבן געוואָרן .טאַטע־מאַמע האָבן נאָך געוואָלט אויף אים אַרויפֿצווינגען צו גיין אין זייערע וועגן... אויסגעלאַכט ווילים ליבע צו קלאַראַן. פֿאַרוואָס? ווײַל ווילין דאַרף מען ק ו י פֿ ן פֿאַר אַן אײדעם... פֿאַרוואָס האָט ער דעם יאָלד ניט געזאָגט, אַז ער אַליין, מאַקס הוירש, האָט חתונה געהאַט אַן נדן? און זײַן בערקע האָט גענומען אײַנגאַנצן אַן אָרעם מיידל פֿאַר אַ ווײַב... ער וועט אים ווײַזן ווי אַזוי מען דאַרף ווילין אויסקורירן. ווען אַלץ וועט זיך

אים איינגעבן, וועט ער נאָכאַמאָל גיין אין אינסטיטוט און זיך אַ רייץ טאָן מיט דעם דר, באַרד, אַז ער זאָל אים, מאַקס הוירשן, אָנשטעלן פאַרן הויפּט, און די יונגע חברה, וואָס וואַלגערן זיך אַרום ביי אים אין אינסטיטוט, וועלן געהאָלפן ווערן... אָבער דערוויילן האָט ער ניט געקאָנט איינשלאָפן ביז העט, העט שפּעט ביינאַכט.

די פרוי, וועלכע האָט בשום אופן ניט געקאָנט איינדרעמלען, האָט באַשלאָסן אַז אינדערפרי ביים פרישטיק וועט זי זיך אַביסל אַ פּיעשטשע טאָן פאַר איר מאַן דערנאָך וועט זי אים זאָגן אַזוי: „מאַקס, דו דערציילסט מיר טאַקע גאָרניט, ווייל דו רעכנסט, אַז אַ מאַמע פאַרשטייט שוין גאָרניט. זאָלסטו וויסן, אַז דו האָסט אַ גרויסן טעות...“

אַזוי האָט זי געטאָן. ווען זיי זיינען געזעסן איינס אַנטקעגן ס׳אַנדערע ביים טיש, האָט זי דעם מאַן באַשמעקט מיט אירע בליקן, צי ער איז ניט אין כעס גלייך גאַנצפרי, וואָס ווילי איז אפילו ניט אַהיימגעקומען שלאָפן. דערזען, אַז ער זיצט אַ צעטומלטער און אַזוי צעיוירן, האָט זי אַ טראַכט געטאָן: זע נאָר, ווער עס איז געוועזן אַ בילדער!

מאַקס הוירש האָט אויך בגניבה געכאַפּט אַ קוק אויף זיין פרוי און צו זיך געטענה׳ט אַז ער איז פּונקט אַזוי עלנט ווי זיין ברודער בערקע איז געוועזן... אַז דער ווילי איז אינגאַנצן געראָטן אין איר משפחה, דערפאַר איז ער געוואָרן זיינער אַ שונא. אַ קלייניקייט וואָס ער האָט אים אָפּגעקאָסט. די טאָכטער מיני ציט אויך ערגעץ אַנדערש. זי האַלט אין איין געבן אים אָנצוהערעניש, אַז איר קינד וועט זי גאָר אַנדערש דערציען און ווי מ׳האָט זי דערצויגן. זי און דזשעק וועלן זיך מיט אים אָפּגעבן שפּילן זיך אייאיינעם. איר דאַכט זיך אויס, אַז זי האָט אַ מאַן אַן אויפגעקלערטן, פאַרשטייט זי שוין מער פאַרן טאַטן. ווי לאַנג צוריק,אַז זי האָט אים דערציילט, אַז די מויד, קלאַראַ דעם פאַרבערס טאָכטער, ברענגט איר ביכלעך צום לייענען? גיי עפּן דאָס האַרץ פאַר אַזאַ פרוי ווי פעני, וועלכע הויבט גאָר אָן פאַרלירן דעם דרך־ארץ פאַר אים, ווייל ער איז שוין מער ניט קיין גרויסער אויפטוער...

די פרוי האָט איבערגעריסן זיינע געדאַנקען:

„זאָג מיר, מאַקס, וואָס זיצסטו אַזוי דערשלאָגן? עס איז מיר ווינציק, וואָס איך דאַרף זיך אויסשטיין פון ווילין? צי וויסטו כאָטש, אַז צו מיר האָט ער נאָך מער טענות ווי צו דיר? קומט זיך צו גיין ווען ער וויל און נאָר ער סטראַשעט, אַז באַלד, באַלד וועט ער זיך אַרויסציען...,

מאַקס האָט זיך אויפגעשטעלט אַ בייזער, אַ שליידער געטאָן די ווייסע סערוועטקע, גרייט אַוועקצוגיין פון טיש. האָט אים אָבער די פרוי פאַרשטעלט דעם וועג, אים באַשוואוירן, אַז ער זאָל עס ניט טאָן. אים גע־זאָגט צום ערשטן מאָל אַזעלכע ווערטער, וואָס ער האָט פריער קיינמאָל פון איר מויל ניט געהערט:

'מאַקס, אויב דו ווילסט ניט אַכטונג געבן, אַז עס זאָל זיין שלום־בית ביי אונדז, וועסטו מער ליידן פון מיר. געדענק! דאָס וואָסער איז שוין געקומען איבערן מויל. אין אונדזער גראַד טראַכטן זיך די מענער, אַז זיי קאָנען זייערע פרויען פאַרשטאָפּן די מיילער מיט דימענטן און בריליאַנטן. נאָר איך בין דיר אַלץ מוחל, אַבי גיב מיר כאָטש אַזאַ לעבן ווי די מרס. בירנבוים פירט אין אָרעמקייט, ווי דיין קוזינע רבקה, וועמענס מאַן האָט אפילו ניט קיין אייגענעם אָפּיס. ביי זייערע קינדער איז די מאַמע אַ קיניגין...

„וואָס האָט דער מיסטער בירנבוים, דער פשוטער מוליער געגעבן זיינע קינדער, וואָס מען גיט אים אָפּ אַזויפיל כבוד? צי אַ שטייגער דער סטאָליער שלמה פאָסט.

„אָט זעסטו דאָך?

„הער זיך איין, פעני, איך בין היינט אַביסל צערודערט, געהאַט אַ בייזן חלום, איז לאָמיר דעם געשפּרעך אָפּלייגן אויף אַן אַנדערש מאָל.

„דו דאַרפסט דיך ניט אַרומשלעפּן מיט אַ שלעכטן חלום אַ גאַנצן טאָג, דערצייל מיר, מיוחס מיינער!"

און ער, שוין מיט אַ שמייכעלע:

„וואָס־זשע, פעני, דו קענסט פּותר חלום זיין?

„ביי דיר קען איך גאָרניט" — האָט פעני אַרויסגעקלאַגט אירע ווערטער.

מאַקס הוירש איז גערירט געוואָרן. זיך אַוועקגעזעצט. אים איז גע־קומען אויפן זינען וואָס זי האָט פריער געזאָגט וועגן שלום־בית און אַז אים וועט זיין ערגער; האָט ער איר צוגעזאָגט צו דערציילן זיין שלעכטן חלום וואָס האָט אים ניט געלאָזט שלאָפן ביינאַכט. ער האָט אַזוי געטראַכט: אַז אפילו פאַר אַ טויבער וואַנט, אַז מען רעדט זיך אַרונטער פונעם האַרצן, פילט מען זיך אויך בעסער און ער האָט גלייך גענומען איר איבערגעבן זיין חלום:

„מאַקס, האָסט צוגעזאָגט עטלען אַנצושטעלן אַ קדיש־זאָגער נאָך

בערקען, האָסטו עס פאַרזאָרגט? איך וועל דיר דערנאָך זאָגן אַנטקעגן וואָס איך פרעג עס ביי דיר?

„וואָס דען?

„אין דער נייער שול?

„ביין, דאָרטן זענען זיי דאָך פאַרבליבן שונאים פון יענעם באַרימטן סטרייק אָן?

„ער האָט זיי דאָך געגעבן אַ ספר־תורה!

„נו, זעסט דאָך אַליין, אַ ספר־תורה איז אַ ספר־תורה און בערקע איז בערקע. בין איך אַוועק אין אַן אַנדער שול און פאַרזאָרגט אים מיט אַ קדיש־זאָגער. וואָס איז דער אונטערשייד?

„איצט וועל איך דיר זאָגן נאָך עפּעס וועגן דיין חלום. אַז דו מוזט זיך אַרויסשלאָגן פון קאָפּ נאָכאַמאָל צו ווערן אַ בילדער. אויפעסן ס'העמד פון זיך און זיצן און וואַרטן ביז מען וועט אָנהויבן צו בויען הייזער. אַז מען גייט אַרום פּוסט און פּאַס, האָט מען אַזעלכע חלומות"...

מאַקס הוירש האָט איר דערמאָנט, אַז זי האָט ביי אים קיינמאָל ניט געוואוסט פון אָרעמקייט און ער האָפט צו גאָט, אַז זי וועט אויף ווייטער ניט וויסן פון קיין נויט. זאָל זי ניט מיינען, אַז ער גייט אַרום גלאָט אַזוי. יעדער גאַנג זיינער וועט מיט דער צייט עפּעס אַריינברענגען. און אַז עס איז שוין געקומען צו רייד וועגן שלום־בית, זאָל זי וויסן זיין, אַז ער האָט זיך אונטער־גענומען אויסצוהיילן ווילין... ער האָט פאַר אים די בעסטע הייל־מיטלען. זי וועט שוין אויסגעפינען אַן אַנדערש מאָל איצט וועט זי אים שוין לאָזן גיין?

„גיי און זיי מצליח!" — האָט די פרוי מיט פרומע אויגן אים געענטפערט.

אויפן גאַניק האָט זיך מאַקס הוירש באַגעגנט מיט ווילין. יענעם מאָמענט האָבן זיךביידע צעגענעצט. דער פאָטער האָט געטראַכט, צי זאָל ער אים איצט פירהאַלטן פאַרוואָס ער איז ניט געקומען שלאָפן אַהיים פאַריקע נאַכט, צי דאָס אויסמיידן? ווייל ער שטעלט שוין פיס אַוועקצוגיין. אים ווילט זיך באַצייטנס אָנהויבן 'אויסקורירן" זיין קראַנקן זון. מאַקס הוירש האָט באַשלאָסן צו מאַכן זיך ניט ווויסנדיק. דער טאַטע ווייסט אפילו ניט צי ער האָט יאָ געגעכטיקט אינדערהיים, צי ניט. אנשטאָט דעם האָט מאַקס הוירש אַ זאָג געטאָן:

'ערשט געטראַכט וועגן דיר, מיין זון. איך האָב באַשלאָסן צו עפענען

אַזאַ סטאָר, ווי דײַן קוזין ביל זאָן האָט. אויב דו ווילסט, קאָן איך דיך דאָרט אַרײַנשטעלן...

„וואָס וועסטו טאָן?" — האָט ווילי געפרעגט, באַגלייט מיט אַ שמייכל.

„דו זאָרגסט זיך פאַר מיר? איך האָב אַזויפיל פּראָפּאָזישאָנס. כ'האַלט אין קויפן אַן אַפּאַרטמענט הויז. אבי די קלינגערס זענען דאָ, קאָן מען זיך נעמען צו וואָס מען וויל נאָר. צי אפשר ווילסטו זון מײַנער זײַן אַ סעילסמאַן, אַרומגיין צווישן די גרויסע אַפּאַרטמענט-הייזער פאַרקויפן שטוב-זאַכן אויף אויסצואָלן, ווי דײַן טאַטע האָט עס אַ שטיקל צייט געטאָן? ווי זאָגט ביל? 'זיי וועלן דיך ממש בענטשן, וואָס דו קומסט צו זיי מיט אַזאַ פאָרשלאָג, ווײַל קיין סך מזומן איז דאָך ביי זיי ניטאָ..."

„פאָ, דו האָסט גאָרניט מורא, אַז איך קאָן זיך נאָך אָנטרעפן מיט אַן אָרעם מיידל? דו ווייסט דאָך שוין, אַז מיך ציט צו זיי".

דערבײַ האָט מאַקס הוירש אַ ציטער געטאָן. געטראַכט: ער קאָן נאָך האָבן דעם טאַטנס מזל און אָנקלאַפּן אין טיר ביים לאַנדסמאַן בריל און גראד זאָל אים עפענען די טיר די מויד... ווײַבאַלד אַזוי, האָט ער שוין אָנגעהויבן צורעדן ווילין, אַז שטיין אין אַ סטאָר איז שענער. עס פּאַסט זיך גאָרניט פאַר זײַן בן-יחיד צו גיין קלאַפּן אין פרעמדע טירן...

„מוז איך דיר שוין געבן אַן ענטפער, פּאָ? דו זעסט דאָך אַליין, אַז איך בין נאָך פאַרשלאָפן. און דו אַליין זעסט אויך אויס ניט אויסגעשלאָפן. אַז מען וויל גיין אין ביזנעס דאַרף מען זײַן וואַך...

„דו, וועלוועלע, זאָרג זיך ניט פאַר דײַן טאַטן. אים וועט מען אפילו אין שלאָף ניט אָפּנאַרן... אַז איך גיי נעמען אַ סטאָר, דאַרף איך הײַנט וויסן וואו איך האַלט מיט דיר... צייט איז געלט, זאָגט מען".

ווילי האָט זיך מער ניט געשפּאַסט מיטן פאָטער: ער ווייסט נאָך אַליין ניט, ווי לאַנג ער דאַרף זיך דאָ פאַרזאַמען. מיט קלאַראַן האָט ער זיך נאָך ניט באַגעגענט... ווי אַזוי צו פאַרדינען געלט ווייסט ער נאָך ניט. וועט ער דעם פאָטער מאַכן צו גלויבן, אַז מאָרגן איבערמאָרגן וועט ער אים געבן אַן ענטפער...

ווען ווילי איז אַריין אין שטוב, האָט מאַקס הוירש געכאַפּט אַ שפּאַציר אויף ראַי עוועניו צום ערשטן געגאַנגען פּאַמעלך, דערנאָך זיך גענומען צואײַלן: אײדער ער גייט עפּעס טאָן, מוז ער כאַפּן דאָרט אַ קוק אויף זײַנע לאָטס, וועגן וועלכע ער האָט פאַריקע נאַכט געהאַט אַזאַ שלעכטן חלום.

דערזען, אַז זיי זיינען נאָך ניט פאַרנומען, האָט ער אַרויסגעלאָזט אַ מויל מיט רויך און זיך צעשמייכלט; באַטראַכט דערנאָך די ווילדע גראָזן, וועלכע האָבן זיך אַזוי הויך צעוואַקסן און די ליידיקע בלעכענע קענדלעך, וואָס אַרומיקע שכנים וואַרפן דאָ אַפּ. ער האָט געטראַכט: נאָך פאַרבליבן אַ היפּש ביסל געהילץ, וואָס די שותפים זיינען האָבן ניט קיין אַנונג דערפון. וועט ער באַשטעלן אַ סטאָליער אין גלייכן געלט ארומצוצאַמען די לאָטס, וועט די געגענט האָבן דרך ארץ. ער וועט באַשטעלן אַ שילדן־פאַרבער אָנצושרייבן מיט גרויסע אותיות, אַז קיינער האָט ניט קיין רעכט דאָ עפּעס אָפּצוּוואַרפן. אָט־דאָ וועט נאָך מיט דער צייט שטיין אַ אַפּאַרטמענט־הויז מיט אַן עלעווייטער.

דערנאָך איז מאַקס הוירש אַוועק אין שול אַריין, וואו ער האָט אָנומלטן געהאַט באַשטעלט אַ קדיש־זאָגער נאָך בערקען. אַ ייד מיט אַ ברייטער גרויער באָרד, אין די טיפע זיבעציקער, האָט אים ניט געוואָלט באַרייסן. ער האָט אָבער אויסגעפונען פון די יידן אַז דער ייד איז שוין לאַנג ניטאָ. ‚געווען אַ ייד אַ למדן, אָט אַזוי איז עס... אַ מענטש לעבט ניט אייביק.' — האָט ער געטראַכט.

נאָר מער ווי אַלץ האָט אים פאַרדראָסן, וואָס ער האָט באַצאָלט יענעם יידן אין פאָראויס פאַר גאַנצע דריי חדשים און ווי עס זעט אויס האָט די גאַנצע צייט קיינער ניט געזאָגט קדיש נאָך בערקען.פּעני טאָר עס ניט וויסן... ער האָט זיך גענומען באַכפּרעגן, צי דער אַלטער האָט איבערגעלאָזט אַ קדיש נאָך זיך, און די יידן פון געגנט האָבן אים געענטפערט, אַז זיי זאָגן קדיש נאָך אים.

מער וועט ער קיין אַלטן יידן ניט באַשטעלן, האָט מאַקס הוירש באַשלאָסן און אָוועקגערופן אין אַ זייט אַ מיטליאָריקן יידן מיט אַ רויט בערדל, דערקלערט אים וואָס דאָ איז פאַרגעקומען, און ער זאָל זיך ניט הייסן אָפּגילטן. ניט כדאי זיך צו דינגען.

דער ייד מיט דער רויטער באָרד האָט זיך נאָכגעפרעגט וואָס פאַר אַ סאָרט מענטש זיין ברודער איז געווען. זאָל ער אים מוחל זיין. אים טראַכט זיך: ר' זלמן איז געווען אַזאַ שטאַרקער ייד און פּלוצעם געשטאָרבן... שטעקט עפּעס אין דעם... פאַרוואָס זאָגט ער אַליין ניט קיין קדיש נאָך זיין ברודער?

מאַקס האָט אַ ציטער געטאָן ביי די ווערטער און זיך אָפּגעקערט פון אים, באַשלאָסן צו גיין טיפער אין שול אַריין. און ווען ער האָט ענדלעך באַשטעלט אַ ייד, וואָס האָט ניט געוואוסט פון גאָרניט, איז ער אַרויס אַ

צופרידענער. באַשלאָסן צו גיין זען זיך מיט ביל זאַן, זיין פּלימעניק וועגן ביזנעס. זאָל פעני אים מער ניט דאַרפן דערמאָנען, אַז ער עסט גרייט געלט, זי איז טאַקע גערעכט...

ניט ווייט פון דעם געסל, וואו די הוירש־ברידער קאָנסטראַקשאָן קאָמ־פּאַני איז פאַרשטעקט געוואָרן, האָבן זיך געפונען עטלעכע גרויסע אַפּאַרט־מענט־הייזער האָבן זיך דאָרטן אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן די איינוואוינער קעגן זייערע לענדלאָרדס. זיי האָבן זיך דערוואוסט, אַז יענע האָבן זיך שוין באַצייטנס אָרגאַניזירט, גרייט פאַר דער צייט, ווען עס וועט ווערן אַ מאַנגל אין וואוינונגען.זיי האָבן איינגעפירט, אַז ויען אַ נייער טענענט קומט דינגען אַ דירה, זאָל ער אויסגעפרעגט ווערן וואו ער האָט פריער געוואוינט, און דער סופּעראינטענדענט זאָל גלייך אָפּרופן אויף דעם אַלטן אַדרעס, נאָכ־פרעגן זיך ווי אַזוי דער און דער האָט זיך דאָרט אויפגעפירט, צי האָט ער געצאָלט דירה־געלט אין צייט, איז ער געבליבן שולדיק, האָט ער אַמאָל ניט אַ טבע אַזאַ איינצושטעלן זיך פאַר אַנדערע ?

וויבאַלד אַזוי האָבן די פירער פון די טענענטס זיך אַרומגעזען, אַז זיי דאַרפן האָבן אַ לאָיער צו האַנדלען מיט דער אַסאָסיעישאָן פון זייערע לענדלאָרדס. רבקה בלום, אַן ערשטע קוזינע צו מאַקס הוירש, וועלכע איז געווען אַקטיוו צווישן די טענענטס, האָט פאָרגעשלאָגן, אַז אַ קאָמיטע זאָל גיין צו מר. בערנאַרד קליין און זאָגן, אַז זי האָט אים רעקאָמענדירט. זי האָט דערביי געשמייכלט. איר איז שטאַרק געפעלן געוואָרן דער געדאַנק, אַז מען זאָל אַריינציען אין דער אַרבעט דעם געוועזענעם הויפּט־אַדוואָקאַט פון די הוירש ברידער קאָסטראַקשאָן קאָמפּאַני.

די קאָמיטע איז באַשטאַנען פון פינף פרויען, אַלעמען אין געגנט באַקאַנט. איינע פון זיי איז געווען מרס. דאָראַ לאַזאַר, וועמענס מאַן איז געווען אַ גימנאַסטיק־לערער. זי איז ביז ערשט ניט לאַנג גאָר געווען פאַר־אינטערעסירט אין נייע מאָדעס, פאַרבראַכט איר צייט אין אַ „ביוטי פּאַרלאָר״ ווען איר מאַן איז מיטאַמאָל קראַנק געוואָרן, האָט זי מער פאַרבראַכט אין שפּיטאָל ווי אינדערהיים. איז אין איר פאָרגעקומען אַן ענדערונג. אַזוי ווי זי איז בטבע געווען אַ ראַשיקע, אַ ברויזנדיקע, איז זי אפילו אויפגעטראָטן אויף גאַסן־מיטינגען, דערציילט פאַר די צוהערער ווי זי האָט זיך ביז אַהער גע׳בריה׳ט איינע אַליין צו קריגן גערעכטיקייט, אַז איר לענדלאָרד זאָל האָבן אײנזעעניש מיט איר פאַמיליע, האָט זי דערמיט גאָרניט גע־פועלט... אָט דערפאַר איז זי דאָ.

מיט איר זיינען געווען: אסתר פּיק, אַ קליינע, אַ טונקעלע, וועלכע האָט מערסטנס אַרויסגעהאָלפן איר מאַן אין שניידער־סטאָר; שרה לין, די פרוי פון ערשטן אַפּטייקער אין דער נייער געגענט, וועלכער האָט געמוזט צומאַכן ווייל פּונקט אַקעגנאיבער האָט זיך געעפנט אַן אפּטייק פון אַ טשעין־קאָמפּאַני... העניע סטעסל, אַ לערערין פון פרעמדע שפּראַכן און אַ שטעלע, פלאָרענס סאַקס, אַן אַרבעטער פרוי, וועמענס מאַן איז שוין חדשים געווען אַרבעטלאָז.

די מערסטע אין די דרייסיקער, אָרעם געקליידט, אָבער מיט געשמאַק. זיי האָבן געמאַכט אַ גוטן איינדרוק אויף דעם לאָיער מר. בערנאַרד קליין. ער האָט ניט אַראָפּגענומען זיינע בליקן פון זייערע אויערינגלעך מיט די שטילע קאָלירן, זיך געוואונדערט פאַרוואָס זיין פרוי באַצאָלט אַזויפיל פאַר צירונג און קיין איין שטיקל אַפּעלירט ניט אַזוי צו זיין געשמאַק...

מר קליין האָט זיי אויפגענומען זייער פריינטלעך. די פרויען האָבן זיך איבערגעקוקט: „צי מיינט ער, אַז דאָ שטעקן פאַר אים פאַרדינסטן?" אָבער מר. קליין האָט געטראַכט אַנדערש: עס איז געקומען די צייט, אַז ער זאָל נקמה נעמען אין זיין שונא, מאַקס הוירש. ערשט מיט עטלעכע טעג צוריק האָט ער זיך דערוואוסט פון דעם פּאָליטישן קלאָרענס דאַן, אַז מאַקס הוירש גייט אָפּקויפן דאָס הויז פון זיין פריינט גאָרין. ווען רבקה האָט די קאָמיטע רעקאָמענדירט צו אים, מעג ער שוין זיכער זיין, אַז מאַקס הוירש איז גע־וואָרן אַ לענדלאָרד, און ער וועט זיך מיט אים קאָנען אָפּרעכענען פאַר אַלץ, אויך פאַר דעם באַלעסטיקטן מיידל קלאַראַ; פאַר דעם אויסדרוק אַז ער איז ניט קיין לאָיער, נאָר אַ שוסטער; פאַר דער אלמנה עטל הוירש, בערקעס פרוי, וועלכע האָט באַדאַרפט זיין אַ שותפטע צו די לאָטס אויף ראָי עוועניו און צו די נאָך ניט פאַרקויפטע פאַר קליינע הייזער, וועלכע זיינען דערווייל פון מאַקס הוירשן פאַרדונגען געוואָרן... ער האָט דער קאָמיטע דערלאַנגט אַ צאָל וויזיט־קאַרטלעך און געזאָגט:

„רופט מיך אָפּ ווען עפּעס קומט פאָר, וואָס האָט אַ שייכות צום געזעץ. ניט געזאָרגט! איר וועט ביי מיר קריגן גערעכטיקייט. זאָגט מרס. בלום, אַז זי האָט אייך געשיקט אויפן ריכטיקן אַדרעס".

די פרויען האָבן זיך אָפּגעזעגנט. אויפן וועג האָבן זיי גערעדט וועגן דעם, צי האָט מען ניט באַדאַרפט אים לאָזן וויסן, אַז זיי האָבן ניט קיין געלט? נאָך אַלעמען, וועט עס דאָך מוזן אַרויסקומען. האָט איינע געזאָגט:

„צו וואָס זיך שעמען?״ אַ צווייטע האָט זי באַרואיקט: ‘אַז רבקה האָט גע־הייסן גיין צו מיסטער קליין, ווייסט ער דען ניט וואָס און ווער מיר זיינען?״ ווײַבאַלד אַזוי, ערגערן זיי זיך טאַקע אומזיסט און אומנישט. און אַזוי אַרום האָט מען געבראַכט צו די איינוואוינער די גוטע נייעס, אַז מ׳האָט שוין באַשטעלט אַ לאָיער, און קיינער דאַרף זיך פאַר די לענדלאָרדס ניט שרעקן...

מאַקס הוירש איז געזעסן אין קראָם ביי זיין פלימעניק ביל זאַן, באַ־טראַכט מיט זשעדנע אויגן די אָנגעשטאָפּטע פּאָליצעס מיט סחורות. עס קומען קונים איינער נאָך דעם צווייטן, און ביל קוקט זיך אפילו ריכטיק ניט אום אויף אים. אָט שטעלן זיך אים אַרום זיינע נייע אַגענטן, און ער לערנט זיי ווי אַזוי צו רעדן צו די הויז־פרויען. „צום אַלעם ערשטן דערל־לאַנגען עטלעכע קאָמפּלימענטן, אַז ביי דער און דער פרוי איז די שטוב אַזוי ציכטיק און אַלץ מיט אַזויפיל געשמאַק; אַזאַ שטוב נויטיקט זיך זייער אין אַ פּאָר נייע זאַכן. עס וועט אויסקומען ניט מער ווי עטלעכע סענט אַ טאָג... זאָלן זיי מאַכן אַ סורפּריז זייערע מענער, וועלן יענע פאַר זיי אויך עפּעס טאָן. מיט דער צייט קויפן מתנות; ער האָט אפילו געלערנט די יונגע חברה ווי אַזוי צו קלאַפּן אין אַ טיר — ניט צו שטאַרק און ניט צו שוואַך...

באַלד, באַלד וועלן שוין זיין אויפן מאַרק טעלעוויזיע־אַפּאַראַטן, וועלן זיי מאַכן אַ שיינעם לעבן... גאָר אַ שיינעם לעבן.

„אַ מבין ווי די חברה קוקט אַרויף צו בילן?״ — האָט מאַקס הוירש געטראַכט. ווי לאַנג צוריק, אַז ער איז געקומען צו אים צולויפן, זיך געבעטן, אַז ער זאָל פאַר אים אונטערשרייבן אַ הלוואה, אַז ניט צעפאַלט זיך זיין בנין? אַ קליין סטאָרקעלע געהאַט און זיין ראַזי איז מיט אים געשטאַנען, ער פלעגט זיך לאָזן אַליין גיין קלאַפּן אין די טירן. און איצט האַלט ער זיך פאַר אַ גאַנצן מאַכער. ביי אים איז אפילו רעכט, אַז ער, מאַקס הוירש, זאָל זיצן און וואַרטן. זיך אַביסעלע באַרימען. ער וואָלט זיך באַצייטנס באַדאַרפט אויפ־הויבן און גיין זיין וועג...

„פעטער מאַקס, איך בין דיך מקנא! דו קאָנסט שלאָפן בייטאָג און איך אפילו ניט ביינאַכט. זעסט דאָך וואָס דאָ טוט זיך אָפּ! כ׳האָב אַלעמאָל טויזנטער זאַכן אויף מיין קאָפּ...

„געהאַט אַ וואוילן חלום!״ — האָט זיך מאַקס הוירש באַרימט — נאָך געוווען באַדאַרפט דרעמלען... צו גיך זיך אויפגעכאַפּט.

„חלומות גוטע דאַרף מען פאַרווירקלעכן. מען דאַרף נאָר וויסן ווי אַזוי" — האָט ביל זאָן גערעדט מעשה אויטאָריטעט.

„דו גייסט מיך לערנען?" — האָט מאַקס געזאָגט אויסגלייכנדיק זיינע גלידער.

„איך לערן דיך ניט!" — האָט זיך ביל זאָן ווי פאַרענטפערט. אָבער ניט געקאָנט פאַרשווייגן דאָס וואָס די מומע פעני האָט זיך אָנדערציילט וועגן מאַקס הוירש, אַז ער רוקט זיך צווישן די פּאָליטישנס די לעצטע צייט, קומט אַהיים אַביסעלע אונטערגעטרונקען. האָט ביל דערפאַר אים געלאָזט וויסן, אַז עס איז בעסער צו טאָן וואָס ניט איז, איידער אַרומגיין ליידיק...

„אויב דו ווילסט מיך צורעדן נאָכאַמאָל צו גיין קלאַפּן אין פרעמדע טירן, איז אַן עבירה דיינע רייד! איך בין שוין מיינס אָפּגעקומען...

„דו ביסט אַ מאַרטירער, אַנקל מיינער, אָבער וויפל מאָל דאַרפסטו די מעשה דערציילן?" — האָט אים דער פלימעניק פאַרגעוואָרפן.

מאַקס הוירש האָט זיך אָנגעבלאָזן און דערנאָך געפרעגט:

„האָב איך דיר, ביל, אַמאָל דערציילט, אַז איך האָב זיך אַרונטער־געקייקלט פון די שטיגן?"

„אַזוי איז די וועלט, אַנקל, מען קייקלט זיך אַמאָל אַרונטער און מען הויבט זיך אויף און מען קלעטערט ווייטער..." — האָט ביל זאָן אָנגעהויבן צו פילאָזאָפירן און דערנאָך גענומען רעדן פּשוטע דיבורים: זאָל מאַקס ניט מיינען, אַז ער רעדט אים צו, אַז ער זאָל ווייטער אַרויסגיין מיט זיין סחורה אויב זיין האַרץ איז ניט דערביי. ווייסט ער גאָר וואָס? זאָל שוין זיין גענוג וועגן ביזנעס. ער וויל מיט אים רעדן וועגן זיין זון ווילי.

מאַקס הוירש האָט זיך צעלאַכט:

„ביל, ווי עס זעט אויס האָסטו שוין דיין פעטער פאַרזאָרגט.

„איך האָב אַ וואוילן שידוך פאַר דיין זון" — האָט ביל מאַקסן איבער־געשלאָגן.

„אַ שידוך?" — איז מאַקס הוירש געוואָרן פאַראינטערעסירט — „אפשר דיין מרים?

„ניין, ניט מיין טאָכטער! זי וועט אים ניט וועלן...

„ס'שטייט דיר אפשר דער יחוס ניט אָן?

„קאָך זיך ניט, אַנקל! דו ווייסט גאַנץ גוט פאַרוואָס. ער דאַרף נעמען אַ מיידל פון אַן אַנדער שטאָט...

„ווייז מיר אַ בחור ביי דער היינטיקער צייט, וואָס איז פּערפעקט? און וואָס האָט עס ווילי אַזוינס געטאָן? וואָס הייסט אַ מויד טשעפּעט זיך־צו, ווייל זי וויל דעם טאַטן מאַכן אויס פעינטער?...

„פּעטער, אַזוי זאָגסטו!" — האָט ביל שטרענג אויסגערופן.

מאַקס הירש האָט זיך גענומען ווישן זיין פאַרשוויצטן שטערן און געפרעגט:

„פאַרוואָס האָט אים די מויד ניט גענומען אין געריכט?

„ווייל זי איז אַ לייטיש מיידל..." — האָט ביל זאָן מיט אַן ערנסט פּנים געקוקט אויף אים.

„ניין, ניין! די מויד האָט געוואוסט, אַז זי איז געווען די שולדיקע... — האָט אים מאַקס הירש איבערגעשפּאַרט.

„דיין אייגענער לאָיער קליין האָט עס מיר געזאָגט, אַז זי האָט ביי דיר געקאָנט אויפמאַכן טויזנטער...

„צו אים הערסטו זיך צו? ער איז דאָך אַ זשוליק, דער גרעסטער שונא מיינער...

„פּעטער מאַקס, איך ווייס, אַז דו ביזט בערקעס ברודער.

„שטיי איך דיר שוין אויך ניט אָן?" — האָט מאַקס זיך אַ הויב געטאָן פון אָרט. אָט, פאַרלאָזט ער. ביל זאָן האָט אים פאַרשטעלט דעם וועג. ער איז אַ טאַטע און טוט גאָרניט וועגן דעם, וואָס זיין זון קלייבט זיך פון אים איינגאַנצן אַוועק. אין דער פרעמד וועט ער ווערן נאָך ערגער... ער האָט פאַר אים אַ שידוך מיט אַ שטעטל דאָ ניט ווייט. דעם מיידלס עלטערן האָבן אַזוי־פיל געלט. און די טאָכטער איז אַן איינציקע. ער קען די מענטשן גוט. ווייל סיי מר. ברוקס און סיי זי זיינען לאַנדסלייט. אַ פיינע פאַמיליע..

מאַקס הירש האָט זיך באַרואיקט און זיך גוט איינגעהערט, געטראַכט: חתונה מאַכן ווילין איז זייער נויטיק. אַז ער וועט אַריינפאַלן אין אַזאַ רייכ־קייט, וועט זיך ביי אים אין קאָפּ אַלץ ענדערן. געפרעגט מיט וואָס דער מר. ברוקס באַשעפטיקט זיך. און ביל האָט אים געענטפערט, אַז ער האָט צוויי ריזיקע קראָמען פון פרויען־קליידער. געזען ווי דער פעטער קנייטשט זיך, האָט ער גענומען שפּאַסן מיט אים:

„אָנקל, איך דענק, אַז דו מיט דיין דרייקאָפּ וועסט אים קאָנען פאַראינ־טערעסירן צו ווערן אַ „בילדער" אויך... צווישן אונדז גערעדט, איז ווילי

ניט ווערט דאָס מיידל... איך ווייס אַליין ניט פאַרוואָס איך טו דאָס! אפשר צוליב דער מומע פעני?"

די לעצטע ווערטער האָבן מאַקס הירשן אונטערגעטראָגן. ער האָט גלייך גענומען לויפן צו דער טיר. די שפּאַן זיינע זיינען געווען בייזע, שטורמדיקע און גיכע.

אינדרויסן, אַוועק פון דער קראָם אַ פּאָר בלאָק, האָט זיך מאַקס הירש אָפּגעשטעלט, שוין געהאַט חרטה אויף דעם וואָס ער איז אַנטלאָפן. ער האָט זיך גע'מוסר'ט: ער האָט געהאַנדלט ווי בערקע. נאָך אַלעמען ווייזט ביל אַרויס אַן אינטערעס צו זיין פאַמיליע. ווי קאָן ער עס לייקענען? געוואַרט, אפשר וועט אים דער פלימעניק אָניאָגן און אים רופן צוריק. זאָל ביל נאָר איין וואָרט זאָגן, קערט ער זיך אום צוריק, ווייל דער כעס האָט זיך שוין אָפּעטאָן פון אים. דערמאָנט זיך, אַז ער וועט דעם מר. ברוקס קאָנען פאַראינטערעסירן אין בויען הייזער, האָט עס אים אַזוי געצויגן צוריק... אָבער דער פלימעניק האָט זיך ניט באַוויזן נאָכדעם ווי מאַקס איז געשטאַנען אויף אַן אָרט אַ האַלבע שעה צייט.

אויב אַזוי, פּאַסט ניט פאַר מאַקס הירש צו מאַכן אַ צוריקטריט, האָט ער זיך פאַמעלעך גענומען רירן פון אָרט. מיטאַמאָל איז אים איינגעפאַלן; ער וועט גלייך לויפן אַהיים, דערציילן דעם ווייב און זאָל זי זיך אַריינמישן... עס וועט איר גאָר הנאה טאָן וואָס ער רעדט זיך פאַר איר אויס, וואָס ער אַליין הייסט איר אָפּרופן דעם פלימעניק...

אַריבעגעשפּאַנט די שוועל און גלייך געוואָלט אָנהויבן דערציילן, האָט אים די פרוי אַנטקעגנגעטראָגן אַזאַ זויער פּנים, אַז אים האָט זיך אָפּגעגלוסט צו רעדן צו איר. אָבער די פרוי האָט ניט געשוויגן. זי האָט אים גלייך אויפגענומען מיט שטראָף־רייד:

„דו מעגסט זיך שעמען, מאַקס! ביל וויל אונדז העלפן און דו ברעקלסט זיך. צי ביסטו בלינד? זעסט ניט אַז אונדזער זון איז אין אַ הינערפלעט?

„ביל האָט אָפּגערופן?" — האָט מאַקס נייגעריק געפרעגט.

„יאָ!" — האָט זיך די פרוי געבייזערט. — „אפילו מיט ווילין גערעדט.

„בעסער אַזוי!" — האָט מאַקס הירש פריילעך אויסגערופן, זיך אַ ווילע אָפּגערוט און דערנאָך געפרעגט, צי ווילי איז אַהין אַוועק.

„אַ נעכטיקער טאָג! ער סטראַשעט צו פאַרבלייבן אַ פּאַרזעסענער. ער האָט אַוועקגעגעבן זיין גאַנצע ליבע צו דער מויד און פּאַרטיק. נאָך אַ

בעטשלער גייט אונדז אָפּ צום רומל...״ — האָט די פרוי געבראָכן זיך אירע הענט און אָנגעהויבן לאָזן טרערן.

ווילי האָט זיך אויפגעהויבן פון בעט אַ מידער, אַ צעבראָכענער און נאָך מיט מער גלייכגילטיקייט צו זיין טאַטע־מאַמע. ער איז שעהן נאָכאַנאַנד געלעגן און געטראַכט וועגן ערשטן פרילינג מיט קלאַראַן, ס׳אַראַ ציטער עס האָט זיי ביידן אַרומגענומען, ווען זיי האָבן זיך אין די אָוונטן אָנגעטראָפן. צום ערשטן מאָל אַז ער האָט זיך דעמאָלט דערפילט וויכטיק: פאַראַן אַ מענטש וואָס טראַכט וועגן אים נאָר..׳ זיין לעבן האָט מיטאַמאָל אָנגעהויבן באַקומען אַ זינען. קלאַראַ האָט זיינע אויגן געעפנט. ווי נאָר ער האָט זיך מיט איר באַקאַנט, האָט ער ניט געוואוסט פון קיין לאַנגווייליקער מינוט. ווי גיך דער פרילינג איז אַוועק האָט ער זיך פאַר איר באַקלאָגט. און זי: אָט באַלד וועלן זיך אָנהויבן די קאָנצערטן אין פאַרק. וועלן זיי נאָך מער פאַרברענגען. זיצן אַרומגערינגלט מיט ביימער און זיך צוהערן צו מוזיק אונטערן פרייען הימל. ער האָט איר געקוקט אין די אויגן, מקנא געווען, וואָס זי, דעם פאַרבערס טאָכטער, קאָן אים געבן צו פאַרשטיין די וויכטיקייט פון פאַרטיפן זיך אין אַ בוך...

ווי שווער איר איז אָנגעקומען די ערשטע צייט אים צו באַווירקן: ער האָט זיך געלאָזט גיין אין די פּוסטריט פון זיין גראַד, און זי האָט אים פאַר־קערעוועט אויף אירע וועגן... אירע רייד זיינען דערנאָך געוואָרן פאַר אים אַ געזאַנג...

דערמאָנט זיך אין דעם ערשטן ווינטער מיט די בערג שניי אין ביי׳עם געסל, ווען ער האָט אירע אויגן דערזען און אים איז געוואָרן אַזוי וואַרעם, פאַרלוירן דעם חשק צו לערנען. נאָר געטראַכט וועגן איר. ניט אַזוי איז מיט אים געווען פריער, ווען ער האָט זיך באַקענט מיט אַ מיידל. וועגן דער נייער דערשיינונג אין זיין לעבן האָט ער ניט געהאַט קיינעם מיט וועמען זיך דורכרעדן. די פאַמיליע האָט זיך באַלד אַ נעם געטאָן אָפּהוזקן גאָר פון אים און פון קלאַראַן. די מומע עטל האָט אים אָנדערציילט אויף איר די ערגסטע זאַכן און אַלץ האָט זיך צו אים צוגעקלעפּט...

צוליב אָט־די אַלע זכרונות,וועלכע האָבן זיך געמישט ביי ווילין אין קאָפּ, האָט ער ניט געוואָלט עסן קיין פרישטיק אינדערהיים. ער האָט באַ־געגענט די באַזאָרגטע מאַמע, וועלכע האָט פּרובירט צו שמייכלען אין זיין קעגנוואָרט, און איר געזאָגט, אַז ער איילט זיך זייער.

אַן אַנדערש מאָל וועט ער איר געבן צו פאַרשטיין פאַרוואָס און פאַר ווען.

דער האַרבסט־טאָג איז באַהערשט געוואָרן אינגאַנצן פון אַ שטורעם־ווינט. אויף די קאַלטע טראָטואַרן האָבן זיך געוואַלגערט קופּעס אויסגע־דאַרטע געלע בלעטלעך, וועלכע האָבן ניט אויפגעהערט צו פאַלן פון די ביימער און זיי געלאָזט וואָס אַמאָל נאַקעטער און נאַקעטער. די בלעטלעך האָבן זיך געטוליעט צו פאַרבייגייערס פיס, געזוכט אַזוי אַרום שוץ, אַז מען זאָל זיי אינגאַנצן ניט צערייבן; זאָל מען זיך נאָר דערמאָנען ווי שיין זיי האָבן ערשט ניט לאַנג צוריק די גאַסן באַצירט. דאָ און דאָרט האָבן זיי זיך צעטאַנצט אינמיטן גאַס דעם לעצטן טאַנץ.

הויז־דינער מיט גרויסע בעזעמער אין די הענט האָבן זיך באַוויזן, צונויפגעשאַרט אין קופּעס די בלעטלעך, דערנאָך גענומען וואַרפן זיי אין די מיסט־קאַנען. אָבער ניט אַלע האָבן זיך געלאָזט. און די, וואָס זיינען שוין געלעגן אין די קאַנען האָבן זיך געשושקעט: וואָס קלייבט מען זיך מיט אונדז צו טאָן?

דאָס אַלץ איז מאַקס הירשן גאָרניט אָנגעגאַנגען. ער האָט גאָרניט געזען, גאָרניט געהערט, נאָר פעסט געשפּאַנט צו שמואל ביאַלין אין קראָם אַריין. ער האָט געטראַכט אויפן וועג, וואָס אים צו זאָגן וועגן דעם יונגן רבס דרשה פאַריקן שבת, אַז ער וועט דאַרפן איינמאָל פאַר אַלעמאָל דערקלערן זיין פרוי, פאַרוואָס ער האָט אויפגעגעבן ביל זאָנס פאָרשלאָג צו עפענען אַ קראָם פון שטוב־זאַכן אויף אויסצוצאָלן. זאָל זי אים אויפהערן באַקרעכצן. ווען זי זעט אים זיך אָנטאָן, פרעגט זי אַזוי אומעטיק: „וואוהין שפּאַנסטו שוין ווידער, מאַקס? אַזוי לאַנג דאַרף עס נעמען צו דינגען אַ סטאָר?" ער וועט איר לאָזן וויסן, אַז ער גייט אָנהויבן בויען באַראַקן און זאָל זי האַלטן ס׳מויל, דאָס ניט צעפּויקן. ער דאַרף ניט מער דעם פלימעניקס טובות...

מר. ביאַלי, דער פּרעזידענט פון דער נייער שול, איז גראַד געשטאַנען אויף דער שוועל פון זיין קראָם. מאַקס הירש האָט זיך ממש מחיה געווען: דאָס איז אַ סימן, אַז דער ייד האָט צייט אים אויסצוהערן. ער האָט אים דערלאַנגט אַן אויסגערוטע פּוכקע האַנט:

„ווי קומט איר אַהער, מיסטער הירש?" — האָט ביאַלי גלאַט אַזוי געפרעגט:

„מיסטער ביאַלי, ספּעציעל געקומען צו אייך" — האָט מאַקס הוירש גערעדט אַביסל פּאַרסאָפּעט.

„נו, קומט אַריין! צווישן איין קונה און אַ צווייטן קאָנען מיר די גאַנצע וועלט באַרעדן." — האָט ביאַלי געשפּאַסט און געלאָזט דעם גאַסט גיין פּאַראויס.

מאַקס הוירש האָט אויף גיך גענומען רעווידירן זיינע טענות, גע־טראַכט אַז דער ביאַלי איז אַן אָנגעלערנטער, שפּילט אפילו שאַך און האָט אַ געשליפענע צונג... אָבער נישקשה, מאַקס הוירש, אַז ער צעוואַרעמט זיך, פּעלט אים אויך גאָרניט. אָט האָט דאָך אים קלאַרענס דאָן אַנומלטן געגעבן אַ קאָמפּלימענט, אַז ער וואָלט געקאָנט זיין אַ גוטער פּאָליטישן און עס איז נאָך ניט צו שפּעט...

ביאַלי האָט פאַר אים צעעפנט אַ הילצערנעם בענקל און מיט אַ שמייכל געפרעגט, צי ס'וועט אויסהאַלטן... טאָמער ניט, האָט ער שטיין אַנדערע מיט אייזן געקאָוועט.

מאַקס הוירש האָט אים פאַרזיכערט, אַז ס'וועט אים אויסהאַלטן און זיך אַוועקגעזעצט, געעפנט דעם געשפּרעך מיט אַ זיפץ:

„איר הערט, מיסטער ביאַלי, די יוגנט גייט ניט אויפן ריכטיקן וועג. האָב איך רעכט?

„די יוגנט גייט אויף די וועגן, וואָס די טאַטעס האָבן פאַר זיי אויסגע־פּלאַסטערט" — האָט אים ביאַלי געענטפערט. און נאָך איידער מאַקס האָט צייט געהאַט צו לאָזן פאַלן זיין צווייטע באַמערקונג, האָט זיך ביאַלי נאָך עפּעס דערמאָנט: ער קען יונגוואַרג וואָס גייען גראַד אויפן ריכטיקן וועג... אַ שטייגער אונדזער רב.

„טאַקע?" — האָט מאַקס הוירש איבערגעפרעגט.

„וואָס דען ניט?" — האָט ביאַלי מיט זיכערקייט גערעדט.

„אָט אַזאַ ייד ווי זיין טאַטע דאַרף זיין אַ רב. ער האָט זיך ניט געמישט אין פּאָליטיק... געוואוסט איין זאַך — תורה.

'נו, וויבאַלד אַזוי, איז דאָך דער זון נאָך אַ גרעסערער רב. ער ווייסט מער ווי איין זאַך" — האָט ביאַלי געזאָגט מיט אַ שמייכל.

„אַוודאי, אַוודאי! זינט ער איז דאָ, האָבן זיך אָפּגעטראָגן אַלע אַלטע באָרד אָוו דירעקטאָרס" — האָט מאַקס הוירש זיך באַקלאָגט.

„און אפילו דער פּרעזידענט" — האָט ביאַלי גלייך אונטערגעכאַפּט —

„וואָס האָט איר געוואָלט, אַז צוליב זיי זאָל מען בייטן דעם נאָמען פון דער שול? רודף שלום איז אַ גאַנץ פיינער נאָמען... מיסטער הירש, דאָ איז אַן אַרבעטער־געגנט.

„דערפאַר זענט איר זייער פּרעזידענט?" — האָט מאַקס הירש אים אַריינגעזאָגט און געטראַכט: מען קאָן אים אַביסל צעטומלען.

„איר זעט דאָך" — האָט ביאַלי גאַנץ קאַלטבלוטיק געענטפערט.

„געפעלט אייך, הייסט עס זיין דרשה?" — האָט מאַקס געפרעגט.

„דער עולם האָט דאָך אים געוואָלט קושן" — האָט ביאַלי אויפן קול גערעדט. — „אַ מענטש פרעגט נאָך".

דאָ האָט זיך מאַקס הירש אויפגעשטעלט. ער האָט שוין מער ניט געקאָנט איינזיצן. ער איז געגאַנגען אַהין און אַהער און גערעדט:

‚מיסטער ביאַלי, איך הויב אייך ניט אָן צו פאַרשטיין. איר זענט דאָך אַ פּראַקטישער ביזנעסמאַן. איז ווער נאָך ווייסט אַזוי גוט ווי איר וואָס עס וואָלט געמיינט פאַר דער שול, ווען איין קריסט זאָל געווען זיין דערביי, בשעת אַזאַ יונגער חברה־מאַן צעלאָזט זיך וועגן אונדזערע געזעץ־מאַכער, וועגן אונדזערע פּאָליטישע פירער. עס וואָלט שוין געווען אַ מסירהלע, ניין אפשר?

„מען טאָר ניט רעדן וועגן שלום?" — האָט ביאַלי צום ערשטן מאָל גערעדט אין אַ בייזן טאָן — „אויב עס זיינען פאַראַן אַזעלכע, וואָס ווילן פּראָספּעריטי דורך בלוט־פאַרגיסונג, זענען זיי ניט ווערט וואָס די ערד טראָגט זיי. איך וועל ניט אויסבייטן אַ פינגער פון מיין זון פאַר די גרעסטע פאַרמעגנס...

„און איך יאָ?" — האָט מאַקס הירש געפרעגט הכנעה׳דיק. דערנאָך האָט ער פאַררויכערט און געלאָזט אַ סך רויך, אַז ביאַלי זאָל אים גראד ניט אָנזען איצט. ער האָט אָנגעהויבן צו רעדן דראַמאַטיש:

„נאָך אַלעמען זיינען מיר אין אַ פרעמדער מדינה. מיר האָבן פרייהייט, דאַרפן מיר זיין דאַקבאַר. אַז די רעגירונג באַשליסט עפּעס אַמאָל, וואָס איז ניט אַזוי גוט, זאָלן די גוים שרייען און פילדערן. ניט מיר, אַזוי זיך אַוועקשטעלן אין אַ מקום קדוש און דרשנען קאָן ניט פירן צו קיין גוטס"...

עס האָט זיך באַוויזן אַ קונה און ביאַלי איז געווען אומצופרידן מיט אים: ס׳טייטש, פאַרוואָס זאָל די פאַמיליע הירש קריכן איבעראַל? ווייל מען האָט יעדן פון זיי אַזוי פיינט?

מאַקס הוירש איז גאַר געוואָרן אין כעס, וואָס אינמיטן דערינען האָט זיך אַריינגעמישט אַ מענטש! ער האָט ניט געקאָנט איבערוואַרטן? נאָך אַלעמען ווי לאַנג נאָך קאָן מען האַלטן אויף דער צונג אַן ענטפער?

ווען דער קונה איז אַרויס, האָבן זיך ביידע, מאַקס הוירש און ביאַלי, באַגעגנט פּנים אל פּנים. ביידע האָבן אָנגעהויבן רעדן אויפאַמאָל. און ביידע זענען אויפאַמאָל אַנטשוויגן געוואָרן. ביאַלי האָט געזאָגט, אַז אַזוי ווי מאַקס הוירש איז עלטער, זאָל ער אָנהויבן.

„נו, לאָמיר הערן וואוהין צילט איר?" — האָט ער אים אונטערגעאיילט

מאַקס הוירש איז געבליבן שטיין אַן אַנגעבלאָזענער. ערשטנס, פון וואַנען ווייסט ער ווער פון זיי ביידע איז עלטער? און צווייטנס, וואָס יאָגט ער אים אַזוי? אָבער אַז ער שטייט גרייט אַליין עפּעס צו זאָגן, וועט ער אים ניט לאָזן. אָט וואָס ער האָט צו זאָגן: דער יונגער רב האָט געמאַכט אַ שלעכטן נאָמען דער שול. ס'לאַנד איז שוין פּאַקטיש אין קריג און מען קאָן אַ נעם טאָן באַגיין זיך מיט אים, פּונקט ווי מיט ראַדיקאַלן, וואָס ער האָט געהערט, אַז מען פאַרשפּאַרט שוין באַצייטנס אין פּריזאָן. איז זיין מיינונג, אַז קלאַרענס דאָן, זיין פּערזענלעכער פריינט, וועלכער לויפט פאַר סעטעיט-סענאַטאָר, זאָל קומען אין אַ זונטיק רעדן וועגן די וואַלן. דאָס וועט אַלץ פאַרדעקן. זאָל ער זיך גוט אַריינטראַכטן וועגן דעם פּלאַן: שוין איינמאָל אַ פּלאַן. נאָך גוט וואָס עס האָט זיך אַזוי געמאַכט...

ווען ביאַלי האָט עס דערהערט, האָט ער אויסגעשריגן אויפן קול:

„מוחל, מוחל אַזאַ טובה, מיסטער הוירש! אייער פריינט קלאַרענס דאָן איז גאָרניט אַזאַ פריינט צו אייך, צי מיר אויך ניט, און צו יענע אין שול אוודאי ניט. ווי ס'קומט צו אים אַזאַ טאָכטער איז שווער צו פאַרשטיין. זי רעדט דאָך אויף די גאַסן מיטינגען קעגן מלחמה!

די לויב־געזאַנגען וועגן קלאַרענס דאָנס טאָכטער האָט מאַקס הוירש גראָד ניט געהערט. ביי אים האָט זיך אָפּגעשטעלט די באַמערקונג, אַז עס איז ניט כדאי צו לאָזן אַזעלכע אַריבערטרעטן די שוועל פון אַ מקום־קדוש. דערביי איז ער רויט געוואָרן, געטראַכט: ער וועט פאַר קיין פאַל ניט לאָזן דעם איינדרוק, אַז ער איז באַליידיקט געוואָרן. קיינער דאַרף עס ניט וויסן! אייגנטלעך איז דאָך דאָס דעם רבס קאָפּ דערביי ניט צו לאָזן רעדן אין שול וועגן וואַלן. עס וועט קומען זיין צייט... דערווייל האָט ער מיט אַ שמייכל געפּרואווט צונישט מאַכן זיין קומען, אַז אייגנטלעך זוכט ער אַ ליידיקע סטאָר

דאָ אַרום, אויב ער וויל קאָמישאָן. לויט די געשעפטן ביי אים, קאָן עס גוט צונוץ קומען. ביאַלי האָט מאַקסן באַדאַנקט פאַר וועלן אים צושאַרן אַ פאַרדינסטל, ער האָט באַלד געמאַכט אַ דערקלערונג, אַז צוליב זיין קאָמישאָן וועט ער ניט גיין פאַרפירן אַ מענטשן. דאָ איז ניט דער פּלאַץ פאַר אַזאַ קראַם, ווייל די מערסטע איינוואוינער האָבן אויף זייערע קעפּ דעם יאָך פון אויסצאָלן זייערע קליינע הייזער. זיי טוט אפילו באַנג, אָבער עס איז צו שפּעט...

מאַקס הוירש האָט מורא געהאַט מיט עפּעס זיך אָפּצורופן. זיך געטראַכט, אַז ביאַלי וויל אים אַריינציען אין אַ נייעם געשעפט וועגן די היץ־קעפּ אין געסל, וואָס שרייען אַז די „הוירש ברידער קאָנסטראַקשאָן קאָמפּאַני" האָט ניט געגעבן די ריכטיקע מאַטעריאַלן, דערפאַר טראָגן זיך די שטיבלעך אַזוי אָפּ; גיי טענה זיך אויס מיט אים, אַז דאָס איז דער מאַטעריאַל וואָס זיי האָבן באַקומען, ניט געווען קיין בעסערע סחורות. איצט, נאָך דער מלחמה, וועט נאָך זיין ערגער. חוץ דעם, וואָס האָבן זיי געוואָלט פאַר דעם געלט? די בעסטע צייט פאַר אים באַצייטנס צו גיין...

מאַקס הוירש האָט זיך ראַפּטעם אויפגעהויבן פון דעם געפּאַלדעוועטן הילצערעם בענקל, וואָס האָט די גאַנצע צייט אונטער אים געסקריפּעט, ווייל ער האָט זיך געהאַלטן אין דרייען, אַ שטעל געטאָן אין פאַראויס איין גרויסן שוואַרצן שוך, דערנאָך דעם צווייטן, דערלאַנגט ביאַלין די שפּיץ פינגער פון זיין האַנט, אָפּגעזעגנט זיך און אַרויס פון דער קראָם און באַלד גענומען לויפן, מורא געהאַט, אַז די געשליפענע צונג פון דעם קרעמער זאָל אים צום איבעריקן ניט פּריטשמעליען: ער האָט געהאַט אים אַזויפיל צו זאָגן און יענער האָט אים דעם קאָפּ פאַרדרייט, גאָרניט דערגרייכט.

„מאַקס שוין גענומען אַ סטאָר? נאָך ניט? אויף ווען וואַרטסטו? ווען די פּראָספּעריטי וועט אָנקומען, וועט מען דיך האָבן אין באָד. לייטע וועלן האָבן מזומן, וועלן זיי ניט קומען צו דיר נעמען אויף אויסצוצאָלן".

און די פרוי:

„כ'לעבן, מאַקס, וואָלסטו געהאַט אַ בעסערן אַפּעטיט צום עסן, ווען דו טוסט עפּעס..."

וואָס נאָך האָט זיך מאַקס דערמאָנט? ער האָט באַשלאָסן צו ענדערן ווילין. ער ווייסט שוין זיינע שוואַכקייטן. אַליין וועט ווילי זיך קיינמאָל צו גאָרניט דערשלאָגן. מוז ער באַצייטנס עפּעס אָנהויבן צו טאָן, אַז עס זאָל אין דעם זיין אַ צוקונפט פאַרן זון.

„אפשר אים אָפּגעבן די לאַטס פאַר אַלטע אויטאָמאָבילן? די מלחמה רוקט זיך אָן, וועט מען קיין נייע ניט פּראָדוצירן. אויב די קאָנטראַקטן וועלן דורכגיין, וועט ער זיך דאָך ניט קאָנען צערייסן...״

די בעסטע זאַך וועט זיין, אַז ער זאָל זיך דורכרעדן מיט ווילין. זאָל ער אים באַצייטנס וויזן, אַז ניט געקוקט דערויף, וואָס דער טאַטע גיט ס׳ביסל מזומן, דאָך פרעגט ער ביי אים אַ מיינונג...

דערהערט פון ווילין, אַז ער וויל גאָר ווערן אַ סאָלדאַט, איז מאַקס הוירש אַרומגעגאַנגען אַ צעטומלטער עטלעכע טעג: ער האָט זיך ניט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז אַזאַ ווי ווילין וועט מען צונעמען, אָבער אַז ער האָט באַשלאָסן צו וואָלונטירן, ווי ער זאָגט, קאָן געמאָלט זיין, אַז מען זאָל פאַר־זען... חוץ דעם, וואָס קאָן ער וויסן ביי אים? אפשר האָט ער שוין די פּאַפּירן ביי זיך אין קעשענע?
וויבאַלד אַזוי, וועט ער ניט פליען.

שוין לאַנג ניט געווען ביי מר. קאָלדוועלן אין ריעל עסטעיט אָפיס. אויב ער האָט עפּעס אין גלייכן געלט, וועט ער קויפן פאַר זיך אַליין, עס זאָל טראָגן פאַר אים מיט פּעניץ, אַז ער זאָל קאָנען אויפהאַלטן זיין אויטאָ־מאָביל, אים באַנוצן אַ גאַנצע וואָך. ער האָט שוין ניט קיין כוח צו גיין צופוס. „מאַקס הוירש, ביסט געוואָרן אַביסל שווערער, צוגענומען אַ צען פונטלעך...״

מר. קאָלדוועל, אַ ברייטפּלייציקער מיט רויטע פלעקן אויף די באַקן, וואָס האָט פאַר די ברידער הוירש פאַרקויפט הייזער אין נייעם געסל, האָט אויפגענומען מאַקסן מיט אָנשטעל: „פאַר אים אַ טובה אינמיטן ביינאַכט... זאָל ער נאָר זאָגן וואָס ער וויל...״

‚איך וויל זיין אַן אַגענט!״ — האָט מאַקס הוירש זיך געוויצלט.

„פאַרוואָס ניט, מיסטער הוירש?״ אָט האָט איר אַ דעסק, אַ טעלעפאָן. רופט אָפּ אייערע באַקאַנטע, דרוקט אָפּ קאַרטלעך אויף אייער אייגענעם נאָמען. טוט וואָס איר ווילט, אַבי ביזנעס...״

מאַקס הוירש האָט זיך שוין מער ניט געוויצלט. ער האָט געטראַכט: אָט האָט ער פאַר זיך אַ ביזנעס, וואוהין ער דאַרף גאַרניט אַריינלייגן. וואָס קאָן אים אַרן? באַלד האָט ער זיך געווענדט צו מר. קאָלדוועלן, צי וועט ער אויף אים קיין פאַראיבל ניט האָבן, ווען ער וועט אָננעמען זיין פאָרשלאָג בלויז אויף דערווייל.

„אַ מענטש דאַרף דאָך עפּעס טאָן. עפּעס שיין צו עסן גרייט געלט?

„טאַקע ניט!" — האָט מר. קאַלדוועל אים צוגעגעבן און ווידערהאָלט נאָכאַמאָל אַז דאָ וועט ער זיך פילן ווי ביי זיך אינדערהיים. ער קאָן דאָ זיין ווי לאַנג ער וויל.

מאַקס הוירש האָט זיך אַוועקגעזעצט לעבן אַן אַלטמאָדישן דעסק. ביים זייט אַ גרויסע שרייב־מאַשינקע, אַ הויכע. ער האָט די מאַשינקע מאָדנע באַטראַכט און געשאָקלט יאושדיק מיטן קאָפּ: "זאָל נאָר דער מיסטער קאָלד־וועל ניט מיינען, אַז זיינע פינגער דינען אים צו אָט־די זאַכן... דערזען אַ צודעק, האָט ער זיך ממש מחיה געווען. געדרייט עס אַהין, געדריי עס אַהער, ביז ער האָט ענדלעך פאַרדעקט די שרייב־מאַשין. ער האָט אַליין ניט גע־וואוסט וואָס אים האָט אַזוי געאַרט ווען די מאַשינקע איז געשטאַנען אָפּגע־דעקט. אפשר אַן אָנצוהערעניש, אַז ער דאַרף די מאַשינקע דאָ ניט האָבן...

דערפאַר איז אים זייער געפעלן געוואָרן דאָס בענקל, וואָס דרייט זיך אויף רעכטס און אויף לינקס. דערנאָך דערזען ווייסע קאַרטלעך אין אַ קעסטל, האָט ער עטלעכע אַרויסגענומען און זיך צעשמייכלט: אַזוי זיך אַריינגעקומען, און קאַלדוועל האָט אים באַווירקט. ביז עפּעס וועט זיך מאַכן פאַר אים צו קויפן אין גלייכן געלט, וועט ער האָבן אַ היים פאַר די טעג זיינע און פאַרוואָס זאָל ער ניט קאָנען מאַכן אַ דאָלאַר?

„ווייסטו וואָס, מאַקס? רוף אָפּ דיין פּלימעניק ביל זאָג און זאָג אים אַזוי און אַזוי... איצט איז די צייט פאַר אים צו קויפן „ריעל עסטעיט". וועט ער קויפן איז גוט, אויב ניט, וועט ער אויפהערן אים דרייען אַ קאָפּ מיט זיינע געשעפטן..."

דאָ האָט זיך מאַקס הוירש אָנגעטראָפן מיט זיינעם אַ פריינט מר. גאָרין, פאַר וועמען ער האָט געבויט דעם ערשטן מאַרקעט אין געגנט. איצט האָט ער שוין געעפנט נאָך אַ פלאַץ אין אַן אַנדער געגנט. אַ מענטש פון מיטעלן וואוקס, מיט אַ קיילעכדיק נעבאַכדיק פנים, מיט אַ שווערן גאַנג. ער שלעפּט ממש זיינע פיס אויפן דיל. ער האָט זיך גלייך שווער אַוועקגעזעצט אויף אַן אָפּגעטראָגענעם דיוואַן מיט שוואַרצן לעדער באַדעקט. ערטערווייז מיט קנעפּלעך פאַר שיינקייט וועגן דערזען מאַקס הוירשן האָט ער זיך אַזש אַ טרייסל געטאָן:

„ווי קומט איר אַהער?"

„פאַרבונדן זיך מיט מיסטער קאַלדוועל. נאָך אַלעמען האָב איך דאָך עפּעס אַ שייכות צו ריעל עסטעיט, ניט אַזוי?

## די צוויי משפחות

„איר ווייסט, מיסטער הוירש, אַז איך האָב ערשט וועגן אייך געטראַכט. אייער פּלימעניק האָט מיר געזאָגט, אַז איר זוכט אַ סטאָר, האָט זיך גראָד געמאַכט...

„וועגן דעם זענט איר אַהער געקומען?" — האָט אים מאַקס הוירש איבערגעשלאָגן. ער האָט זיך נאַרוואָס דערמאָנט, אַז קלאַרענס דאָן האָט אים געזאָגט, אַז דער לואי גאָרין וויל זייער פאַרקויפן זיין אַפּאַרטמענט־הויז אויף ראַי עוועניו. כדאי צו הערן וויפיל ער מאָנט איצט. וועט אים ניט באַנג טאָן מער וואָס ער האָט זיך ניט צוגעאײַלט צו קויפן פריער.

גאָרין האָט זיך צעלאַכט אויפן קול: געוויס איז ער ניט געקומען אַהער צוליב דעם סטאָר. ערשטנס, האָט ער ניט אָנגעהויבן צו וויסן, אַז ער וועט זיך דאָ מיט אים טרעפן. צווייטנס, האָט ער זיין טעלעפאָן־נומער. דאָס איינציקע וואָס אים פעלט, איז צייט...

„וואָס זאָל איך אייך זאָגן, מיסטער הוירש? מען איז קלוג און קלוג און מען באַנאַרישט זיך... איר ווייסט דאָך, אַז דער דאָלאַר דרייט זיך ביי מיר, גאָט צו דאַנקען, אַלעמאָל, האָט זיך מיר פאַרגלוסט קויפן אַן אַפּאַרט־מענט־הויז. פרעגט שוין ניט! ווי קום איך האָבן צו טאָן מיט 60 פאַמיליעס? כ'האָב ווינציק אויף מיין קאָפּ? פיר צענדליק קלוירקס, וואָס איך דאַרף פון זיי אויסשטיין. ווער האָט עס אַמאָל געוואוסט פון אַ יוניאָן אין אַ גראָסערי? וואַקאַציע, קורצע שטונדן...

מאַקס הוירש, וועלכער איז בטבע זייער אומגעדולדיק צו הערן לאַנגע שמועסן, האָט דאָס מאָל זיך אָנגעשטרענגט מיט אַלע כוחות אויסצוהערן דעם לואי גאָרין. ער האָט אים נאָך אַליין געזאָגט, אַז גראָד האָט ער איצט צייט און זאָל ער זיך אָפּרעדן פונעם האַרצן: נאָך אַלעמען איז מען אַלטע פריינט...

לואי גאָרין האָט זיך מיטאַמאָל געכאַפּט, אַז אין באַצוג צו דעם הויז האָט ער ניט גערעדט ווי קיין געשעפטסמאַן: געגעבן אָנצוהערעניש, אַז אים טוט ווי דער קאָפּ. וויבאַלד אַזוי, וועט ער איצט קומען צום פונקט:

„איך זאָג, אַז עס דאַרף איינגעשטעלט ווערן אַזוי: אַז יעדער גיט זיך אָפּ צו זיין מסחר. דאָ, אָדער דאָרט. און דערפאַר וויל איך פאַרקויפן דאָס הויז, וואָס באַצאָלט זיך גראָד גאַנץ גוט. אַלץ איז שטאַרק און פעסט.

„איז וויפל מאָנט איר, מיסטער גאָרין?

„אַט איז עס!" — האָט גאַרין אָנגעשריבן די ציפער אויף אַ קאַרטל.

מאַקס הוירש האָט געצויגן מיט די אַקסלען, אים דערמאָנט, אַז ביז דער נייער פּראָספּעריטי איז נאָך ווייט... און גאַרין האָט אים אײַנגעזאָגט, אַז ער וואָלט עס ניט באַדאַרפט צו זאָגן, ווײַל ווער נאָך ווייסט אַזוי גוט ווי מאַקס הוירש, אַז מען בויט ניט קיין הײַזער און באַלד, באַלד וועט ווידער זײַן אַ מאַנגל.

דערבײַ האָט זיך מאַקס הוירש שוין אַביסל פאַרלוירן. ער האָט ניט געהאַט גלײַך קיין ענטפער.

„ווייסט איר גאָר וואָס, מיסטער הוירש, אויב עס וועט זיך האַנדלען איבער אַ קלייניקייט, לאָז איך עס צו אײַך. אַ רענדל אַראָפּ, אַ רענדל אַרויף. ווי גייט ס׳וווערטל: „קלאַפּ דאָס אײַזן כל זמן עס איז הייס"...

מאַקס האָט קאַלטבלוטיק פאַרצייכנט און אָוועקגעלייגט ס׳קאַרטל אין אַ שופלאָד. געגעבן גאַרינען די האַנט און אים געזאָגט, אַז מער וועט ער זײַן צײַט ניט צעפּטרן, ער וועט „טרײַען" זײַן בעסט צו מאַכן אַ שנעלן „סעיל".

ווען גאַרין האָט זיך געלאָזט גיין, איז ער אים געגאַנגען כלומרשט באַגלייטן צו דער טיר און אַזוי זיך געפרעגט:

„ווי וואָלט געווען, אַ שטייגער, ווען דער קויפער האָט גוטע „לאָטס" און וויל זיי אַרײַנגעבן אין חשבון?

גאַרין האָט זיך אויסגעדרייט צו אים און שפּאַסיק געזאָגט:

„מיסטער הוירש, איר זענט אַ ממזר. גראָד בין איך אַ בעלן אויף לאָטס... בויען אַ מאַרקעט פאַר מײַנע קינדער...

„וויבאַלד אַזוי, האָב איך פאַר אײַך אַ קונה, מיסטער גאַרין" — האָט מאַקס הוירש געזאָגט און זײַן פּנים איז בײַ אים שוין געווען צעפלאַמט...

„איך בין צופרידן, אַז אַזאַ שטאַרקע געבײַדע זאָל אַרײַנפאַלן צו אַ פרײַנט אין די הענט" — האָט גאַרין געזאָגט, און מ׳האָט שוין גערעדט וועגן מאָרגן ווען צו באַגעגענען זיך.

יענע נאַכט איז מאַקס הוירש געשלאָפן זייער אומרואיק. אים האָט זיך געטראַכט, אַז גאַרין קאָן נאָך האָבן חרטה! אַלץ איז צווישן אים און גאַרינען צוגעגאַנגען צו גיך און צו גלאַטיק. אַ שוואַרצע קאַץ זאָל ניט אַריבערלויפן, דער פרוי האָט ער נאָך דערווײַל גאָרניט געוואָלט זאָגן.

דערפאַר איז מאַקס הוירש אויף מאָרגן געקומען אַהיים אינמיטן העלן טאָג און איר דערציילט, אַז דאָס הויז אויף ראַי עוועניו געהערט שוין צו

אים און זאָל זי אָפּרופן דעם פּלימעניק, אים זאָגן, אַז וועגן מאַקס הוירש דאַרף ער זיך מער ניט זאָרגן... — — — —

דעם זעלביקן טאָג האָט זיך מאַקס הוירש צום ערשטן מאָל באַוויזן ביי דעם סופּעראינטענדענט עלגרין אין הויז. ער האָט זיך פאַרגעשטעלט, אַז פון היינט אָן אַרבעט יענער פאַר אים... אָבער ניט צוליב דעם אַליין איז מאַקס הוירש געקומען. אים ווילט זיך נאָכאַמאָל באַטראַכטן אַלץ אַרום. מר. עלגרין האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און אַוועק מיט אים אין קעלער אַריין דאָרטן האָט מאַקס הוירש באַטראַכט דעם ריזיקן אויוון, וואָס באַהייצט די גאַנצע געביידע, נאָכגעפרעגט זיך, גלייך ווי ער האָט נאָך ניט געהערט, וויפל קוילן ער באַנוצט דורכן יאָר, באַטראַכט דאָ און דאָרט ווי ער וואָלט באמת א מבין געווען. זיך געוויצלט: מען קאָן דאָ אָקסן אָפּבראָטן, מר. עלגרין האָט שפּאָרעוודיק געשמייכלט, דערנאָך אים געוויזן די פיר וואַש-מאַשינען. מאַקס הוירש האָט זיך פאַרטראַכט, אַז ער וועט פּאַקן איינעם פון זיינע שכנים, וואָס וואַרפט זיך אַלעמאָל צו אַן אַנדער פרנסה, וועט ער אים זאָגן אַזוי: „מר. בעלמאַן, אָט האָט איר עפּעס אַזוינס, וואָס וועט אייך געבן ברויט און פּוטער און איר וועט קאָנען אַרומגיין מיט די הענט אין די קעשענעס. דינגט אָפּ אַלע וואַש-מאַשינען אין געגנט. איך אַליין האָב פיר שטיק פאַר אַן אָנהויב. וואָס זאָגט איר דערצו?"

אביסל שפּעטער איז מאַקס געזעסן ביים קיך טיש אין עלגרינס וואוינונג און איבערגעקוקט דעם בוך מיט די נעמען פון די איינוואוינער, נאָכגעפרעגט זיך וועלכע זיינען די גוטע צאָלער פון דירה-געלט און וועלכע די שלעכטע און באַלד זיך פאַרקרימט, ווען ער האָט זיך דערוואוסט, אַז אַפילו די מערסטע צאָלן ניט איצט אין צייט.

עלגרין האָט זיי געפּרואווט פאַרענטפערן:

„אַלע זיינען געווען גוטע צאָלער. נאָר איר ווייסט דאָך, מיסטער הוירש, די צייט איז ניט אַמבעסטן".

מאַקס הוירש האָט זיך פאַרקרימט: לויט זיין מיינונג איז דער אַלגרין אַהין און אַהער און ער וועט אים דאַרפן געבן צו פאַרשטיין, אַז ער צאָלט אים שכירות, ניט קיין אַנדערער און אַז ביי אים וועט מען דאַרפן צאָלן דירה-געלט אין צייט. אויב מ'האָט ניט, באָרגט מען. אַזוי האָט ער אויך געטאָן. די באַנקען זיינען גרייט צו דינען יעדן איינעם, סיי אָרעם סיי רייך...

וואָס נאָך דאַרף ער דעם סופּער זאָגן? יאָ, מ'דאַרף שניידן אַביסעלע די אויסגאַבן. אַ פּאָרטער איז דאָ אַבסאָלוט איבעריק. ער וועט עלגרינען

צוזאָגן אַ העכערונג אויף זײַנע שכירות, עטלעכע דאָלאַר, און זאָל ער אַליין טאָן די אַרבעט. וואָס איז, ניטאָ קיין צייט פאַר אים צו קערן די זעקס שמאָלע דילן און די לאָבי, צי אין פראָנט פון הויז? חוץ דעם, מעג מען איין טאָג אויספּעלן, אַבי ווינציקער מיט אַן עסער אויפן קאָפּ...

פאַרטיק געוואָרן טראַכטן, האָט זיך מאַקס הוירש אויסגעהוסט און מיט אַ שמייכל אויף זײַן פּנים געפרעגט דעם סופּעראינטענדענט, צי וועט אים ניט צוניץ קומען נאָך אַ פינפערל אויף דער וואָך? ער מיינט עס ערנסט אַזאַ מאַן ווי ער פאַרדינט זיך... „אָט ווי אַזוי עס וועט אים אַרײַנקומען אין קעשענע..."

מר עלגרין איז בלייך געוואָרן: ווי אַזוי וועט ער קאָנען אַליין טאָן די גאַנצע אַרבעט? אויב ער וועט די אײַנוואוינער ניט שטעלן צופרידן, פאַרגעסן אין זיי, וועלן זיי ניי־יאָר אין אים פאַרגעסן... ווען ניט די אײַנקונפט וואָלט ער גאָר געוווען אויף צרות...

„פאַרוואָס קאָן איך אײַער פרוי ניט אַרויסהעלפן?" — האָט מאַקס שטיל געפרעגט.

„און ווער וועט אַכטונג געבן אויף די קינדער"? — האָט עלגרין צוריק געפרעגט גראַד אויפן קול, אַז זײַן פרוי זאָל דערהערן.

דערווייל האָט מאַקס הוירש דערזען אַ בלאָנד ייִנגעלע אָנקומען מיט ביכער אונטערן אָרעם. ער האָט אים באַטראַכט און אָפּגעשאַצט, אַז דאָס בחורל מוז שוין זײַן אַרום צוועלף יאָר אַלט. ווײַבאַלד אַזוי, וועט ער אַליין אַ רעד טאָן מיט דעם ייִנגל, צוזאָגן אים די אויסגעלייענטע צייטונגען אין קעלער, וועלכע ברענגען אַרײַן עטלעכע דאָלאַר אַ חודש, און זאָל ער דער־פאַר אַרויסהעלפן זײַן טאַטן...

עלגרין האָט געהאַט טענות צו זיך אַליין: ערשט פריער אין קעלער, ווען מאַקס הוירש האָט געשמייכלט, האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער קריגט אַרײַן אַ בעסערן לענדלאָרד ווי פריער, צום סוף...

„נו, זענט איר איצט שוין צופרידן?" — האָט מאַקס הוירש אים איבער־געשלאָגן זײַן טראַכטן...

עלגרין האָט שוואַכלעך געענטפערט: ער וועט אויספּאָלגן דעם באַפעל און אַוועקשיקן דעם פאַרטער. אויב אָבער די אַרבעט וועט פאַר אים זײַן שווער, וועט ער גיין אַרבעטן בעסער אין אַן אַמוניציע־פאַבריק. זײַנער אַ באַ־קאַנטער פאַרדינט דאָרט שיין געלט...

מאַקס הוירש האָט אים געגומען געבן מוסר: „וואָס פאַרגלייכט ער

עפּעס די אַרבעט צו יענער? דאָ טוט ער עפּעס פאַרן וואוילזיין פון מענטשן. אָבער דאָרטן?...

עלגרין האָט זיך גענומען פאַרענטפערן, אַז ער אַליין האָט אויך פיינט מלחמה. ווען מען פרעגט ביי אים, וואָלט ער געזאָגט ניין! טויזנט מאָל ניין. נאָר אַז ער איז געקומען...

שאַ, ווייסט ער גאָר וואָס? וואָס וועט מר. עלגרין זאָגן דערצו, ווען ער וועט ספּעציעל פאַר אים אינסטאַלירן אַן אויל־באַהייצונג און אויס מיט די קוילן! אויס מיט אַש־קאַנען! דערזען אַ פריילעך פּנים ביים סופער, איז הוירשן אַ שאָד געוועזן, וואָס דאָ האָט זיך ניט געפונען איינער פון זיין פאַמיליע הערן ווי אַזוי ער האָט עס באַאַרבעט אַן ענין...

„איז ווען וועט מען אינסטאַלירן דעם אויל־פּלענט?" — האָט עלגרין נייגעריק געפרעגט.

און מאַקס הוירש האָט איצט גערעדט מיט זיכערקייט אין זיין טאָן. גע־ענטפערט, אַז ביי דער ערשטער געלעגנהייט, אפשר נאָך איידער די פרעסט וועלן זיך שטעלן. ער וועט זיך גלייך שטעלן אין פאַרבינדונג מיט עטלעכע קאָמפּאַניעס. נאָך אַלעמען, איז עס ניט קיין שפּילכל, ער וועט די סומע ניט אריינגעמען אין אַ יאָר, וואָס דאַרף אים אָפּקאָסטן. אָבער אים ווילט זיך דאָס הויז מאָדערניזירן...

פאַרטיק געוואָרן דערמיט, האָט זיך מאַקס הוירש דערמאָנט וואָס זיינער אַ באַקאַנטער לענדלאָרד האָט אים אָנגעזאָגט אַכטונג צו געבן צי דער עלעוויטאָר סקריפּעט ניט אונטער און די „פּלאָמבינג". אָט־די צוויי בלינדע אַרטיקלען קאָנען אים געבן צרות אויפן פוד. ווען מ'הויבט זיי אָן צו רע־מאָנטירן, דאַרף מען האָבן אַ מיאָנטעק. . און אויב די צוויי אַרטיקלען זיינען ניט אין אָרדנונג, זאָל ער וויסן זיין, אַז ער האָט געקויפט אַ לימענע ניט קיין הויז. ער האָט אפילו יענעם אַריינגעלאַכט אין פּנים.

„וואָס הייסט, מר. ריטשמאָנד, איר גייט מיך לערנען? עפּעס שטאָם איך דאָך אָפּ פון דער בוי־אינדוסטריע, שוין פאַרגעסן?

נאָר דאָ, ווען יענער שטייט אים ניט פאַר די אויגן, גיט מאַקס הוירש צו, אַז ער איז פון די קליינע מבינים. „פאַרלאָזט זיך צופיל אויף בערקען אַלץ איינצוקויפן".

וויבאַלד אַזוי, קומט אים גוט צוניץ, וואָס דער מר. ריטשמאָנד האָט אים אָנגעזאָגט. איידער ער גייט אַהיים עסן וועטשערע, וועט ער נאָכאַמאָל כאַפּן אַ קוק אין קעלער אויף דער „פּלאָמבינג", נאָכאַמאָל אויספּרובירן דעם

עלעווייטאָר, דעם מאָטאָר, די אייזערנע שטריק. דאָס מאָל האָט ער געזאָגט צום סופּעראינטענדענט, אַז ער דאַרף ניט מיטגיין. זאָל ער טאָן זיין אַרבעט...

ווי נאָר מאַקס הוירש האָט אַריינגעשטעלט זיך אין עלעווייטאָר, אַ קוועטש געטאָן אַן עלעקטריש קנעפּל צום לעצטן שטאָק, האָט זיך אים אַ וואָרף געטאָן אין די אויגן אַן אויפרוף. ער האָט אָנגעטאָן זיינע גרויסע שפּאַקולן און גענומען איבערלייענען איינמאָל און צוויי מאָל, ביז וואַנען ער האָט צעקייט דעם ענין. ער האָט געפילט ווי אויסצושרייען: „וואָס קומט דאָ פאָר?" איצט פאַרשטייט ער שוין פאַרוואָס דער מיסטער גאָרין האָט אים פאַרקויפט דאָס הויז. אַזאַ מציאה! די ריכטיקע חברה וואוינען דאָ... הער נאָר אַ חוצפּה, אַ מיטינג פון אַלע איינוואוינער אין דער לאַבי! אונטערגעשריבן „טענענט ליג".

ווען דער עלעווייטאָר האָט זיך אָפּגעשטעלט אויפן סאַמע לעצטן גאָרן, האָט מאַקס הוירש מיט כעס, אַ קוועטש געטאָן דאָס קנעפּל אויף אַרונטער דערוויל געדרייט זיך ווילד ווי אַ חיה אין אַ פאַרשפּאַרטער שטייג. ווען ס'טירל האָט זיך געעפנט, איז ער מיט אַ באַלאָדענעם צאָרן אַוועק צום סופּער. ס'טייטש, פאַרוואָס האָט ער אים פריער ניט געזאָגט, אַז דאָ איז פאַראַן אַזאַ אָרגאַניזאַציע?"

מר. עלגרין האָט געצויגן מיט די אַקסלען:

„איר האָט מיך דען געפרעגט? זיי זיינען ניט פון היינט אָן אין דעם הויז און וואו דען ניט? איבעראַל זיינען זיי פאַראַן. מיסטער גאָרין איז מיט זיי דורכגעקומען... צווישן אונדז רעדנדיק, וואָס ווילן זיי דען, דענקט איר? זאַכן וואָס זיי קומט...

„און דאָס וואָס זיי לאָזן ניט אַרויסשטעלן איינעם, וואָס באַצאָלט ניט זיין דירה־געלט איז ביי אייך גאָרניט?" — האָט זיך מאַקס הוירש געכעסט.

„איר ווילט עפּעס הערן, מיסטער הוירש? מיסטער גאָרין האָט מיר אַליין צוגעגעבן, אַז אים לוינט זיך בעסער, אַז אַ פאַמיליע זאָל אַריינוואוינען, איידער אַרויסשטעלן...

'איך בין ניט גאָרין! איך בין מאַקס הוירש און איך האָב פיינט אַזעלכע אָרגאַניזאַציעס. יעדער איינער האָט אַ מויל און קאָן רעדן פאַר זיך...

פונקט אַנטקעגן דער נייער שול איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן דער לעצטער גאַסן־מיטינג פאַר מר. קלאַרענס דאַן. דער פאָרזיצער איז געווען מר. פעלער, וואָס איז ערשט ניט לאַנג צוריק באַשטימט געוואָרן אַלס דער הויפּטמאַן

פון זיין פּאָליטישן קלוב, וועמענס סימבאָל איז אַ העלעפאַנט. אויך דער פּרעזידענט פון דער ריעל עסטעיט אַסאָסיאיישאָן פון דער גאַנצער געגנט אַרום. אַליין אַן אַרכיטעקט פון גרויסע אונטערנעמונגען. שטענדיק איז ער אָנגעטאָן אין בלויען. אפילו זיין אויבערהעמד און דער קאַפּעליוש, דער מאַנטל, אפילו אַ שניפּסל אין דער ברייט. ער האָט כמעט אַלעמאָל געשמייכלט מיט אַ מין חוזק, אַ נידעריקער, געפּאַקטער. נאָכדעם ווי ער איז רייך געוואָרן, און מ'האָט אויף אים געזאָגט, אַז ער טראָגט זיך אַרום מיט מורא פאַר דער נייער צייט, האָט ער זיך מיט לייב און לעבן אַריינגעוואָרפן אין דער פּאָליטיק, און עס איז שווער געווען צו דערגיין ביי אים אַ טאָלק, צי ער מיט זיין פאַמיליע זיינען אַהער אַרונטערגעקומען פון דער וויטער וועסט.

מר. פעלער האָט געהאַלטן אין איין אויסרעכענען די טובות וואָס קלאַרענס דאָן האָט פאַר די יידן דאָ אַרום געטאָן; ער איז שטענדיק גרייט. זיינע טירן זיינען אָפן פאַר אַלע נאָענטע און וויטע שכנים... ער פאַרמאָגט איין איינציקן איידעם, אַ יידן. ווען דער ליבער מענטש, דער גרויסער דזשענטלמען וועט דערוויילט ווערן פאַר סטעיט סענאַטאָר, קאָן מען זיך שוין פאָרשטעלן וואָס ער וועט אויפטאָן... זיינע נייע געזעצן וועלן באַדינען אַלעמען. ניט אַזוי ווי זיין קעגנער קאַנדידאַט, וועלכער זאָגט צו גאַנצע גליקן צו די אַרבעטער...

דאָ האָט זיך דערהערט אַ פּאַטשערײַ פון אויסגערוטע גרויסע הענט, צווישן זיי מאַקס הירש, וואָס האָט זיך נאָרוואָס באַוויזן. ער איז געווען דער לעצטער אויפהערן קלאַפּן ביז עס וועט אים דערזען מר. פעלער צו וועלכן ער האָט זיך די לעצטע צייט געשאַרט, גערעכנט אים אַלס אַן אייגענעם מענטשן פון איין אינדוסטריע. אַזאַ מאַן ווי דער מר. פעלער וועט אים קאָנען אַ סך אַרויסהעלפן, ווען די מלחמה וועט זיין פאַראיבער און מען וועט ווידער דאַרפן אויפלעבן די בוי־אינדוסטריע.

עס האָט אָנגעהויבן זיפּן אַ רעגנדל. מר. פעלער האָט פאָרגעשטעלט קלאַרענס דאָן, וועלכער האָט גלייך גענומען אַרויפקלעטערן אויף דער ספּעציעלער לייטער, אַוועקגעלייגט זיין האַרטן קאַפּעליוש, אָפּגעווישט זיך מיט אַ שניי־ווייס טיכעלע און גלייך אָנגעהויבן צו רעדן:

„מײַנע טייערע יידישע שכנים. מיך פרייט זייער צו זען די סינאַגאָגע אַזוי באַלויכטן, די טירן צעפּראַלט פאַר די וועלכע קומען תפילה־טאָן אַהער. יוען איך האָב זיך דאָ באַזעצט, האָב איך זייער פיל געטראַכט ווי נויטיק עס

איז אַ סינאַגאָגע. איז געקומען מיין גוטער פריינט מאַקס הוירש און דער־
פילט מיין וואונטש. איך דאַנק אים זייער..."

ער האָט זיך אויסגעהוסט און פאַרגעזעצט: זאָלן זיי אים דערוויילן
צום סענאַט, וועט ער אַריינברענגען אַ געזעץ, אַז די קינדער אין די שולן
זאָל מען לערנען יעדן טאָג ליב צו האָבן די סינאַגאָגעס און קירכן... זאָלן
זיי גוט געדענקען וואָס עס טוט זיך. פרעמדע עלעמענטן לויערן אויף דער
יוגנט, דערציילן זיי וועגן דער נייער אָרדנונג אין רוסלאַנד.

באַלד האָט ער אויסגעשפּרייט ביידע הענט און געזאָגט:

„עס זענען פאַראַן מענטשן, וועלכע שרייען, אַז מיר דאַרפן ניט קיין
מלחמה. נו, ער זאָגט אויך, אַז אַ מלחמה איז ניט גוט. אָבער פאַרוואָס גייען
זיי ניט צו די שולדיקע? פאַרוואָס ניט מאַכן באַקאַנט, אַז דאָס איז ניט גלאַט
אַ מלחמה, נאָר אַ מלחמה צו ענדיקן די מלחמות אויף אַלע יאָרן. ווי האָט
געזאָגט דער קליגסטער פון אַלע קעניגן, שלמה המלך: „עס איז דאָ אַ צייט
פאַר אַלץ: אַ צייט צו פרייען זיך, אַ צייט צו זיין באַטריבט".

„לאָמיר אַלע בעטן, אַז די מלחמה זאָל זיך ענדיקן וואָס גיכער...
וועלן מיר זיך ווידער פרייען...

„פאַרגעסט ניט אייער חוב אין נאָוועמבער!"

נאָכן קאַמפּעין מיטינג איז מאַקס הוירש מיטגעגאַנגען מיט די רעדנער
אין קלוב אַריין: אים ווילט זיך פון לאַנג באַקענען זיך מיט דעם מר.
פעלער. ער איז דאָך כמעט ווי זיינער אַן אייגענער. טאָמער בויט ער הויכע
הייזער, איז וואָס? ער וועט אים צום אַלעם ערשטן זאָגן, אַז די רעדע זיינע
איז געווען זייער געראָטן. ער האָט געהערט מענטשן רעדן צווישן די צו־
שויער. איצט זייכען זיי איבערצייגט, אַז מ'דאַרף שטימען פאַר קלאַרענס
דאָן. צי האָט ער געזען אַז פון אַלע הייזער אַרום האָבן מענטשן אַרויסגעשטעלט
די קעפּ ווען ער האָט גערעדט? ווי קומט עס טאַקע, וואָס ער אַליין איז
ניט קיין בעלן צו ווערן אַ סטעיט־סענאַטאָר?

וואָס נאָך האָט מאַקס הוירש געטראַכט?

„ער וועט אים זאָגן, אַז דער איינפּאַל פאַרן גאַסן־מיטינג אַנטקעגן
דער שול איז שוין איינמאָל אַ גוטער איינפּאַל. ער איז זיכער, אַז דאָס איז
זיינער..."

יענע נאַכט איז מאַקס הוירש געווען זייער אומרואיק. ניט געקאָנט
איינשלאָפן. ער האָט ניט געקאָנט פאַרגעסן אין דעם מר. פעלער, וואָס

האָט זיך אַזוי קאַלט באַצויגן צו אים. זאָל ער אפילו ניט חלומען וועגן בויען הייזער. איינגאַנצן זיך געווּמען די אַנאַרקעננוג אין דער בוי־אינדוסט־ריע: ער האָט אפילו ניט געהערט וועגן „הוירש בראַדערס קאָנסטראָקשאָן קאָמפּאַני״... זאָל ער ניט וועלן נעמען אַלע טובות פאַר זיך פון קלאַרענס דאָן ווען ער וועט דערוויילט ווערן אַלס סטעיט־סענאַטאָר... איז מאַקס הוירש באַצייטנס באַזאָרגט געוואָרן...

מיטן טאָג איז ער פּעסט איינגעשלאָפן און געהאַט אַ חלום: געשטאַנען לעבן אַ צוועלף שטאָקיק הויז, זיך געשאָפּט מיט ווילין. אַז ער מוז אים אָהער ברענגען דעם מר. פעלער: זאָל ער זען וואָס מאַקס הוירש האָט אויפ־געקויפט. באַלד האָט ער דערזען זיין פאַרשטאַרבענעם ברודער בערקע. ער איז געשטאַנען און געגלאָצט אויף אים. מאַקס הוירש האָט צו אים גע־שמייכלט, אָבער בערקע האָט זיך אַזוי געקרימט, אַז ער האָט זיך צעשריגן. די פרוי איז באַלד אַריין און אים געוועקט: וואָס שרייט ער אַזוי? און וואָס האָט ער זיך אַזוי פאַרשלאָפן?

מאַקס הוירש האָט געוּמען פינטלען מיט די אויגן. זי ניט דערקענט. אויפגעוואַכט אַביסל, האָט ער ביי איר געפרעגט ווי שפּעט עס איז. דערהערט, אַז עס איז שוין באַלד צען, איז ער אויפגעשפּרונגען און געהאַט צו דער פרוי גאַנצע טענות: פאַרוואָס האָט זי אים געלאָזט זיך פאַרשלאָפן.

„וואָס בין איך עפּעס אַ ליידיקגייער?״ — דערמאָנט זיך, אַז מרס. ביר, וועלכע איז ניט לאַנג צוריק געוואָרן אַן אלמנה, האָט שוין דעם צווייטן חודש ניט געצאָלט קיין דירה־געלט. היינט וועט ער מוזן מאַכן אַ סוף... וואָס איז ער שולדיק אין דעם וואָס איר מאַן איז פון אַ ביינאַכט־רויבער אַוועקגעהרגעט געוואָרן? ער האָט זיך שנעל גענומען אָנטאָן, אַריין אין קיך, אָפּגעכאַפּט זיין פרישטיק און אַוועק צו דער מרס. ביר.

צום ערשטן מאָל זינט ער האָט דאָס הויז געקויפט האָט מאַקס הוירש אָנגעקלאַפּט אין אַ טיר פון אַן איינוואוינער. צום אַלעם ערשט האָט ער נאָך אַליין ניט פאַרגעסן די סיבה, ווען ער האָט זיך גענומען פאַרקויפן הויז־אַרטיקלען און אָנגעקלאַפּט ביי דער מרס. בריל אין טיר און איר אויס־געשריי, אַז ער האָט זיך מיט דער וואַליזע אַרונטערגעקייקלט אַזויפיל שטיגן, און צווייטנס, האָט ער ניט געוואָלט, אַז מען זאָל זיך צו אים צולאָזן: אַ פרוי, וואָס וואוינט ביי אים קאָן אים נאָך אָפּשטעלן אינמיטן גאַס מיט עפּעס אַ פאָדערונג...

פאַרוואָס־זשע האָט ער איצט געמאַכט אַן אויסנאַם? דאָס איז געווען צוליב דעם, וואָס זיין קוזינע רבקה האָט זיך ניט געקאָנט אָפּלויבן פון דער פאַמיליע; גאַנצע װענט מיט ביכער, די געלערנטסטע מענטשן אין געגנט, אויב עד קלייבט זיך אַרויסשטעלן די אלמנה, וועט זי באַצאָלן ס׳דירה־געלט... נאָך עפּעס: לויט דעם ווי רבקה האָט איבערגעגעבן, איז מר. ביר געפאַלן אַ קרבן אַרויסגייענדיק פון אַ מיטינג; ער האָט גאָרניט געהאַט קיין געלט ביי זיך... דאָס איז מאַקסן גוט אַריין אין קאָפּ. וויל פּונקט יענעם אָוונט זענען אים באַפאַלן צוויי רויבער און ער האָט ביי זיך געהאַט אַ היפּשע מטבע. ער איז געשטאַנען מיט די הענט אַרויף, אַ פּיסטויל אַזוי נאָענט צו זיין ברוסט. מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט טריט. אַ מאַן האָט זיך צו־געשאַרט מיט אַ טאַש אונטערן אָרעם און זיך גענומען איינקוקן. דער צווייטער וואָס איז געשטאַנען אויף דער וואַך האָט אים באַפוילן צו גיין ווייטער די מינוט זיך אָפּטראָגן. אָבער דער מאַן מיט דעם פּאָרטפעל האָט זיך ניט געאיילט, האָבן זיךביידע שוין אַ נעם געטאָן צו אים. אַזוי אַרום האָט ער זיך באַפרייט... ער האָט קיינעם וועגן דעם אינצידענט ניט דער־ציילט, אפילו ניט דער פרוי. ווען זי דערוואוסט זיך, וואָלט זי געווען געזאָגט: „מאַקס, שעמען מעגסטו זיך צו טראָגן אַזויפיל געלט מיט זיך" — און ער וואָלט זיך באַדאַרפט פאַרענטפערן פאַר איר...

וואָס־זשע גייט ער איצט טאָן? ער וויל זיך אַליין דורכרעדן מיט דער אלמנה: צי האָט טאָקע איר אומגליק פּאַסירט יענעם ביינאַכט ווי רבקה האָט אים געזאָגט. און אויב יאָ, וועט ער ווייזן זיין קוזינע, אַז מאַקס הוירש האָט אַ האַרץ פּונקט ווי זי, ווי אַלע אירע באַקאַנטע...

ווען מאַקס הוירש האָט געהערט די ווערטער פון דער אלמנה׳ס מויל, אַז אַלץ וואָס רבקה האָט אים געזאָגט, איז געווען ריכטיק, „איר מאַן האָט זיך אַלעמאָל פאַר יענעם אַרויסגעשטעלט", איז ער געבליבן שטיין אַ פאַרשטייפטער. ער האָט געטראַכט, אַז אים וואָלט איצט צונויץ געקומען אַ פּאָר טרערן, אָבער ער קאָן ניט וויינען. זיין טאַטע פלעגט אים אויפוואַרפן, אַז ער האָט נאָך אַזאַ יונגאַטש ניט געזען. קיינמאָל לאָזט ער ניט קיין טרער. וויפל קלעפּ ער זאָל ניט אַריינכאַפּן...

באַלד איז ער צוגעגאַנגען גאַנץ נאָענט צו איר און זי געגלעט איבער די פּלייצעס:

## די צוויי משפחות

„מיסעס ביר, איר זענט ניט אין קיין וואַלד. איך וועל האָבן איינזעעניש מיט אייך..."

ער האָט אָפּגעזיפּצט און זיך געלאָזט גיין צו דער טיר און באַלד זיך אומגעקערט צוריק. ער האָט איר פאַרגעסן צו זאָגן: אַזוי ווי זי איז אַ שטאָלצע פרוי. זאָל קיינער ניט וויסן, אַז ער איז איר גרייט אַרויסצוהעלפן אין אַ נויט. אַזאַ מענטש איז ער. אים ווילט זיך קיינמאָל ניט אויסשטעלן...

אויפן גאַס האָט ער געטראַכט, אַז דער הימל איז ניט פּוסט: עס איז דאָרט אָנגעצייכנט געוואָרן, אַז מאַקס הוירש האָט באַדאַרפט לעבן בלייבן. אַ שאָד וואָס אַזאַ מענטש ווי דער מיסטער ביר האָט באַדאַרפט פאַלן אַ קרבן.

מיטאַמאָל איז אים רבקה אַנטקעגן געקומען. מאַקס הוירש האָט ניט געוואָרט ביז זי וועט ביי אים עפּעס פרעגן וועגן דער מרס. ביר, נאָר צו איר גלייך אַ זאָג געטאָן:

„נו, האָב איך נאָכגעגעבן אייערס וועגן פאָרטער, אים צוריק אָנגעשטעלט. פאַר מרס. ביר דאַרפסטו אויך ניט באַצאָלן דאָס דירה־געלט, ווי דו האָסט געזאָגט. רעד אפילו דערפון מיט קיינעם ניט איבער, ווייל זי איז אַ שטאָלצע פרוי. איצט וויל איך וויסן פון דיין יושר צו מיר...

„איך ווייס ניט וואָס דו מיינסט" — האָט רבקה אים געזאָגט.

„איך מיין צו זאָגן, אַ שטייגער, ווען נאָך אַ „טענענט" הערט אויף צו צאָלן?...

„גלאַט אַזוי פאַר וואוילטאָג?

„און אז ניט פאַר וואוילטאָג?

„נו, זאָל זיך דיר דאַכטן, אַז דו ביסט אַ קרעמער, דו באָרגסט, ווי דיין פלימעניק ביל זאָגן, אַ שלעכט שטיקל צייט וואָרט מען איבער...

„מ'קאָן שיין אויסקוקן..

„שענער ווי אַרויסשטעלן מענטשן אויפן גאַס...

„וויבאַלד אַזוי, איז זיין אַ לענדלאָרד ניט קיין גוט געשעפט פאַר מיר. איך וועל דאָס הויז פאַרקויפן".

רבקה האָט זיך צעשמייכלט. און מאַקס הוירש האָט זי געפרעגט, צי זי גלויבט אים ניט.

זי גלויבט אים, האָט זי אים פאַרזיכערט, די איינציקע זאַך: אַנטקעגן וואָס דערציילט ער איר דאָס אַלץ? וואָס פאַר אַ חילוק איז עס פאַר די מענטשן וואָס וואוינען ביי דעם אָדער אַן אַנדער לענדלאָרד?

דאַ האָט שוין מאַקס הוירש דערפילט, אַז רבקהן טוט הנאה וואָס ער האָט איר געזאָגט, אַז ער וועט דאָס הויז פאַרקויפן. פאַר איר וועט זיין בעסער אַ פרעמדער. חוץ דעם איז זי טאַקע אַ באַלעבאַטיש ווייבל. ער ווייסט טאַקע ניט ווי ס'קומט צו איר צו האָבן צו טאָן מיט אַזעלכע מענטשן ווי אין דער „טענענטס ליג". ער האָט איר געלאָזט וויסן, אַז דערווייל פאַר־קויפט ער נאָך ניט. ער וועט זען ווי אַזוי מ'וועט זיך באַציען צו אים אין דער צוקונפט פאַר זיינע טובות צו זיי...

רבקה האָט מער גאָרניט גערעדט וועגן דעם ענין, נאָר זיך נאָכגע־פרעגט אויף ווילין, צי ער שרייבט אַמאָל אַ בריוול. מאַקס הוירש האָט אַ זיפץ געטאָן. וויבאַלד אַזוי, האָט זי אים צורו געלאָזט און דערציילט אים, אַז זי האָט זיך געטראָפן מיט זיין טאָכטער מיני מיטן אייניקל. סאַראַ בחורל! שיין און קלוג.

„ווי די צייט לויפט, העראָלד גייט שוין אין סקול.. . ווען דו זאָלסט געוואָלט ווען, וואָלסטו איצט געווען געהאַט אַ שנור אַ לערערין פאַר אים...

דאַ האָט זיך מאַקס הוירש צעקאָכט: זי מעג זיך שעמען! ניט גענוג וואָס קבצנישע לאַנדסלייט גיבן אים שטעך־ווערטלעך. דאַרף זי, אַן אייגענע, דאָס אויך טאָן? ער האָט מיט געמאַכטן שטאָלץ אָפּגעענטפערט, אַז ער וועט האָבן אַ שענערן מחותן ווי דער חלוש הירשקע, און אַז ווילי האָט שוין אין דער מויד לאַנג פאַרגעסן... ער האָט אויפגעהויבן אַ שטיקל אַרבל, אַ קוק געטאָן אויף זיין האַנט־זייגערל און איר געזאָגט, אַז ער איילט זיך זייער: אַ צווייט מאָל וועט מען רעדן וועגן דעם. ביידע האָבן זיך דערביי אָפּגעזעגנט. רבקה איז געגאַנגען איין וועג און מאַקס הוירש אַ צווייטן. זי איז געגאַנגען פאַמעלעך און ער, גיכער ווי אַלעמאָל...

מאַקס הוירש איז געבליבן זיצן אַ פאַרשעמטער: פאַרוואָס איז עס אים געקומען? האָט ער זי אפשר באַליידיקט? אַ מבין ווי זי האָט אים דערלאַנגט?

אַביסל שפּעטער האָט ער זיך דערטראַכט וואָס צו טאָן. ער וועט דעם בריוו וויזן דעם סענאַטאָר־קאַנדידאַט. ער איז אַוועק צו קלאַרענס דאָן און איז איבערראַשט געוואָרן, ווען ער האָט אים גאָר געטראָפן ליגן צו בעט.

„וואָס איז מיט אייך"? — האָט ער אַביסל אַ צעטומלטער געפרעגט. דער חולה האָט צוערשט געשמייכלט, געצויגן מיט די אַקסלען, דערנאָך האָט

ער זיך באַקלאָגט אויף די רעגנס. די פרוי זיינע קאָן אים ניט פאַרגעבן, וואָס ער האָט אָנגענומען צו לויפן פאַר אַ סענאַטאָר. אָט די גאַסן־מיטינגען זיינען ניט פאַר אים.

מאַקס הוירש האָט אים געטרייסט, אַז ער וועט באַלד געזונט ווערן און נאָך זיצן אין סטעיט־סענאַט, דעמאָלט וועט די פרוי זיינע אַנדערש רעדן.

פונוואַנען האָט ער זיך דערוואוסט וועגן זיין קראַנקהייט? — האָט דער חולה געפרעגט, און מאַקס הוירש האָט זיך צוליב זיין אַהערקומען אַביסל געפּלאָנטערט. אים איז ניט אָנגעשטאַנען צו זאָגן, אַז ער, אַ נאָענטער פריינט, האָט ניט געוואוסט אַז זיין קאַנדידאַט ליגט אין בעט. אָבער אים איז אויך שווער געווען צו זאָגן פון וועמען ער האָט זיך דערוואוסט? טאָמער ווייסט נאָך יענער אַליין ניט, האָט ער געזאָגט:

„וואָס איז דאָ צו פרעגן, מיסטער דאָן! אַז אַזאַ מענטש ליגט אין בעט, ווייסט גלייך די גאַנצע שטאָט...״ — עס האָט מאַקס הוירשן שטאַרק הנאה געטאָן, וואָס אים איז איינגעפאַלן אַזאַ געדאַנק. אָבער ווי אַזוי ער וועט ביי אים אַ פרעג טאָן וואָס צו טאָן מיט דער „טענענטס ליג״, ווייסט ער נאָך ניט אים ווילט זיך ניט קאַליע מאַכן דאָס, וואָס ער האָט פריער געזאָגט. ערשט ווען ער האָט זיך געלאָזט גיין, האָט ער געלאָזט פאַלן אַ וואָרט וועגן דעם בריוו: ווי הפקר אַלץ איז געוואָרן. ניטאָ די געזעצמאַכער, וואָס זאָלן צוריקבערענגען די אַלטע גוטע צייטן, אַז אַרבעטער זאָלן ניט זיין אַזוי צע־באַלעוועט. וואָס ווילן זיי? אין רוסלאַנד האָט מען דעם צאַר אַרונטערגע־וואָרפן, אָבער דאָ איז דאָך ניטאָ קיין צאַר. ער וועט זיך שוין מיט אים אַן עצה האַלטן ווען ער וועט געזונט ווערן. זיינע פריינט וואַרטן שוין מיט אומגעדולד, אַז ער זאָל דערוויילט ווערן, אַז די „טענענטס ליג״ זאָלן ניט באַלעבאַטעווען.

„וויזט מיר דעם בריוו, מיסטער הוירש״— האָט ער געזאָגט און באַ צייטנס אָנגעטאָן זיינע גרויסע שפּאַקולן. מאַקס האָט זיך לאַנג ניט געלאָזט בעטן און אים דערלאַנגט דעם בריוו. דאָן איז גיך איבערגעלאָפן די שורות און אים גע׳עצה׳ט צו פאַרציען דעם ענין ביז נאָך די וואַלן. ער טאָר ניט דערלאָזן, אַז עמיצער זאָל אויף אים האָבן אַ בייז האַרץ...

מאַקס הוירש האָט צוריקגענומען דעם בריוו און צוגעזאָגט ניט צו פאַרקריגן זיך איצט מיט קיינעם. אָפּגעזעגנט זיך, איז ער אַוועק צום סופער. יענער האָט ביי זיך אַ סך דירה־געלט. ער וועט אויך אויסהערן זיינע קריוודעס פאַרוואָס ער וויל פאַרלאָזן דעם דזשאָב...

אויפֿן וועג האָט ער זיך דערמאָנט וועגן דער מרס. ביר, ווען מען מאָן האָט אים פֿון טויט אָפּגעראַטעוועט און אליין געפֿאַלן אַ קרבן... ווי באַלד אַזוי, האָט ער זיך זיינע אורזאַכן ניט צו קריגן זיך מיט די טענענטס ביז זי וועט זיך אַרויסציען...

עלגרין איז ניט געווען אײַנדערהיים. די פרוי האָט פֿאַר אים אָפּגעווישט אַ בענקל און געוואָרן אביסל צעטומלט אין זיין קעגנוואָרט. מאַקס הוירש האָט באַטראַכט די ענגשאַפּט און זיך אַ ווײַלע פֿאַרקלערט. ער האָט געזאָגט דער פרוי, אַז עס ליידיקן זיך אָפּ פיר צימערן. זי קאָן זיי האָבן פֿאַר זיך אָן אָן עקסטראַ סענט. צו ענג דאָ! ער קאָן עס ניט פֿאַרליידן...

ווען מר. עלגרין האָט זיך באַוויזן אין טיר, איז אים די פרוי אַקעגן געלאָפֿן מיט אַ גדולה, דערציילט וואָס מאַקס הוירש האָט איר נאָר־וואָס געזאָגט..

„יעס סער!" — האָט מאַקס הוירש אויסגערופֿן — „איך האָב פֿיינט צו זען אַ יונגע פֿאַמיליע וואוינען אין ענגשאַפּט".

מר. עלגרין איז שטאַרק צעטומלט געוואָרן און אים געדאַנקט. נאָך עפּעס האָט מאַקס אים צו זאָגן: ער וויל ניט, אַז די טענענטס זאָלן אויף אים זיין אין כעס, זאָל ער זען וואו עס איז נויטיק צו פֿאַרבן, אָדער צו פֿאַר־ריכטן... דאָ האָט ס'פֿאַרהאַרעוועטע פּנים פֿון עלגרין אויפֿגעלויכטן און עס האָט זיך אויף דעם באַוויזן אַ שמייכל. ער איז צוגעקומען נאָענט צו הוירשן און אים דערלאַנגט די האַנט. און דערמיט האָט זיך אַלץ געענדיקט.

אויפֿן וועג אהיים האָט מאַקס הוירש געטראַכט זאָל נאָר זיין פֿריינט קלאַרענס דאָן דערוויילט ווערן, וועט ער שוין זען, אַז אים זאָל דערפֿון עפּעס אַרויסקומען.. מאָרגן, איבערמאָרגן, ווען ער וועט אים נאָכאַמאָל גיין מבקר חולה זיין, וועט ער אים לאָזן וויסן וואָס עס מיינט פֿאַר מאַקס הוירשן זיינע ווערטער...

ביי דער פֿאַמיליע בריל איז געווען ליכטיק אין אַלע צימערן: אין יעדן ווינקעלע זיינען געזעסן מענטשן און גערעדט אָדער געזונגען. מרס. בריל, אַ פֿאַרפֿאַליעטע, האָט יעדן באַזונדער געהאַלטן אין איין דערמאָנען צו נעמען עפּעס אין מויל אַריין. דאָ האָבן זיך געפֿונען קרובים פֿון קלאַראַס צד און פֿון איר מאַנס, וואָס זיינען ספּעציעל געקומען פֿון אַ קליין שטעטל אַרום צו באַקענען זיך ווי עס דאַרף צו זיין. קלאַראַס מוטער האָט זיך גע־

# די צוויי משפחות

האַלטן אין איין פאַרענטפערן פאַר אַזאַ שטילער חתונה. דעם איידעמס מאַמע איז אויך געקומען צו הילף:

„די קינדער זיינען גערעכט, ווען אַ מלחמה גייט אָן... — איז קיינער ניט פריילעך...

„ס׳האַרץ טוט ווי פאַר דער גאַנצער וועלט, אָבער אַ שמחה שטערן וועט דערצו גאָרניט העלפן" — הירשקע האָט דערביי אינזינען געהאַט זיין אייגענע מלחמה מיט דער הוירש־פאַמיליע: ס׳קומט אים מיט דעם ווייב זיינעם אביסל נחת. ער האָט בעת מעשה אַוועקגעכאַפּט אַן אָוונט־צייטונג מיט גרויסע רויטע אותיות, וואָס איז געלעגן אויפן דיוואַן און פאַרגעשלאָגן אַז מען זאָל רעדן וועגן אַ היימישער התונה...

די פרוי האָט ווי דערפילט זיין אָנצוהערעניש. זי האָט זיך די ערשטע צעלאָזט מיט אירע זכרונות:

„געדענקסט, הירשקע אונדזער חתונה? מחותנים האָבן אונדז געפירט איבער געדרייטע געסלעך מיט ליכטלעך אין די הענט און אַ ווינטעלע האָט נאָר געוואָלט אויסלעשן, אָבער מ׳האָט זיך גע׳בריה׳ט, ניט דערלאָזט קיין איין ליכטעלע אויסלעשן ביז איבער דער חופּה"...

און בריל מיט אַ געמאַכטער פריילעכקייט האָט זיך נאָך אין עפּעס דערמאָנט, זי האָט עפּעס אויסגעלאָזט. זי האָט פאַרגעסן ווי די פרויען זיינען אַרויס אויף די גאַניקעס מיט לאָמפּן אין די הענט צו כאַפּן אַ בליק אויף דער שיינער כלה...

עס האָט זיך דערהערט אַ פּליעסקעריי. טאָבי האָט זיך פאַררויטלט. אירע אויגן פייכט. קוים גערעדט:

„הירשקען האָט אויך גאָרניט געפעלט, ער איז געווען שוין איינמאָל אַ חתן. ווען מ׳האָט אים אַראָפּגעבראַכט אין שטעטל זיינען אַלע וואַסער־פירער געפאָרן אין פאַראויס מיט זייערע פעסלעך וואַסער אָן די צאַפּנס און געוואַשן די גאַסן לכבוד אים"...

טייל פון די געסט, פאַר וועלכע דער מנהג איז געווען פרעמד, האָבן זיך בייגעריק איבערגעקוקט, ווי מ׳וואָלט גערעדט פון גאָר פאַרצייטן. איינעקע האָבן געשמייכלט.

די צווייטע מחותנתטע, וואָס האָט פריער צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ ווען הירשקע האָט פאַרגעשלאָגן צו פאַרטרייבן פון שטוב די מלחמה־שטימונג: גענוג זיך אָנגעזאָרגט, אַז מ׳זאָל נאָר ניט אַ כאַפּ טאָן איר בן־יחיד לייזערל

פון אונטער דער חופּה, און אים אָנטאָן סאָלדאַטסקע קליידער, דערלאַנגען אים אַ ביקס אין האַנט ווען פון קליינוויז אָן האָט ער זיך געטוליעט צו אַ פידעלע, ווען ניט זיין טאַטנס קראַנקהייט, וואָלט ער שוין געווען אַ באַרימטער מוזיקער — האָט זי ניט איינמאָל געטראַכט. דערפאַר האָט זי געוואָלט, אַז דער געשפּרעך וועגן דער אַלטער היים זאָל נאָך אָנגיין. זי האָט זיך אַ קער געטאָן צו די היגע געבוירענע געסט, זיי געגעבן צו פאַרשטיין אביסל די אַלטע מנהגים און דערנאָך שוין צו אַלעמען גערעדט:

„הערט מענטשן, איך דענק אַז מיט דער צייט וועט מען נאָך זיך אומקערן צום אַלטן. געדענקט מיינע רייד! עס איז אפשר ניט געווען דער היינטיקער גלאַנץ, אָבער עס איז פאָרט געווען מלא חן די קלעזמער ליגן מיר נאָך אין טעם. די טענץ דעמאָלט, און ווי מ׳האָט עס געהאַט אָפשיי פאַר אָן אָרעמען מחותן ביים דרשה־געשאַנק, ווען ער האָט ניט געהאַט פון וואַנען צו געבן קיין רובל, בלויז אַ האַלבן, האָט מען אויסגערופן אַ קליין קערבל, כדי אים ניט פאַרשעמען...״

דער ענין האָט דערנאָך כמעט יעדן איינעם אָריינגעצויגן. יעדער איינער פון דער אַלטער היים האָט זיך געוואָלט אויסשטעלן מיט זיין זכרון.

שפּעטער, ווען די רייד האָבן זיך געהאַט אויסגעשעפּט, האָט מען זיך גענומען בייטן מיט די ערטער, אפשר וועט זיך זיצן בעסער אויף אַן אַנדער שטול.

דער מחותן, דעם חתנס טאַטע, האָט זיך צוגעשאַרט צו די געסט פון כלהס צד, וועלכע זיינען מערסטנטייל געווען אַרבעטער. ער האָט געזוכט די געלעגנהייט דעם גאַנצן אָוונט און גלייך האָט ער פאַר זיי דערציילט זיין לעבנס ביאָגראַפיע. ער קער זיך אָן נאָענט מיט די הויז פאַרבער, געווען פאַר אַ צענדליק יאָר אַ „פעיפּער־הענגער״ און, ניט פאַר זיי געדאַכט, אַראָפּגעפאַלן פון אַ לייטער. אָט אַזוי אַרום האָט אים די משפּחה געמאַכט פאַר אַ געשעפטסמאַן אין אַ קליין שטעטל און אַ יעדער פירער, וואָס קומט אַהין שטייט איין ביי אים און ער האָט דעם זעלבן געפיל, וואָס זיין זיידע עקיבא האָט געהאַט ווען ביי אים איז איינגעשטאַנען אַ רבי...

הירשקע ברייל איז געווען זייער צופרידן וואָס דער מחותן אַליין האָט דערציילט זיין יחוס און שמועסט מיט די אַרבעטער, וועלכע האָבן אים פאַרגעבן, וואָס ער האָט זיך פאַרפלאָנטערט מיט די הויזש־ברידער בשעת זיי האָבן געבויט הייזער. ער האָט זיך צעלאָזט אויפן קול:

## די צוויי משפחות

„באַלד, באַלד וועט זיך ס'פּאַרפּאַלק אומקערן, וועט דער איידעם אַ נעם טאָן זיין פידעלע און פאַר אונדז שפּילן יידישע ניגונים, אַז איר וועט אַלע אַנקוועלן.

אויגן האָבן זיך מיטאַמאָל אַ קער געטאָן צו דער טיר און ביי טאַטע־מאַמע פון דעם שפּילער האָבן זיך די אויגן באַצייטנס צעלויכטן...

מאַקס הוירש, וואָס האָט זיך אַ צווייט מאָל אַריינגעכאַפּט צו קלאַרענס דאָן אים מבקר חולה זיין, האָט אים געטראָפן אין אַ קריטישן צושטאַנד. צוויי דאָקטוירים האָבן זיך באַראַטן און דערנאָך לאַנג געשוויגן: ניט קיין גוטער סימן! — האָט ער געהערט דאָ און דאָרט אַ שושקעריי.

אינדערהיים האָט מאַקס אויסגעטרונקען אַ גלעזל בראָנפן און זיך צע־לייגט אויפן דיוואַן. ערשט איצט איז אים געקומען אויפן זינען וואָס עס טוט זיך אַרום, אַז וואו ער האָט זיך אַ קער געטאָן, האָט מען אים דערציילט וועגן דער עפּידעמיע — אבי אים האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז מען מאַכט זיך צופּיל אַ וועזן פון אַ פאַרקילונג... ער האָט געטראַכט ווי איבערגעגעבן עס איז די טאָכטער צו זיין פריינט קלאַרענס דאָן. פאַרוואָס האָט ער זיך אויף איר פאַר אים באַקלאָגט, אַז זי איז פאַרבונדן מיט די היינטיקע, וואָס זיינען זיינע שונאים, וועלכע האָבן אַרויסגעשטעלט זייערן אַן אייגענעם קאַנדידאַט פאַר סטעיט־סענאַטאָר? און אַז זיין זון איז מיט קיינעם ניט פאַר־בונדן, גייט אים עפּעס אָן דער טאַטע זיינער?...

דערנאָך האָט מאַקס הוירש אַ קלאַפּ געטאָן אויף דעם טיי־טישל ביי דער זייט מיט גאַנצע טענות צו די בירגער אין געגנט, אַז זיי האָבן זיך ניט אָפּגערופן ווי עס געהער צו זיין. אַזאַ דזשענטלמען ווי קלאַרענס דאָן האָט באַדאַרפט דערוויילט ווערן מיט אַ קנאַק אַלס סטעיט־סענאַטאָר. מעגלעך אַז דער דורכפאַל האָט אים געבראַכט צו אַזאַ קריטישן צושטאַנד. אָבער די טאָכטער האָט דאָך אים געזאָגט, אַז די שלעכטע נייעס האָט דעם פאָטער נאָך ניט דערגרייכט. עס איז מעגלעך, אַז עמעצער פון זיינע פריינט האָט יאָ דערציילט. ניין, ניטאָ קיין יושר היינטיקע צייטן.

די פרוי זיינע האָט זיך באַוויזן מיט פאַרוויינטע אויגן. זי האָט דער־ציילט וועגן דעם געוויין ביינאַכט.

„גיי האָדעווע אויס זין, אַז מען זאָל זיי אַוועקלייגן ערעגץ אויף אַ שלאַכטפעלד. איך זאָג דיר, מאַקס, אַז די וועלט וואָלט באַדאַרפט געפירט ווערן פון מאַמעס. מעגסט דיר טאַקע לאַכן. אָבער דאָס איז מיין מיינונג.

די מענער ווערן דאָך פּשוט משוגע צייטנווייז. מ׳האָט שוין דעם יונגן רב פון דער נייער שול אויך אַוועקגענומען פאַר אַ סאָלדאַט״.

דאָס לעצטע האָט מאַקס הוירשן געמאַכט צו רעדן:

„וואו האָסטו געהערט?״ — האָט ער זיך מיט גרויס אינטערעס נאָכגעפרעגט.

„געהערט פון זיין מאַמעס מויל.

„אַזוי? אפשר וועט די חברה איצט קומען צום שכל און אָנשטעלן אַ רב פון אַלטן שניט, וואָלט איך אַליין געגאַנגען יעדן טאָג אין שול אריין...

„ער איז גראַד געווען אַ ווױלער רב. אַלע קאָנען זיך פון אים ניט אָפּלויבן...

„דו ווייסט וואָס מען דערציילט דיר, אָבער איך...

„וואָס האָט ער דיר שלעכטס געטאָן? וואָס-זשע, מיט אַ רב פּירסטו שוין אויך געשעפטן? טאָמער האָט ער ניט געהאַלטן פון דיין ברודער בערקע. ער איז דען געווען דער איינציקער?״

מאַקס האָט איר אָפּגעשוויגן. ער האָט פלוצים דערפילט, אַז אים שווינדלט פאַר די אויגן און אַ קעלט האָט אים דורכגענומען. האָט ער זיך ביי איר געבעטן זי זאָל אים דערלאַנגען הייסע טיי מיט לימענע; ער וועט אַריינגיסן אַביסל בראָנפן, וועט עס אים גלייך העלפן.

ערשט איצט האָט זיך די פרוי אין אים איינגעקוקט, דערזען אַז זיינע אויגן זיינען פאַרגאָסן. זי האָט אָפּגעזיפצט און אים געמוסרט, אַז אין אַזאַ צייט קריכט מען ניט אַרום צווישן חולאים.

„וואָס טוסטו אויף מיט דעם?״ — האָט זי געטענהט — „דו קאָנסט דאָך אפילו פון דאַנען אַהין ניט באַהילפיק זיין. איך האָב ניט פאַרגעסן די נעכט, ווען די קינדער זיינען קראַנק געווען...

„הער אויף צו דרשנען״ — האָט מאַקס זיך צעשריגן — „איך בין קראַנק! רוף גלייך אָפּ דעם דאָקטאָר!

„קום, לייג זיך אַוועק אין בעט״ — האָט די פרוי אָנגעהויבן צו רעדן מוטערלעך — זי האָט אים אָנגענומען אונטערן אָרעם און אים אַריינגעפירט אין שלאָף-צימער, אים געהאָלפן זיך אויסטאָן. דערנאָך איז זי געגאַנגען אין קיך אַריין, אויפגעשטעלט דעם טשייניק און ביז דאָס וואַסער האָט אויפגעקאָכט האָט זי אָפּגערופן דעם דאָקטאָר.

מיטאַמאָל האָט זיך דאָס גלעקל צעקלונגען. אַוודאי דער דאָקטאָר! זי האָט זיך אויסגעווישט די טרערן און איז אַוועק צו דער דרויסנדיקער טיר. די

## די צוויי משפחות

שוועגערין עטל האָט זיך אַריינגעשטעלט מיט אַ וואַליזע אין די הענט:

„געקומען זיך געזעגענען.

„פאָרסט טאַקע אַוועק?

„וואָס האָב איך דאָ צו טאָן? וואו איז דיין מאַקס?

„ער ליגט צו בעט מיט אַ הויכן פיבער, און איך וואַרט אויפן דאָקטאָר.

„איצט ווילסטו אַ דאָקטאָר? זיי אַליין ליגן אויך קראַנק... גיי און טו וואָס דו קאָנסט, ס'וועט אים גאָרניט זיין. גיב אים צוויי אַספּירינס און לאָז אים שוויצן. איך אַליין האָב אָפּגעקרענקט עטלעכע וואָכן און קיינער האָט זיך קיין וועזן ניט געמאַכט..."

זי האָט אויסגעשטרעקט אַ האַנט און געהייסן איבערגעבן דעם חולה אַ גרוס און זאָל זי אַזוי ניט ציטערן איבער אים. הלוואי וואָלט זי אים אַביסל בעסער געקענט...

און איידער פעני האָט צייט געהאַט אַ וואָרט צו זאָגן איז שוין עטל געהאַט אַוועקגעגאַנגען. זי האָט אַ ווײַלע געקוקט צו דער פאַרמאַכטער טיר, געטראַכט ווי קאַלט די שוועגערין האָט זיך מיט איר אָפּגעזעגנט און איבער־געלאָזט אַ פּאָר שטעך־ווערטלעך. זי איז מיט שטורעם אַריין צום חולה.

אין עטלעכע טעג אַרום, ווען מאַקס הוירש האָט זיך אָנגעהויבן בעסערן, האָט ער פּלוצים דערהאַלטן אַ מעלדונג, אַז זיין גוטער פריינט קלאַרענס דאָן האַלט זייער שמאָל. ער האָט אַ יעכץ געטאָן, ניט געוואָלט זיך גלויבן און באַלד אַ זעץ געטאָן אין קאָפּ־שטיק פון בעט, ער מוז אים גיין זען...

די פרוי האָט אים דערמאָנט וואָס דער דאָקטאָר האָט אים אָנגעזאָגט:

„וואָס ווייסט דער דאָקטאָר וועמען יידן האַלטן ביים פאַרלירן?" — האָט מאַקס הוירש זיך צעקאָכט.

„אפשר ניט?

„ניין! איך האָב ניט פאַרגעסן, ווען ער האָט געהאַט אַן איבעריק גלעזל ביי דיר אין הויז, וואָס ער האָט געזאָגט..

„פאַר מיר האָט ער גענוג טובות געטאָן און איך דאַרף זיך ניט אָנ־נעמען די קריוודעס פון כל ישראל...

„גיי, גיי און לאָז מיך צופרידן. איך פלאָנטער קוים אליין מיט די פיס".

באַלד האָט זי אים דערציילט וועגן עטלען, צו וועלכער ער האָט זיך גראד די לעצטע צייט צוגעלאָזט, ווי זי איז אַריין די לעצטע מינוט זיך געזעגענען, אויף אים אפילו ניט געוואָלט אַ קוק טאָן... די פרוי האָט

אומישנע אַרויפגעבראַכט דעם ענין, כדי ער זאָל אויפהערן פלאַפּלען וועגן גיין צו קלאַרענס דאָן, וואָס האַלט ביים שטאַרבן.

מאַקס הוירש האָט געשמייכלט: וואָס פרויען זענען: אָט וועט ער זי פרעגן צי האָט זי געמיינט, אַז ער האָט אָנגעהויבן שפּילן אַ ליבע מיט זיין שוועגערין. אָבער מיני, די טאָכטער, האָט זיך אַריינגעשטעלט. די מוטער איז איר אַקעגנגעלאָפן.

„גיי גלייך אַהיים. איך וויל ניט זאָלסט זיך אָנשטעקן... טאָכטער מיינע. עס ברענט אַ פייער! דו ווייסט גאָרניט וואָס עס טוט זיך"...

מיני איז געבליבן שטיין ביי דער טיר און געשמייכלט, דערנאָך האָט זי געזאָגט, אַז זי איז שוין אַ גרויסע און ווייסט וואָס עס טוט זיך.

„איז דאָך אָוודאי גוט! זעסט דאָך, אַז דיין מאַמע איז אַ גוטע נוירס, דיין טאַטן אַרויסגעשלעפּט פון געפאַר. איצט רייסט ער זיך צו גיין צו קלאַרענס דאָן...

„ניין פּאַפּאַ, טו עס ניט! דו שטעלסט זיך אין געפאַר! איך וועל פאַר דיר צושיקן אַ וואונטש-קאַרטל פאַר זיין געזונט.

„זאָל שוין זיין גענוג!" — האָט מאַקס הוירש זיך געבייזערט און מיני האָט זיך גלייך אָפּגעטראָגן...

ווען ביידע, די פרוי און די טאָכטער, זיינען אַרויס פון צימער, האָט ער זיך מיט שטורעם אויפגעזעצט, אַרונטער פון בעט און אומגעפאַלן. אַ שווייס האָט אים באַגאָסן. ער האָט זיך קוים דערשלעפּט צוריק צום בעט און אויף זיך גענומען שטאַרק רחמנות האָבן. ער איז שוין איינמאָל אַ חולה.

יענעם אָוונט האָט מאַקס ניט אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן טויט. ער וועט זאָגן פעניין נאָכאַמאָל, אַז זי זאָל אַהער רופן דעם לאָיער מאַרטין און זאָל ער אָנשרייבן אַ צוואה. אַלץ וועט ער איבערשרייבן אויף איר. זיין זון ווילי האָט זיך ביי אים גאָרניט פאַרדינט. אפילו די טאָכטער אויך ניט. זי איז מער אויף דער זייט פון איר מאַנס קרובים. איר שווער איז ביי איר אַ גאַנצער ווייסער. צו אים הערט זי זיך צו. מ'האָט געבויט באַראַקן און זי האָט דאָס די גאַנצע צייט געהאַלטן אַ סוד. אַזוי האָט געזאָגט איר שוועד... אָט דער־פאַר האָט ער איר ניט דערציילט וועגן דעם אַפּאַרטמענט-הויז, וואָס ער האָט געקויפט.

ניט געהאַט וואָס צו טראַכטן מער, האָט ער גענומען קרעכצן. פעני איז גלייך אַריין. זי האָט געזאָגט:

„דו לאָזט מיר וויסן, אַז דו ביזט קראַנק. איך ווייס עס. איך בין שוין אויך קראַנק. מיינע פיס דינען מיר שוין ניט. צוויי קלעצער און ניט מער...

„פעני, זיץ אַביסל לעבן מיר. איך האָב דיר אַ סך צו דערציילן..

„מאַקס, ווי קאָן איך זיך פאַרגינען אַזאַ וואווילקייט? ווער וועט קאָכן, ראַמען פאַר מיר? אַז אפילו פאַר געלט קאָנסטו ניט קריגן קיינעם צו העלפן דיר. דו ביסט ניט דער איינציקער חולה... איבעראַל, איבעראַל! אַ צוגאָב צו דער מלחמה. איצט דאַרף מען האַלטן די שטוב ריינער ווי אַלעמאָל"... זי האָט זיך צוגעזעצט. ער האָט אָנגענומען איר האַנט און געזאָגט איר, אַז זי איז אַ וואוילע פרוי. איר האָבן זיך געשטעלט טרערן אין די אויגן. זי האָט געטראַכט: אַז נאָר ווען מאַקס ווערט קראַנק האָט ער אַ גוט וואָרט פאַר איר. דערציילט איר זיינע מאָדנע חלומות. וויל אפילו, אַז זי זאָל לעבן אים זיצן, דערציילן אים עפּעס פון איר שטעטל אין דער אַלטער היים. שטעלט ער זיך צוריק אויף די פיס, איז ווידער אויס, ער ווערט צוריק דער מאַכער, דער גאַנצער ווייסער, קיינער געפעלט אים ניט פון די אייגענע, אפילו די טאָכטער, וועגן ווילין טאָר מען אינגאַנצן ניט זאָגן קיין גוט וואָרט. זי האָט מורא, אַז ווען עס איז וועט ער דורכפירן זיין שגעון מיט דער צוואה אָן איר וויסן: זי ייעט מוזן כאַפּן אַ שמועס מיט דער טאָכטער, מיטן איידעם. זי האָט זיך אין געדאַנק דעם מאַן נאָכגעקרימט:

„פעני, גלייך מאָרגן שרייב איך אַלץ איבער אויף דיר".

זי שלאָגט אים איבער:

„דערווייל טרינק אויס דיין טיי! עס אַ היימיש קיכל, ווערסטו כוח האָבן צו זיין אַ בייזער..."

אויף מאָרגן האָט פעני הוירש באַשלאָסן אָװעקצוגיין צו דער טאָכטער מיני און איר דערציילן, אַז דער טאַטע אירער טראָגט זיך אַרום מיט נאַרישע געדאַנקען: ער וויל שרייבן אַ צוואה און אויסלאָזן די קינדער. עס איז טאַקע ניט געהערט געוואָרן, אַז אַן איינאונאיינציקער זון זאָל זיך אויפ־הויבן אַן אַ וואָרט און מער ניט קומען צוריק. זי האָט שוין באַלד פאַרגעסן ווי ער זעט אויס. אָפּטמאָל קומען איר אָן בייזע מחשבות. ווער קאָן וויסן צי לעבט ער נאָך? זי וויל אפילו ניט טראַכטן ווי לאַנג ער איז שוין פון דער היים. דאָך איז זי אַ מאַמע און איז מוחל דעם טאַטן אירן זיין פּלוצים־דיקע געטריישאַפט איבערצושרייבן אַלץ אויף איר... זי וואָלט סיי ווי די

קינדער ניט באַראַבעוועט. אָבער עס איז ניט שיין, אַז אין זייער גראד זאָל אַזוינס טרעפן...

אויפן גאַניק איז מרס. הוירש געבליבן שטיין אַ פאַרקלעמטע. זי האָט דערהערט אַ שרעקלעך געוויין פון קעגנאיבער. דערזען אַ שכנה אָנקומען מיט פעקלעך אין די הענט, האָט זי איר איינגעלאַדן אַרויף אויפן גאַניק אָפּ־צורוען זיך אַביסל און יענע האָט שווער אָפּגעזיפצט:

„אַ גרויסע ווערט האָט הייַנט אַ מאַמע. די מרס. יעלין וויינט שוין אַזוי שעהן נאָכאַנאַנד. וואָס זי האָט זיך דערלעבט! איך זאָג אייך, מרס. הוירש, אַז מלחמה איז אַ מערדעריי. מיין יינגל איז קוים פערצן און די נשמה פאַלט מיר אַרויס...

„נו, וואָס קאָנען מיר טאָן דערצו?" — האָט מרס. הוירש זיך אָפּגערופן און נאָכאַמאָל געכאַפּט אַ קוק אויף יענער זייט פון וואַנען דער יאָמער איז נאָך אָנגעגאַנגען.

„איך זאָג מיינס, אַז די מאַמעס זיינען אַליין שולדיק. מען דאַרף ניט לאָזן אַוועקנעמען די קינדער. זיי זעען דאָך שוין אַליין, אַז אויף די טאַטעס קאָן מען זיך ניט פאַרלאָזן. דער זאָגט אַזוי, יענער אַנדערש. ווי קאָן מען פאַרגלייכן אַ טאַטן צו אַ מאַמען? מיר האָבן די ווייען צו ברענגען די קינדער אויף דער וועלט...

זי האָט אָנגעהויבן צו כליפּען: „מיסטער שניידער ווייסט נאָך ניט פון דער וויסטער בשורה, אָט וועט איר זען ווען ער וועט אָנקומען, צי וועט ער פאַרגיסן אַזויפיל טרערן. אַזאַ טעלעגראַמע זאָל מען ניט דערלעבן. אַ סך בעסער, זאָג איך אייך...

„אַזאַ שיינער בוים געפאַלן.." — האָט מרס. הוירש געזאָגט און זיך געווישט די אויגן.

„און פאַרוואָס? און פאַר ווען? אַז דער טאַטע זאָל קאָנען ליגן אין קענדי סטאָר ביז איינס פאַרטאָג, און בייטאָג זאָל די פרוי מיט די קינדער אים דאַרפן אַרויסהעלפן צי ווייסט איר כאָטש וויפל קרבנות די געגנט האָט שוין אָפּגעגעבן? וואָס הערט איר עפּעס פון ווילין?"

אַנשטאָט דער פרוי צו ענטפערן וועגן איר זון ווילין, האָט זי זיך אויסגעדרייט צו דער טיר און געזאָגט, אַז דער טעלעפאָן קלינגט. זי מוז גיין ענטפערן. די פרוי האָט צונויפגענומען אירע פעקלעך און איר געוואונטשן צו הערן גוטע נייעס און איז אַוועק אַהיים.

מרס. הוירש האָט באַשלאָסן ניט צו גיין צו מינין. איר איז אַזוי אומעטיק אויפן האַרצן און די טאָכטער דאַרף דערפון ניט וויסן. זאָל זי נאָר אַריבער־טרעטן די שוועל, וועט מיני באַלד דערקענען אויף איר פנים און זיך נאָך דערשרעקן. ביז וואָס וועט ער איר די נשמה אַרויסנעמען... אפשר שפּעטער, ווען זי וועט זיך באַרואיקן, וועט זי זיך צוכאַפּן צו איר. טאָמער וועט איר מאַקס ווידער טורקען אין קאָפּ אַריין וועגן שרייבן די צוואה, וועט זי אים זאָגן, אַז ער מעג נאָך אונטערוואַרטן. זי האָט אים פון געפאַר אַרויס־געשלעפּט. אַז ער וועט זיך אָפּהיטן, וועט ער לעבן און לעבן..

שפּעטער, ווען מר. הוירש האָט זיך שוין געהאַט באַרואיקט און דאָס געוויין אַקעגן איז געוואָרן איינגעשטילט, האָט זי גערופן די טאָכטער עטלעכע מאָל אויפן טעלעפאָן און ניט געהאַט קיין ענטפער. זי האָט צום ערשטן אַביסל זיך געזאָרגט וועגן אייניקל, אָבער באַלד האָט זי זיך דערמאָנט אַז דער מחותן פיליפ לינדער איז שטאַרק קראַנק ,איז מיני אוודאי אַוועק אים מבקר חולה זיין. זי האָט דאָך אים אַזוי ליב: וואָס איז דער וואונדער אַז דער טאַטע איז צו איר ווי אַ פרעמדער...

מרס. הוירש האָט אַ שווערן זיפץ געטאָן. מער ניט געתופן. געבעטן זיך נאָכדעם ביי מאַקסן, ער זאָל זיך אויפהערן אײלן מיט זיין צוואה. ער שרעקט זי אָפּ מיט אַזעלכע רייד. ער וועט נאָך לעבן אַ סך יאָרן. זאָל ער פאַרטרייבן נאַרישע געדאַנקען...

אינזינען געהאַט צו זאָגן אים, אַז ער מעג זיך צולאָזן צו זיין טאָכטער, צום אייניקל וואָס איז קלוג ווי דער טאָג .ביט אַ תל מאַכן פון דעם ביסל נחת וואָס מ האָט...

מאַקס הוירש האָט געשמייכלט ער האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ: זי האָט געזאָגט עטלעכע ווערטער וואָס אים געפעלט...

מאַקס הוירש האָט איר איבערשלאָגן דערציילט וועגן דער אלמנה ביר, וואָס וואוינט ביי אים אין גרויסן אַפּאַרטמענט־הויז. איר מאַן איז פאַר־בייגעגאַנגען פון זיינעם אַ מיטינג דורך רעם פינצטערן ליקל, וואו מ'האָט אים געוואָלט באַראַבעווען און נעבעך געפאַלן אַ קרבן ווייל ער האָט זיך אַריינ־געמישט, געדענקט ער האָט צו טאָן מיט אַ פּאָר פאַרשייטע יונגאַטשעס. אין זיין ליגן אין בעט מיט דער וויסטער אינפלוענציע האָט עס אים אַזוי גע־מאַטערט, זאָל זי שוין גאָר ניט פרעגן.

מרס. הוירש האָט אויפגעציטערט: ער האָט איר קיינמאָל ניט דער־

ציילט פון דעם — אַזאַ אומגליק! האָט ער עפּעס געטאָן פאַר דער אלמנה?

מאַקס הוירש האָט צום ערשטן ווי זיך פאַרענטפערט, אַז ער האָט דעם מר. ביר ניט געהייסן זיך מישן. אַ כּפּרה דאָס געלט. דערנאָך פאַרענדיקט מיט אַ טאָן נידעריקער, אַז ער לאָזט דער פרוי זיינער וואוינען אָן אָן געלט ביז זי וועט זיך אַרויסציען צו אירע קינדער ערגעץ אין אַ שטעטל. דער מענטש האָט זיך ניט באַדאַרפט מקריב זיין...

די פרוי איז נאָך געווען פאַרקלעמט. זי וועט אויפנעמען דעם ענין מיט נאָך שכנים אפשר האָט די אלמנה ניט פון וואָנען צו לעבן... פאַר־וואָס האָט מאַקס זיך פלוצים אַרומגעשלעפּט אין דער פינצטער? מ׳האָט ווינציק אויף זיך...

„פעני, איך האָב געדענקט, אַז דיר וועט הנאה טאָן וואָס דיין מאַן איז צווישן די לעבעדיקע. עס האָט מיט מיר אויך געהאַלטן שמאָל״...

די פרוי האָט אים באַטראַכט און גערעדט אין אַ תחינה־טאָן: אַז גאָט האָט אים געשענקט יאָרן, מעג ער אַביסל תשובה טאָן, בייטן זיין כאַראַקטער. זי האָט נאָך געהאַט וואָס צו זאָגן, אָבער מאַקס איז אַוועק אַ בייזער...

דערנאָך זיינען געקומען שטילע זומערן און געווינלעכע ווינטערס. אין דער נייער געגנט האָט גאָרניט פּאַסירט עפּעס אַזוינס וואָס זאָל אַלעמען אויפ־רודערן, אַז די פרויען אויף די גאַניקעס און אין „ביוטי פּאַרלאָר״ זאָלן האָבן וועגן וואָס צו רעדן און זאָגן נביאות ווי אַזוי אַ געוויסע פּאַסירונג וועט זיך ענדיקן. ווי עס איז געווען אין די ערשטע יאָרן דאָ: צום ערשטן דער פאַל מיט ווילי הוירש און קלאַראַ בריל. מ׳האָט זיך געשושקעט דאָ און דאָרט, אַז דאָס מיידל וועט דעם ווילדן בחור אוודאי דערשיסן. געוואַרט מיט שפּאַנונג אויף דער גרויסער געשעעניש, ווען זיי וועלן זיך קאָנען דער־לעבן אַ נקמה: און זאָל די פאַמיליע הוירש ניט האַלטן זיך אַזוי גרויס...

ווען עס האָט זיך אויסגעלאָזט אַנדערש, די פאַמיליע בריל האָט אייך פרימאָרגן אינגאַנצן ס׳געסל פאַרלאָזט, קיינער האָט אפילו ניט געוואוסט וואוהין, האָט גאָרניט געגומען לאַנג און עס איז ווידער אונטערגעקומען די געשיכטע מיט ווילי הוירש: „שוין געהערט? דער בחור איז גערירט... מ׳לאָזט אים פון שטוב ניט אַרויס...״

איז ווילי אַוועק אין אינסטיטוט פאַר העכער אַ יאָר צייט, האָט דער ערשטער ספּעקטאַקל אין גאַס באַקומען נייע אויסטייטשונגען: „ווי עס זעט אויס, האָט דער בחור דאָס מיידל שטאַרק ליב געהאַט, אַ סימן, ער איז גערירט געוואָרן... וויבאַלד אַזוי, וועט אים שוין קלאַראַ ניט שיסן..״

## די צוויי משפחות

„פאַרוואָס־זשע האָט ער זי אַזוי מיאוס באַהאַנדלט?"

„מען זאָגט, אַז אים האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז זי חנדלט זיך צו אַן אַנדערן בחור. יונגוואַרג איז ווילד..."

„אַז זיין טאַטע־מאַמע האָבן קלאָראַן ניט געוואָלט האָבן פאַר אַ שנור, האָבן זיי שוין געפונען מיטלען, ווי אַרום צו דערפירן צו אַזאַ אַקט..."

„וויבאַלד אַזוי, קומט זיי ניט קיין נחת פון קינדער"...

שפּעטער איז אונטערגעקומען בערקע מיט זיין קאַפּיטל געשיכטע: געשניטן די שכירות פון די אַרבעטער, וועלכע האָבן געבויט די נייע שול און געגעבן אַ ספר תורה. די אַרבעטער זיינען אַרויס אין אַ סטרייק, ווען דער פאַראַד האָט זיך געצויגן מיט דער תורה אין דער נאָך ניט פאַרענדיקטער שול. האָבן זיך געשאָפן צדדים. איז דאָס געסל געגאַנגען כאַדאַראַם. דערנאָך דער סוף זיינער אין סאַנאַטאַריום. פרומע פרויען האָבן אַ סך אַריינגעטייטשט אין דעם: אַז בערקעס האַרץ איז ניט געווען גאַנץ, ווען ער האָט באַשלאָסן צו געבן אַזאַ שיינע מתנה. דערפאַר איז אַרויסגעקומען אַ חוזק־שפּיל און גאָט האָט אים געגעבן זיינס...

ווען בערקע איז געשטאָרבן, איז ווידער געווען וועגן וואָס צו רעדן. וועגן זיין אָרעמער לוויה, און וועגן דער אלמנה, וועלכע האָט זיך אויפגעהויבן און אַוועק ווייט צו איר משפּחה: מורא געהאַט, אַז דער פּלימעניק ווילי זאָל זי ווען עס איז ניט וועלן אומברענגען. דאָס איז אַ באַווייז, אַז קיין פריינט פון בערקעס צד האָט זי ניט געהאַט...

טייל האָבן זי פּרובירט אָפּשאַצן, אַז זי איז גאָר אַן אַנדער מענטש, ווי בערקע איז געווען. זי האָט אים אוודאי געוואָרנט ניט צו באַהאַנדלען שלעכט זיינע מענטשן, נאָך אַלעמען איז זי דאָך אויך געקומען פון אָרעמע...

געווען אַנדערע, וועלכע האָבן געצויגן מיט די אַקסלען:

„עס הויבט זיך גאָרניט אָן! זי האָט גאַנץ פיין צוגענומען אַלע לוקסוס־זאַכן, געטראָגן צוויי שווערע דימענטן אויף אירע פינגער און מאַנטלען — די בעסטע...

„זי וואָלט געווען מער צופרידן, ווען ער גיט איר אַ קינד...

„פאַרוואָס האָט זי אים ניט פאַרלאָזט?"

ווען די מלחמה איז אונטערגעקומען, האָבן אַלע פּאַסירונגען אין געסל אָנגעהויבן פאַרלירן זייער ווערט... דאָ און דאָרט האָט מען גערעדט וועגן די אַרעסטן אויף מענטשן, וואָס האָבן זיך געשטעלט קעגן קריג, געוואָרנט

די מאַמעס וואָס עס מיינט מלחמה... זיי וועלן פאַרלירן די קינדער פאַר די וואָס וועלן מאַכן אַ סך געלט...

„זיי זיינען געוועזן גערעכט..."

„פּאָלג מיך אַ גאַנג, שטעלן זיך קעגן אַ רעגירונג..."

„גיי דערציִ קינדער, אַז מ׳האָט קיין דעה ניט איבער זיי..."

„איר׳ט זען, אַז די וועלט וועט ניט שווייגן..."

„לאָז זיין שטיל!"

פלוצים האָט מען דערזען ווילין צוריק פון אינסטיטוט און דאָ און דאָרט האָט מען געשמועסט, אַז די נשמה גייט אים אויס צו קריגן קלאָראַן. מ׳האָט עס געהערט פון זיין אייגן מויל... ער האָט געסטראַשעט דער מאַמען צו פאַרנעמען זיך פון הויז... זי האָט אים קאַליע געמאַכט דעם שידוך... ער גייט זיך אָנשליסן אין דער אַרמיי.

שפּעטער האָט מען זיך דערוואוסט, אַז מ׳האָט ווילין גאָר צוריקגע־וויזן. שכנים האָבן געשפּעט וואָס צו גיין פאַר אַ סאָלדאַט הרגענען דאַרף מען האָבן דורכאויס באַרמאַלע יונגעלייט...

„שוין איינמאָל אַ וועלטעלע..."

„אַזאַ יאָר אויף זיי דאָרט!"...

דער סוף פון דער מלחמה האָט גלייך באַזייטיקט די פאַמיליע הוירש.

ווער קאָן עס פאַרגעסן יענע מינוט, ווען דער בחור אילאי איז דורכ־געלאָפן מיט די צייטונגען און געשריגן אויף אַ הייזעריק קול:

„אויס מיט די דייטשן! אויס מיט זייער קייזער ווילהעלם!"

מ׳איז גלייך אַרויס אויף די גאַסן טאַנצן. יונג און אַלט אין אַ ראָד ביז העט שפּעט ביינאַכט.

אויף מאָרגן האָט מען זיך ערשט געכאַפּט, אַז די פרייד האָט ניט אַלעמען אַרומגעכאַפּט, אַז ניט פון איין שטוב האָט זיך אַרויסגעטראָגן אַ געוויין, אַ געקלאָג, אפשר נאָך מער ווי פריער ווען מ׳האָט די שלעכטע בשורה דערהאַלטן: אַזויפיל מענטשן פרייען זיך און זיי זיינען פאַרשפּאַרט מיטן אייגענעם צער...

באַלד האָבן זיך גענומען ווייזן אין דער געגנט די אומגעקערטע סאָל־דאַטן, און ווי דער שטייגער איז נאָך אַ מלחמה, וואַרפן זיך אין די אויגן די פאַרוואונדעטע און יעדער אָפּגעשפּאַרטער זיפץ איז פאַר זיי געווען אָנגע־גרייט. מ׳האָט זיך געכעסט אויף די אָנפירער פון קריג:

„זאָל זיי אַזוי באַקומען ס'לעבן, ווי ס'וועט טאַטע־מאַמע!"

„גיי כאָווע אויס קינדער פאַרן טייוול!"...

„וואָס פאַראַ גדולה, ווען מ'זעט אַ קינד זיך שטעלן אויף די פיסלעך".

„זעט, זעט! דער שיינער בחור סיימען הינקט אונטער..."

אַ ווינטעלע האָט אָנגעהויבן שאָקלען ביי איינעם אַ ליידיקן אַרבל און מ'האָט זיך פאַדרייט. איינע האָט געטרייסט אפשר צוליב איר אייגענעם שווערן געמיט:

„אַלץ בעסער ווי די וואָס זיינען דאָרט געבליבן..."

אַ צווייטע האָט געדרייט מיט איר קאָפּ, געצויגן מיט די אַקסלען:

„טוט נאָר אַ קוק ווי לעסטער רויטלט זיך מיט זיין אומגליק.

„מאַכט זיך, אַז איר זעט אים ניט..." — האָט נאָך איינע מיט אַ פאַר־שטיקט קול זיך געבעטן. און דאָס ווינטעלע האָט זיך געטאָן זיינס, ווידער אַ טרייסל געטאָן דעם ליידיקן אַרבל...

נאָכדעם האָט מען געפּירט די געשפּרעכן וועגן מיט עפּעס פאַרגיטיקן די געליטענע זין פון דער געגנט. ניט אָפּקומען בלויז מיט אַ פּאָר שילדלעך, אַז די העלדן זיינען שוין דאָ.

„וואָס דען?

„דערמיט וועט מען זיי אויפלעבן?

„מ'וועט באַלד אינגאַנצן פאַרגעסן, אַז עס איז געווען אַ מלחמה..."

מיטאָמאָל האָט זיך אונטערגערוקט מר. פיליפּ קרעס, דער אייגנטימער פון דעם איינציקן זאַל אין דער נייער געגנט, און פאָרגעשלאָגן צו געבן פריי זיין קאַסינאָ פאַר אַ זונטיק נאָכמיטאָג און זאָל מען איינלאַדן אַלע צוריקגעקומענע סאָלדאַטן. זיי געבן אַן אויפנאַמע, אַז קיין איינציקער וועט עס אויף זיין גאַנצן לעבן ניט פאַרגעסן. ער וועט שוין אפילו באַזאָרגן משקה און צובייסן...

אַלע האָבן אַפּלאָדירט זיין פּאַטריאָטישקייט. אויב אַזוי, וועלן שוין זיין אויך מוזיקער און רעדנער... פון צדדים אין געגנט איז באַלד געוואָרן איין צד, און צוזאַמען האָט מען באַשטימט די דאַטע.

מר. פיליפּ קרעס איז אַוועק אַ צופרידענער. ער האָט זיך געהאַט זיין רעכענונג דערביי: יונגע חברה וועלן באַלד טראַכטן וועגן תכלית. די, וואָס האָבן כלות פון פריער, וועלן באַלד חתונה האָבן. און אַזוי ווי די עלטערן זייערע ציט נאָך אַלץ צו די שטאָטישע זאַלן, וואו זיי אַליין האָבן חתונה געהאַט

און מען קוקט ניט אָן וואָס פאַראַ שיינעם פּלאַץ ער האָט פאַר דער געגענט צוגעגרייט, וועלן זיי איינמאָל פאַר אַלעמאָל מוזן קומען איצט, אַזוי אַרום וועט זיין זאָל באַקומען אַ נאָמען: זונטיק נאָכמיטאָג פּוסטעוועט זיין קאַסינאָ סיי ווי, און דאָס וואָס ער האָט צוגעזאָגט בראָנפן און צובייסן, וועט ער זיך אַרויסלאָזן צו די קרעמער... עס וועט אים נאָך אַלץ זיך בעסער לוינען, ווי אַנאָנסירן אין די צייטונגען...

עטלעכע טעג פאַר דער אונטערנעמונג האָט זיך פיליפּ קרעס מיט זיינע אָנגעשטעלטע אַ נעם געטאָן צו פאַרפּוצן דעם זאַל פון אינעווייניק און פון דרויסן מיט אָן אַ שיעור פאָנען, געלאָזט פאַרבן ספּעציעלע פּלאַקאַטן מיט אַלערליי אויפשריפטן.

פּאַרטיק געוואָרן איז אים איינגעפאַלן זיך צו מעלדן צו דער לאָקאַלער צייטונג מען זאָל אַהערשיקן אַ רעפּאָרטער צו באַשרייבן די אויפנאַמע, וואָס אַ נייער געגנט גיט פאַר די צוריקגעקומענע סאָלדאַטן. וועלכע צייטונג וועט זיך אָפּזאָגן? און זאָלן מענטשן פון איבעראַל וויסן זיין, אַז ער האָט געגעבן זיין זאַל אָן אַ סענט...

דער פאָרזיצער פונעם קבלת־פּנים פאַר די העלדן איז געווען מר. טעד קינג, דער געוועזענער מענעדזשער פאַר קלאַרענס דאָן, וואָס איז ערב דער מלחמה געווען נאָמינירט פאַר סטעיט־סענאַטאָר. לעבן אים איז געזעסן פעלער, אַן אַרכיטעקט און אַ פירער פון דער בוי־אינדוסטריע. אין פּאָליטישן קלוב, פון וואַנען מר. קינג איז געקומען, איז ער געווען איינער פון די הויפּט־ראַטגעבער.

צוליב די צוויי געסט איז מאַקס הוירש מיט זיין פרוי אויך געקומען. ער האָט אַזוי געטענה׳ט:

„דו, פּעני, ווייסט דאָך, אַז איך האָב פיינט פּוסטע רייד, לויבן דעם געוועזענעם סטאָליערס זונדל וואָס האָט ערשט ניט לאַנג צוריק געהאָלפן זיין טאַטן אין זיין קענדי־סטאָר און די אַרמיי האָט אים געמאַכט פאַר אַן אָפיציר. גיי פּאַטש פאַר אים בראַוואָ. איך האַלט ניט דערפון. נאָר אַזוי ווי מר. קינג און מר פעלער וועלן זיין, טאָר איך ניט פאַרפעלן, ווייל מ׳דאַרף צו זיי אָנקומען נאָך אַ טובהלע ווען מען בויט הייזער. טאָמער קומט אָן אַן אינספּעקטאָר אַ פאַנאַטיקער..."

מר. קינג, דער פאָרזיצער פון דעם צוזאַמענקום, האָט געהייסן אַלעמען זיין שטיל: מ׳וועט נאָך טאַנצן און זינגען, אפילו עסן און טרינקען. דער

גרויסער פּאַטריאָט פּיליפּ קרעס האָט אַלץ צוגעגרייט, אָבער מ׳דאַרף אויך עפּעס זאָגן וועגן די העלדן, אַז דער „וועלקאָם־האָם" זאָל האָבן אַ באַדייטונג.. ער האָט אַ ברייטן בליק געטאָן איבערן זאַל, איבער דעם עולם, אויסגעגלייכט זיינע שפּאַקולן אויף זיין קאַטשקע־נאָז, אָנגעגאָסן זיך אַ גלאָז וואַסער, אָפּ־געטרונקען אַביסל און זיך צעלאָזט מיט אַ לויב־געזאַנג פאַר מר. קלאַרענס דאָן, וואָס איז שיער ניט דערווײלט געוואָרן פאַר סטעיט־סענאַטאָר און דורך דער שפּאַנישער אינפלוענציע אַוועק פון דער וועלט: ניט נאָר ער, אַ סך מענטשן זיינען אומגעקומען דורך דער קראַנקהייט. אפשר מער ווי אויפן שלאַכטפעלד... דאָרטן האָט מען כאָטש געהאַט אַן אורזאַך, אַ סאַטיספאַקציע צו דערלאַנגען די דייטשן, פאַרטרייבן דעם קייזער זייערן אין גלות צו האָקן דאָרט האָלץ. דערביי האָט טעד קינג אויפגעהויבן זיין פויסט און אויסגערופן אויפן הויכן קול:

„ס׳וועט זיי זיך דאָרט אין בערלין מער ניט גלוסטן צו גיין מיט אונדז מלחמה האַלטן. איבערהויפּט ווען די רעפּובליקאַנער וועלן זיין אין מאַכט..."

דערביי האָט ער זיך אָפּגעשטעלט פאַר אַ ווייל צו געבן אַביסל צייט די וועלכע האָבן אָפּלאָדירט און זיך געקרימט וואָס פיל פון עולם האַלט זיך צוריק.

טעד קינג האָט גלייך געביטן זיין טאָן:

„ווי איר זעט מיך, ליידיס און דזשענטלמען, בין איך נעכט ניט געשלאָפן, וואָס איך האָב ניט געהאַט די געלעגנהייט צו טראָגן די אוניפאָרם. מיר דאַרפן זיין שטאָלץ ביי זיך, וואָס מיר אין דער נייער געגנט האָבן אַזויפיל העלדן און אפילו אַן אָפיציר, אַ זון פון אַן אַרבעטער". — ער האָט גלייך באַפוילן די קלעזמער צו שפּילן דאָס פאַטריאָטישע ליד „מאַי קאַונטרי".

פּאַרטיק געוואָרן, האָט זיך טעד קינג דערפילט שטיפער ביי זיך, גלייך דאָס אָפּגעשפּילטע ליד איז פון זיין לאַנד אַליין. ער האָט זיך צעשמייכלט און זיך צעלאָזט פריי, אַז ער וועט דערווײלט ווערן פאַר סטעיט סענאַטאָר, וועלן אַלע וועטעראַנען באַקומען אַ באָנוס פון שטאָט פאַר דעם אָנהויב פון אַ ניי לעבן...

מאַקס הוירש האָט דער ערשטער גענומען פּאַטשן מיט זיינע אויסגערוטע הענט און געוווּנטשן דער לעצטער אויפצוהערן. ער האָט גלייך דערפילט, אַז ריעל עסטעיט וועט אויפגעריכט ווערן אויב די וועטעראַנען וועלן קריגן אַביסל מזומן אין זייערע הענט...

שפעטער האָט געזעדט דער אָפיציר מאָריס פּאָסט. ער האָט אָנגעוויזן לעבן זיך אַ פּשוטן סאָלדאַט ביל פּירסאָן, אַ הויכער מיט פלאַקסענע האָר און בלויע אויגן:

„מיר ביידע האָבן אַ צייט „געוואוינט" אין איין טראַנשעע. ער האָט ניט איינעם אָפּגעראַטעוועט פון שונא צוליב זיין פלינקייט ווי אַ הירש. ווי איר זעט, האָט ער אויף זיך צייכנס און אויך דעקאָראַציעס פאַר זיין העלדישקייט, אָבער קיין וואוינונג האָט ער ניט... איצט וואוינט ער מיט אונדז. אָבער עס זיינען פאַראַן נאָך אַזעלכע ווי ביל. וואָלט איך געבעטן די, וואָס האָבן גערוימע וואוינונגען, אַז מען זאָל העלפן. אַ טראַכט טאָן וועגן דעם. ניט וואַרטן ביז מיסטער קינג וועט דערוויילט ווערן, ניט וואַרטן ביז מ'וועט נעמען בויען נייע הייזער..."

טעד קינג האָט געקריצט מיט די ציין פאַר די שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטן. זיך איבערגעקוקט מיט קעי פּעלער צום ערשטן, דערנאָך אים דערלאַנגט אַ צעטעלע, אַז דער זון איז געראָטן אין זיין טאַטן. ער האָט זיי געמיינט צו טרעפן... מ'דאַרף עפּעס זאָגן און ער ווייסט ניט אויפן מאָמענט וואָס. אָבער מיטאַמאָל האָט ער זיך דערמאָנט, וואָס קלאַרענס דאָן פלעגט זאָגן אויף די גאַסן-מיטינגען: אַז די יוגנט זאָל זיך ניט פריידן מיט דער נייער אָרדנונג אין רוסלאַנד. דעם געוועזענעם אָפיצירס טאַטע וועט מען דאָרטן ניט דער-לויבן אפילו זיין קענדי סטאָר...

אָפּגעזאָגט די ווערטער, האָט טעד קינג זיך געפילט גוט, וואָס די ווערטער פון זיין פאַרשטאָרבענעם פריינט האָבן אים געראַטעוועט... ער האָט פריילעך אויסגערופן, אַז איצט זאָלן די קלעזמער שפּילן און דער עולם קאָן טאַנצן ביז טאָג.

מר קעי פּעלער האָט זיך דער ערשטער אויפגעהויבן צו גיין אַהיים. ער האָט אויסגעזען ברוגז. זיין לענגלעך פּנים אַראָפּגעלאָזט. זיין ברייטער שטערן אָנגעשטרענגט. דער קאָלירטער שניפּס אויף אַ זייט. ער האָט גע-האַט פאַראיבל אויף טעד קינג פאַר זיינע לעצטע ווערטער. אַלע אין געגנט ווייסן, אַז דעם אָפיצירס טאַטע איז אַ גוטער סטאָליער און ער האָט ניט געקאָנט קריגן קיין אַרבעט פאַר אַ לאַנגער צייט, האָט אים די פאַמיליע זיינע אויסגעבאָרגט געלט צו קויפן זיך אַ קענדי-סטאָר: ער האָט עס ניט באַדאַרפט דערמאָנען.

מאַקס הוירש איז אונטערגעקומען. די פרוי האָט זיך געהאַלטן פון

ווייטן: ער וועט זי סיי ווי ניט פֿאַרשטעלן פֿאַר דעם גרויסן מאַכער — האָט זי געטראַכט. זי ווייסט אַליין דעם וועג אַהיים...

דערנאָך האָט זיך באַוויזן טעד קינג. ער האָט געפּרייכט שווער דאָס בערגל אַרויף. באַלד האָט ער גענומען פּעלערן אונטערן אָרעם און געפרעגט אין געלעכטער:

„וואָס זאָגט איר עפּעס צו דעם פֿויגל סאָלאָמאָן? ווי דענקט איר, חברה?" — האָט ער שוין גערעדט צו מאַקס הוירש אויך — „האָט דער גע־וועזענער אָפּיציר עפּעס געמאַכט אַן איינדרוק מיט זיין נאַרישן פֿאָרשלאָג? וואָס נאָך האָט ער געזאָגט שפּעטער? האָט ווער פון אייך זיך צוגעהערט ביז צום סוף? איך האָב פֿאַרלוירן מיין געדולד צו אים. מען דאַרף אויסגעפֿינען ווער דער פּשוטער סאָלדאַט איז, וואָס זעט אויס אַזוי שטיל און באַשיידן. מיר געפעלט ער ניט..."

„מאַקס הוירש האָט זיך דער ערשטער אָפּגערופן, אַז די לעצטע ווערטער פון מר. קינג האָבן שטאַרק אויסגענומען ביים עולם ער וועט כאַפּן אַ שמועס מיט סאָלאָמאָנס פֿאָטער, וועט דער אָפּיציר ניט נאַריש מאַכן זיך..

קעי פּעלער האָט זיך צעלאָזט: זאָל מאַקס הוירש צורו לאָזן דעם ענין. קיינער בעט אים ניט קיין טובה. זיי האָבן אין קלוב ביי זיך געניטערע מענטשן פון אים...

מאַקס הוירש האָט אים אָפּגעשוויגן. ער האָט זיך געלאָזט גיין איינער אַליין אַהיים אויפן וועג האָט ער זיך דערמאָנט, אַז די צוויי פּאָליטישנס האָבן אים אפילו ניט געענטפֿערט ווען ער האָט זיי געזאָגט אַ גוטע נאַכט: נאָך גוט וואָס די פרוי זיינע איז דערביי ניט געווען. זי וואָלט זיך מיט אים געקריצט וואָס צוליב די צוויי איז ער אָפּגעזעסן אַן אָוונט..

די פרוי, ווען זי האָט אים דערזען אָנקומען, האָט גענומען לויבן מאָריס פֿאָסט. זי האָט באַגלייט מיט אַ קרעכץ אירע ווערטער:

„הלוואי וואָלט אונדזער זון געווען אַזאַ געראָטענער, וואָלט איך אָפּ— געגעבן די גאַנצע שטוב פֿאַר זיינע פריינט..."

מאַקס הוירש האָט זיך ווי אַ שיכור אַריינגעהוידעט אין זיין שלאָפ־ צימער, גלייך די פרוי זיינע האָט צו אים ניט גערעדט.. — — — — — —

מיטאַמאָל אויס! ניט געווען מער קיין איין וויכטיק געשעעניש. אַלע פרעמדע עסקים אויסגעשעפּט. ניט געווען אפילו איין פּאַרפּאַלק וואָס זאָל

זיך קלייבן אָפּגטן, ביז ענדלעך אומגעריכט איז אַרויסגעשוואומען אַ נייע סענסאַציע: מאַקס הוירשס איינציק אייניקל האָט פאַרנומען דעם אויבנאָן, אָבער גאָר אויף אַן אַנדער אופן ווי זיין אָנקל ווילי. דאָס יינגל האָט ניט געקאָנט פאַרליידן, וואָס די לערערין אין זיין קלאַס האָט געזאָגט די קינדער, אַז די דייטשן זיינען די בראַווסטע אין דער וועלט... ער האָט זיך דער ערשטער אויפגעשטעלט און אויסגערופן ,אַז ער האָט זיי פיינט, מסוכן פיינט, ווייל זיי זיינען גזלנים. זיי האָבן דערהרגעט זיין בעסטן חברס ברודער ווען אַלע מענטשן האָבן ליב געהאַט... און די לערערין, וועלכע שטאַמט אָפּ פון די דייטשן, דערצאָרנט וואָס איר היימלאַנד האָט פאַרלוירן, האָט דעם יינגל אָפּגעזידלט און אים פון דעם טאָג אָן געגעבן שלעכטע צייכנס פאַר זיין שול־אַרבעט, אַז ער האָט זיך געשראָקן צו ברענגען אַהיים זיין רעפּאָרט־קאַרטל...

אַז מיני און דזשעק לינדער ,דעם יינגלס טאַטע האָבן זיך ענדלעך דערוואוסט, זיינען זיי ביידע אַוועק צו דעם פּרינציפּאַל מיט טענות: וואָס הייסט דאָס? זייער יינגל איז דאָך ערשט ניט לאַנג צוריק געלויבט געוואָרן אַלס איינער פון די בעסטע אין זיין קלאַס!...

דער פּרינציפּאַל האָט געהאַלטן מיט דער לערערין: זי שטאַמט אָפּ פון אַ פאָלק, וואָס זי האַלט פאַרן בעסטן... וואָלטן זיי געווען בעסער, ווען אַ יינגל קומט צו גיין און רעדט אַזוי וועגן זייער פאָלק? זאָל העראָלד זיך אַנט־שולדיקן פאַר דער לערערין.

„ניין, דאָס ניט!" — האָט דער פאָטער אָפּגעענטפערט. — און מאַן און ווייב זיינען אַוועק מיט גאָרניט. האָבן זיי זיך גלייך גענומען אַמפּערן. מיני האָט געהאַט טענות, אַז דזשעק האָט באַדאַרפט זאָגן אַז דער פּרינציפּאַל האָט ניט קיין רעכט פאַרגלייכן יידן מיט דייטשן:

„מיר פירן ניט קיין מלחמות...

„פאַרוואָס, מיין טייערע, האָסטו דאָס ניט געזאָגט?" — האָט דזשעק מיט סאַרקאַזם געפרעגט.

מיני האָט אים געוואָלט אָפּענטפערן, אַז זי האָט אים ניט געוואָלט אַריינפאָרן אין די רייד, אָבער צופעליק האָבן זיי זיך באַגעגנט מיט קלאַראַן. מיני האָט זיך ניט געקענט צוריקהאַלטן און זיך אויסדערציילט פאַר איר.

קלאַראַ האָט גע'עצה'ט אויפנעמען דעם ענין מיט נאָך עלטערן, אָבער דזשעק האָט געצויגן מיט די אַקסלען: זיי וועלן זיך בעסער אַרויסציען פון געגענט איידער גיין קלאַפּן אין פרעמדע טירן ..

## די צוויי משפחות

די לאַגע פאַר הערשלדן איז געוואָרן ערגער. די לערערין האָט קיין גלייך וואָרט צו אים ניט גערעדט, אָפטמאָל חוזק געמאַכט פון אים, אַז ער וועט זיך קיינמאָל גאָרניט אויסלערנען. ער פּלאַפּלט נאָך. ער איז אַ קליינער פּאָפּוגיי. קינדער האָבן געלאַכט. קינדער האָבן אים אינדרויסן געגעבן עצות אָפּטאָן איר אַ שפּיצל: צונעמען אירע ברילן, וועט זי פאַלן, וועט מען זי אָפּפירן אין שפּיטאָל, וועלן זיי האָבן אַן אַנדער לערערין פאַר אַ שטיקל צייט, צי אפשר וועט די לערערין מיט קרייצער שוין ניט קומען צוריק...

הערשלד האָט זיך געקרימט: ער וויל דער לערערין ניט טאָן קיין שלעכטס נאָר זאָל זי אים אויפהערן ווי צו טאָן. ער האָט איר געזאָגט דעם אמת. פאַרוואָס דאַרף זי אויף אים זיין אויפגעטראָגן?...

איינמאָל האָט זיך הערשלד אָנגעטראָפן מיט אַ ייִנגל, מאיקל, אַרום זיינע יאָרן, פון אַן אַנדער סקול, אויך ער האָט געהאַט פּראָבלעמען. און ער האָט אפילו ניט געהאַט קיין מאַמען פאַר וועמען צו דערציילן. פאַרן טאַטן האָט ער מורא.. וואָס־זשע איז זיין עצה? — האָט הערשלד געפרעגט.

„לאָמיר ביידע אַנטלויפן פון דער היים!

„ווי אַזוי נעמט מען און מען אַנטלויפט?

„דער טאַטע און זיין מאַמע וועלן זיך אַזוי זאָרגן, ווי זיין זיידע און באָבע ווען זיין אָנקל ווילי איז אַוועק".

מאיקל האָט זיך אָפּגעקערט פון אים:

„דו ביסט נאָך אַ קינד. . ער זאָרגט זיך פאַר זיין טאַטע־מאַמע. זיי זאָרגן זיך אַ סך פאַר דיר? די לערערין דרייט דיר אָפּ דעם קאָפּ, גיט דיר שלעכטע צייכנס. וועסט אַלע דיינע יאָרן ניט פאַרטיק ווערן מיט דער סקול... וועסט זען!

„און דו?" — האָט הערשלד כמעט אין אַ וויינענדיקן טאָן געפרעגט.

„איך אויך אַזוי. אָט דערפאַר טאַקע האָב איך באַשלאָסן דאָס צו טאָן...

„לאָז מיר זיך איבערדענקען" — האָט זיך הערשלד געבעטן ביי מאיקלען.

„מאָרגן וועל איך האָבן אַ באַשטימטן ענטפער.

„גוט!" — האָט הערשלד צוגעזאָגט.

און אין סאַמע אָנהויב פרילינג, ווען אַלץ אַרום האָט אָנגעהויבן צו בליען, האָט זיך צעטראָגן די נייעס פון גאַניק צו גאַניק, אַז ס'ייִנגעלע הערשלד לינדער איז אַנטלאָפן פון דער היים...

יענע נאַכט איז כמעט אין אַלע פענצטער געווען ליכטיק. יעדער איינער האָט געוואָלט עפּעס טאָן פאַר דער פאַמיליע לינדער. שכנים האָבן מיטאַמאָל אויפגעגעבן זייערע קריוודעס — אפילו קעגן מאַקס הוירש, וואָס האָט גע־נוצט שלעכטן מאַטעריאַל פאַר זייערע הייזער... דאָס קאָן דאָך האָבן אַזאַ שלעכטע ווירקונג אויף די אייגענע קינדער...

בייטאָג אויף שריט און טריט:

„וואָס הערט זיך?

„גאָרניט!

„ווי קומט אַזאַ לערערין אין אַ יידישער געגנט?

„פאַרוואָס האָבן טאַטע־מאַמע ביז אַהער געשוויגן?"

ווען מאַקס הוירש האָט זיך דערוואוסט וועגן זיין איינציק אייניקל, איז ער געקומען צו לויפן צו דער טאָכטער מיני, וועלכע האָט אַרומגע־שפּאַנט הין און צוריק ווי אין אַ שטייג, מורא געהאַט צו פאַרלאָזן דאָס הויז טאָמער קומט אָן עפּעס אַ נייעס. אָבער איינזיצן אויף אַן אָרט האָט זי ניט געקאָנט.

„דער פאָטער האָט זיך אויף איר ממש געבייזערט:

„כ'האָב געזאָגט, אַז אַ מאַמע דאַרף אַכטונג געבן, אַז ס'זאָל צו אַזעלכע זאַכן ניט קומען! ווער האָט אין אַזאַ שנעק אַריינגעפּאָמפּעט פּאָליטיק? וואָס גייט אים אָן וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט? יידן דאַרפן דאָ קושן די ערד, זיין צופרידן, וואָס מ'לאָזט זיי צורו"...

מיני האָט זיך די גאַנצע צייט געהאַלטן פאַרשטעלט די אויערן און דער־נאָך זיך געבעטן ביים פאָטער ער זאָל זי צורו לאָזן. זי וועט עס ניט אויס־האַלטן!

„געדענקסט, ווען דיין ברודער האָט זיך צעלאָזט אין סקול מיט נאַרישע זאַכן, וואָס איך האָב געטאָן? אים גוט אָנגעפּאַטשט...

„פּאַ, מיר גלויבן ניט אין געבן פּעטש...

„טעכטערל, דו ביסט אַליין אויך אָנגעשטעקט פון דער נייער מאָדע... ס'טויג ניט, זאָג איך דיר..."

מיני האָט זיך צעשריגן אויפן קול: ווי שעמט ער זיך ניט צו קומען זיך רייצן מיט איר? די נאַכט קומט אָן, פאַלט אויף איר אַ פּחד...

דזשעק לינדער איז אַריין אַ דערשלאָגענער. זיך געשאָקלט ווי אַ שיכור, זיך קוים אַרונטערגעלאָזט אויף אַ בענקל. מיני האָט זיך אָפּגעשטעלט

לעבן אים. ער האָט זי אַרומגענומען, איר דערציילט, אַז זיין טאַטע האָט אים אָפּגעראָטן צו מעלדן דער פּאָליציי: ער שרעקט זיך, אַז עס זאָל ניט ווירקן שלעכט אויפן קינד.

„אַ שיינע חכמה!" — האָט זיך מאַקס הוירש אָפּגערופן... — „וואָס לענגער איר וועט וואַרטן, אַלץ ווייטער פון דאַנען וועט העראַלד זיין... ביי דעם זיידן דאַרף מען גאָרניט פרעגן?!

„פּאַ, מיר קענען אונדזער קינד בעסער ווי דו." — האָט מיני אָפּ־געענטפערט מיט אַ געמאַכטער רואיקייט.

„מ'זעט דאָך טאַקע! אַז איר האָט אפילו ניט אָנגעהויבן צו וויסן וואָס ער האָט געפּלאַנעוועט..." — האָט מאַקס הוירש זי איבערגעשפּאַרט.

דזשעק לינדער האָט זיך אויפגעשטעלט אַ דערצאָרנטער:

„פּאַ, וואָס זענט איר געקומען אַהער אונדז ווי טאָן? איצט איז ניט די צייט פאַר אייער פילאָסאָפיע... מיר זיינען פאַרנומען מיט וויכטיקערע זאַכן... אויב אייערע געשעפטן גייען ניט גוט, זיינען מיר ניט שולדיק..."

מאַקס הוירש האָט זיך אויף שנעל גענומען פאַרקנעפּלען זיין אויבער־מאַנטל און געזאָגט מיט כעס:

„ווי ס'זעט אויס בין איך ביי מיין טאָכטער אין שטוב אַן איבעריקער. גוד באַי!" — ער האָט מיט שנעלע טריט געיאָגט זיך צו דער טיר און איז אַרויס.

מיני און דזשעק האָבן גלייכצייטיק אים נאָכגעקוקט. ביידע האָבן געשוויגן.

דער ענין מיט דעם אַנטלאָפענעם יינגל האָט דערגרייכט קלאַראַן. זי האָט ניט געררוט. אַוועק אין יענער סקול וואו דאָס צווייטע יינגל האָט געלערנט, גענומען קינדער אויף אַ פאַרהער און אויסגעפונען, אַז מ'האָט זיך געלאָזן אין די בערג. דאָרטן וואוינט אַ פעטער פונעם יינגל וואָס האָט איבערגערעדט העראַלדן צו אַנטלויפן. זי האָט גלייך צוויסן געגעבן מיני'ן און אויף מאָרגן זיינען די קינדער שוין געבראַכט געוואָרן צוריק.

קלאַראַס מאַן וואָס האָט געהאַלטן אינמיטן פּאַקן זיך פאַרביידנס וואַקאַציע, האָט שטאַרק פאַראיבל געהאַט אויף איר. פאַרוואָס גייט זיין קלאַראַן אַזוי אין לעבן העלפן דער משפחה וואָס האָט זיך ערשט מיט טעג צוריק אָפּגעטרייסלט פון איר עצה צו גיין צוזאַמען מיט נאָך עלטערן, זען אַז מ'זאָל די

אַנטיסעמיטישע לערערין באַזייטיקן. ווען מיני און דזשעק פאָלגן איר וואָלט העראָלד ניט אַנטלאָפן פון דער היים:

„וואָס וועט זיין דער תכלית? מ׳דאַרף האָבן מיט איר אַ שמועס. וואָס וועט אַרויסקומען פון הויבן די אַקסלען און שווייגן?"

ווען די נייעס איז אָנגעקומען אין דעם געסל וואו די ברילס האָבן געוואוינט, האָט מען ניט אויפגעהערט צו רעדן וועגן קלאַראַן:

„פאַרוואָס איז איר אַזוי געגאַנגען אין לעבן אַרויסהעלפן אַ משפחה וואָס האָט זי אַזוי גערודפט?

„ווייזט אויס אַז זי איז געווען שטאַרק פאַרליבט אין דעם צעדרייטן ווילי.

„אפשר איז עס גאָר אַן אָנצוהערעניש צו די רשעים — זעט ווי אַ מענטש דאַרף זיך אויפפירן!

„יאָ, זי איז דאָך אַ לערערין..."

דערהערט אַז איר מאַן איז ברוגז וואָס זי וויל ניט פאַרגעסן יענע מענטשן, וואָס האָבן איר קיין גוטס ניט געטאָן, האָט קלאַראַ אים ניט געלאָזן אויסריידן וואָס ער האָט געוואָלט זאָגן. עס האָבן זיך איר גלייך געשטעלט טרערן אין די אויגן. זי האָט אויסגעשריגן:

„אַן אייניקל פון מאַקס הוירש זאָל באַצייטנס אַרויסטרעטן קעגן אַזאַ מיאוסער לערערין, וואָס וויל פאַר׳סמ׳ען אַ קלאַס מיט קינדער מיט איר יידן שנאה? אָט דאָס יינגל העראָלד מיט זיינע מעשים טובים וועט נאָך באַשיינען די משפחה הוירש. אפשר וועט זיך דער זיידע מאַקס עפּעס אויסלערנען..."

לואיס האָט זי אַרומגענומען און עס האָט אים שוין באַנג געטאָן וואָס ער האָט איר פריער פאַרגעוואָרפן.

אין אָוונט זיינען שויןביידע קינדער געווען אינדער־היים. דאָס הויז איז געווען באַלאַגערט מיט שכנים. אַלע האָבן געוואַרט צו כאַפּן אַ קוק אויף די צוויי יינגלעך, וועלכע האָבן די גאַנצע געגנט אויפגע־רודערט. זיי האָבן זיך דערוואוסט פון מרס. הוירש, ווען די טאָכטער האָט גאַנץ פרי אָפּגערופן און דערציילט, אַז זי און דזשעק פאָרן אַהיים ברענגען ס׳אייניקל: מרס. הוירש האָט קיינמאָל פריער ניט גערעדט, ווי היינט... איר האָט זיך געוואָלט, אַז די גאַנצע וועלט זאָל וויסן דערפון, זי איז געווען שטאַרק אויפגעלייגט, ניט געקאָנט זיך איינהאַלטן אין שטוב. געגאַנגען אַהין און אַהער ביז דער אויטאָמאָביל איז אָנגעקומען, און ביי איר טאָכטער מיני איז ווידער ליכטיק געוואָרן אין אַלע פענצטער. זי האָט פאַר זיי געהאַט צוגעגרייט עסן און טרינקען.

אָפּגערוט זיך אַביסל, האָט מינע אָנגעהויבן זיך באַרימען מיט קלאַראַן,

ווי זי וואָלט געווען אירע אַ שוועסטער. הלוואי וואָלט זי איר געווען געפאָלגט מיט אַ צייט צוריק..

מאַקס הוירש, וואָס איז די גאַנצע צייט געזעסן אַנגעבלאָזן, ווייל דזשעק דער איידעם זיינער ,האָט אים ניט געלאָזט פאַרפירן אַ געשפּרעך מיטן אייניקל האָט זיך אַריינגעמישט:

„פאַרוואָס דערציילסטו ניט די מענטשן, אַז ווען ניט זי, די מלאכטע קלאַראַ, וואָלט דיין ברודער געווען אַ מענטש גלייך מיט אַלע מענטשן? זי האָט אים ווי פאַרכישופט. קום, פעני, אַ גליק נאָך וואָס מ׳האָט אונדז געלאָזט אַ קוק טאָן אויף אונדזער אייניקל... קום!

„איך וועל קומען אַביסל שפּעטער!" — האָט די פרוי אים געענטפערט.

„דו קאָנסט זיצן און צוהערן די גוטע מעשים פונעם פאַרבערס טאָכטער, וואָס טוט אַלץ צו מאַכן קליין דעם נאָמען פון אונדזער פאַמיליע.. קיינער דאָ כאַפּט זיך ניט, נאָר איך איינער! טאָכטער, דו קאָנסט זי ווייטער ליבן, אויב דו ווילסט, אָבער מיינע אויערן קאָנען עס ניט צוהערן. איך זאָג מיר מיינס, די מויד איז אַ נקמה־נעמערין. זי האָט דיין ברודער ניט געוואָלט פאַרגעבן, און ניט געוואָלט אונדז אָנקלאָגן, כדי מיר זאָלן זיך עסן די הערצער ס׳גאַנצע לעבן... דיין מומע עטל וועט ווען עס איז אַראָפּ פון זינען... פאַרוואָס מיינסטו איז דער מויד אַזוי געגאַנגען אין לעבן באַהילפיק זיין דיר צו געפינען ס׳קינד? צו ווייזן פאַר דער וועלט, אַז ניט געקוקט דערויף, וואָס מיר זיינען אַלע רשעים, איז זי, די צדיקת, גרייט צו טאָן אונדז טובות, ווייל זי איז אַנדערש דערצויגן געוואָרן, ווי מיין איידעם זאָגט זיך עס אָפּ. אַ קליינינקייט דעם פאַרבערס טאָכטער..."

און אַז קיינער האָט זיך צו אים ניט צוגעהערט איז מאַקס הוירש האַסטיק אַרויס זיין גוטע נאַכט איז פאַרקלעמט געוואָרן ביים פּראַל מיט דער טיר.

אינדרויסן האָט ער זיך אָנגעטראָפן מיט זיין מחותן פיליפּ לינדער, אָנגעשפּאַרט אויף אַ שטעקן. ער האָט זיך געוויצלט:

„מחותן מאַקס, איין זיידע גייט, אַ צווייטער קומט..."

מאַקס הוירש האָט אַ ברום געטאָן עפּעס און געגאַנגען זיין וועג און ס׳האָט זיך אים אויסגעדאַכט, ער הערט אַ גרויס געלעכטער פון מיניס שטוב אַרויס: דאָס לאַכט מען אָפּ אַוודאי פון אים... זיינע רייד האָבן זיך צו קיינעם ניט צוגעקלעפּט. דער מחותן וועט אויך צולייגן אַ קנייטל קעגן אים. ער האָט אַ זיפץ געטאָן: זיין אייגענע פרוי זיצט און הערט אַלץ צו.. באַלד האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער זעט זיין בן־יחיד ווילי ערגעץ אויף אַן אינדזל אַ באַוואַקסענעם... ער הערט אפילו זיין קול:

„פּאַ, מיר איז דאָ בעסער ווי ביי דיר אין דער היים..."

נאָך די אַלע מחשבות, האָט מאַקס הוירש געוואָלט גיין גיך און ניט

געקאַנט. ער האָט קוים געפּלאָנטערט מיט די פיס, ווי אַ שיכור וואָס איז נאָרוואָס אַרויס פון אַ שענקל, די אויגן באַרגאָסן. אַריין אין שטוב, האָט ער אַלע לאָמפּן אָנגעצונדן, זיך אַוועקגעזעצט לעבן קיילעכדיקן דעמבענעם טיש, אויף וועלכן אַלץ האָט זיך אָנגעהויבן צו בויען — אַ ניי געסל, אַ שפּייז־קראָם, אַ שול צום דאַווענען...

מאַקס הוירש האָט אין זיינע מחשבות איצט געוואָלט אַריבערלויפן צום דעמאָלט, אָבער ער האָט זיך מיטאַמאָל דערשראָקן צו זיין איינער אַליין ביי זיך אין הויז. דערהערט אַ שאָרך פון אַ דאַר בלעטעלע פון יענער זייט פענצ־טער, האָט ער גלייך זיך אויפגעשטעלט, אַוועק נאָענט צו דער טיר. זיינע גרויע האָר שטייף דערזען די פרוי אָנקומען, איז ער איר אַקעגנגעלאָפן, ווי אַ יינגל וואָס האָט דערזען די מאַמע נאָכדעם ווי זי האָט אים איבערגעלאָזט אַליין. מאַקס הוירש האָט געהאַט פאַרגעסן אַלע זיינע קריוודעס צו איר... ער האָט גאָר געפילט ווי צו פּיעשטשען זיך פאַר איר: ער ווייסט ניט וואָס מיט אים איז. ער, מאַקס, האָט מורא באַקומען צו זיין אַליין אין זיין אייגענער שטוב. אָבער ער האָט גלייך באַשלאָסן: ניין, ער וועט זיך מאַכן ערגער, פּעני קאָן ניט האַלטן קיין סוד... וואָס נאָך? זי וועט האָבן איבער אים די־אויבערהאַנט...

די פרוי האָט הינטערווייל לעכטס באַטראַכט איר מאַן וואָס איז אַזוי אויסגעבלייכט. זיך געשראָקן, אַז ער וועט איר אויפוואַרפן וואָס זי איז גע־בליבן ביי דער טאָכטער און פאַרשטערן איר דאָס ביסל פרייד וואָס זי האָט אַהיים געבראַכט. זי האָט שטיל געפרעגט, צי ער וויל אַ גלעזל טיי מיט צובייסן. מאַקס האָט זיך אָנגעכאַפּט: אַ גוטער איינפאַל! זי האָט זיך געלאָזט גיין אין קיך און געדרייט איר קאָפּ אויף צוריק. געטראַכט וועגן דעם, וואָס מאַקס איז געוואָרן ווי אַ לעמעלע, זיך געזאָרגט וועגן אים...

און מאַקס הוירש בעת ער האָט געטונקען זיינע ליפּן אין דעם גלאָז טיי האָט געטראַכט, אַז גלייך מאָרגן גייט ער צום דאָקטאָר פון זיין פאַראיין, אים דערציילן דעם ריינעם אמת, אַז ער האָט פּלוצים מורא באַקומען צו זיין אַליין ביי זיך אין שטוב ביינאַכט, שרעקט זיך פאַר דאַרע בלעטלעך פון זיין אייגענעם בוים ווען זיי שאָרכען פון יענער זייט פענצטער... זאָל אים דער דאָקטאָר ניט שאַנעווען, זאָגן ווי ער האַלט אין דער וועלט...

דערווייל האָט מאַקס הוירש באַקומען אַ געפיל צו זאָגן זיין פרוי, אַז ער און זי דאַרפן זיך איצט האַלטן צוזאַמען. אויסרעכענען איינער דעם אַנדערן ווי עס פירט זיך. זי איז דאָך ניט עטל. דערביי האָט ער זיך שטאַרק פאַרכלינעט..

די פרוי איז גלייך אויפגעשפּרונגען, געהאָלפן מאַקסן קומען צו זיך און אים געהייסן זיך גיין אָפּרוען. ער האָט זיך הייַנט צופיל אויפגערעגט..

## די צוויי משפחות

מאַקס האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, זיך אויפגעשטעלט און ווי אַן זיין וויסן געהאַט באַלד אַ האַנט אויף איר אַקסל. אַ צעשפּאָלטענער שמייכל האָט אַרויסגעשפּראָצט אויף זיין בלייכן פּנים, ווען די פרוי האָט אים אַריינ־געפירט אין שלאָף צימער. ער האָט זי געטרייסט, אַז מאָרגן וועט ער זיין ווי ניי געבוירן. . . שפּעטער, ווען דער קאָפּ זיינער האָט אַרויסגעשטעקט פון אונטער דער קאָלדרע האָט ער זי געלויבט, אָבער זי איז שוין געווען צוריק אין קיך, באַזעצט זיך ביים ווייסן טיש. איר קאָפּ האָט גערוט אויף אירעביידע עלנבויגנס און געטראַכט וועגן איר מאַן: גאָרניט ווי מאַקס הוירש. זי האָט געטריבן פון מוח שלעכטע געדאַנקען. די נאַכט האָט גע—שראָקן, עס האָט זיך איר דערמאָנט אין דעם זון ווילי, ווען ער איז נאָך אַ קינד געווען און פאַרשלאָפט געוואָרן און אַ פאַרטאָג און מהאט קיין דאקטאר ניט געקאָנט קריגן. זי האָט איצט געהאַט איין און איינציקן וואונטש, אַז עס זאָל שוין זיין אינדערפרי. עס האָט זי געשראָקן צו ברענגען אויף אירע ליפּן, אַז איבער דער משפחה הוירש הענגט אַ קללה. . .



# אָרגאַניזאַציעס און יחידים, וואָס האָבן געהאָלפן
# דאָס בוך זאָל דערשיינען

יידישער קולטור הילפס פאַראיין.

בוך קאָמיטעט: י. פישערמאַן, יוסף האָפמאַן, סעם זאַלצמאַן.

בעסעראַביער פּאָדאָליער בענעוואָלענט סאָסייעטי.

## יחידים

טשאַרנאָווער, יוסף און בעלאַ

לאָעב, דאָראַ (אין אָנדענק פון איר
מאַן בערל)

לאַנדמאַן, גדליה און בעלאַ

מאַרשאַק, עטל

מילער, איידאַ

מילער, מרים

מילער ,סאָל און סערע

סמאָלער, מיני

סברידזשער, יוסף און נינאַ

סטיין, וועלוול (אין אָנדענק פון זיין
פרוי ראָזע)

עראַ עמבראָידערי

פישערמאַן, י .און איידאַ

פרוט, אַברהם און בערטאַ

פעלדמאַן, לואי און רחל

קוואַלוואַסער, בערל און שרה

קאַלמין, אייב און דאָראַ

ראָסמאַן, לייב און חוה

שולדינער, אייב און אננאַ

ראָזין, דזשעני

שמוקלער, גרשון און לינאַ

שניידער, נייטן און קלאַראַ

שעק, אהרן און אַדעלאַ

שניידער, מעקס און זיין פרוי

אַדלער, דזשאָ און נאָרמאַ

איידלמאַן, דוד און בערטאַ

איצקאָוויטש, בעני און סאָניא

באָבריק, סאָפי

ביירוק, דאָראַ

גלוזמאַן, אייב און פלאָרענס

גאָסטינסקי, יעקב

גוס, דזשעק און צילי׳ע

גודמאַן, פיליפ

גין, מאָריס און איידאַ

גיטלמאַן, מאַקס און סערע

גאָלדווירט, בעלא און פינטשעווסקי

גלאַזמאַן, שמשון און חנה

גייסטבאַנד, איוואַ (אין אָנדענק פון איר
מאַן דעיוו)

דאַלין, ישראל און פעני

האָפמאַן, יוסף און אַנאַ

האַלאָוויץ, בעסי

וואָרעק, דזשאָ און מערי

וויניק, נייטן און עלאַ

ווייס, לואיס און איוואַ

זאַלצמאַן, סעם און אַנאַ

זאַלץ, חיים און זיין פרוי

טאַבאַטשניקאָוו, באָריס (אין אָנדענק
פון זיין פרוי פעני)

## ביכער פון מחבר

פשוטע מענטשן, ניו־יאָרק, 1936

אין גרויע טעג, ניו־יאָרק, 1941

אַ וועלט מיט וועלטעלעך, ניו־יאָרק, 1941